האָט געהאַט אַ סך קליענטן פאַר זייער פּראָדוקציע. (אויך זייער ביטערער סוף איז געקומען דורך היטלערס באַנדעס, ימח שמם וזכרם!)

## נאָך זכרונות וועגן תבואה־האַנדל

אויך דער תבואה־האַנדל, וואָס האָט זיך מיט דער צייט שטאַרק צעוואַקסן, איז אין יענדזשעוו געווען אויסשליסלעך אין יידישע הענט.

אין אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז געקומען קיין יענדזשעוו ר׳ שלמה גאָנשעראָ־וויץ פון ראַדאָמסק, זייער אַ רייכער ייד און אַ גרויסער תבואה־סוחר. ער האָט געבויט אויף דער פּינטשעווער גאַס אַ גרויס הויז מיט עטלעכע מאַגאַזינען, האָט זיך פאַרבונדן מיט די גרעסטע גוטבאַזיצער פון דער געגנט, ווי אויך מיט אַלע יידישע דאָרפסגייער און זיי געמאָלדן, אַז ער קויפט אַלע תבואות, וואָס זיי זענען אימשטאַנד אים צו ליפערן און ער צאָלט גוטע פּרייזן. ר׳ שלמה גאָנשעראָוויץ האָט געצאָלט לויט די בערזע־פּרייזן, און טאָג־טעגלעך פאַרלאָדנט דורכן עקספּעדיטאָר ווערטהיים, צו עטלעכע וואַגאָנעס תבואה — קאָרן און גערשטן און עס טראַנס־פּאָרטירט אין אַלע עקן פּוילן און אויך קיין אויסלאַנד.

פאַר יעדן יריד־טאָג (דאָנערשטיק) האָט ער די קליינע תבואה־סוחרים געגעבן געוויסע געלט־סומעס, כדי זיי זאָלן האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן די פּויערים פאַר זייער תבואה, די סחורה האָט מען גלייך געפירט אין זיינע מאַגאַזינען. נאָכן אָפּרעכענען זיך האָט זיין ענערגישע פרוי העלאַ גאָנשעראָוויץ ז״ל באַצאָלט יעדן סוחר פאַר דער געליפערטער תבואה.

אין יענער צייט זענען אין יענדזשעוו צוגעקומען נאָך גרויסע תבואה־סוחרים: שלמה מאיר טורנער און טוביה אַפּעלשטיין, אָבער זייערע אומזאַצן זענען געווען אַ סך קלענער ווי פון גאָנשע־ראָוויצן. נישט האָבנדיק גענוג געלט צו פירן זייער האַנדל, האָבן זיי געמוזט איבערגעבן די באַן־כּראַכטן אויף דער טראַנספּאָרטירטער סחורה אויף אינקאַסאָ אינעם באַנק־הויז פון ר׳ חיים לייב האַמבורגער ז״ל, וועלכער האָט אין זיין באַנק באַשעפטיקט אויך זיין פרוי, חיהלע; זייער זון, זלמן און זייערע צוויי טעכטער. האַמבורגער האָט זיין געשעפט און אויך זיין באַנק־הויז געפירט אין זיין פּריוואַט־וווינונג, אין אבאלע קאָלומבעקס הויז.

נאָך חיים לייב האַמבורגערס טויט, האָט זיין פרוי די באַנק ליקווידירט און אַריבער וווינען צו אירס אַ טאָכטער אין לובלין. זייער בן־יחיד זלמן האָט פאַרלאָזט פּוילן און וווינט איצט אין לאָנדאָן.

דער תבואה־האַנדל האָט זיך ווייטער געפירט אַפילו אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די מאַכט האָט אַלץ רעקווירירט פאַרן מיליטער. ר׳ שלמה גאָנשאָראָוויץ האָט נישט געקאָנט פירן זיין תבואה־געשעפט ביי די ניי־געשאַפענע מלחמה־באַדינגונגען. אָבער, משה געבּ־ראָוויטש (דער טאָקאַרזש) איז דאַן געווען דער גרויסער תבואה־סוחר און דווקא ביי די ספּעציעלע מלחמה־באַדינגונגען...

נאָכן קריג האָט גאָנשעראָוויץ צוריק געעפנט זיינע מאַגאַזינען און ווייטער געפירט זיינע תבואה־געשעפטן אין גרויסן מאָסשטאַב. ער האָט אויך געפירט זיין פּריוואַט באַנק־הויז.

קומענדיק אַ געוויסן טאָג פון געשעפט האָט שלמה גאָנשעראָוויץ באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און דעם זעלבן טאָג געשטאָרבן. זיין הויז האָט געקויפט משה זשעליאַזניאַק (משה זייפנזידער), וועלכער האָט גאָנשעראָוויצס גרויסע וווינונג פאַרדינגען ר׳ מרדכי יוסף ווערדיגער ז״ל. ר׳ מרדכי יוסף האָט זיין הויז געפירט אויף אַ שיינעם חסידיש־נגידישן שטייגער, תמיד געברענגט אַהיים אַ סך אורחים און חסידים, און די חסידישע ניגונים און זייער שבת־ און יום־טוב־זמירות האָט פאַרהילכט די גאַנצע פּינטשעווער גאַס...

## אַנדערע געשעפטן

די באַן־סטאַציע יענדזשעוו איז געווען אַ צענטראַל־פּונקט פאַר אַ סך שטעט און שטעטלעך אַרום איר, ווי סטאַשעוו, סטאָפּניץ, בוסק, ווייסליץ, פּינטשעוו, שצעקאָטשין, וולאָשטשאָווע און מאַלאָגאָשץ, און אַלע זייערע נייטיקע פּראָדוקטן האָבן זיי נאָר דאָ געקויפט, און ווינטער־צייט אויך געלאַגערט זייערע סחורות ווען מען האָט, צוליב די שלעכטע וועגן און בלאָטעס, נישט געקאָנט פאָרן קיין יענדזשעוו.

דער אומזאַץ פון די גרויסע הורט־געשעפטן איז כסדר געוואַקסן. ביי דער באַן־סטאַציע זענען

געבויט געוואָרן גרויסע נאַפּט־רעזערוואַרן און מאַגאַזינען. די הויפּט־הורטאָוניקעס פון נאַפּט און זאַלץ זענען געווען ר׳ אליהו אורבאַך, ר׳ יהודה שאול האַלפּערן און מיין פעטער ר׳ חיים דור סאָבאָל ז״ל.

די ברידער פּנחס און יוסף ראָווינסקי זענען געווען שפּיליטערן, זייער געשעפט איז באַשטאַנען אין די אויפנעם־באַשטעלונגען פון די קליינע סוחרים אויף פאַרשידענע סחורות, וואָס זיי פלעגן ברענגען פון וואַרשע און פון קעלץ.

אין דער דאָזיקער צייט האָט זיך אין יענדזשעוו באַזעצט ר׳ נתן זרח נחמיה מיט זיין פרוי שיינדל און האָבן דאָ געעפנט אַ גרויס הורט־געשעפט פון שפּייז־פּראָדוקטן, גאַלאַנטעריע און אויך קאָסמעטיק. זיי זענען ביידע געווען זייער ראַפינירטע סוחרים, באַהאַנדלט ראַיעל זייערע קונים, און די קליינע סוחרים האָבן אָנגעהויבן אַלץ צו קויפן ביי זיי און זיך שוין מער נישט געניייטיקט אין דער הילף פון די שפּיליטערן, וועלכע האָבן דאָס שפּיליטער־געשעפט ליקווידירט.

נאָכן טויט פון אַלטן נחמיה ז״ל האָבן די קינדער פאַרלאָזט יענדזשעוו און דאָס געשעפט איז געבליבן ביים עלטסטן זון, יצחק, וועלכער האָט עס ווייטער געפירט ווי זיינע עלטערן.

אין גאַנץ פוילן, און פאַרשטענדלעך אויך אין יענדזשעוו, האָט זיך אָנגעהויבן דער פינצטערער באָיקאָט, און אַ געוויסער יאַן סאַכאַרקעוויטש, דער שפּעטערדיקער בירגערמייסטער פון יענדזשעוו, האָט געעפנט אַ געשעפט, וואָס האָט ביי יצחק נחמיה צוגענומען די גאַנצע פּוילישע קליענטעלע און ער האָט געמוזט זיין געשעפט ליקווידירן.

די פרוי חיה גאָלעמביאָווסקי (חיה יעקל גלעזערס) האָט געעפנט נאָכדעם אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט, וואָס האָט עקזיסטירט ביזן אונטערגאַנג פון יידישן יענדזשעוו. אין יענדזשעוו זענען אויך געווען צוויי גרויסע אייזן־געשעפטן, פון ר׳ לייבוש אייזנבערג און דוד ריטערבאַנד. נאָכן לעצטנס טויט האָט דאָס געשעפט איבערגענומען זיין איידעם, דוד פּרייס, אַ זון פון בוסקער באַקאַנטן אייזן־סוחר ר׳ עוזר פּרייס. אויך דער געשעפטס־פירער פון ר׳ לייבוש אייזנבערגס אייזן־געשעפט, ר׳ נתן מינץ ז״ל, האָט זיך געעפנט אַן אייזן־געשעפט. ער איז געווען אַ כלל־טוער, אָנגעפירט מיטן „לינת הצדק״ אין יענדזשעוו, אַ גרויסער בעל־טובה. ער איז געשטאָרבן מיט אַ גאָרמאַלן טויט אין געטאָ און זוכה געווען צו אַ גרויסער לוויה.

צווישן די מאַנופאַקטור־סוחרים איז כדאי צו דערמאָנען ר׳ לייבושל היידאקס געשעפט, וואָס ער האָט אויף דער עלטער איבערגעגעבן זיין איידעם, דעם פייערדיקן שאַרפן גערער חסיד, ר׳ מאירל גראָסמאַן. ר׳ לייבושל היידאק האָט קיין יענדזשעוו אַראָפּגעבראַכט אויך זיין צווייטן איידעם, ר׳ יחזקאל האַנדעלסמאַן, אַ יונגערמאַן מיט אַלע מעלות — תורה און חכמה — און אויך פאַר אים געעפנט אַ גרויס גאַלאַנטעריע־געשעפט אין מאַרק. דאָס געשעפט האָט זייער גוט פּראָספּערירט און זיך צעוואַקסן פון יאָר צו יאָר.

ר׳ יחזקאל האַנדעלסמאַן איז געווען זייער באַליבט אין שטאָט, געוואָרן בעל־יועץ ביי די אָנגעזעענסטע סוחרים, ביי פאַרשידענע האַנדלס־סיכסוכים האָט מען זיך געווענדט צו אים אַלס בורר אָדער שליש; ער האָט תמיד באַוויזן אויסצוגלייכן די סכסוכים צו דער צופרידנקייט פון ביידע צדדים.

האַנדעלסמאַן איז געווען קינדערלאָז און מיט דער הסכמה פון זיין פרומער פרוי רחלע ז״ל, האָבן זיי אַדאָפּטירט צוויי יתומות פון איר שוועסטער, זיי געלאָזט בילדן און דערנאָך חתונה־געמאַכט. איין איידעם זייערע איז געווען יעקב (יעקל) עלבוים. די „איידעמס״ האָבן איבערגענומען דאָס געשעפט. ר׳ יחזקאל האַנדעלסמאַן מיט זיין פרוי זענען געשטאָרבן בשיבה טובה און זוכה געווען, אַז גאַנץ יענדזשעוו האָט זיי אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד און ביי די לוויות דערציילט זייערע שבחים.

אַ צווייטע גרויסע אונטערנעמונג אין דער מאַנופאַקטור־בראַנזשע איז געווען די פיליע פון „י. ק. פּאָזנאַנסקי״ אין לאָדזש, וואָס עס האָט געפירט ר׳ יאָסעלע כעלעמער ז״ל — דער באַרימטער גערער „בעל מוסף״, נאָך פון די צייטן פון „שפת אמת״ זצ״ל.

*

אַלס איינער פון די לעצטע זקנים פון אונדזער שטאָט האָב איך מיך באַמיט אויפצופרישן אין מיין זכרון דאָס אַמאָליקע יענדזשעוו, כ׳האָב אַלץ געטון, כדי אויפצולעבן פאַרן יזכור־בוך דאָס לעבעדיקע, בליענדיקע יידישע יענדזשעוו, אָבער איך בין נישט זיכער, צי איך האָב מיין הייליקע שליחות דערפילט בשלימות.

**איך גלייב, אַז אונדזערע ברידער און שוועסטער אין ישראל, ווי אויך אויף דער גרויסער וועלט, וועלן מיר מוחל זיין אויב כ'האָב אין עמעצן פאַרגעסן.**

(איך בין איינער פון די לעצטע וואָס האָבן זוכה געווען צו ווינען אין אונדזער שטאָט ביי איר שענסטן אויפבלי, אָבער איך בין אויך דער, וואָס דער ביטערער גורל האָט אים געצוווּנגען גראָבן די קברים פון אונדזערע לעצטע קדושים און זיי ברענגען צו קבר ישראל אויפן געשענדעטן יענ־דזשעווער בית־הקברות.

**עס איז געווען אַ ביטערער גורל פאַר מיר, אָבער אויך אַ גרויסע זכיה!).**

יתגדל ויתקדש שמיה רבא!

יעקב שרף
**חיפה**

# מזכרונתי על עיר מולדתי



**קשה מאד לזכור ועל אחת כמה וכמה להיזכר!**

**נולדתי, גדלתי וחונכתי בינדז'יוב (פלך קילץ).**

**תמיד עומדת לנגד עיני העיירה הזאת על אנשיה. למרות חלוקי־הדעות והשקפות השונות, חיינו בה כלנו כבני משפחה גדולה אחת, מאחר ולא היו הבדלי־מעמד גדולים, בין תושבי עיירתנו.**

**כולם היו דרוכים, מוכנים ומזומנים לעמול קשה, בכדי למצוא את פרנסתם ולהחיות את בני משפחותיהם.**

**אפשר לומר — בכל אופן, כלפי רוב תושביה היהודיים — כי הם היו חיים ממש „מיום חמישי" אחד למשנהו, וכי כתשעים וחמשה אחוז מיהודי ינדז'יוב ינקו את צרכיהם מאותו יום ה', שנקבע ל„יום השוק" של העיירה.**

**למרות מקורות־הפרנסה המצומצמים, חיו יהודי ינדז'יוב חיי־כבוד ומעין שותפות־גורל שלטה בין אדם לחבירו ואיש לרעהו, שותפות, שהיתה מלווה יחס של כבוד־הדדי.**

**אם כי בין תושבי המקום לא נמצא אף אחד אשר יגלה את מצפוניו ואשר יתן להרגיש כי שורר מחסור בביתו, הבחינו מיד בדבר והמידה הנאה, שנשתבחו בה בני ישראל של „מתן־בסתר" קוימה בעירנו במאה אחוז ויהודי ינדז'יוב היו גאים על כך, שכולם, ללא יוצא מן הכלל, שומרי־דת ופורקי עולה של תורה, ששו ושמחו לקיים את מצות „כי ימוך אחיך והחזקת בו".**

**עירנו שימשה מופת לערים הסמוכות בשטח זה והיללו בשערים את מעשיה אלה.**

**משגדל קצת הנוער היהודי בעירנו, התחיל בעצמו לחפש לו את דרכו ומטרתו בחיים.**

**זכורני — והדבר היה לפני חמשים שנה! — התארגן הנוער והקים בינדז'יוב ספריה, דבר נדיר באותו זמן בסביבתנו, וזו שימשה כמקום המרכזי לפעולות הנוער, להתפתחותו השכלית ולהרחבת ידיעותיו בכל שטחי החיים והציבוריות.**

הספריה היתה גם המקום המיועד לויכוחים בין הנוער הציוני ואנשי ה„בונד״, שגם הם מצאו מסילות ללב הנוער שלנו.

לאחר שהנוער הציוני הצליח לקבל לידיו את הנהלת הספריה ומאחר, שהתנועה הציונית היתה אסורה בפולין גם מבחינת החוק (על הרדיפות והמכשולים מצד החסידים מוטב לעבור כיום בשתיקה...) נעשתה אז העבודה הציונית במחתרת והספריה נהפכה למקום־המסתורין לכל הפעולות הציוניות.

בהתחלה היינו קומץ־חברים קטן, אבל, לאט לאט גדל מספרנו. הנוער בינדז׳יוב הראה יותר ויותר התענינות בעבודה הציונית והצבורית. פעולת ההסברה שלנו נשאה פרי. הרבה אנשים מצאו ענין בציונות ובקריאת ספרי השכלה להרחבת ידיעותיהם בספרות העברית והיהודית. מדי פעם בפעם סודרו „ימי פרח״ שהכנסותיהם הוקדשו לקהק״ל ולפעולות תרבותיות.

גם האנשים המבוגרים ראו בעין יפה את פעולותינו אלו, כמובן, מחוץ ל„יוצאי־דופן״, מחוגי הדתיים, שלא חסרו אז בשום מקום.

עם פרוץ מלחמת העולם הראשונה וכניסת הצבא האוסטרי לחבל־הכיבוש הלובליני (שגם ינדז׳יוב השתייכה לחבל זה) „יצאנו מן המחתרת״ ופעולותינו נעשו מאז לעיני כל.

יחד עם אנשי „המזרחי״ הצלחנו לקבל לידינו את הנהלת הקהלה היהודית ואנחנו ניהלנו את כל הענינים היהודיים עד לסוף המלחמה.

בשנת 1919 זכינו וחלק מחברינו הפעילים ביותר עלו ארצה, אם כי חלוצינו נתקלו בקשיים מרובים שאין לתארם. הם הלכו, בדרך לא דרך, ללא רשיונות־עליה. התגלגלו ממקום למקום, כשבידיהם תעודות מזויפות. כמעט שנה שלימה עד שהצליחו להגיע ארצה כחלוצי העליה השלישית.

חברינו אלה היו בין מניחי היסודות אשר הטו שכמם להנחת היסודות לבנין העם והמולדת.



יעקב שרף (אוקוביטה) בחברת חבריו לדעה לפני עלייתם ארצה.

אני רואה בפעולה מבורכת זו, לא רק חלקם של אלו אשר העפילו ועלו, אלא של קהלת ינדז׳יוב כולה, שבה גדלנו ומתוכה יצאנו ובסיועם המוסרי והחומרי, הגענו למטרת חיינו, לחיים חפשיים בארצנו הנגאלת והנבנית.

ואלה הם הבנים הראשונים של ינדז׳יוב שעלו כחלוצים לפני המחנה ושאינם עוד בחיים:

| | |
|---|---|
| יעקב ברגר ז״ל — נפל בחניתה | ליבוש שנקר ז״ל — נרצח בפולין |
| יעקב קנמון ז״ל — נפטר בתל־אביב | אביגדור בלפר ז״ל — נהרג בארץ בתאונת עבודה |
| שמואל דודקיביץ ז״ל — נפטר בירושלים | יהודה ויגניינסקי ז״ל — נרצח בפולין |
| משה פיש ז״ל — נרצח בפולין | הלל דודקיביץ ז״ל — מת בארה״ב |

ואלה שיבדלו מהם לחיים ארוכים:

יעקב שרף (אוקוביטה) בחיפה
צבי הורוביץ בחיפה
משה זמר (סולוביץ) בחיפה
חיים דוד שרף (אוקוביטה) כפר ויתקין
דוד מכטינגר תל־אביב
אלה שנקר בחוץ לארץ
זאב קשנסקי בחוץ־לארץ
זאב זפרן בארה״ב
יעקב איצה גליקסמן תל־אביב

ישראל גורטמאַן
קרית־ביאַליסטאָק

# ליידן און פריידן אין מיין לעבנס־וועג

## (זכרונות פון מיין וואַנדערן)

### עלטערן און שטאַם



כ׳קאָן נישט אָנהייבן מיינע זכרונות אָן הזכרת־נשמות פון מיינע גאָטזעליקע עלטערן אין מיין געבורטס־שטעטל שטעקאָ־טשין (קעלצער וואָיעוואָדשאַפט).

מיין גאָטזעליקער פּאָטער ר׳ שמעון ז״ל איז געבוירן געוואָרן אין בוקי (קיעווער גובערניע) און מיין גאָטזעליקע מוטער, שרה זעלדע ז״ל, אינעם שטעטל סאבאדארש, אויך קיעווער גובערניע. מיין זיידע פון פאָטערס זייט איז געווען אַן אָנגעזעענער סוחר און דער זיידע פון מיין מוטערס זייט — אַ שוחט.

מיין פאַמיליע האָט מיט יאָרן צוריק געהאַט אַ שייכות צו חיבת ציון און שיבת ציון. מיין באָבע — מיין פאָטערס מוטער זכרונה לברכה — איז אַוועק קיין ארץ־ישראל נאָך אין יאָר 1900, אין דער הייליקער שטאָט צפת. איך געדענק, אַז מיין באָבע האָט אויף יעדן ערב חנוכה אונדז צוגעשיקט אַ קריגל בוימל פון ר׳ שמעון בר יוחאיס קבר. מיין פאָטער האָט איר סטאַביל געשיקט געלט, נישט וועלנדיק זי זאָל זיין אַ „חלוקה־יידענע״. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די באָבע נפטר געוואָרן אין צפת.

מיין מוטערס אַ ברודער, ר׳ זישע דוד באַגאַמאָלני ז״ל, איז געווען איינער פון די ערשטע ציוניסטן אינעם שטעטל שטעקאָטשין, ער איז געווען אַ תנ״ך־קענער און אַ גוטער העב־ר׳עאיש־קענער. ער איז געווען דער פּיאָנער פון ציוניסטישן געדאַנק און נאַציאָנאַלן חינוך אין אויבנדערמאָנטן שטעטל.

מיין פּאָטער, ר׳ שמעון ז״ל, איז געווען אַ מיל־מאָנטער און אויבער־מילנער, זייענדיק אַן ערשטקלאַסיקער פאַכמאַן, איז ער אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין פוילן, פריער אין וואַרשעווער געגנט, און שפּעטער קיין שטעקאָטשין, ווו ער האָט צוזאַמענגעשטעלט די מיל ביי ר׳ קאָפּל קאָפּלעוויטש ז״ל, ער איז דערנאָך איבערגעגאַנגען אַרבעטן אַלס אויבער־מילנער אין די מילן פון כראַביע אַלפּערט, וואָס זענען געווען אַרענדירט דורך ר׳ יששכר ווארטמאנס זון און זיין איידעם, ר׳ פישל קאָן ז״ל, ביידע פייערדיקע גערער חסידים.

איך בין געבוירן געוואָרן אין שטעקאָטשין, אָבער מיינע עלטערן האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין יענדזשעוו אין יאָר 1914, מיין פאָטער האָט דאָרט געאַרבעט אַלס אויבער־מילנער אין דער גרויסער מאָדערנער מיל פון ר׳ מרדכי יוסף ווערדיגער ז״ל, וואָס איז שפּעטער געווען אין שותפות מיט די ברידער שפּילבערג, נאָכן טויט פון זייער פאָטער ר׳ מענדל שפּילבערג ז״ל.

אין יאָר 1926 איז מיין פאָטער אַרויס אויף פּענסיע און אין זעלבן יאָר, צוזאַמען מיט מיין מוטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע אַ דאַנק די באַמיאונגען, וואָס ס׳האָט פאַר זיי געמאַכט מיין ברודער מאַקס און אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין דער שטאָט פּאַסעאיק זענען זיי נפטר געוואָרן. כבוד זייער אָנדענק!

## אין אַ פּוילישן שטעטל

דאָס קומען פון „אין יענע יאָרן" אַזויגערופענע „ליטוואַקעס" קיין שטעקאָטשין האָט אַרויסגערופן גרויס אויפמערקזאַמקייט; זייער קליידונג איז געווען אַנדערש ווי די הלבשה פון די אָרטיקע יידן און אויך זייער „אויסשפּראַך" איז געווען אַנדערש.

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָבן די יידן אין שטעקאָטשין געזען אַ יידישן בוימייסטער, אַ ספּעציאַליסט אין דער מיל־בראַנזשע. אָבער אַלס פאַכמאַן און אַ באַשיידענער שטילער אַרבעטס־מענטש, איז ער שנעל באַליבט געוואָרן ביי אַלע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך צו אים באַצויגן מיט גרויס דרך־ארץ.

כ'וויל ווידמען אויך אַ פּאָר ווערטער מיין געבוירן־שטעטל. אַרום שטעטל האָבן זיך געצויגן לאַנגע, געדיכטע וועלדער און דער טייך „פּיליצאַ" איז געווען די קרוין פון שטעטלשן פּייזאַזש. אין פּאַלאַץ פון כראַביע אַלפּערט האָבן זיך געפונען באַרימטע קונסטווערק, דער פּאַלאַץ איז געשטאַנען אין מיטן פון פּרעכטיקע גערטנער. דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקע שול, ווי ס'האָבן דערציילט די זקנים פון שטעטל, איז דאָס בויען פון דער שול געווען דורך מתנות פון פּוילישע כראַביעס, וואָס האָבן מאַטעריעל געהאָלפן זי אויסבויען. די ווענט־מאָלערייען אין דער שול זענען געווען ממש אַ מייסטערווערק. שטעקאָטשין איז געווען בכלל אַ חסידיש שטעטל, אָבער די הויפּטראָל האָבן געשפּילט די גערער חסידים. זיי פלעגן אין שבתים און ימים־טובים גיין אָנגעטאָן אין זיידענע קאַפּאָטעס, אָדער סאַמעטענע שלאָפראָקן און שטריימלעך און מיט שטאָלץ געשפּאַנט איבער די גאַסן צום גערער שטיבל, אויף צעזעצעניש אַלע פּושעים — יידן, צי גויים.

זייער פּראַווען די יום־טובים, איבערהויפּט שבועות און שמחת־תורה, געדענק איך ביזן היינטיקן טאָג. זייענדיק נאָך גאָר יונג בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם קרייז פון די גערער חסידים. יעדן שבת נאָכמיטאָג האָט מיך „פאַרהערט" נישט קיין אַנדערער ווי דער אַרענדאַר פון דער מיל, דער באַוווסטער גערער חסיד ר' פישל קאָן בכבודו ובעצמו. כ'האָב אַזוי אַרום מיטגעטאַנצט אין מיינע יונגע יאָרן די ימים־טובים און געלערנט פרומקייט און תורה פון גערער חסידים.

גמרא האָב איך געלערנט ביי איינעם פון די בעסטע מלמדים פון שטאָט, ר' ישראל איטשע ז"ל (אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן איך אָפּגעדרוקט אַ נאָוועלע א. נ. „חיימל", אַזוי האָט געהייסן דעם רבינס יינגל, וואָס איז יונגערהייט געשטאָרבן).

די גמרא־ניגונים פון רבין זענען תמיד געווען זייער טרויעריקע, און פון זיין זונס פּטירה אָן, האָט זיך מער קיין שמייכל נישט באַוויזן ביים רבין ר' ישראל איטשע און נישט ביי דער רביצין, גנענדל ז"ל, זייער שטענדיקער טרויער האָט משפּיע געווען אויף די תלמידים.

זייער פּרנסה האָבן די יידן פון שטעטל געצויגן פון מסחר און מלאכה, הגם דאָס איז געווען אַ טיפּיש, פרום יידיש שטעטל, פלעגט דאָך פרייטיק פאַרנאַכט דער שמש לויפן איבער די גאַסן און דערמאָנען מען זאָל פאַרמאַכן די געוועלבער.

## כ'פאָר קיין זאַוויערטשע

מיינע גאָטזעליקע עלטערן האָבן געזען מיינע פאָרשריטן אין לערנען, האָבן זיי מיך געשיקט לערנען אין דער זאַוויערטשער ישיבה. דאָרט האָב איך געדאַרפט וווינען ביי מיין גאָטזעליקער שוועסטער נעכע ז"ל (אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלער־מערדער), איר שוועער, ר' לעמל דאַנציקער, איז געווען איינער פון די הויפּט שיעור־זאָגערס אין דער ישיבה און טאַקע אַ גרויסער למדן אין תלמוד און מפורשים. כ'בין געווען געשפּאַנט צוליב דער רייזע און געווען נייגעריק צו זען ווי עס זעט אויס אַ „גרויסע שטאָט". מ'האָט מיך אַרויפגעזעצט אויף אַ פור, אָנגעלאָדנט מיט זעק מעל און אַ גאַנצע נאַכט האָב איך זיך געשלעפּט איבער די בלאָטיקע וועגן, דורכגעפאָרן פול מיט פחד, די געדיכטע „פּראַדלער" וועלדער און פאַרטאָג אָנגעקומען קיין זאַוויערטשע.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך דערזען עלעקטריש ליכט, אין מיטן שטאָט פלעגט דורכלויפן אַ באַן און אויך דאָס איז פאַר מיר געווען „גאָטס וווּנדער". כ'האָב דערפילט אַ שטאַרקן ווילן זיך צו באַקענען מיט אַלץ, וואָס איך האָב אין שטעקאָטשין נישט געזען...

די ישיבה־בחורים זענען געווען פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך (בענדין סאָסנאָוויץ, דאָמבראָווע). מען האָט זיך נישט גערופן ביי די פאַמיליע־נעמען, נאָר צוגעגעבן צום ערשטן נאָמען די שטאָט, ווי למשל, „חיים בענדינער" א.אַ.וו. מאָנטיק און דאָנערשטיק האָבן מיר געלערנט גאַנצע נעכט און פאַרטאָג זענען מיר געלאָפן ברענגען פרישע בייגל און טיי.

מיינס אַ חבר, יהונתן, האָט אָנגעהויבן אויסאײַבן אויף מיר אַ גרויסן איינפלוס; ער פלעגט מיך אָפט רופן אויף שפּאַציר אין די באַוווסטע זאַוויערטשער אַלייען, קוקן אויף די בילדער ביים קינאָ „לונאַ". כ׳האָב אָנגעהויבן פאַרנאַכלעסיקן דאָס לערנען. פּלוצלינג האָב איך באַקומען די טראַגי׳שע ידיעה, אַז אונדזער מוזיניקל שמואליק איז געשטאָרבן. ווען איך בין אַהיימגעקומען איז געווען אין הויז אַ טיפער טרויער.

אין גרויס טרויער בין איך צוריקגעפאָרן קיין זאַוויערטשע אין דער ישיבה. קורץ דערנאָך האָט מען מיר צוווי׳סן געגעבן, אַז איך וועל אַריבערפאָרן קיין לאָדזש צו מיין גאָטזעליקן ברידער נח. כ׳האָב אויך געהערט, אַז ווען איך וועל עלטער ווערן וועט מען מיך שיקן צו מיין ברודער מאַקס קיין אַמעריקע.

מיינע עלטערן האָבן, ווייזט אויס, זיך דערוווסט, אַז איך בין קאַליע געוואָרן, כ׳גיי אין געה־ים אין קינאָ, שפּאַציר איבער די אַלייען און אָנגעהויבן אַריינקוקן אין „פאַרבאָטענע ביכלעך".

פון זאַווי׳ערטשע קיין לאָדזש בין איך שוין געפאָרן מיט דער באַן, אין לאָדזש איז מיר נישט אויסגעקומען לאַנג צו פאַרבלייבן, ווייל ווי באַלד איך האָב אָנגעהויבן לערנען אַ פאַך, איז ענדע אויגוסט 1914, אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. אין לאָדזש איז געוואָרן אַ מהומה, באַלד אין די ערשטע טעג האָט מען אָנגעהויבן פילן אַ מאַנגל אין שפּייז־מיטלען; לאָדזש ווי אַן אינדו׳סטריעלער צענטער, איז געווען דער ערשטער ווירטשאַפטלעכער קרבן פון דער מלחמה. מיין ברודער נח און מיין שוועגערין חוהלע ז״ל, האָבן באַשלאָסן ווי אַמגיכסטן מיך אָפּצושיקן צור׳יק אַהיים צו מיינע עלטערן.

אַלס דרייצן־יאָריק בחורל האָב איך איבערגעלעבט אַ סך עמאָציעס צוליב די געשעעני׳שן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַרום מיר; עס רעדט זיך פאָרן פון לאָדזש קיין יענדזשעוו, אָבער ווי אַזוי? קיין באַן־קאָמוניקאַציע פאַר דער ציוויל־באַפעלקערונג איז שוין נישט געווען, האָט מען באַשלאָסן, אַז איך זאָל אַהיימפאָרן מיט „אַקס", ווי מען האָט דעמאָלט גערופן דאָס פאָרן מיט פערד־און־וואָגן. מ׳האָט צוזאַמענגענומען אַ גרעסערע גרופּע יידן און זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ פור און אָנגעהויבן פאָרן.

מיר זענען דורכגעפאָרן צענדליקער שטעט און שטעטלעך, באַזונדערס האָט זיך מיר איינגע־קריצט אין זכרון דאָס לעצטע שטעטל פאַר קעלץ, אַפּט, (אָפּאַטווו). מי׳ר האָבן זיך דערנעענטערט צו דער פראָנט־ליניע. היינט קאָן מען זיך דאָס גאָרני׳שט פאָרשטעלן ווי אַזוי מען מאַכט עס אַ נסיעה איבערן פראָנט, אָבער אַזוי איז עס געווען. נאָכן פאַרלאָזן דאָס שטעטל אַפּט, זענען מי׳ר אַריין אין אַ וואַלד און עס האָבן אונדז פאַרהאַלטן קאָזאַקן, זיי האָבן דורכגעקוקט אונדזערע דאָקומענטן, אַלעמען רעווידירט און אונדז דערלויבט ווייטער פאָרן.

אויף יענער זייט האָט אונדז טאַקע באַגעגנט אַ פּאַטראָל אָבער נישט קיין עסטרייכער — נאָר פּוילישע לעגיאָנערן אויף פערד. מען האָט אונדז ווידעראַמאָל רעווידירט און שוין נישט אָפּגעלאָזט, נאָר אַוועקגעפירט אין לעגיאָנערן־שטאַב, וואָס האָט זיך געפונען אין קעלץ. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג: וועמען מיר האָבן געזען אין וועג, וווּ געפינען זיך די קאָזאַקן א.א.וו.

די דרייסיק קילאָמעטער פון קעלץ קיין יענדזשעוו זענען פאַר מיר געווען אַן אייביקייט; די שטאָט איז געווען פול מיט מיליטער, אין מאַרק האָט זיך געפונען דער שטאַב פון די לעגיאָנערן, אין די סטאָדאָלעס אין שטאָט און אונטער דער שטאָט זענען געווען איינקוואַרטירט לעגיאָנערן און עסטרייכישע קאַוואַלעריע. די אָפיצירן, אונטעראָפיצירן זענען איינקוואַרטירט געוואָרן אין די הייזער. כ׳האָב דערזען וואָס ס׳הייסט מלחמה... איך בין דערגאַנגען ביז צום מיל־הויף און אַריינגעקומען אין שטוב. די פרייד, פאַרשטייט זיך, איז געווען אומבאַשרייבלעך נאָך אַזאַ נסיעה.

## כ׳בין אין מיין היים

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט די מיל דאַן געהערט צום באַוווסטן גערער חסיד ר׳ מרדכי יוסף ווערדיגער ז״ל. עס איז געווען אַ נייע מאָדערנע מיל, מיט די נייעסטע מאָדערנסטע מיל־מאַשינען און וואַלצן פון אַ באַרימטער שווייצאַרישער פירמע. אין מיל־הויף האָבן געוווינט נאָר די בעאַמטע און אין שפּיץ פון זיין איז געשטאַנען דער געשעפטס־פירער און בוכהאַלטער ר׳ הענעך וואַקסבוים ז״ל (אומגעבראַכט געוואָרן מיט דער פאַמיליע דורך די היטלער־באַנדעס), און דער מאַגאַזינער ר׳ אפרים קרימאַן ז״ל —ביידע זענען אויך געווען שאַרפע גערער חסידים.

מיין פאָטער איז געווען אויבער־מילנער, מיין ברודער יידל, זיין געהילף. די מיל איז געווען פאַרצוימט מיט אַ הויכן הילצערנעם פּאַרקאַן, אַרום דער מיל איז געשטאַנען אַן עסטרייכישע

וואַך, די מיל איז געווען באַזעצט דורך די עסטרייכער און האָט בעיקר געאַרבעט פאַרן מיליטער; פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג האָט מען צוגעטיילט אַ קליינעם סכום מעל. דער „קאָמיסאַר" איבער דער מיל איז געווען אַ ווינער דייטש, די באַציאונגען מיטן קאָמיסאַר זענען געווען גוטע. זיין לאָזונג איז געווען: „לעבן און לעבן לאָזן", און מ'האָט אַרום די עסטרייכער אויך געמאַכט גוטע געשעפטן...

## דער פראָנט ביים טייך נידאַ

דער פראָנט האָט זיך געשטעלט ביים טייך נידאַ. פלוצים האָבן די עסטרייכער זיך צוריקגעצויגן פון יענדזשעוו און עס זענען אָנגעקומען די רוסן. ס'האָבן אויך אָנגעהויבן קומען פליטים פון די קרעסן און אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך. די יענדזשעווער יידישע באַפעלקערונג האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן; אַריינגענומען די פליטים אין זייערע דירות, זיי פאַרזאָרגט מיט עסן און קליידונג. עס זענען אויפגעוועקט געוואָרן געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַ ברייטע הילפס־אַרבעט. מען האָט געעפנט אַ פאָלקס־קיך פאַר די פליטים און נויטבאַדערפטיקע פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. די מענטשן פון מיל־הויף זענען געווען זייער טעטיק ביי דער הילפס־אַרבעט. דער מיל־הויף איז בכלל אין דער מלחמה־צייט געווען אַ פרנסה־קוואַל פאַר צענדליקער משפחות.

## כ'לערן זיך ווייטער

אַלס געוועזענער ישיבה־בחור האָב איך געוואָלט פאָרזעצן מיין לערנען. מיר איז געקומען צו הילף דער זון פון ר' מרדכי יוסף ווערדיגער ז"ל, ר' איטשע מאיר ז"ל, וועלכער האָט אָנגעהויבן מיט מיר לערנען יעדן טאָג אַ בלאַט גמרא. אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעג איך זיך אָפּט אַריינכאַפּן צו אונדזער שכן דעם תבואה־סוחר, ר' לייבוש רענקאשינסקי ז"ל און שבת נאָכמיטאָג לערנען אַ בלאַט גמרא מיט מפורשים, ווי אויך תנ"ך, און פון יענע צייטן איז מיר געבליבן די ליבשאַפט צו אַ דבר תורה און צו יידישע און העברעאישע ביכער.

## מלחמה־איבערלעבענישן

פאַר מיר איז געווען אַ גרויסע איבערלעבונג צו זען ווי די שטאָט גייט איבער פון האַנט צו האַנט, ווען די הויפּט־כוחות פון די עסטרייכער האָבן עוואַקואירט די שטאָט און עס זענען פאַרבליבן די לעצטע פּאַטראָלן.

נאָך אַ לאַנגער שלאַכט צווישן קראָקע און פשעמישל קומען די עסטרייכער צוריק קיין יענדזשעוו. ווען דאָס מיליטער פלעגט בייטן די פּאָזיציעס פלעג איך זיך אַרויפכאַפּן אויפן לעצטן שטאָק פון דער מיל, קוקן צום קעלצער שאָסיי און אָבסערווירן ווי עס מאַרשירט די פּיעכאָטע, די קאַוואַלעריע און די לייכטע און שווערע האַרמאַטן, וואָס האָבן זיך געצויגן אין זייער לאַנגע רייען.

## אונטער דער רוסישער הערשאַפט

דער פראָנט איז תמיד געווען אַ ביסל אָפּגערוקט פון יענדזשעוו. אין די נעכט פלעגן מיר זיך איינהערן אין האַמעטנעם און שווערן אָפּהילך פון די האַרמאַטן־שאָסן. די רוסן האָבן אויך ביי אונדז געוואָלט דורכפירן אַ „שנעל־מיליטער־געריכט" אונטער אַ פאַלשער באַשולדיקונג אין שפּיאָנאַזש קעגן אַ רואיקן באַלעבאַטישן ייד, דעם אייגנטימער פון אַ קליין גילזן־פאַבריקל, שטו'אָזבערג. אַלס רעליגיעזער ייד האָט ער אַמאָל מחדש־געווען די לבנה, ער איז גלייך אַרעסטירט געוואָרן און געזאָלט געשטעלט ווערן פאַר אַ מיליטערישן געריכט, וואָס האָט געדראָט אין מלחמה־צייט מיט טויט. ס'איז געוואָרן אין שטאָט אַ מהומה און אַלעמען האָט אַרומגעכאַפּט אַ פחד. נאָך אַ סך באַמיאונגען איז געלונגען צצו באַווייזן זיין אומשולד און מ'האָט אים באַפרייט. אָבער אַ סך ענלעכע פראָצעסן זענען יאָ פאָרגעקומען און הונדערטער יידן זענען אומשולדיק אומגעבראַכט געוואָרן אונטער דער באַשולדיקונג פון שפּיאָנאַזש לטובת די דייטשן. בעת די רוסן זענען געווען אין יענדזשעוו האָט די יידישע באַפעלקערונג געלעבט אין גרויס שרעק; עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן יעדע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

## ביי די עסטרייכער

גראָד פאַרקערט איז געווען ביי דער עסטרייכישער אָקופּאַציע; מען האָט געפירט אַ קולטור־רעלע און ציוניסטישע טעטיקייט. די ביבליאָטעק איז דאַן געווען אין הויז פון ר׳ אלטער יחיאל טאָפּיאָל ז״ל. די יוגנט האָט פיל געלייענט און פון צייט צו צייט, ווי אין מלחמה־באַדינגונגען, פלעגן אויך קומען לעקטאָרן האַלטן רעפעראַטן.

דער באַוווסטער שרייבער ל. מלאך ז״ל האָט דאַן געלייענט ביי אונדז זיינע „מלחמה־נאָוועלן״, וועגן דיליידן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן, און זיי האָבן איבערגעלאָזט אַ טרויער אין די הערצער.

די ביבליאָטעק האָט געהערט צו דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און פון דאָרטן איז צוגעגרייט געוואָרן די גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין יאָר 1917, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין די בתי־מדרשים אין שייכות מיט דער פּראָקלאַמירונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, דעם 2טן נאָוועמבער 1917. די ווייס־בלויע פענער האָט געפלאַטערט אומעטום און די שמחה איז געווען זייער גרויס.

נאָך אין דער צייט פון דער עסטרייכישער אָקופּאַציע האָט זיך אָנגעהויבן די טעטיקייט פון דער „פועלי־ציון״־פּאַרטיי אין יענדזשעוו; ס׳האָבן אָנגעהויבן קומען שליחים פון דער יידישער סאָציאַליסטיש־ציוניסטישער פּאַרטיי „פועלי־ציון״ אין לעמבערג.

דער ערשטער שליח ביי אונדז איז געווען ח׳ גליקמאַן. איך האָב באַמערקט ווי מיין ברודער יידל שושקעט זיך מיט ח׳ קלמן כענטשינסקי און געהערט, אַז שבת נאָכמיטאָג װעלן זיי זיך טרעפן אין דער וווינונג פון ח׳ גיסקע אויף אַ פאַרזאַמלונג, האָבן איך באַשלאָסן, אַז איך מוז זיך אויך אַריינכאַפּן אויף דער פאַרזאַמלונג. איך האָב באַמערקט, אַז מיין ברודער יידל ברענגט אַהיים בראָשורן אין יידיש, איינע פון זיי, „די יידישע קאָלאָניזאַציע אין א״י״ פון חבר אבנר (פּסעוודאָנים פון יצחק בן צבי, פּרעזידענט פון מדינת ישראל), האָב איך דורכגעלייענט.

שבת נאָכמיטאָג האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אויף דער פאַרזאַמלונג. דער שליח האָט געהאַלטן אַ רעדע און פאַרגעלייענט אַ צירקולאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט, נעבן רעדנער איז געשטאַנען דער איניציאַטאָר פון דער פאַרזאַמלונג, ח׳ יהודה דן ז״ל, אַלע האָבן אויסגעהערט דעם רעפעראַט און די צירקולאַרן מיט התלהבות, מען האָט אין דער שטיל געזונגען די „שבועה״ נאָכדעם אַראָפּגענומען די וואַך פאַרן הויז און דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען.



דער ערשטער יענדזשעווער קאָמיטעט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי „פועלי־ציון״, אין די יאָרן 1915—1918. אין צענטר דער ארבעטער־טוער יהודה דן.
אויפן בילד (פון רעכטס) שטייען: קלמן כענטשינסקי, הירש חייט, מענדל דאַנציגער, ישראל גורטמאַן, יעקב קאָרנפעלד, יצחק מאָרדקאָוויטש, יעקב פרידמאַן. זיצן (פון רעכטס): פישל דאַנ־ציגער, י. וויגנאַנסקי, יהוז׳ה דן און בענדעט פינקעלשטיין



יהודה דן ז״ל
פירער פון די „פועלי ציון״ אין יענדזשעוו



מענדל דאנציגער ז״ל
מיטגליד פון ערשטן „פועלי ציון״ קאָמיטעט
אין יענדזשעוו

אויך די הברה **לאה דן** ז״ל — די פרוי פון **יהודה דן** ז״ל, האָט גענומען זייער אן אַקטיוון אַנטייל אין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אַמאָליקן יענדזשעוו, איבערהויפּט אויפן געביט פון דערציאונג. אַלס באַגאַבטע פּעדאַגאָגין מיט אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, האָט זי, נאָך אין יאָר 1916, געגרינדעט אַ יידישע פּראָגימנאַזיע פאַר מיידלעך. פרוי דן האָט איינשטודירט מיט אירע שילערינס אויך העברעאישע פאָרשטעלונגען. מיר גיבן דאָ אַ קאָפּיע פון אַ פּראָגראַם פון דער פאָרשטעלונג „יהודית ושמעון״ פון יענער צייט.

## פרוגמנסיה עבְרִית לנערות של לאה דון
בינדושיוב.

1. „הללויה אל בקדשו . . . מקהלה
2. „במרתף״ של ם. קונופניצקא
ח. פרייז, שלדזיק, נ. קנטורוביין
3. „משה בתבה״ של י. סילמן . . ר. מינץ
4. „שם שועלים יש״ | מ. זילברשטין
תמונה מחיי אחינו בארץ ישראל | בורנשטיין
5. „מלחמת קובוש״ נחכני

— II. —

6. „אל מלא רחמים״ של גומוליצקי . . ה. פרייז
7. „על נהרות בבל״ } תמונה מחיֵ אחיני
8. „ספרי לי ריבה״
9. תתקוה . . . . . מקהלה
10. „ודשה בעת מלחמה״

---

מחצי השבעית בערב דרמה קינאית מחיי היהודים בפולין

# „יהודית ושמעון״



די יידישע פראָגימנאַזיע פאַר שילערינס פון חברה לאה דן אין יענדזשעוו, אין יאָר 1916

אין צענטער: יהודה און לאה דן ז״ל, א. גאָנשעראָוויץ, פרוי פרישמאַן און פרוי זאפראן (פון דער דירעקציע און לערער פערסאָנאַל) צוזאַמען מיט די שילערינס.

איך בין געווען באַגייסטערט און אָנגעהויבן טראַכטן וואָס צו טון, אַז מען זאָל מיך אויך איינלאַדן צו די פאַרזאַמלונגען און ווערן אַ חבר פון דער פּאַרטיי, כ׳בין דאַן קוים אַלט געווען 16 יאָר. עס איז מיר גראָד אָנגעקומען לייכט; מיין ברודער יידל האָט מיך רעקאָמענדירט פאַר די קאָמיטעט־מיטגלידער. צו מיין גרויסער פרייד בין איך אָנגענומען געוואָרן אַלס חבר פון דער „פועלי־ציון״־אָרגאַניזאַציע אין יענדזשעוו.

די נשמה פון דער „פועלי־ציון״־אָרגאַניזאַציע, איר גרינדער, רעדנער, באָראָכאָוויסטיש־מאַרקסיסטישער טעאָרעטיקער, איז געווען דער ח׳ יהודה דן ז״ל (עולה געווען קיין א״י און דאָרט נפטר געוואָרן). ער איז געווען אַ זעלטענער מאַסן־רעדנער און האָט באַגייסטערט די יוגנט און די עלטערע אַרבעטער. די אָרגאַניזאַציע איז זיך צעוואַקסן פון טאָג צו טאָג און האָט אין אַ קורצער צייט געציילט עטלעכע הונדערט חברים.

ח׳ דן האָט אָנגעהויבן אויך אָרגאַניזירן די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין שטאָט. ס׳זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די שוסטער, שניידער, טרעגער, בעקער־אַרבעטער, קאַמאַשנמאַכער, בכלל אַלע יידישע פאַכן, ווייל קיין יידישע פאַבריק־אַרבעטער זענען כמעט נישט געווען.

ווי באַליבט דער ח׳ דן איז געווען ביי דער יוגנט און אַרבעטער אַזוי האָבן אים געהאַסט די „מייסטערו״, ווייל ער אָרגאַניזירט די געזעלן, זיך נישט לאָזן עקספּלאָאַטירן, נאָר קעמפן פאַר אַ בעסערן לוין און קלענערן אַרבעטס־טאָג, ווי אויך פאַר אַ מענטשלעכע באַהאַנדלונג. ס׳זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג שטרייקן מיט דער הילף פון די טרעגער, וועלכע האָבן באַגלייט די דעלעגאַציעס ביים פירן אונטערהאַנדלונגען.

ביי דער אָרגאַניזאַציע איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ כאָר אונטער דער אָנפירונג פון דער הברטע פעסי. זי האָט איינשטודירט מיט אונדז רעוואָלוציאָנערע לידער „די קוזשניע״, „אַ גוטער פריינט ווען איך וועל שטאַרבן״ א. אַנד. באַזונדערס די „פועלי־ציון״־שבועה און דעם „אינטערנאַציאָנאַל״, וואָס מ׳פלעגט זינגען ביים עפענען און שליסן פאַרזאַמלונגען אָדער פייערונגען.

אויף די אָוונט־קורסן, וואָס מיר האָבן אָרגאַניזירט, איז געווען אַ גרויסע צאָל צוהערער, מיר פלעגן לערנען פאַרשידענע קעגנשטאַנדן, ווי פיזיק, כעמיע און באַזונדערס מאַרקסיזם און באָראָכאָוויזם. מען דאַרף מודה זיין, אַז ס׳האָט ביי אונדז געווירקט גרויס קעגנערשאַפט צו עברית, נאַציאָנאַלע פאָנדן, ציוניסטישער קאָנגרעס ווי בכלל צום הערצליאַנישן ציוניזם.

אונדזער ציוניזם האָט זיך אָנגעהויבן מיט באָראָכאָוון.

אין יאָר 1917, באַלד נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, ווען ס׳איז אין קיעוו נפטר געוואָרן דער פירער פון „פועלי־ציון״, בער באָראָכאָוו, איז ביי אונדז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסע טרויער־פאַרזאַמלונג. אַ לאַנגע צייט האָבן אין די אויערן געקלינגען ה׳ דנס ווערטער: „באָראָכאָוו איז געשטאָרבן, אָבער זיין גייסט לעבט צווישן אונדז״.

מיר זענען דאַן געווען אויסגעשפּראָכענע מאַרקסיסטן באַפאַרבט מיט אַ ביסל ציוניזם, לויט באָראָכאָווס קאָנצעפּציע, וואָס איז דעפינירט געוואָרן אין זיין אַרבעט — „די קלאַסן־אינטערעסן און די נאַציאָנאַלע פראַגע״. צווישן אונדז און די בירגערלעכע ציוניסטן פון הערצלס חדר איז אין יענער צייט געווען אַ גרויסער תהום.

נאָכן באָלשעוויסטישן נצחון אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקער אויפברויז אין די אָרגאַניזאַציעס; ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ שאַרפער וויכוח אַרום די פראַגן פון „פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור״ און „דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם״, די לינקע אין דער פּאַרטיי האָבן אַרויסגעשיקט שליחים מיטן צוועק אַריבערצוציען אויף זייער זייט וואָס מער חברים. צו אונדז איז דעמאָלט געקומען ח׳ זילבערשטיין פון וואַרשע. ס׳האָט זיך צעפלאַקערט אַן אינערלעכער קאַמף; ער זילבערשטיין, איז געווען אַן אָנהענגער פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און יהודה דן, מענדל דאַנציגער און איך זענען געווען אָנהענגער פון דעמאָקראַטישן וועג צום סאָציאַליזם. די לינקע זענען געווען ביי אונדז אַ מינדערהייט און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן דערווייטערן פון דער אָרגאַניזאַציע; יהודה דן איז אַוועק פון יענדזשעוו, דער נייער פּאַרטיי־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון די יונגע חברים פון דער פּאַרטיי, ווי מענדל דאַנציגער, ישראל גורטמאַן, קלמן כענטשינסקי א. א.

עס האָט זיך דערנענטערט דער סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיר האָבן געהאָפט, אַז מיר וועלן אָנהייבן אויפסניי אַ פאַרגרעסערטע טעטיקייט.

## נאָך דער מלחמה

ווי נאָר די מלחמה האָט זיך געענדיקט אין 1918, האָבן די פּאָליאַקן פאַרכאַפּט די מאַכט. ווי

פון אונטער דער ערד זענען אויסגעוואַקסן קאַדרן, וועלכע האָבן באַזעצט אַלע אַדמיניסטראַטיווע פּאָסטנס. עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דאָס אומאָפּהענגיקע פּוילן.

מיר זענען געווען פול מיט האָפענונגען, אַז אין נייעם אומאָפּהענגיקן פּוילן וועלן אויך מיר האָבן די מעגלעכקייט ברייט פונאַנדערצוּוויקלען אונדזער פאָן און צוזאַמען מיט די פּוילישע סאָציאַליסטן שמידן דאָס נייע סאָציאַליסטישע פּוילן. אין דער שפּיץ פון דער ערשטער רעגירונג איז וואָס אַן אמת געשטאַנען אַ פירער פון דער „פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי״, מאָראַטשעווסקי, עס איז אויך אַנטשטאַנען אַ פאָלקס־מיליץ, אָבער די „ענדעקעס״ האָבן פאַרכאַפּט די וויכטיקסטע אַמטן און שנעל אויפגעהויבן די קעפּ; דער פּאָגראָם אין לעמבערג און שפּעטער דער פּאָגראָם אין קעלץ האָבן אונדז דערשיטערט.

אויך אין יענדזשעוו האָט געהערשט אַ פּאָגראָם־שטימונג; נאָר אַ דאַנק דעם אָרטיקן קאָמענדאַנט, זענען מיר אָפּגעקומען מיט בלויז שרעק, אָבער רעפּרעסיעס האָבן נישט געפעלט; אונדזערס אַ פאַרזאַמלונג איז ברוטאַל צעטריבן געוואָרן, אויך דער געשאַפענער אַרבעטער־ראַט צוזאַמען מיט דער פּ.פּ.ס. איז גערודפט געוואָרן און אונדזערע חברים האָבן אים פאַרלאָזט. עס זענען פאָרגעקומען אַרעסטן פון עטלעכע חברים. כאָטש די אָרגאַניזאַציע האָט דערפון געליטן, איז די טעטיקייט ווייטער געפירט געוואָרן.

בעת די וואַלן צום ערשטן סיים האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע געטון אַלץ, כדי צו אַנטוויקלען אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע לטובת אונדזערע קאַנדידאַטן; מען האָט באַזאָרגט מיט רעדנער און אויפרופן, כ׳בין דאַן צום ערשטן מאָל אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע אין בית־מדרש. דער ח׳ מענדל דאַנציגער ז״ל איז אַרומגעפאָרן איבערן ראַיאָן אין נאָמען פון דער פּאַרטיי און איז אין כמעלניק בעת אַ פאַרזאַמלונג אַרעסטירט געוואָרן. נאָך גרויס מי איז געלונגען אים באַפרייען. אַזוי האָט אויסגעזען אין יענער צייט אונדזער „לעגאַלע״ טעטיקייט.

## מ׳שלאָגט יידן

שלאָגן יידן, שניידן בערד און אַרויסוואַרפן פון וואַגאָנען איז געוואָרן אונדזער טאָג־טעגלעך ברויט אינעם נייעם „פרייען״ פּוילן. דאָס סוווערענע פּוילן האָט אונדז נישט געבראַכט קיין פרייהייט פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. מיר האָבן באַשלאָסן אָנהייבן לייגן מער אַכט אויף דער קולטור־אַרבעט; מיר האָבן פיל געלייענט, געלערנט, און דאָך האָט מען אויף אונדז אָנגעהויבן קוקן ווי אויף „אַגענטן פון מאָסקווע״.

## די רוסיש־פּוילישע מלחמה

אין יאָר 1919 איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן פּוילן און די באָלשעוויקעס. צו 18 יאָר בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי, צוזאַמען מיט מיר זענען מאָביליזירט און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין פּשעמישל אין 51סטן פּולק, פּנחס טייטלבוים, לייבוש פּלעשאָווסקי, אברהם כענטשינסקי, מענדל זאַלצבערג און נאָך אַנדערע חברים.

די „האַלערטשיקעס״, וועלכע זענען אין גרעסטן טייל געווען פרייווויליקע, זענען געקומען פון פראַנקרייך. אין דער ערשטער צייט האָבן זיי זיך צו אונדז באַצויגן קאָרעקט. ווען מ׳האָט באַדאַרפט באַזאָרגן מעל, אייער, צו די ווייַנאַכט־יום־טובים פאַרן פּולק, האָט עמעצער דערציילט דעם פּולקאָווניק, אַז איך שטאַם פון יענדזשעוו און אַז פון דאָרט וועט לייכט זיין איינצוקויפן די דערמאָנטע פּראָדוקטן און ער האָט מיך דעלעגירט דערצו. איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט צוליב דער אויסזיכט צו באַזוכן מיינע עלטערן און מיינע חברים, ווי אויך אָפּגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון די יענדזשעווער סאָלדאַטן פון אונדזער פּולק. די מלחמה איז שוין געווען אין פולן ברען און מיר האָבן געוווסט, אַז לאַנג וועט מען אונדז נישט האַלטן אין די קאַזאַרמעס. אין דער היים האָט מען מיר צוגעהאָלפן מאַכן די קניות. כ׳האָב זיך געזעגנט מיט יענדזשעוו און געטראַכט, אַז דאָס איז אפשר שוין צום לעצטן מאָל...

ווען מיר האָבן דערפילט, אַז מען שיקט אונדז אין גיכן אויפן פראָנט, האָבן מיר געשריבן וועגן דעם אַהיים. הגם ס׳איז נישט לייכט געווען צו פאָרן פון יענדזשעוו קיין פּשעמישל, זענען אָנגעקומען זיך געזעגענען מיט אונדז מיין ברודער יידל ווי אויך דער ברודער פון אברהם כענטשינסקי ז״ל משה כענטשינסקי.

## צום פראָנט

פלוצים האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז מיר זאָלן זיין גרייט, דער אָרקעסטער האָט געשפילט מיליטערישע מאַרשן און מיר האָבן מאַרשירט איבער די גאַסן פון פשעמישל, פון די פענצטער האָט מען אונדז באַוואָרפן מיט בלומען. מיר זענען אַרויס אויף אַן אומבאַקאַנטן וועג, מיט דער באַן זענען מיר געפאָרן ביז טאַרנאָפּאָל און פון דאָרט האָבן מיר געדאַרפט מאַכן דעם ווייטערדיקן וועג צופוס ביזן פראָנט.

מ׳יט שווערע רוקזעק אויף די פלייצעס און מיט פולער באַוואָפענונג האָבן מיר מאַרשירט עטלעכע טעג און נעכט אָפּרוענדיק זיך נאָר אין די וועלדער, מ׳האָט אונדז געהייסן מאַרשירן שטיל און האַלטן די באַגנעטן אין די הענט און אַזוי האָבן מיר זיך דערנענטערט צו דער פראָנט־ליניע.

צוליב אַ טעות פון אונדזער אָפיציר האָט מען אונדז דערפירט ביז צו דער ערשטער פראָנט־ליניע און דערצו נאָך אויף אַ באַרג. פון דער רוסישער זייט האָט מען אויף אונדז באַלד געעפנט אַ פייער און מיר, יונגע סאָלדאַטן, האָבן איבערגעלעבט זייער שווערע מינוטן, ביז ס׳איז בדרך־נס אונדז געלונגען אַרויסכאַפּן פונעם שונאס קרייץ־פייער...

סוף־סוף האָט מען אונדז דערפירט צום שטאַב פון אונדזער פולק, עטלעכע קילאָמעטער פון דער פראָנט־ליניע און דאָ האָט מען אונדז צעטיילט אין פאַרשידענע פאָרמאַציעס; מיך האָט מען געשיקט אויף אַ טעלעפאָן־קורס, פנחס טייטלבוים איז געוואָרן אַ שרייבער אין דער קאַנצעלאַריע פונעם פאָלק, און אברהם כענטשינסקי איז באַשטימט געוואָרן אין דער סאַניטאַר־אָפּטיילונג.

כ׳האָב זיך געפילט דערשלאָגן. ביז איצט זענען מיר געווען אַלע צוזאַמען, מיר האָבן תמיד צווישן זיך דערמאָנט יענדזשעוו, גערעדט וועגן חברים און איצט בין איך פאַרבליבן אַליין. הגם עס זענען געווען שוין אַוועק איבער פערציק יאָר פון יענער צייט, האָבן זיך אָבער אַלע איבער־לעבונגען איינגעקריצט אין מיין זכרון.

נאָכן פאַרענדיקן דעם קורס בין איך צוגעטיילט געוואָרן צו דער טעלעפאָן־צענטראַלע פונעם פולק. אַזוי לאַנג ווי אונדזער אַרמיי האָט מאַרשירט פאָרויס און אַפילו געקומען ביז די פאָרשטעט פון קיעוו, איז אַלץ געווען גוט, אָבער מיטן מאָמענט ווען מאַרשאַל בודיאָניס קאָזאַקן האָבן מיט שטורעם דורכגעריסן דעם פראָנט, איז ביי אונדז אַנטשטאַנען אַ גרויסע בהלה; די הויפּט־קאָמאַנדע פונעם פאָלק האָט זיך געפונען אינעם שטעטל מאָראַווע (אוקראַינע), און היות מיר האָבן פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט די באַטאַליאָנען האָבן מיר געדאַרפט מאַכן אַ פאַרזוך זיך מיט זיי פאַרבינדן אין לויף פון צוריקטריט.

איך און נאָך צוויי סאָלדאַטן האָבן געדאַרפט דורכפירן די דאָזיקע שווערע אויפגאַבע; מיר זענען אַרויס פון שטעטל צו דער פראָנט־ליניע, כדי צו טעלעפאָנירן פון וועג און אויך קאָנט־ראָלירן די טעלעפאָן־ליניע. מיר האָבן דורכגעפירט אונדזער מיסיע און זיך געקליבן צוריקגיין אין שטעטל אַריין, אָבער דאָ האָט אונדז דערוואַרט אַן איבערראַשונג. ווען מיר זענען אָנגעקומען צום פלאַץ, ווו עס האָבן זיך געדאַרפט געפינען אונדזערע באַטאַליאָנען האָבן מיר שוין דאָרט קיינעם נישט געטראָפן. פון גאַנצן שטח האָט זיך אַרויסגעפילט עפּעס אַ סודותפולע שטימונג און מיט אומרו האָבן מיר מיט לאַנגזאַמע טריט זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פונעם שטעטל.

פלוצים, בעת מיר זענען אַרויס פון שאָסיי, ווו פון ביידע זייטן זענען געווען געדיכטע ביימער, האָט זיך אויפגעעפנט אויף אונדז אַ שטאַרקע שיסעריי.

קריכנדיק אויף די בייכער האָבן מיר זיך דערנענטערט צום שטעטל ווו מיר האָבן גערעכנט צו טרעפן דאָרט אונדזער טעלעפאָן־סטאַציע, אַז מיר האָבן דערגרייכט דאָס שטעטל האָט מען גלייך דערפילט די ענדערונג; ס׳האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, אויף דער גאַס האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש. פלוצים זענען פאַר אונדז אויסגעוואַקסן דריי קאָזאַקן, די צוויי סאָלדאַטן, וועלכע האָבן גאָרנישט געטראָגן מיט זיך זענען אַרויבערגעשפּרינגען איבער אַ זייטיקן פאַרקאַן און אַנטלאָפן אין אַ געדיכטן גאָרטן אַריין, אָבער איך, מיטן טעלעפאָן־אַפּאַראַט און די דראָטן, האָט נישט געקאָנט אַריבערשפּרינגען, בין איך געבליבן שטיין מיט אויפגעהויבענע הענט נעבן פאַרקאַן. די דריי קאָזאַקן מיט אויפגעהויבענע פיקעס איבער מיין קאָפּ האָבן מיך צוגעדריקט צום פאַרקאַן, באַשיטנדיק מיך מיט רוסישע קללות. דער טויט האָט געשוועבט פאַר מיינע אויגן און אין געדאַנק האָב איך מיך געזעגנט מיט אַלע מיינע נאָענטע און באַקאַנטע, כ׳בין געווען זיכער, אַז דאָ איז שוין מיין סוף. כ׳בין דערפאַר איבערראַשט געוואָרן, בעת דער עלט־

סטער האָט באַפוילן די צוויי קאַזאַקן, אַז זיי זאָלן צוריקפאָרן אין שטאַב און אַז ער אַליין וועט זיך שוין מיט מיר מטפל זיין...

ער האָט מיך רעווידירט, צוגענומען אַלצדינג, וואָס כ׳האָב ביי זיך געהאַט, דערינטער פאָטאָגראַפיעס, צווישן זיי אַ פאָטאָגראַפיע פון פאַרטיי־קאָמיטעט פון „פועלי־ציון״ אין יענדזשעוו באַצירט אין צענטער מיטן בילד פון קאַרל מאַרקס. דער אָפיציר האָט מיך באַטראַכט מיט אַ שמייכל און מיך געהייסן זיך אַרויפזעצן אויפן כערד צוזאַמען מיט אים. ער איז מיט מיר שנעל אַוועקגעריטן אין שטעטל אַריין אין זייער שטאַב.

ער האָט מיך אַריינגעפירט צום קאָמאַנדיר, ראַפּאָרטירט וועגן מיר. ווייזט אויס, אַז ער האָט אים דערציילט, אַז איך בין אַ מאַרקסיסט און דאָס האָט געוויס דעצידירט וועגן מיין גורל. מ׳האָט אַריינגערופן אַ פּאָליאַק אַלס איבערזעצער צווישן מיר און זיי. דאָס ערשטע האָט מען געפרעגט צי איך בין נישט אַ „פּריוואָליקער״. כ׳האָב זיי דערציילט, אַז איך בין מאָביליזירט געוואָרן צו צוואַנגס־דינסט אין פוילישן מיליטער. „הייסט עס, אַז אויך אין פוילן זענען פאַראַן מאַרקסיסטן?״ האָבן זיי געפרעגט. מ׳האָט מיר געגעבן פון דער קיך גוט עסן און מיך צוגעטיילט צום „אָבאָז״. זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז איך וועלן כאָרן מיטן אָבאָז ביז וואַרשע, די באָלשעוויקעס האָבן דאַן מאַרשירט פאָרויס און צוגעקומען ביז צו דער ווייסל.

שעהען לאַנג האָב איך נישט געקאָנט קומען צו זיך פון איבערראשונג. כ׳האָב זיך נישט געגלויבט, אַז מיר איז געשען אַזאַ נס און איך בין געבליבן לעבן. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווסט איז דער אָפיציר, וועלכער האָט זיך מיט מיר באַשעפטיקט, געווען אַ ייד און געשטאַמט פון דעם זעלבן שטעטל. די פאָטאָגראַפיע פון אונדזער פאַרטיי־קאָמיטעט האָט מיך אָפּגעראַטעוועט פון טויט!

דאָס איז אָבער געווען אַ רעטונג נאָר אויף ח״י־שעה. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָט מען צום אָבאָז צוגעטיילט נאָך אַ געפאַנגענעם, אַ פּאָליאַק, וועלכער האָט, ווייזט אויס, געזוכט אַ געלעגנהייט צו אַנטלויפן און ער איז טאַקע ביינאַכט אַנטלאָפן.

באַלד אין דער פרי האָט מען מיך אַרויסגערופן און געזידלט, טענהדיק, אַז אויך איך בין מן הסתם נישט בעסער, אַז אויך איך וועל אַנטלויפן, געשיט אויף מיר קללות אָן אַ שיעור, אויסגעטאָן מיך האַלב נאַקעט, צוגענומען ביי מיר אַלץ, וואָס כ׳האָב געהאַט און מיך פאַרשלאָסן אין קאַמער, כדי אָפּצושיקן מיך מיטן עטאַפּ אין טיף רוסלאַנד.

## אין אוקראַינע

מען האָט מיך צוגענומען פון פראָנט און אַוועקגעשיקט אין שטעטל גאַלטע (אוקראַינע) צוזאַמען מיט נאָך געפאַנגענע. דאָרט האָט מען אונדז פאַרשלאָסן אין אַ ליידיק געוועלב און אין פאַרלויף פון לאַנגע וואָכן איז געווען אונדזער עסן אַ ביסל גרויפּן און אַ ביסל „קיפּיאַטאָק״. איך בין דאָרט קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און מען האָט מיך איבערגעשיקט אין אַ מלוכה־שפּיטאָל. נאָכדעם ווי איך בין ביסלעכווייז געקומען צו זיך, האָב איך זיך באַרעכנט, אַז אויב איך וועל צוריקגיין אין לאַגער פון די קריגס־געפאַנגענע, וועל איך פון דעם הונגער און פון די נישט־היגיענישע באַדינגונגען אויסגיין און קיינער וועט אַפילו נישט וויסן ווו מיין געביין איז אַהינגעקומען. דער געדאַנק, אַז איך וועל מער נישט זען מיינע נאָענטסטע, האָט מיך דורכגענומען מיט שרעק. איך האָב באַשלאָסן זיך אַרויסראַטעווען פון דער דאָזיקער געפאַר. טראַכטנדיק, אַז אין שטעט זענען מן־הסתם פאַראַן אויך יידן האָב איך באַשלאָסן זיי אויפצוזוכן און בעטן זייער הילף, זיי זאָלן מיר ראָטן וואָס איך האָב צו טון, בכדי נישט דאַרפן צוריקגיין אין געפאַנגען־לאַגער.

איך האָב אָנגעהויבן בלאָנדזשען איבער די גאַסן פון גאַלטע און געזוכט שילדן מיט יידישע נעמען. פּלוצים האָב איך באַמערקט אַ רוסישע שילד, „נ. גורטמאַן״ — מיין פאַמיליע־נאָמען, כ׳בין גלייך אַריין אין דעם געשעפט און דאָרט געטראָפן אַ יידישע פרוי. זי האָט זיך אין אָנהייב אַ ביסל דערשראָקן, אָבער מאָמענטאַל האָט זי, מיט אַ רחמנות־געפיל אין איר שטים, מיך געפרעגט, וואָס מיר איז? כ׳האָב איר דערציילט וועגן מיין מצב און גלייכצייטיק אויך באַמערקט, אַז אויך מיין פאַמיליע־נאָמען איז גורטמאַן. זי האָט מיך אויסגעפרעגט די נעמען פון מיינע עלטערן און נאָך דעם האָט זי מיט אַ פריילעכע שטימע אויסגעשריגן צום מאַן: „נח, קום שנעלער אַהער! שמעונס זון, דיין קוזין, איז דאָ״.

ס׳איז געוואָרן אַ גרויסע פרייד. דער דאָזיקער נח איז טאַקע געווען מיינער אַ קוזין, פון מיין פאָטערס זייט. ווידער האָט אַ גליקלעכער צופאַל מיך געראַטעוועט פון טויט! כ׳בין געבליבן אַ געוויסע צייט ביים קוזין אין שטעטל ביז כ׳האָב געקאָנט ווייטער וואַנדערן.

איך האָב פאַרלאָזט דעם קוזין און אָנגעהויבן אויפסניי וואַנדערן איבער די אוקראַינישע דערפער, געשלאָפן אין סטאָדאָלעס, די באַציאונג פון די פויערים צו מיר איז געווען אַ גוטע. אָבער דאָס וואַנדערן פון דאָרף צו דאָרף האָט לאַנג נישט געדויערט; די מיליץ האָט מיך געכאַפּט און צוריקגעשיקט אינעם לאַגער פון די קריגס־געפאַנגענע. ס׳האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבן פאַר מיר אַ תקופה פון הונגער, שמוץ און שווערע אַרבעט, אָבער דאָ האָט זיך ווידער אַריינגעמישט אַ גוטער מלאך. מ׳האָט אונדז אָנגעהויבן איבערשיקן מיטן עטאַפּ אין טיף רוסלאַנד, אָבער איך בין ווייט נישט פאַרפאָרן.

דאָס איז געווען אין 1920, וואָס איז געווען אַ הונגער־יאָר. כל־זמן מיר זענען געווען אין אוקראַינע האָט מען דעם הונגער געפּילט נאָר אין די לאַגערן, אָבער עס דאַרף דאָ אונטערגעשטראָכן ווערן די גוטהאַרציקייט פון די אוקראַינער יידן. איך ווייס נישט פון וואַנעט זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין די וואַגאָנען פון די עטאַפּ־טראַנספּאָרטן געפינען זיך יידישע געפאַנגענע. גוטע יידישע מאַמעס האָבן אָפּגעוואַרט אויף די באַן־סטאַציעס מיט קוישן עסנוואַרג און וואַסער און האָבן עס אונדז פאַרטיילט. פאַרשטייט זיך, אַז פון דעם האָבן אויך גענאָסן די נישט־יידישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע זענען געווען צוזאַמען מיט אונדז.

## אין פּאָלטאַווע

כ׳בין אַ צווייט מאָל קראַנק געוואָרן אין וואַגאָן אויף טיפוס־„וואַזוראַטנע״, אַ קרענק, וואָס קאָן זיך איבערחזרן אַפילו עטלעכע מאָל. אויף אַ באַן־סטאַציע האָט מען מיך אַראָפּגענומען פון וואַגאָן און אָפּגעשיקט אין אַ שפּיטאָל אין פּאָלטאַווע. אויך דאָס מאָל האָט דער גורל דעצידירט לטובה. אַ דאַנק דער גוטער באַהאַנדלונג בין איך געבליבן לעבן.

איינמאָל, בעת מיין קראַנקהייט האָט אין אַ געוויסע נאַכט דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט, האָב איך צוגערופן די יידישע קראַנקן־שוועסטער און איר איבערגעגעבן דעם אַדרעס פון מיינע עלטערן און זי געבעטן, אַז אויב איך וועל שטאַרבן, זאָל זי צוויסן געבן מיינע עלטערן, כדי זיי זאָלן כאָטש וויסן ווו מיין געביין געפינט זיך. פּאָלטאַווע איז געווען אַ באַוווּסטע שטאָט. כ׳האָב אויך זי געבעטן, אַז מ׳זאָל מיך קובר זיין אויפן יידישן בית־עלמין.

כ׳האָב זייער געפיבערט אין אַ זייער הויכער טעמפּעראַטור, צום גליק האָב איך דאָס איבערגעהאַלטן און נאָכן קריזיס אָנגעהויבן קומען צו זיך. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן מיין ווייטערדיקן גורל. וואָס וועט זיין ווייטער?

זעענדיק די האַרציקע באַציאונג פון די יידן איבערן גאַנצן וועג ביז פּאָלטאַווע, האָב איך באַשלאָסן איבערצוגעבן מיין גורל אין די הענט פון די פּאָלטאַווער יידן, ווען איך וועל אַרויס פון שפּיטאָל.

וועגן די פּאָלטאַווער יידן האָב איך נאָך אין דער היים פיל גוטס געהערט, ספּעציעל וועגן זייער ציוניסטישער און ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער טעטיקייט, אַז דאָרט איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי „פּועלי־ציון״. כ׳האָב געוווּסט, אַז וויכטיקע פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג שטאַמען פון פּאָלטאַווע. אָבער אין יענער צייט האָב איך צופיל נישט געטראַכט וועגן דעם. אין מיין איצטיקן מצב האָב איך געהאָפט אויף דער גוטהאַרציקייט פון די אוקראַינישע פּשוטע יידן און געהאָפט, אַז זיי וועלן מיך ראַטעווען.

אין דרויסן איז געכאַלן דער ערשטער שניי. מיט אַ שווער געמיט האָב איך אָפּגענומען די עטלעכע שמאַטעס, אין וועלכע מ׳האָט מיך געברענגט אין שפּיטאָל און אַרויס אָפּגעריסן, כמעט באָרוועס. איך האָב גענומען זוכן באַקאַנטשאַפט צווישן פּאָלטאַווער יידן. כ׳האָב זיך געשלעפּט איבער די גאַסן, געקוקט אויף די פנימער און נישט געהאַט די דרייסטקייט צוצוגיין צו אַ ייד אין גאַס. כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן לייענען די שילדן, און פּלוצים האָב איך באַמערקט אַ שילד: „קלוב אויפן נאָמען פון בער באָראָכאָוו״. איך האָב באַשלאָסן דאָרט אַריינצוגיין און געהאָפט אָנצוטרעפן אַ וואַרעם יידיש האַרץ.

אין קלוב, וואָס איז געווען באַהאַנגען מיט בילדער פון ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע טוער, איז צו מיר צוגעקומען אַ יונגערמאַן און געפרעגט ווער איך בין. מיין אָרעמער הולך האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. כ׳האָב אים דערציילט, אַז איך בין אַ קריגס־

געפאַנגענער פון פוילן, כ׳קום פון שפּיטאָל, און אויב איך וועל דאַרפן צוריקגיין אין לאַגער דראַט מיר אַ זיכערער טויט. מאָמענטאַל איז אַרום מיר געוואָרן אַ גאַנצע גרופּע, וועלכע האָט אָנגעהויבן אויספרעגן פאַרשידענע איינצלהייטן און דער עיקר ווען איך קען פון די „פּועלי־ציון״־פירער אין פוילן? כ׳האָב אָנגערופן עטלעכע און דערציילט, אַז פאַרן אַריינגיין אין מיליטער בין איך געווען דער פאָרזיצער פון דער „פּועלי־ציון״־אָרגאַניזאַציע אין מיין שטעטל. כ׳האָב געוווּנען זייער מיטגעפיל און צוטרוי. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער קלוב פון די סאָציאַליסטישע „פּועלי־ציון״ און נישט קאָמוניסטישע „פּועלי־ציון״ (אַזאַ פּאַרטיי איז שוין דאַן געווען איבערן שטח פון גאַנץ רוסלאַנד און אוקראַינע). די חברים, וועלכע האָבן מיט מיר גערעדט זענען געווען, ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, די פירער פון דער „פּועלי־ציון״־פּאַרטיי אין פּאָלטאַווע. אין זייער שפּיץ איז געשטאַנען ה׳ ראָזענבערג, דער פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע, אַ לערער, זיין נאָמען איז ביי מיר איינגעקריצט אויף אייביק. כ׳ווייס נישט, וואָס עס איז מיט אים געוואָרן, צי האָט ער געטיילט דעם גורל פון די רוסישע ציוניסטן, אָדער ער לעבט נאָך ערגעץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייַ קאַפּיטל אין מיין לעבן.

## גליקלעכע צופאַלן אין מיין לעבן אין סאָוויעט־רוסלאַנד

דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. אומעטום האָט געהערשט אַ תוהו־ובוהו. כמעט אַלע פּאַרטייען זענען נאָך געווען לעגאַל, אָבער די „טשעקאַ״, אונטער דזשערזשינסקיס ממשלה, האָט שוין געאַרבעט מעשים. פאַר דעם קלענסטן חטא האָט מען פאַרשלעפּט מענטשן אין די טורמעס. יעדן פרימאָרגן זענען איבער די ווענט פון דער שטאָט אויסגעקלעפּט געוואָרן נייע באַפעלן פון דער ראַטן־מאַכט און דערביי אַ רשימה פון מענטשן, וועלכע זענען איבער נאַכט דערשאָסן געוואָרן אַלס „קעגנער״ פון דער רעוואָלוציע; צווישן די דערשאָסענע האָבן זיך געפונען מענטשן פון כמעט אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג: סוחרים, פאַבריקאַנטן, קליינהענדלער און געוועזענע בעלי־מלאכות.

מיט דער רוסישער דעמאָקראַטישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבן זיי נאָך געהאַנדלט אַ ביסל מעסיק, מען האָט זיי נאָך געלאָזט אָטעמען, אָבער אונטער די קוליסן האָט מען שוין צוגעגרייט פּראָוואָקאַטאָרישע מיטלען ווי אַזוי זי צו פאַרניכטן, דערמאָרדן אירע פירער און ליקווידירן די פּאַרטיי.

## ביי קאָראָלענקאָס איידעמס לוויה

אין פּאָלטאַווע, ווו איך האָב זיך דאַן געפונען, ביי דער האַרציקער פאַמיליע ראָזנבערג, האָט געוווינט דער וועלט־באַרימטער הומאַניסט און שרייבער, איינער פון די חסידי אומות העולם, וולאַדימיר קאָראָלענקאָ. עס איז דאַן געשטאָרבן קאָראָלענקאָס איידעם, אַ באַקאַנטער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער. די נאָך דעמאָלט לעגאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האָבן געמאַכט גרויסע הכנות צו דער לוויה, צווישן זיי אויך די „פּועלי־ציון״. די דעלעגאַציעס פון די פּאַרטייען האָבן זיך פאַרזאַמלט מיט זייערע רויטע פענער אַרום דעם הויז פון דעם גרויסן שרייבער קאָראָ־לענקאָ, אָבער יעדער האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז ביי דער לוויה וועט „עפּעס״ פאָרקומען; וואָס דער „עפּעס״ וועט זיין, האָט מען נישט געקאָנט וויסן, אָבער אַ ביסל שפּעטער איז עס געשען. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט צו באַזוכן די צימערן פונעם שרייבערס הויז און איך האָב באַוווּנדערט זיין גראַנדיעזע ביבליאָטעק. איך האָב געטראַכט: וואָס דענקט דער גרויסער שרייבער, ווען ער טראַכט וואָס עס איז געוואָרן פון זיינע שטרעבונגען צו פרייהייט און מענטשן־ליבע אין אָנבליק פון טעראָר, וואָס בושעוועט אַצינד אין זיין פאָטערלאַנד. איך האָב לאַנג נישט געקאָנט טראַכטן, ווייל דער לוויה־צוג, באַוואַכט דורך טשעקאַ־לייט, האָט גערירט אין דער ריכטונג צום בית־עולם, במשך דעם גאַנצן וועג איז נאָך אַלץ געגאַנגען כשורה, די באַגלייטער האָבן געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. צוקומענדיק צום בית־עולם, האָבן זיך די דעלעגאַציעס אויסגעשטעלט מיט זייערע פענער אַרום דעם אָפענעם קבר, אָבער אַפילו די אָנוועזנ־הייט פונעם גרויסן שרייבער און זיין משפּחה האָבן אויך נישט געהאָלפן. ווי נאָר דער ערשטער רעדנער פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, וועמענס פירער איז געווען דער פאַרשטאָרבענער, האָט אָנגעהויבן רעדן, האָבן די „טשעקיסטן״, ווי אויף אַ באַפעל, אָנגעהויבן פונאַנדערטרייבן דעם

עולם, טרעטן מיט די פיס די מענטשן־מאסע מיט זייערע צעווילדעוועטע פערד, זיי האבן אלעמען צעטריבן און די פענער צעריסן...

ביי דעם טערארמצב האט דער פארשטייער פון דער „פועלי־ציון"־פארטיי אנגעהויבן טראכטן וויאזוי מיך צו לעגאליזירן, ווייל אויסבאהאלטן אן אומלעגאלן קריגס־געפאנגענעם, האט געקאנט ברענגען פאר אים און זיין משפחה שווערע קאנסעקווענצן און מיך צוריקברענגען אין געפאנגען־לאגער...

נאך שווערער מי איז געלונגען פריינט ראזנבערג מיך צו לעגאליזירן, פארשרייבן מיך אין פויפעכיאנעלן סאיוז, ווו איך האב באקומען ארבעט און אויך עפעס געקאנט טון פאר אונדזער פארטיי. ווי איך האב שוין פריער דערמאנט, זענען די סאציאליסטישע פארטייען נאך געדולדעט געווארן, דאקעגן די נישט־סאציאליסטישע פארטייען ווי „צעירי־ציון", זענען שוין געווען אומלעגאל.

## די הזכרה פאר יוסף טרומפעלדאר

אין יענער צייט איז אין פאלטאווע אנגעקומען די טרויעריקע ידיעה, אז יוסף טרומפעלדאר איז געפאלן ביים פארטיידיקן תל־חי. מיר האבן געטראכט ווי אזוי איינצוארדענען א טרויער־אוונט. היות די לעגאלע „פועלי־ציון" האט מורא געהאט איינצוארדענען אזא אוונט, האבן מיר זיך פארשטענדיקט מיט דער אומלעגאלער „צעירי־ציון" און אין זייערס א געהיימען לאקאל איז פארגעקומען דער טרויער־אוונט.

נאר געציילטע חברים האבן געוווסט וואס עס דארף פארקומען. אינעם באשטימטן אוונט זענען מיר אוועק צו די „צעירי־ציון". מיר זענען געגאנגען דורך פארשידענע קארידארן און אריין אין א צימער, ווו די ווענט זענען געווען באהאנגען מיט בילדער פון די ציוניסטישע פירער און אין צענטער דאס בילד פון יוסף טרומפעלדאר איינגעהילט אין א שווארצער באנד. די הערצער פון די אנוועזנדיקע האבן האסטיק געקלאפט און אין צימער האט געשוועבט דער גייסט פון געפאלענעם העלד. שטיל, בקול דממה דקה, האבן די רעדנער מספיד געווען טרומפעלדארן און די איבעריקע געפאלענע העלדן, ס'איז אויך פארגעלייענט געווארן די ספעציעלע יזכור־אויסגאבע, וואס איז אנגעקומען פון ארץ־ישראל.

מיט יראת־הכבוד און מיט געבויגענע קעפ, איז זיך דער גאנצער עולם פונאנדערגעגאנגען מיט א פעסטן באשלוס פארצוזעצן די ציוניסטישע טעטיקייט ביי אלע אומשטענדן.

די גרופע, וועלכע האט אויסגעהאלטן דעם קלוב איז באשטאנען פון לערערס און אנדערע פרייע פראפעסיעס. היות איך האב גערעדט א גוטן יידיש, האט מען מיך באשטימט אלס פארזיצער פון דער יוגנט־גרופע, און אלס סעקרעטאר — וויטקין, יעקב זרובבלס ברודערן־זון. דעמאלט האב איך זיך באקענט מיט זרובבלס ברודער, און ווען כ'בין צוריקגעקומען קיין פוילן האב איך זרובבלען מיטגעבראכט א לעבעדיקן גרוס פון זיין ברודער מיט דער פאמיליע, וואס עס האט אים זייער דערפרייט.

אבער ביז צום אהיימפארן איז נאך געווען גענוג ווייט. כ'בין געווען יונג, פול מיט ראמאנטיזם, יוגנטלעכן ברען און געשטרעבט צו געזעלשאפטלעכער ארבעט. יעדן אוונט פלעגן מיר זיך צונויפקומען אין קלוב (קיין גרויסע פארזאמלונגען האבן מיר נישט איינגעארדנט), מיר האבן נאר ארומגערעדט די געשעענישן פון טאג, אויפגעכאפט ידיעות, וואס זענען דערגאנגען פון ארץ־ישראל.

## אויפקלערונגס־ארבעט צווישן דער יוגנט

איך האב אנגעפירט מיט דער יוגנט־גרופע און צוזאמען מיטן יונגן וויטקין האבן מיר מאביליזירט די יוגנט, צווישן וועלכער מיר האבן געפירט א ציוניסטישע אויפקלערונגס־ארבעט. מיר האבן אונדזער ארבעט געפירט מיט אזא התלהבות ווי מיר וואלטן פארגעפילט, אז מיר זענען שוין כמעט די לעצטע אין דער רוסישער שטאט, וועלכע שמידן די קייט פון ישראלדיקן המשך. די טעטיקייט איז געכירט געווארן ביי אויסערגעוויינלעך שווערע באדינגונגען, און די זארג פארן מארגן איז געוואקסן כון טאג צו טאג...

מאסקווע איז געווען דער צענטער. פון דארט האבן מיר באקומען אינסטרוקציעס, צירקולארן ווי אויך פרעסע. פון מאסקווע האבן מיר באקומען ידיעות וועגן גרויסן געראנגל, וואס גייט אן צווישן די ציוניסטישע אנפירער מיט די יעווסעקעס, וועלכע טוען אלצדינג, כדי צו שטערן די טעטיקייט פון דער ציוניסטיש־סאציאליסטישער פארטיי „פועלי־ציון" און נישט דערלאזן קיין שום עליה־טעטיקייט, וואס איז נאך אנגעגאנגען אין א געוויסער פארם.

דער הויפּט־קאַמף האָט זיך דעמאָלט קאָנצענטרירט אַרום דעם, אַז וואָס מער יידן זאָלן קאָנען פאַרלאָזן רוסלאַנד. די יעווסעקישע פירער פון יענער צייט, ווי ליטוואַקאָוו, אסתר גילדין, האָבן געאַרבעט מעשים צו פאַרווערן דאָס אַרויספאָרן און צו דערקלערן פאַר אומלעגאַל די איינציקע יידישע פאַרטיי „פּועלי־ציון”, וואָס האָט געקעמפט פאַר עליה.

דער קאַמף איז געווען אַ שטורמישער, ער איז געפירט געוואָרן אין מאָסקווע דורך דער פּרעסע און אויף עפנטלעכע מיטינגען און אַפילו דורך משפטים. מיט איין מאָל איז אָנגעקומען אַ צירקולאַר, אַז מיר זאָלן שיקן קיין מאָסקווע אַ יידיש־רעדנדיקן חבר, וועלכער זאָל אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי־שול. די פּאָלטאַווער אָרגאַניזאַציע האָט מיך אויסגעקליבן צו דעם צוועק. כ׳בין אַוועק־געפאָרן קיין מאָסקווע לערנען אין אַ פּאַרטיי־שול.

## די ליקווידאַציע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד

די מלחמה צווישן פּוילן און סאָוויעט־רוסלאַנד איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט. די האָפענונג אַז ס׳וועט געלונגען די באָלשעוויקעס צו פאַרנעמען וואַרשע איז נישט מקוים געוואָרן. ביי דער ווייסל האָבן די באָלשעוויקעס געליטן אַ גרויסע מפּלה, די אַרמייען פון דעניקין, קאָלטשאַק און אַנדערע פּאַרטיזאַנישע גרופּן האָבן געצוווּנגען די רויטע אַרמיי אָפּצוציען גרויסע טיילן פון אירע חיילות פון פּוילן און זיין אַריבערוואַרפן אויף אַנדערע פראָנט־אָפּשניטן. אין לאַנד האָט געהערשט הונגער און אַ שרעקלעכער טעראָר האָט געבושעוועט. אין יענער צייט האָט מען מיך געשיקט לערנען אין דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־שול אין מאָסקווע. אויפן וועג קיין מאָסקווע האָט מען פאַרן סאָוויעטישן געלט גאָרנישט געקאָנט קויפן, ס׳האָט דאַן געבליט דער אויסטויש־האַנדל פון קליידונג און שטוב־זאַכן אויף לעבנסמיטל. די באַן־סטאַציעס זענען געווען באַלאַגערט פון טויזנטער מענטשן און וואָכנלאַנג האָט מען נישט געקאָנט אַריינבאַקומען זיך אין אַ צוג, קינדער האָבן געבעטלט שטיקלעך ברויט ביי די פּאַסאַזשירן.

מאָסקווע איז דעמאָלט געווען דער צענטער, ווו ס׳האָט זיך געפירט דער גרויסער קאַמף פאַר אָפּראַטעווען די ווערטן פון דער יידישער קולטור און די פּאָליטישע פרייהייט פאַר די רעשטלעך פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס איז נאָך דאַן געווען טעטיק. ס׳איז געווען אין די צייטן פון לענין און בילדונגס־מיניסטער לונאַטשאַרסקי.

אויף דער יידישער גאַס איז עס געווען די בלי־צייט פון יידישע קאַמער־טעאַטער. דעמאָלט איז אויך אַנטשטאַנען דאָס העברעאישע טעאַטער „הבימה”.

טראָץ דעם מאַסן־טעראָר, האָט מען אין די קאָנצערט־זאַלן געקאָנט הערן בעטהאָווענס ניינטע סימפאָניע אין גאַנצן אומזיסט, בילעטן צו די פאָרשטעלונגען אין די טעאַטערן זענען פאַרטיילט געוואָרן דורך די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און ארבעטער־אינסטיטוציעס. דעם גרעסטן טייל פון לוין האָט מען באַקומען אין פּראָדוקטן. אין הונגעריקער טיי־האַלעס האָט מען געטיילט די באַזוכער אַ שטיקל שוואַרץ ברויט, אַ טעפּל טיי און עטלעכע ראָזשינקעס.

מיט דער רויטער אַרמיי האָט דאַן אָנגעפירט לעוו טראָצקי, די סאָוויעטישע מאַכט האָט דאַן צונויפגערופן אין מאָסקווע דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל, כדי אָנצוהייבן פאַרשקלאַפן די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין דער וועלט. כ׳האָב דאַן געהאַט די מעגלעכקייט צו זען, אַז טראָץ דעם הונגער אין לאַנד זענען די דעלעגאַטן געוואָרן באַזאָרגט מיט אַלעם בעסטן. ס׳האָט אויף מיר געמאַכט דעם פּיינלעכן איינדרוק, ווען כ׳האָב צופעליק באַזוכט אַ רעסטאָראַן, ווו עס האָבן געגעסן די דעלעגאַטן צו דער קאָנפערענץ.

הונגער, טעראָר און... קונסט, דאָס איז געווען מאָסקווע פון יאָר 1921. דער „פּועלי־ציון” אין מאָסקווע איז געלונגען צו באַקומען פאַר דער פּאַרטיי־שול אַ האָטעל מיט אַ ביסל בידנע פּראָדוקטן פאַר דער קיך (וועגן פלייש און צוקער איז קיין רייד נישט געווען). די פירער פון דער סאָציאַליסטיש־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי „פּועלי־ציון” זענען דאַן געווען: ז. אַבראַמאָוויטש, רעדאַקטאָר פון דער וואָכנצייטונג „יעווריעיסקאַיאַ פּראָלעטאַרנאַיאַ מיסל” (היינט, חפץ, אין ישראל), ד״ר באַרו ז״ל, וועלכער איז שפּעטער געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס, אָפּטיילונג אין לאָנדאָן, ק. ווין, קיפּערוואַסער. זיי האָבן נאָך אַלץ געהאָפט, אַז טראָץ דעם שרעקלעכן טעראָר וועט די פּאַרטיי בלייבן לעגאַל און מ׳וועט אויף ווייטער אויך דערלויבן די עליה קיין ארץ־ישראל.

צווישן די לעקטאָרן אין דער פּאַרטיי־שול זענען דאַן געווען א. ליטוואַק און צבי צמח, דער באַרימטער גרינדער און רעזשיסער פון דער „הבימה”, ווי אויך די אויבנדערמאָנטע חברים, און אויך רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

## דעלעגאַטן פון וועלט־פאַרבאַנד „פועלי־ציון" אין מאָסקווע

אין יענער צייט איז קיין מאָסקווע געקומען אַ דעלעגאַציע פון פועלי־ציוניסטישן וועלט־פאַרבאַנד אין ווין די ה"ה ניר־ראַפאַלקעס (היינט חבר הנשיאות אין כנסת) און סערפּאָוו. זיי זענער געקומען אונטערהאַנדלען מיטן „קאָמינטערן" וועגן דעם אָנשלוס פון דער „פועלי־ציון" אין קאָמינטערן. אָבער זיי האָבן געפאָדערט אויך רעכט אויף עליה. דאָס האָט מען זיי נישט נאָכגעגעבן.

ס'איז מיר אויסגעקומען צו זען די דעמאָנסטראַציע פון ערשטן מאַי אויפן רויטן פּלאַץ אין מאָסקווע. לעני'ן איז געקומען געאָרעמט מי'ט דער באַרימטער קאָמוניסטישער טוערין פון דייטשלאַנד, קלאַראַ צעטקין, און קאַמיעני'עוו (וועמען מען האָט שפּעטער דערשאָסן) האָט געפירט דעם פּאָרזיץ פון מיטי'נג, דער הויפּט־רעדנער איז געווען לעוו טראָצקי. די אַרבעטער פון די מאָסקווער פאַבריקן זענען געקומען צו דער דעמאָנסטראַציע באַוואָפנט מיט געווער ; זיי האָבן געמיינט, אַז מיט באַגנעטן און ביקסן וועלן זיין ברענגען די ישועה. זינאָווי'עוו (שפּעטער דערשאָסן) האָט נאָך געהערשט אין „קאָמינטערן". מיר, די יונגע פּאַרטיי־שילער, זענען געזעסן אין דער פּאַרטיי־שול און געלערנט. מיר האָבן געדאַרפט זיין דער אַוואַנגאַרד פון דער ציוניסטישער טעטיקייט אין רוסלאַנד און אין אוקראַינע.

די פּאַרטיי איז געשטאַנען אין אַ ביטערן געראַנגל מיט די יעווסעקעס, וועמענס טאָג־צייטונג איז געווען דער „עמעס" און וועמענס פירער זענען דאַן געווען מ. ליטוואַקאָוו (אויך אים האָט מען שפּעטער דערשאָסן), חברטע אסתר גולדין. דער קאַמף איז פאָרגעקומען סיי אין שריפט און סיי אין וואָרט. די „פועלי־ציון" האָט געקעמפט מיטן זעלבן געווער. ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט מען בלויז אויף אַ קורצער צייט דערלויבט די טעטיקייט פון „פועלי־ציון". שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן די קאָמוניסטישע פּ"צ, אָבער אויך זיי האָט מען דערנאָך ליקווידירט, הגם זיי האָבן קיין עליה נישט געפאָדערט.

נאָכן ענדיקן די פּאַרטיי־שול, האָבן מיר געדאַרפט זיך צעפאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד און אָנפירן מיט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־אָפּטיילונגען. איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס אינסטרוקטאָר פון ניקאָלאַעווער ראַיאָן און כ'האָב געדאַרפט דורכפאָרן קיעוו, באַזאָרגט מיט באַשטעטיקונגען און אַ באַן־בילעט בין איך אָנגעקומען קיין קיעוו.

## אין קיעוו

ווי איבעראַשט בין איך געוואָרן, ווען דער הויזוועכטער האָט מיר דערציילט, אַז ביינאַכט איז געווען אַ רעוויזיע אין פּאַרטיי־לאָקאַל ; מ'האָט אַרעסטירט די פירער און פאַרשלאָסן די וווינונג. כ'האָב אויסגענוצט דעם גליקלעכן צופאַל, וואָס אין דעם מאָמענט האָט זיך פאַרענדיקט די פּויליש־באָלשעוויסטישע מלחמה ; שנעל זיך אָפּגעטראָגן פון פּאַרטיי־לאָקאַל, צעריסן אַלע מיינע פּערזענלעכע דאָקומענטן, פאַרניכטעט די אָנגעשריבענע לעקציעס און גלייך אַוועק צו דער געמישטער קאָמיסיע און זיך רעגיסטרירט אָפּצופאָרן צוריק אַהיים קיין פּוילן. כ'האָב אויסגענוצט די פּאָר טעג, וועלכע זענען מיר פאַרבליבן ביזן איינשטייגן אין איינעם פון די לאַסט־וואַגאָנען, וואָס פירן צוריק קיין פּוילן, און בין אַוועק אויפן קיעווער בית־עולם און לאַנג געקוקט אויף די מצבות און אויפשריפטן אויף די קברים פון בער באָראָכאָוו און פּראָפ. מ. מאַנדלשטאַם און זיך געטראַכט, אַז זיי בלייבן דאָ פאַראיינזאַמט, ווייל ס'גייט צו ענדע דאָס הערלעכע קאַפּיטל רוסישער ציוניזם פון פּראָפ. מאַנדל־שטאַם און די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון בער באָראָכאָוו.

## צוריק אין פּוילן

דער עשאַלאָן מיט די עטלעכע הונדערט קריגס־געפאַנגענע האָט זיך געשלאָסן. מ'האָט אונדז אַריינגעזעצט אין די וואַגאָנען און מיר פאָרן צוריק קיין פּוילן. דעם לאָקאָמאָטיוו האָט מען באַהייצט מיט האָלץ, אויפן וועג האָבן מיר יעדעס מאָל באַדאַרפט צוגרייטן האָלץ. אַ סך מאָל זענען מיר באַשאָסן געוואָרן דורך באַנדעס, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער, ביז מיר האָבן מיט מזל דערגרייכט די סטאַציע שעפּעטאָווקע האָבן מיר זיך גענוג אָנגעליטן. וואָס מער מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער גרענעץ אַלץ מער איז געוואַקסן די שפּאַנונג און גרעסער געוואָרן די פרייד. אונדזער שמחה האָט דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט, ווען מען האָט אונדז איבערגעגעבן דער פּוילישער מיליטער־מאַכט.

אין ראָוונע האָבן מיר באַקומען בעסערע קליידונג און ווען מ'האָט אונדז דערלאַנגט קאַקאַאָ און אַנדערע מאכלים פון וועלכע מיר האָבן אין רוסלאַנד אַפילו נישט געקאָנט חלומען, האָבן מיר

דערפילט, אַז מיר זענען באַפרייט געוואָרן פון אַ הונגער־טויט. וואָס הערט זיך אין דער היים? וואָס מאַכן מיינע ליבע און טייערע עלטערן? וואָס מאַכן מיינע ברידער און שוועסטער, מיינע חברים און פריינט? מ׳האָט אונדז אָפּגעשיקט קיין טשאָרטקאָוו אויף אַן אויספּאָרשונג און איך האָב שוין געציילט די מינוטן ווען כ׳וועל זיין צוריק אין דער היים, אין יענדזשעוו.

## צוריק אין יענדזשעוו

אין פאַרלויף פון די דריי יאָר געפאַנגענשאַפט האָב איך נישט געוווּסט וואָס עס הערט זיך אין דער היים און ווען איך בין, נאָענט צו די ימים־נוראים, אָנגעקומען מיט דער באַן און אויסגעשטיגן אויף דער באַן־סטאַציע יענדזשעוו, האָב איך מיך געפילט איבערגליקלעך. איך האָב דערקענט דעם זעלבן באַוווּסטן „משה דראָזשקאַזש״, וואָס וואַרט ביים באַן־וואָקזאַל אויף פּאַסאַזשירן, זיין פרייד מיט מיר איז געווען אומבאַשרייבלעך.

כ׳האָב געשטראַלט פון פרייד, און אַזוי בין איך אָנגעקומען צו אונדז אין שטוב, אָט בין איך אויפֿכּניי אין דער וואַרעמער היים אַ צוריקגעקומענער פוןליידן און פיין. אַלע שכנים פון מיל־הויף זענען געקומען ווינטשן מזל־טוב און אַלעמענס פרייד איז געווען אומבאַשרייבלעך!

אין דער היים האָט מען מיר דערציילט, אַז ווען ס׳האָבן אויפגעהערט אָנקומען פון מיר בריוו פון פראָנט איז קלאָר געוואָרן, אַז מיט מיר האָט פּאַסירט אַן אומגליק. און ווען פ. ט. האָט דערציילט פאַר מענטשן, אַז אַ קאָזאַק האָט מיר אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ, איז די ידיעה דערגאַנגען צו מיינע עלטערן. מיין גאָטזעליקע מוטער איז אַוועק צום רב פרעגן צי מען דאַרף זאָגן „קדיש״ נאָך מיר. האָט דער רב געפרעגט מיין מוטער, וואָס ס׳זאָגט איר דאָס האַרץ? זי האָט דערקלערט, אַז דאָס האַרץ זאָגט איז, אַז איך לעב... האָט דער רב געפּסקנט, אַז מ׳דאַרף נישט זאָגן קיין „קדיש!...

מ׳איז צו מיר געגאַנגען ווי צו אַ רבין; יונג און אַלט, אַלע זענען געקומען זיך מיטפרייען אינעם גליק פון מיינע ליבע עלטערן און פאַמיליע. פון אונדזער פאַרצווייגטער משפחה האָב איך אַין שטוב געטראָפן די קינדער פון מיין גאָטזעליקער שוועסטער חנהטשע ז״ל (אומגעבראַכט דורך די היטלער־מערדער) און דעם ברודער יידל. די שוועסטער כאַשע מיט אירע צוויי זין, יצחק און נח, זענען אָפּגעפאָרן צו זייער מאַן און פאָטער אברהם־הירש קאָפּלאָוויטש און דער יונגערער ברודער זישע, קיין אַמעריקע. די יוגנטלעכע חברים און חברטעס זענען כסדר געקומען זיך מיט מיר פרייען און געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען מיר וועלן ווידער אָנהייבן צוזאַמען אַ געוויסע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

די פּאָליציי און אירע געהיים־אַגענטן, דערוויסנדיק זיך, אַז איך בין צוריקגעקומען האָט, ווייזט אויס, געמיינט, אַז איך בין אָנגעשטעקט מיט „זשידאָ־קאָמונע״ און מ׳האָט מיר אָנגעהויבן נאָכשפּיאָנירן. כ׳בין אָבער נישט נתפּעל געוואָרן ביי זיך אין האַרץ, האָב איך דאָך געוווּסט, אַז כ׳בין זייער ווייט געווען פון מיטברענגען מיט זיך, נאָך דעם וואָס איך האָב געזען און דורכגעמאַכט — „קאָמוניסטישע אידעען״. צום סוף איז עס זיי נמאס געוואָרן און מ׳האָט מיר אויפגעהערט נאָכשפּיאָנירן.

כ׳האָב געשטרעבט ווידער צו ווערן טעטיק געזעלשאַפטלעך און פּאַרטייאיש. כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז די עלטערע פּאַרטיי־חברים, וועלכע האָבן געהאַט יידישע פאַכן האָבן חתונה געהאַט, געוואָרן „מייסטערס״ און פאַרלאָזט די אָרגאַניזאַציע. עטלעכע אַקטיוויסטינס פון דער פּאַרטיי זענען געוואָרן קאָמוניסטקעס און אויסגעוואַנדערט קיין פּאַריז — איינע אַפילו קיין מאָסקווע. דער אַקטיוויסט קלמן כענטשינסקי, צוליב אַ בלבול, וואָס מען האָט אויף אים געמאַכט אין דער מיליטערישער דרוקעריי, ווו ער האָט געאַרבעט, אַז ער איז פאַרדעכטיקט אין שפּיאָנאַזש, איז אַריינגעפאַלן אין תפיסה.

עס זענען טעטיק געווען אין יענדזשעוו דער „השומר־הצעיר״, דער „החלוץ״, די רעוויזיאָניסטן און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. כ׳האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז אין דער י.ס.צ.א.פ. „פּועלי־ציון״ איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג צוליב די חלוקי־דעות הן לגבי דעם וועג צום סאָציאַליזם און הן וועגן ציוניסטישן אַקטיוויזם. כ׳האָב באַשלאָסן, אַז מיין וועג איז איצט דער אַקטיווער פּאַלעסטיניזם און דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם. כ׳האָב אָבער באַלד באַשלאָסן אָנהייבן נאָר קולטור־אַרבעט און אויסגעפינען פריער וואָס עס טראַכטן די נעכטיקע חברים פון דער אַמאָליקער סאָציאַליסטיש־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי „פּועלי־ציון״?

אַ דאַנק די באַמיאונגען פון אַדוואָקאַט און סיים־דעפּוטאַט א. האַרטגלאַס ז״ל, איז מיין נאָענטער חבר קלמן כענטשינסקי באַפרייט געוואָרן און אַהיימגעקומען. צבי טרייסטער (היינט אין ישראל) האָט

צוגעזאָגט ווערן אַקטיוו. דאָס זעלבע: ריווטשע זאַראַמב (היינט אין אַרגענטינע), סאַנדל פּאָטאָ־שינסקי (היינט אין וועגעזועלאַ), חוה טענענבוים, גוטשע טענענבוים — שפּעטער די פרוי פון הירש רענקאַשינסקי (היינט אין ישראל) א. אַנד.

## ווידער טעטיק אין מיין פּאַרטיי

מיר האָבן געדונגען אַ לאָקאַל אין בית־מדרש־געסל (אויפן הויף, ווו ס׳האָבן געוווינט די קאַסימס) און אָנגעהויבן איינאָרדענען רעפעראַטן. איך אַליין האָט רעפערירט, ווי אויך איינגעלאַדנט פרעמדע פרעלעגענטן און אין האַרצן זיך געטראַכט צו פאַרוואַנדלען מיט דער צייט דעם לאָקאַל אין אַ זין־אָרט פון „פּועלי־ציון״—צ.ס., ווי עס האָט זיך שוין געגרופּן אין פוילן די רעכטע „פּועלי־ציון״.

אויף מיינע פאַרלעזונגען האָב איך דערציילט ווי אַזוי דער טעראָר בושעוועט אין ראַטן־פאַר־באַנד, ווי אַזוי די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן אונטערן דרוק פון די יעווסעקעס, און אַז אַפילו די פּ״צ, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זיי זענען וואָס אַמאָל געוואָרן לינקער און אַ טייל האָט אַפילו זיך אָנגערופן „יידישע קאָמוניסטישע פּועלי־ציון־פּאַרטיי״, וועט אויך נישט אויסמיידן דעם גורל. איך האָב דערציילט בפרטיות ווי אַזוי די יעווסעקציע קעמפט קעגן יעדער טעטיקייט פון וועלכע ס׳איז ציוניסטישע גרופּע. ס׳איז מיר געלונגען אויסצוקריסטאַליזירן אַ פּאַר׳טיי־גרופּע פון די אויבנדערמאָנטע חברים און איך האָב באַשלאָסן זיך פאַרבינדן מיטן ראַיאָן־קאָמיטעט אין קעלץ און מיטן צ.ק. אין וואַרשע.

אין קעגנזאַץ צו דער אַמאַליקער ס.ד. „פּועלי־ציון״, זענען מיר געוואָרן אַקטיווע ציוניסטן. מיר האָבן מיטגעאַרבעט און אויך געווען פאַרטרעטן אין די קאָמיסיעס פון ק.ק.ל.־ און קרן־היסוד און אָנטיילגענומען אין פאַרשידענע ציוניסטישע אַרבעטן. מיר זענען אָבער דערביי געבליבן יידישיסטן...

ליידער קאָן איך זיך נישט באַנוצן מיט קיין פּראָטאָקאָלן פון אַמאָל, איך שטיץ זיך דעריבער בלויז אויף מיין זכרון און עס איז מעגלעך, אַז געוויסע דאַטעס וועלן דורכגעלאָזט ווערן.

אין יאָר 1925 בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט צו דער פאַראייניקונגס־קאָנפערענץ פון „פּועלי־ציון״ מיט „צעירי־ציון״, וואָס איז פאַרגעקומען אין וואַרשע. די קאָנפערענץ האָט אויך געדאַרפט געפינען אַ וועג פאַר פאַרשטאַרקטער און אינטענסיווער ציוניסטישער טעטיקייט.



די פאַרוואַלטונג פון „מוזע״ אין יענדזשעוו אין יאָר 1924 און פון די י. ל. פּרץ ביבליאָטעק. **אויפן בילד:** א. פלעשאָווסקי, ג. לעוויט, חיים לעדערמאַן, קלמן כענטשינסקי, ישראל גורטמאַן, אהרן נח גרינבוים, אליהו דאַנציגער, הירש רענקאַשינסקי, בערל פרידמאַן און יצחק ריטערבאַנד.

אַלס שליח פון וועלט־פאַרבאַנד איז צו דער קאָנפערענץ געקומען דער חבר בער׳ל לאָקער און ער איז עס געווען דער יעניקער, וועלכער האָט מיט זיינע לאָגישע אַרגומענטן פאַראייניקט די צוויי— צו יענער צייט — קליינע פאַרטייען אין איין פאַרטיי אונטערן נאָמען „יידישע סאָציאַליס־טישע אַרבעטער־פאַרטיי . פועלי־ציון — פאַראייניקט מיט ציוניסטן־סאָציאַליסטן״. ווי איך געדענק, איז עס געווען אַ שווערע קאָנפערענץ. דריי גרופּן — און נישט נאָר לויט זייער אידעישן אָפּשטאַם. ס׳האָבן געקעמפט אויף דער קאָנפערענץ די „לינקע״ : לייזער לעווין (לאָדזש), כמיעלניק (ביאַליס־טאָק), ד״ר יחיאל האַלפּערן (היינט אין ישראל), ד. ב. מאַלקין (היינט אין ישראל). און געוויסע חברים פון דער „צעירי־ציון״, די אַזוי גערופענע „רעכטע״.

בער׳ל לאָקער האָט געטון אַלץ, כדי אָפּצושוואַכן די חלוקי־דעות און די שטרייט־פראַגן, ווי, למשל, יידיש—העברעיש, ציוניסטישער קאָנגרעס, חלוציות א.א.וו. און עס איז אים אויך געלונגען. די פאַרטיי איז געשטאַרקט געוואָרן און האָט אָנגעהויבן אַ באַנייטע טעטיקייט. מיר די „פועלי־ציון״־אָרגאַניזאַציע, האָבן פּאַראַלעל מיט דער פאַרטיי־אַרבעט געפירט אויך אַ קולטורעלע טעטי־קייט. דער לאָקאַל איז אויך דאַן געווען אונטער דער „קעלצער בריק״, אינעם הויז פון דער משפחה מויער, און ס׳איז רייף געוואָרן דער געדאַנק צו שאַפן ביי דער פאַרטיי אַ קולטור־אָרגאַ־ניזאַציע.

ס׳איז אַוועק די תקופה פון שטורעם און דראַנג אין יידישן לעבן אין פוילן בכלל און אין קולטור־לעבן בפרט, און אויך מיר האָבן געשטרעבט צו דערציען די יוגנט אין אונדזער גייסט ; דאָס האָט געמיינט יידישע ליטעראַטור, יידישע קולטור און אויך באַקענען די יוגנט מיט די גרויסע דענקער און וויכטיקסטע שרייבער פון דער וועלט־ליטעראַטור אין דער יידישער איבערזעצונג.

## יידישע מוזיקאַלישע דראַמאַטישע געזעלשאַפט „מוזע״

די קולטור־טעטיקייט פון דער יידישער דראַמאַטישער מוזיקאַלישער געזעלשאַפט „מוזע״ אין יענדזשעוו, פאַרנעמט אַ ספּעציעל אָרט אין דער געשיכטע פון יידישע געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אונדזער שטאָט, איר השפּעה איז ווייט אַרויס פון די גרענעצן פון יענדזשעוו, ווייל זי האָט משפּיע געווען אויך אויף די אַרומיקע שטעטלעך. דער דראַנג נאָך וויסן איז ביי דער יענדזשעווער יוגנט געווען באַזונדערס שטאַרק און מיר האָבן געזוכט די אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם, כדי צו געבן אויסדרוק דער טעטיקייט.

נישט מיט איין מאָל איז די „מוזע״ געוואָרן דאָס וואָס זי איז געווען שפּעטער. די גרינדונג און דער אָנהייב פון דער טעטיקייט איז געווען פאַרבונדן מיט אַ סך ראַנגלענישן און שוועריקייטן.

אַ גרופּע יוגנטלעכע האָט אָנגעהויבן איינאָרדענען טעאַטער־פאָרשטעלונגען, די רעפּעטיציעס זענען פאָרגעקומען אין יענדזשעווער האַנטווערקער־פאַראיין, הגם די גרופּע האָט גאָרנישט געבינדן מיט אויבנדערמאָנטן פאַראיין, זיי האָבן בלויז אויסגענוצט דעם לאָקאַל פאַר דער אַרבעט, ווי אויך מיטן צוועק צו באַקומען די לעגאַליזאַציע פון פאַראיין. בראש פון דער גרופּע זענען דאַן געשטאַ־נען : אליהו דאַנציגער (היינט אין ישראל), מ. ש. ניעדזוויעצקי (היינט אין בעלגיע), ש. ד. בעלפער און יעקב בעלפער.

די גרופּע האָט אָבער געוואָלט באַקומען אַ לעגאַליזאַציע פאַרן דראַמאַטישן קרייז און, וואָר־שיינלעך, האָבן זיי אויך געוואָלט גרינדן אַ קולטור־געזעלשאַפט, זיי האָבן געבראַכט די לעגאַליזאַציע פון דער בענדינער „מוזע״ מיט אַן אויסגעאַרבעטן סטאַטוט, עס לעגאַליזירט דורכן סטאַראָסטע און געטראַכט אָנצוהייבן אַ פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט. די אַלע זענען געווען פון דער יונגערער גענעראַציע און האָבן נישט געהאַט קיין אָנשפּאַר אין דער יענדזשעווער יידישער געזעלשאַפט. צו זייער שבח זאָל באַטאָנט ווערן, אַז ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז זיי קאָנען נישט אויסנוצן די לעגאַליזאַציע פאַר זיך און אַז זיי זענען נישט אימשטאַנד אָנצוהייבן אַן אייגענע פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט, האָבן זיי זיך געווענדט צו די חברים פון די רעכטע „פועלי־ציון״ און איבערגע־געבן זייער לעגאַליזאַציע.

מיר האָבן אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג און ספּעציעל צו דער יוגנט, וועגן דער נייטיקייט פון אַ יידישער קולטור־געזעלשאַפט. דער אויפרוף האָט געבעטן שטיצע אין געלט און אין ביכער.

דעם ערשטן אויפרוף האָבן אונטערגעשריבן די ח״ח ישראל גורטמאַן, קלמן כענטשינסקי און צבי טרייסטער ז״ל.

די יידישע באַפעלקערונג פון יענדזשעוו האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן אויף אונדזער אויפרוף. אונדזערע חברים און חברטעס האָבן געזאַמלט אַ געוויסע סומע געלט, ווי אויך צענדליקער יידישע און נישט־יידישע ביכער. דער באָדן איז רייף געוואָרן פאַר אַזאַ מין אינסטיטוציע, דאָס האָט אונדז צוגעגעבן מוט. מיר האָבן איבערגעשריבן דעם סטאַטוט אויף אונדזער נאָמען, געדונגען אַ גרעסערן לאָקאַל אויף דער ליסאַקאָווער גאַס, אָפּגעהאַלטן רעגולערע זיצונגען, ווערבירט מיטגלידער און אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון די פאָלגנדיקע חברים: אליהו דאַנציגער, ריבטשע זאַראַמב, אברהם כענצינסקי, יהודה טענענבוים, הירשל טרייסטער, חיים לעדערמאַן, געצל לעוויט און הירשל רענקאשינסקי. אין פּרעזידיום זענען אַריין די חברים: ישראל גורטמאַן — פאָרזיצער, קלמן כענטשינסקי — סעקרעטאַר, שלמה דוד בעלפער — קאַסירער און בערל פרידמאַן — ביבליאָטעקאַר.

מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ פלאַן פון קולטור־טעטיקייט אויף אַ ברייטן פאַרנעם. די פינאַנסיעלע מיטלען האָבן מיר דערגרייכט פון מיטגלידס־אָפּצאָל, בלימל־טעג און פון די טעאַטער־פאָרשטע־לונגען פון דעם געשאַפענעם דראַמקרייז ביי דער „מוזע״.

דער דראַמקרייז איז געווען שטאַרק באַליבט ביי די טעאַטער־באַזוכער. מיר האָבן אָנגעהויבן מיט ערנסטע פאָרשטעלונגען ווי די „גנבים״ פון פישל בימקאָ, דער „דאָרפס־יונג״ פון לעאָ קאָברין, די „זיבן געהאָנגענע״ פון לעאָניד אַנדרעיעוו, די „משפחה״ פון הערש דוד נאָמבערג.

יעדע פאָרשטעלונג איז געווען אַ געשעעניש. ס'האָבן געשפּילט די ח״ח אליהו דאַנציגער, ריווטשע זאַראָמב, קלמן כענטשינסקי, כאַנטשע קאַמראַט ז״ל, יהודה גורטמאַן, איטשע ריטערבאַנד, הירש וואָלף טייכנער ז״ל, דער יונגערער טייכנער ז״ל (טשאלע), צבי טרייסטער ז״ל, פייגעלע וואָלפשטאַט ז״ל, דבורה קאַסיער (היינט אין פּאַריז), אהרן נח גרינבוים ז״ל, זיסל שולמאַן־טרייסטער ז״ל, חיים לעדערמאַן. שפּעטער איז צו אונדז געקומען רעזשיסירן דער אַבסאָלווענט פון אַ דראַ־מאַטישער שול, ד״ר שאַפערמאַן. ווי עס איז אויבן דערמאָנט געוואָרן האָבן די פאָרשטעלונגען אונדז תמיד געגעבן אַחוץ דעם מאָראַלישן, אויך מאַטעריעלן דערפאָלג, וואָס האָט דייטלעך באַוויזן דעם הויכן ניווא פון יענדזשעווער טעאַטער־עולם.

דער דראַמאַטישער קרייז האָט אויך געגעבן פאָרשטעלונגען אין וואָידיסלאַוו, פּינטשעוו און אַנדערע שטעטלעך.

אין וואָידיסלאַוו האָבן מיר געשפּילט דעם „דאָרפס־יונג״. די הויפּט־ראָל האָט געשפּילט אליהו דאַנציגער (אלס „יאַנקל בוילע״), אין דער ראָל פון „נאַטאַשאַ״ — פרוי האָראָוויץ־פּרייס ז״ל, דעם „בעל־עגלה״ — יהודה גורטמאַן, חאַנציע — צבי טרייסטער ז״ל א. אַנד.

די פּאַרטייאישע אָנגעהעריקייט האָט נישט געשטערט מענטשן פון אַנדערע פּאַרטייען אָנטייל־צונעמען אין אַ פאָרשטעלונג לטובת אַ חלוץ, וועלכער האָט נישט געהאַט, נאָך דער הכשרה, קיין געלט־מיטלען אָפּצופאָרן קיין ארץ־ישראל.

מ'האָט אָבער געדאַרפט צונויפפירן פאַרשידענע „וועלטן״. די הויפּט־שוישפּילערין „נאַטאַשאַ״, איז געווען זאָשקאַ האָראָוויץ־פּרייס, אַ רעוויזיאָניסטקע. מיר האָבן זיך געטראָפן מיט איר פאָטער מענדל האָראָוויץ (היינט אין ישראל), און ביי אים געפּועלט, אַז ער זאָל משפּיע זיין אויף זיין טאָכטער, זי זאָל שפּילן די הויפּט־ראָל. די מענער־הויפּט־ראָל „יענקל בוילע״ האָט געשפּילט אליהו דאַנציגער, דאַן אַ „לינקער״. כ'האָב געוווסט די שוועריקייטן, כ'האָב געקעמפט, צונויפגע־פירט אַלעמען און אויפגעפירט דעם „דאָרפס־יונג״, נישט נאָר אין יענדזשעוו, נאָר אויך אין וואָידיסלאַוו. די געלטער פון די פאָרשטעלונגען האָבן דאַן געהאָלפן צו דער עליה פון אַ חלוץ קיין ישראל.

דער פאַקט באַווייזט, אַז טראָץ די פּאַרטיי־אונטערשיידן האָט ביי אונדז געהערשט טאָלעראַנץ צווישן דער יוגנט, ווי אויך אַ שטאַרקער רצון צו העלפן.

דער דראַמאַטישער קרייז איז נאָר געווען אַ טייל פון דער פאַרצווייגטער דערציערישע און קולטורעלער טעטיקייט.

מיר האָבן ביי דער „מוזע״ אויך געשאַפן אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט. דער אינערלעכער סטאַטוט פון דער „מוזע״, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן אויף דער אַלגעמיינער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, האָט אונטערגעשטראָכן דעם פּראָגרעסיוון און פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דער „מוזע״. אַ מיט־גליד פון דער „מוזע״ האָט געקאָנט ווערן נאָר דער, וואָס האָט אָנערקענט די יידישע שפּראַך און קולטור אַלס באַזע פאַר יעדער קולטור־טעטיקייט און האָט געהערט צו אַ פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי, אָנהייבנדיק פון רעכטע „פּועלי־ציון״ ביז עקסטרעם לינקע. כדי אַרויסצופירן געוויסע מענטשן פון

טעות איז כדאי אויפצוקלערן, אַז די מערהייט פון דער פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון די חברים פון די רעכטע „פועלי־ציון" און נאָר אַ קליינע מינדערהייט פון די פראָ־קאָמוניסטישע עלעמענטן.

מיר האָבן געוווּסט, אַז ווי לאַנג מיר וועלן זיין אין דער מערהייט, וועט דער „מוזע" נישט דראָען קיין שום געפאַר מצד די מאַכט־אָרגאַנען, מיר האָבן דעריבער אָפּגעוואָרפן אַ גאַנצע ריי פאָרשלאַגן פון די לינקע עלעמענטן. אַ דאַנק אונדזער גרויסן איינפלוס אויף דער מיטגלידערשאַפט איז אונדז געלונגען — טראָץ די רייבונגען — אָנצוהאַלטן די גאַנצקייט און איינהייט פון דער טעטיקייט.

די הויפּט־טוער פון דער „מוזע" זענען געווען פאָלקס־מענטשן און נישט געהאַט קיין ספּעציעלע בילדונג. דאָס איז געווען אַן אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ, קעמפער פאַר דער יידישער קולטור און ליטעראַטור און איבערצייגטע יידישיסטן. דער פאָלקס־אוניווערסיטעט איז פאַקטיש געווען דער דערציאונגס־אינסטרומענט פון דער אַרבעטנדיקער יוגנט.

אין די גרעסטע זאַלן פון שטאָט האָבן מיר איינגעאָרדנט רעפעראַטן, מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט רעדנער און שרייבער, ווי: פרץ מאַרקיש, מלך ראַוויטש און אפרים קאַגאַנאָווסקי. זיי האָבן רעפערירט און פאָרגעלייענט פון זייערע שאַפונגען.

אונדזער בן־עיר ד"ר יחיאל האַלפערן האָט אָפט געהאַלטן פאָרלעזונגען אויף אַזעלכע טעמעס ווי, למשל, „קוואָ וואַדיס אייראָפּע (אָסוואַלד שפּענגלער),איבער וויספּיאַנסקיס „חתונה"; ד"ר יוסף קרוק איבער „דאָסטאָיעווסקי און ניטשע"; יעקב זרובבל „פון פרץ ביז לייוויק" און ד. ב. מאַלקין און נאָך פיל אַנדערע באַוווסטע רעפערענטן.

די ביבליאָטעק ביי דער געזעלשאַפט האָט איינגעקויפט די בעסטע ווערק פון דער יידישער און פון דער וועלט־ליטעראַטור און געציילט עטלעכע טויזנט ביכער. עס פלעגן פאָרקומען קעסטל־אָוונטן און דיסקוסיעס. מיר האָבן אויך פאָרגעלייענט „לעבעדיקע צייטונגען" אין די פרייטיקצונאַכטסן. אין דער „לעבעדיקער צייטונג האָבן זיך סטאַביל באַטייליקט: ישראל גורטמאַן (רעדאַקטאָר), יחיאל פרידמאַן ז"ל, אברהם כענטשינסקי ז"ל, ק. פראוואלאווסקי (היינט אין פוילן), לעאָן וואַקסבוים (היינט אין ישראל), נייפעלד. דאָס איז געווען אַ סאַטירישע צייטונג, וואָס האָט אָפּגעחוזקט פון די



ליטעראַרישער קרייז ביי דער דראַמאַטישער מוזיקאַלישער געז. „מוזע" און פרץ ביבליאָטעק אין יענדזשעוו אין יאָר 1926.

שטייען פון רעכטס: הירשל טרייסטער, סאַנדעל פּאָטאַשינסקי, אהרן נח גרינבוים. זיצן פון רעכטס: קלמן כעוויושינסקי, אברהם פראָפּעסאָרסקי, ישראל גורטמאַן, בערל פרידמאַן, הירש וואָלף טייכנער.

שעדלעכע דערשיינונגען אינעם יידישן לעבן, קעגן די נאַש־פּשעגלאָנדיסטן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט פּאַרשטיין די וויכטיקייט פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור. אָבער פון צייט־צו־צייט האָבן מיר אויך צוגעגרייט אַרטיקלען פון אַן ערנסטן כאַראַקטער.

אויף אונדזערע „קעסטל־אָוונטן פלעגט קומען אַ גרויסער עולם. מיר האָבן אויך געהאַט אַרטיקע רעדנער, וועלכע האָבן פון צייט־צו־צייט רעפערירט. אין זאַל פון קינאָ האָט רעפערירט ד״ר ישראל גורטמאַן א. ד. ט. „יידישע ליטעראַטור, „מעפיסטאָ און פאַוסט״ א. אַנד. דער סטודענט פון ווינער אוניווערסיטעט, נייפעלד, א. סאלאוויטש א. אַנד.

מיט דער צייט איז שוואַכער געוואָרן די טעטיקייט פון דער „מוזע״, אָבער די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק איז געווען טעטיק און באַזאָרגט מיט אַ גוט בוך דעם יידישן לייענער פון יענדזשעוו.

שאול גרינברג
**חולון**

# מזכרונותי



עירנו ינדז׳יוב היתה ידועה כעיר ציונית ביסודה ובני העיר נענו ברצון למשימה הנכבדה, לעורר את הלבבות להגשמת החזון של „שיבת ציון״.

זכורני, שעוד בשנות נעורי נמצאו בעירנו סניפים לכל התנועות הציוניות, שפעלו בתקופה ההיא בפולין, החל מהמפלגות החילוניות וגמור בדתיות. כולן התמסרו לרעיון חינוך הנוער היהודי לאהבת העם והמולדת.

כבר בימים ההם שמענו את הסיפורים על אלה שהעיזו ויצאו כ„חלוצים״ לפני המחנה והיו בין הרא־שונים שחתרו לחופי המולדת, בדרך בלתי־לגאלית, על ידי הברחת גבולות ורבים מהם זכו להגיע לארצנו הקדושה, בסכנת־נפשות ממש. הראשונים מבני עירנו התערו בחיי הארץ, קדחו, עבדו, וגם השתתפו בהגנת הארץ בפני הפורעים הערבים וגם מפני האנגלים, שהתנכרו לחזון בנין המולדת למען העם היהודי הנרדף. הגיעו אלינו ידיעות על יוצאי עירנו שהשתתפו במאבקים קשים, ומהם גם שנפלו בהגנת הארץ. עובדות אלה מילאו את לבותינו גאווה רבה, למרות היגון הכבד שירד עלינו, לשמע האסונות, שנפלו בגורלם של המשפחות השכולות, שנשארו בעירנו. גדלנו באוירה כזו ולכן חשבנו גם אנחנו תמיד על הגשמה אישית.

לא מעטים מאתנו עלו ארצה. תנועת בית״ר עשתה נסיונות לעליה במימדים יותר גדולים וגם אני נרשמתי בשנת 1934 לעליה כ„תייר״, אבל „הטיול״ לא הצליח. הוא אורגן ע״י ד״ר דוד ודובינסקי (כיום בארצות הברית) והעתון „די וועלט״ שפעל בשמו. החזיר לי אחרי שנה את כספי.

בשנת 1937 השיג אבי ז״ל סרטיפיקט מתנועת „המזרחי״, שהכתירה אותו בתואר „רב״ והתכונן לעליה על יסוד זה עם משפחתו. אבל, כנראה, נגזר מן השמים אחרת. משפחתי לא הצליחה לעזוב את פולין בזמן והיא הושמדה, יחד עם כל בני עירנו, הי״ד.

אנכי הבינותי שהדרך היחידה בשבילי לעליה היא — הצטרפות לגרעין־הכשרה. ואמנם, בינואר 1934 יצאתי עם קבוצת חברים להכשרה בורז׳בניק, שע״י סקרזיסקו. עוד בהיותנו בינדז׳יוב היינו מבקרים בתנועת „הפועל המזרחי״ ומבלים במחיצתה ערבים שלמים בויכוחים על הנוער ודרך ההגשמה. אולם התנאים בהכשרה שלנו היו קשים מאד, אכלנו לא לשובע ולרוב — הסתובבנו גם ללא־עבודה. בחורף קרה, לא פעם, שנשארנו ללא עצים להסקה. הארוחה הורכבה לרוב מקפה שחור בלתי ממותק ולחם — יבש וקצוב במנות זעומות. אולם, לאט לאט, השתנה המצב לטובה. חדרנו גם לעבודה התרגלנו לחטיבת עצים ועבדנו גם במנסרות שבעירנו. כך עברה עלינו שנה שלימה.

כשחזרנו הביתה, היה לנו חלום אחד ויחיד — „עליה״. התפקידים השיגרתיים שבתנועה, באספות ובויכוחים לא יכלו לספק את שאיפותינו, ובשנת 1937 כשחודשה העליה הבלתי־לגאלית חלמנו כולנו איך לנצל את ההזדמנויות השונות שהוצעו מטעם „החלוץ״ ומפלגות ציוניות אחרות. גם התנועה הרביזיוניסטית אירגנה מחדש את העליה הבלתי־ליגאלית שלה. הם הדגישו בפירוש, כי כל האחריות להיעצר ולכשלון, תזקף על חשבון העולים עצמם והם אינם רשאים לבוא בטענות, אם לא יצליחו לפרוץ את חומת־השמירה של ממשלת המנדט הבריטית. כולנו קיבלנו עלינו את הסיכון הכספי, והעיקר, את „הסיכון המלא״, שבעליה זו, שהיתה קשורה בהברחת גבולות ובנסיונות מסוכנים להגיע ארצה על אף שמירתה המעולה של ממשלת המנדט על גבולות הכניסה לארץ. זכורני, שהחבר לנצ׳נר היה מאלה שסבלו רבות. הוא הוחזר כמעט בהיותו כבר על סף הארץ, הוא חזר לינדז׳יוב אולם התעקש, ניסה שוב פעם והצליח בסופו. בשנת 1937 הצליח גם לייבוש ליפמנוביץ׳ להגיע ארצה ואחריו — ב־1938 גם משה לדרמן. הצלחותיהם דחפו רבים מבני הנוער, לחפש דרכים של עליה על ידי „טיולים״ שונים.

בינתיים התחתנתי ונולדה בתי. אבי ז״ל התכונן לעלות יחד אתנו ארצה, אך הדבר לא הסתייע בידו. החלטנו, איפוא, אשתי ואנוכי להשאיר את בתנו אצל הורי ולנסות את מזלנו ב„עליה ב׳ ״ ולהביא אחר־כך, את ילדתנו לישראל. סבתי הי״ד נתפסה לרעיון עליתנו ואמרה „גם אצלי גדלו נכדותי ונטפל גם בבתכם הפעוטה״. הם האמינו כי אם יצליח רק אחד ממשפחתנו לעלות ארצה, הרי תפתח על ידי כך האפשרות לעלית כל בני המשפחה.

שילמנו את הכסף הדרוש למארגני העליה הבלתי־לגאלית והתכוננו לעלייתנו. אני יליד 1916 והיה עלי לבקש „היתר״ מהשלטונות הצבאיים הפולניים לערוך „טיול לפלשתינה״. המתיחות בין פולין ושכנותיה היתה אז כבר בעיצומה. פחדתי, שמאסר יהיה מנת חלקי, במקום „היתר יציאה״. בכל זאת, מכרנו בינתיים את רהיטינו וכלי הבית והיינו מוכנים לדרך. קבלתי את הרשיון בנקל. אנחנו, יושבי העיירות הקטנות שבפולין, לא ידענו כי לממשלה הפולנית דאז של הגנרל סקלדקובסקי היה הסכם עם זאב ז׳בוטינסקי, שלפיו יינתנו כל ההקלות ליהודים, שיירצו לעזוב את פולין. בלב רועד עשיתי דרכי לפינצ׳וב הסמוכה, אולם פחדי היה פחד־שוא. אמנם, שמעתי כמה הערות אנטישמיות מהסמלים והפקידים הנמוכים על ה„עריק״ שרוצה לברוח לפלשתינה, אולם, הוכנסתי לממונה על השחרורים והוא דיבר אלי בנימוס והציע לי, לצאת עם כל משפחתי במהירות האפשרית לפלשתינה, כי במקרה אם תפרוץ מלחמה, יהיה רע מאוד ליהודים. קיבלתי את „היתרי־יציאה״ מפולין לפלשתינה. מספר המועמדים לעליה גדל והגענו ל„מנין״ שלם והם: לייבל ושרה ווקסבאום, מנדל גוטליב ז״ל, ישראל מאוער, משה רייזמן, אבא גרטלר עקיבא הרשקוביץ, הרשל פרוכט, הינדה ושאול גרינברג.

הידיעה עשתה לה כנפיים בעירנו. הקבוצה היתה גדולה וכמותה לא היתה עד הנה בתולדות עליית הנוער מינדז׳יוב.

לאחר זמן מסוים של מתיחות שעברה עלינו, קיבלנו את הידיעה המשמחת שעלינו להתייצב בלבוב ביום ה־19 בפברואר 1938, ופירוט החפצים, שעלינו לקחת אתנו וכן הוראות מפורטות להתנהגותנו בדרך ועל המזונות (בשימורים) שאנו רשאים לקחת עמנו. בלב קשה נפרדנו מהורינו וידידינו. בתנו רבקה׳לה, בת ה־11 חדשים, ישבה על השלחן והסתכלנו עליה ברגשות מעורבים. היינו עדים ונושא לתמונות מרעישות של ליווי ההמונים לרכבת לכבוד העולים ארצה וכשהרכבת זזה, פרצה שירת „התקוה״ מפיות כל המלוים. ברכבת היו גם „מטיילים״ רבים מערים אחרות שבפולין. נסענו יחד לקרקוב והגענו אחרי כך ללבוב. לרבים מאתנו ארכה הנסיעה רק 5 שבועות, אבל היו גם כאלה שנסעו 8 שבועות והיו גם אחדים ששהו בדרכים אפילו למעלה מארבעה חדשים!

התנאים הסניטריים ברכבת היו פגומים מאוד, אולם, היה זה רק חלק קטן ממנת־היסורים שחיכתה לנו באניה... כשהגענו לקונסטנצה העבירונו למסלול צדדי וזמן רב התנהל משא־ומתן עם בעלי אניית־המשא, שהיתה מיועדת להובלת בהמות וש„הוכשרה״, ברגע האחרון, להובלת „עולים בלתי־לגאליים״. בפנים האניה סודרו איצטבאות על גבי איצטבאות, שלוש קומות, ואלה שלא השיגו מקום־מנוחה על גבי האיצטבאות האלה, אנוסים היו לישון על סיפון האניה. כשעלינו על האניה, נלקחו מאתנו כל ניירותינו הרשמיים והדרכונים שלנו הוטלו לסל גדול, ומאותו רגע הפכנו ל„אזרחי העולם״. היתה זאת השיטה המקובלת, בכדי להטעות את האנגלים ביחס לאזרחותנו, ובכדי למנוע מהם את האפשרות להחזיר אותנו לארצות מהן יצאנו להעפיל ארצה. חוייבנו לגרד כל רמז או פתק כל שהוא מעל קופסאות השימורים שבידנו, למען שלא ייודע ארץ מוצאנו. הפקודה של „המארגנים״ היתה, שעלינו לטעון שאנו יהודים גרמניים, הבורחים מהיטלר ואין לנו לאן לחזור.

עלינו לאניה כשבע מאות וחמישים איש בערך מארצות פולין, צ׳כיה, רומניה, הונגריה, אוסטריה וגרמניה. בהתחלה, לא סבלנו רעב, כי לכל אחד מאתנו היה מלאי של מזונות בשימורים, נקניקים וגם לחם מספיק. מפקד האניה, אברשה, נאם לפנינו לפני שהאניה הפליגה והסביר כי עלינו לקבל באהבה את כל היסורים, היות ומטרה אחת לכולנו והיא — עליה בכל מחיר. ומכיון שהסכמנו לעלות בדרך זו, עלינו להבין ולדעת, שהדבר לא יתגשם ללא יסורים וסבל. נעשו כמה סידורים פנימיים והוקמה פלוגת־שמירה. והנה כך שטנו בלב ים. פגשתי באניה שני בני דודים שלי, ממשפחת מינץ מוולושצ׳ובה ועוד חברים וידידים. עלי לציין, שעד היום יש לי הרגשה נפלאה בפגשי במי מיורדי אניה זו שבה עלינו וסבלנו יחד עד שזכינו להגשים את שאיפתנו. רבים מאתנו סבלו ממחלת ים. בינתיים נמצאו באניה הבלתי־ליגאלית הזאת גם עולים „בלתי־ליגאליים״ מבחינה אחרת, זאת אומרת, כאלו, שנסעו אתנו ללא כל תשלום, אשר חדרו לאניה על דעת עצמם. בימים הראשונים ניתנה לנו הרשות לכתוב גלויות הביתה, מבלי להודיע בהן המקום שבו אנו נמצאים ואמנם נודע לנו לאחר מכן כי הגלויות הגיעו לקרובינו. ניסינו לארגן את חיינו באניה, להתפלל תפלה בציבור, אולם הדבר היה, בדרך כלל, קשה, משום טלטולי האניה.

אסון גדול קרה לנו, כשהיינו במימי האי כרתים. עלינו על שרטון. האניה זועזעה קשה ועמדה להתהפך. היא החלה להתמלא בצד אחד מים. קשה לתאר את המהומה הגדולה שנתחוללה, בעיקר, בקרב האנשים שנמצאו במרתף האניה. היה זה בלילה, האנשים היו בפיז׳אמות או לבושים למחצה. נמצאנו ארבעה קילומטרים מחופה

של כרתים. היו לנו רק שתי סירות־הצלה. בראשונה הורדו חולים וזקנים, לאחרי־כן בני־זוג, ולבסוף רווקים ורווקות. אברשה, שפחד מפני התפרצות, ניצב כל הזמן עם אקדחו ביד, והודיע שכולם יורדו בשלום ולא ירשה אי־סדר העלול לחבל בהצלה. ואמנם, הודות לשלוותו הנפשית והחלטיותו של אברשה, בוצעה ההורדה כמתוכנן. כולנו הגענו, לאחר מתח נפשי רב, לחוף־מבטחים. האניה החזיקה מעמד עד למחרת בצהרים וכל הזמן שידרה קריאות „ס.או.ס.". אניה שניה „קטינה", שהובילה גם היא עולים בלתי־ליגאליים, התקרבה להושיט לנו עזרה. אניתנו טבעה. אמרו שכולם ניצולו, אולם עד היום קיימת ההרגשה, שכמה מהנוסעים אתנו מצאו את מותם באסון זה.

אנשי כרתים וכן המשטרה התיחסו אלינו באדיבות יתירה, האכילו אותנו וגם סידרו אותנו איכשהו. לאחר־מכן החליטה המשטרה, להעביר אותנו לאניה „קטינה". אניה זו הסתובבה כבר חודשיים על פני הים. נוסעיה עשו כבר נסיון של עליה לחופי הארץ, אולם נתגלו על ידי האנגלים שירו בהם. רובם חזרו לאניה ורק מעטים מהם הצליחו לעלות ולהשאר בארץ. כך נפרדו בנים מהורים ובעלים מנשים במהומת הנסיון הבלתי־מוצלח של העליה לחוף. הנוסעים ב„קטינה" היו ממורמרים מאד אולם בדלית־ברירה, הצטופפו והעלו אליהם גם את הנוסעים החדשים שלנו. לאור התנאים הסניטריים האיומים באניה, החליטו הצעירים, להישאר על הסיפון, למרות הגשם והכפור. באניה זו סבלנו חרפת רעב ממש, כי לא היה לנו מזון לאחר שהמלאי שלנו אבד ברובו באניתנו הטבועה. לאחר „נסיעה" של 5 שבועות, שלושה באניתנו „צ׳פו" שטבעה, ושבועיים ב„קטינה", התחלנו להתכונן לרדת לחוף ישראל!

בהתקרבנו לחופי הארץ, פונו מהסיפון כל הנוסעים בכדי להיראות כ„אנית־משא" רגילה. נעשו ההכנות הסופיות ונקבע מה שאפשר לקחת ואיך להתנהג כשנתחיל לרדת לחוף בחצות הלילה. הודיעו לנו שנרד זוגות־זוגות, והנוסעים קיבלו על עצמם את הדין. לימדו אותנו שמות ערים שונות בגרמנית בכדי שנדע לענות לאנגלים במקרה וניתפס על ידם. חיינו שני לילות בצפיה בבטן האניה וחכינו במתיחות רבה לשעת הגאולה המתקרבת.



קבוצה „בלתי ליגאליים" מינדז׳יוב, שהצליחו בשנת 1938 לחדור לארץ־ישראל.



ש. גרינברג ומ. לדרמן בקיבוץ־הכשרה בוירזבניק, לפני עלייתם.

בליל ראש־חודש ניסן שנת 1939 החלה הירידה מן האניה וגם אנוכי בין היורדים. מפחד האנגלים הורידו רק קבוצה קטנה ראשונה. למרות מחאותי, לקחו ממני את ילקוטי, כי הסירות לא יכלו לקלוט את כל העולים. עצם הירידה למים היתה „רטובה". שהיתי במים במרחק של מאה מטרים מהחוף והרגשתי רק שידים חזקות מחזיקות בי עד שהגעתי למקום, שבו הרגשתי את אדמת ישראל, מתחת לרגלי. עלינו במהירות אל החוף. נמצאנו בחוף ימה של נתניה. לילה שלם עמדנו ב„בית אריזה", רועדים מקור בבגדינו הרטובים. בינתיים התנהלה ההורדה מהאניה במרץ. בחורי הישוב נשאו את הנשים, הזקנים והילדים על כתפיהם מהסירות אל החוף. רבים חלו מפחד ומהתרגשות והקיאו, אולם הבחורים האמיצים הובילו אותם מיד בדרכים צדדיים ובשבילים שונים כדי להסתירם מעיני האנגלים, שמשמרותיהם שרצו בסביבה. מעולי ינדז׳יוב היינו חמשה אנשים, שירדנו בלילה זה, והצלחנו: ווקסבאום, אני ומשפחת פרוכט. הכיבוד הראשון, תה חם ולחם בריבה נחטף ממש מידי המגישים וטעמו היה בפינו כ„צפיחית בדבש". וכשקבלתי את התפו"ז הראשון ידעתי שהגעתי למולדת!

למחרת העבירו אותנו למקומות, כפי שביקשנו. חיפשתי את קרובי ובעזרת הנהג שהיה אדיב מאוד ולאחר חיפושים רבים מחמת שינוי הכתובת, מצאנוהו ורבה היתה השמחה בפגישתנו זו!

גורל חברינו שנשארו עוד על „קטינה" היה קשה יותר מזה שלנו. להם נכונו עוד הרבה סבל ונדודים. הם היו מוכרחים, למחרת, לעזוב את ימה של הארץ ולשוב ללב־ים ולהמשיך בטלטולי־הדרך שלהם. אולם, כעבור זמן־מה הגיעו גם הם ארצה.

ביום ד׳, יום גשום מאד, בא אלינו אחי, יחזקאל מראשון לציון והעביר אותנו לביתו. הפרדסן, שאצלו עבד, הסכים למסור לנו את המרתף שלו לשיכון־ארעי ושם גרנו כשלושה חדשים עד שהצלחנו להשיג דירה יותר מניחה את הדעת.

מחובתי לציין את יחסם הטוב והיפה של בני עירנו בכלל ובעיקר של משפחת חימוביץ׳, שהושיטו לנו עזרה כלבני משפחתם ממש. בישלו עבורנו, הלבישונו וטרחו טירחה יתרה בכדי שנרגיש את עצמנו אצלם כמו בביתנו עד שנתאקלם בארץ. יבואו כולם על הברכה והתודה!



קבוצת נוער רביזיוניסטי בינדז׳יוב בשנת 1930.

רבקה זאַראַמב-הוטניק
**בוענאָס-איירעס**

# מיין ליב שטעטעלע יענדזשעוו



איבער פערציק יאָר טיילן מיך אָפּ פון יענער צייט, פון אירע מענטשן און געשעענישן, און דאָך איז אַלץ פאַר מיר אַזוי קלאָר און דייטלעך, יעדע מינדסטע געשעעניש. פונעם דיסטאַנץ פון דער פאַרלאָפענער צייט זע איך אַן אינהאַלטרייך און ברויזנדיק לעבן, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעשפּילט אין די שענסטע פאַרבן — טראָץ דער עקאָנאָמישער נויט און טראָץ אַנדערע שווערע פאַקטאָרן, וואָס האָבן געהאַלטן אין קלעם דאָס יידישע לעבן אין פּוילן.

עס איז ריכטיק, אַז דאָס דאָרטיקע לעבן האָט פאַרמאָגט זיינע „וואָכעדיקייטן", דאַגות פּרנסה און נויט — און נישט נאָר פון קולטור אַליין האָט געלעבט דאָס שטעטל.

עס איז אָבער אויך ריכטיק, אַז דאָרט האָט דאָך געברויזט אַ קולטור-לעבן, וואָס אין פּראָפּאָרציע צו דער נישט גרויסער יידישער באַפעלקערונג, וואָלט מען געקאָנט דערפון פאַרטיילן גענוג פאַר אַ סך גרעסערע שטעט.

אפשר נעמט זיך דאָס דערפון, וואָס מיינע זכרונות דרייען זיך נישט אַרום דעם וואָכעדיקן טאָג-טעגלעכן לעבן פון אַרבעט און פּרנסה, נאָר אַרום דער קולטור-געזעלשאַפט „די מוזע", אַרום וועלכער עס האָט זיך קאָנצענטרירט די הויפּט-טעטיקייט פון אונדזער שטעטל, איבערהויפּט פון דער יוגנט.

מיר איז אויסגעקומען מיטצומאַכן די ערשטע טריט פון דער קולטור-געזעלשאַפט, און איך האָב עפּעס צו דערציילן וועגן דער פאַרגעשיכטע, וואָס האָט געשאַפן דעם באַדן און אַרויסגערופן דעם ווילן צו שאַפן „די מוזע", וואָס האָט אַזוי שטאַרק באַווירקט דאָס לעבן פון דער יענדזשעווער יוגנט און בייגעטראָגן צו איר געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער פאַרמירונג.

אַ גרופּע יוגנטלעכע, אונטער דער לייטונג פון מענדל דאַנציקער, האָט געאַרבעט אַרום דער אויפפירונג פון דער פּיעסע „שרה שיינדל". (איך קען זיך בשום אופן נישט דערמאָנען דעם נאָמען פון מחבר). די הויפּטראָל פון שרה-שיינדל האָט געזאָלט שפּילן מאַטל רייזמאַן, אָבער אירע עלטערן האָבן עס בשום אופן נישט דערלויבט, און זיי זענען געבליבן בלויז דריי טעג צו דער אויפפירונג און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל זי פאַרטרעטן. איז דאַן דעם רעזשיסער פון דער פּיעסע איינגעפאַלן, אַז איך זאָל פּרווון מיינע כּוחות אויך אין דער ראָליע. מיין פאַמיליע האָט געשטעלט אַ שטיקל ווידערשטאַנד, אַז איך זאָל ווערן אַן „אַקטריסע". אָבער איך האָב שוין געהאַט זיך אויסגעקעמפט מיין זעלבשטענדיקייט דורך דעם, וואָס איך האָב זיך אויסגעלערנט אַ פאַך צוזאַמען מיט מיין חברטע כאַנטשע קאַמראַט, געוואָרן נייטאָרינס. איך האָב צוליב דעם פאַרלאָזט מיין פעטערס זאַטע שטוב, כדי זיך צו „פּראָלעטאַריזירן" — דאָס איז געווען די שטרעבונג פון דער דעמאָלטיקער יוגנט. דאָס בוידעם-שטיבל, וווּ מיר האָבן צוזאַמען געוווינט און געאַרבעט, איז אין יענע יאָרן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין

אַ טרעפפונקט פאַר אַ סך יוגנטלעכע, ווו מיר האָבן צוזאַמען דיסקוטירט און געזונגען פאָלקס־לידער, איבערהויפּט קאַמפּס־לידער.

אָט די לאַגע, אין וועלכער איך האָב זיך געפונען, האָט מיר דערמעגלעכט אָנצונעמען דעם פאָרשלאַג פון מענדל דאַנציקער און מאַכן דעם ערשטן פרווו אויפן געביט פון יידיש טעאַטער.



די פאַרוואַלטונג פון י. ל. פרץ ביבליאָטעק ביי דער געז. „מוזע" אין יענדזשעוו.
אויפן בילד פון רעכטס זיצן: אברהם כענטשינסקי, קלמן כענטשינסקי, ישראל גורטמאַן, שלמה דוד בעלפער, הירשל רענקאָשינסקי, רבקה זאַראָמב. שטייען: חוה טענענבוים, בערל פרידמאַן און חיים לעדערמאַן

איך באַגרייף נאָך ביז איצט נישט דעם פאַקט, וואָס אין אַזאַ קליינער צייט, וואָס איז געבליבן פאַר פּראָבן — קוים דריי טעג— ווי אויך ביי מיין קנאַפּער דערפאַרונג אויף דעם געביט — ווייל ביי אונדז אין שטעטל איז מען דאָך נישט געווען צעבאַלעוועט מיט טעאַטער — האָב איך דאָך באַוויזן אויסצולערנען מיין ראָליע. איך האָב זיך איינגעשטעלט און טריאומפירט. מיין ראָליע אַלס שרה־שיינדל איז געווען אַ גרויסע דערגרייכונג און די אויפפירונג — אַ ריזיקער דערפאָלג.

נאָכן ערשטן דערפאָלג האָט זיך ביי אונדז „צעשפּילט דער אַפּעטיט" און מיר האָבן זיך ווייטער פאַרמאָסטן. מיר האָבן שפּעטער געגעבן ערנסטערע אויפפירונגען. צווישן זיי אַנדרעיעווס „די זיבן געהאָנגענע". אָבער די באַדייטונג פון דער ערשטער „שרה־שיינדל"־אויפפירונג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט געגעבן דעם שטויס צו שאַפן „די מוזע", וואָס איז געווען דער ערשטער שטאַפּל, וואָס האָט אונדז געפירט צום ווייטערדיקן באַרג־אַרויף.

די דעמאָלטיקע גרופּע טעאַטער־אַמאַטאָרן האָט זיך אין אָנהייב נישט געשטעלט קיין ווייטערע און ברייטערע צילן; זי האָט אויך נישט געהאַט קיין דעפינירטן כאַראַקטער. עס זענען דאָרט געווען מענטשן פון פאַרשידענע סאָציאַלע און פּאָליטישע אָנשויאונגען. דאָס שאַפן זיך פון „די מוזע", וואָס האָט זיך גענומען פאַר אַ מוסטער די בענדינער „מוזע", פון וועמען זי האָט אויך קאָפּירט די סטאַטוטן, האָט פאַר אונדז גע־

שטעלט קאָנקרעטע אויפגאַבן: פאַרשפּרייטן קולטור און קונסט צווישן די יידישע פאָלקס־מאַסן אין אונדזער שטעטל.

מיר האָבן געשאַפן אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ, וווּ עס זענען געווען די בעסטע און נייסטע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור. אין גיכן איז אויך צוגע־קומען אַן אָפּטיילונג פון פּוילישער ליטעראַטור. מיר האָבן געשאַפן אַ לייען־זאַל וווּ מען האָט געפונען אַלע יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, אָן אונטערשייד פון פּאָליטישן כאַראַקטער. עס איז אויך געווען אַ שאָך־קלוב.

די טעטיקייט האָט זיך אויסגעברייטערט וואָס אַמאָל מער און דאָס וואָס איז ביים אָנהייב בלויז געווען אַ דראַמאַטישער קרייז האָט אַרומגענומען אַ סך אַנדערע געביטן פון דער יידישער קולטור.

„די מוזע״ איז זיך צעוואַקסן און איר נאָמען איז אַריבער די גרענעצן פון שטעטל. דאָס אָרט וואָס איז צוערשט געווען אַ טרעפפּונקט בלויז פאַר דער יענדזשעווער יוגנט, איז דערנאָך געוואָרן דער אַדרעס פאַר אַ סך יידישע שרייבער און קולטור־טוער, וואָס זענען צו אונדז געקומען פון וואַרשע.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די יום־טובדיקע שטימונג, וואָס עס האָט גע־בראַכט מיט זיך די געשטאַלט פון דעמאָלט יונגן פּרץ מאַרקיש, וועלכער איז אויפ־געטראָטן אין יענדזשעוו. עס זענען צו אונדז געקומען אפרים קאַגאַנאָווסקי, מלך ראַוויטש, לעאָ פינקלשטיין, יואל מאַסטבוים, ד״ר יחיאל האַלפּערן און אַנדערע. אַלע זענען נאָך געווען יונג און עס דוכט זיך איצט, אַז דאָס לעבן אַליין איז געווען יונגער פון אונדז. די געהויבענע יום־טוב־שטימונג איז געווען נישט בלויז בעת זייערע אויפטריטן און פאָרלעזונגען, נאָר אַ סך פריער פאַרן אויפטריט, בעת די הכנות און אויך לאַנגע טעג און וואָכן נאָכדעם.

דורך אונדזער טעטיקייט האָבן זיך אַנטפּלעקט אויך לאָקאַלע כוחות, און עס זענען דורך זיי דורכגעפירט געוואָרן אינטערעסאַנטע „קעסטל־אָוונטן״ און „ליטע־ראַרישע משפּטים״ איבער שרייבער און ווערק. צווישן די יוגנטלעכע האָבן זיך אויסגעטיילט: ישראליק גורטמאַן, אברהם סאלאָוויטש, משה קאַסיער און נאָך אַנדערע, וועלכע האָבן שפּעטער, אויף זייערע וואַנדער־וועגן, פאָרגעזעצט זייער קולטור־טעטי־קייט און געטראָגן זייער ליבע צום יידישן וואָרט אין אַלע ערטער וווּהין דער גורל האָט זיי פאַרטראָגן.

אָבער פון דער פאַרצווייגטער קולטור־טעטיקייט פון „די מוזע״ האָט אַרויסגע־שיינט, ווי אַן אמתער אבן־טוב, אונדזער דראַמאַטישער קרייז, וועמענס פאַרמעסטן זיך איז געשטיגן אַלע מאָל העכער און העכער. אונדזערע אויפפירונגען האָבן נישט נאָר אַריינגעבראַכט פרייד און יום־טובדיקייט, נאָר אויך פינאַנציעל געהאָלפן דער „מוזע״ און שפּעטער אויך איר דערמעגלעכט איבערצוגיין אין אַ שענערן און גרעסערן לאָקאַל.

די פּאָליטישע לאַגע אין פּוילן האָט נישט געלאָזט גלייכגילטיק די יוגנט, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום „די מוזע״. אין דער פעסטונג פון דער יידישער קולטור וואָס עס איז געווען „די מוזע״ האָבן זיך אויך אַריינגעריסן פּאָליטישע ווינטן. דער יידישער יוגנטלעכער האָט נישט געקאָנט בלייבן מן הצד פון די שטימונגען, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט די יוגנט פון דער גאַרער וועלט אין די נאָך מלחמה יאָרן, אין אַנבליק פון די קאָלאָסאַלע ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען אומעטום. ווער עס האָט געפונען זיין אידעאַל אין ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט פּוילן, און ווער עס האָט געזוכט די לייזונג פון דער יידנפראַגע אין אויפבוי פון אַן אייגן לאַנד. פון אַלע

אידעאישע גרופּירונגען וועלכע האָבן געפונען אַ באַדן פאַר זייער טעטיקייט אין „די מוזע”, האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט די צוויי הויפּט גרופּירונגען: די קאָמוניסטישע און די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע.

צווישן די צוויי הויפּט־ריכטונגען האָט זיך אָפּגעשפּילט דער קאַמף פון אויפ־צווינגען זייערע אידעאישע איינשטעלונגען. הייסע לײדנשאַפטלעכע דיסקוסיעס האָבן זיך געפירט צווישן די אָנהענגער פון ביידע גרופּעס, כאָטש צו קיין בלוטיקן געראַנגל איז קיינמאָל נישט געקומען.

עס זענען אויך געווען צייטן פון טאָלעראַנץ, געמיטלעכקייט און, איבערהויפּט, זענען אַלע געווען אייניק אויף איין געביט: אינעם פאַרשפּרייטן דאָס יידישע וואָרט און האַלטן הויך די יידישע קולטור!



אַ גרופּע יוגנטלעכע חברים און חברות פון דער יידישער ביבליאָטעק אין יענדזשעוו.
אין צענטער: יעקב פינקלשטיין און הירש שייקאָוויץ.

שווערע יאָרן זענען דערנאָך אָנגעקומען פאַרן יידישן לעבן. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געלאָזט אונטער זיך אַ חורבן און די נאָך מלחמה יאָרן האָבן עקאָנאָמיש דערשעפּט די שטעטלדיקע יידן. די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די סאַנאַציע־לייט, האָט שווער געטראָפן דאָס יידישע לעבן אויף אַלע געביטן. אָבער אויך אין יענער גרויער תקופה, שיינען אַרויס די יום־טובדיקע מאָמענטן פון אונדזערע טעאַטער־אויפ־פירונגען, ווי אויך די טעאַטער־געסט, וואָס זענען צו אונדז געקומען פון וואַרשע. איך דערמאָן זיך אין די גאַסטראָלן פון די שוישפּילער יאַנאָס טורקאָוו און דיאַנאַ בלומענ־פעלד, וועלכע האָבן אונדז געבראַכט אַזויפיל פרייד און גייסטיקן גענוס.

פאַר מיר האָבן זיך די שיינע יאָרן געענדיקט אין מאַי 1928, ווען מען האָט מיך אַרעסטירט פאַרן צוגרייטן קאָמוניסטישע אויפרופן, צום ערשטן מאַי, און איך בין פאַר'משפּט געוואָרן צו אַנדערהאַלבן יאָר תפיסה. נאָכן זיצן אַ קנאַפּ יאָר, בין איך אַרויס אויף קויציע, און נישט וועלנדיק צוריק גיין אין תפיסה, האָב איך, אין יוני 1929, אומלעגאַל, פאַרלאָזט פּוילן אויף שטענדיק.

דער שפּעטערדיקער וועג מיינער, האָט מיך געפירט איבער דייטשלאַנד, ווו כ'האָב געוואוינט, ביז היטלערס קומען צו דער מאַכט, און שפּעטער, קיין אַרגענטינע.

עטלעכע צענדליק יאָר זענען אַוועק זייט יענע יונגע שיינע טעג. ימים בלוט און טרערן האָבן דורך דער צייט פאַרפלייצט שטעט און לענדער. דאָס אַמאָליקע שטעטל יענדזשעוו האָט געהאַט דעם זעלבן גורל ווי צענדליקער און הונדערטער אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך פון פוילן און מזרח־אייראָפּע. פון אַלע די וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין באַרייכערן, פאַרשענערן און מאַכן אינהאַלטסרייכער דאָס שטעטלשע לעבן, האָבן זיך גאַנץ ווייניק געראַטעוועט, און זיי זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. אָבער יענע יאָרן צווישןביידע וועלט־מלחמות, וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן פון מיין זכרון, און איך בין זיכער, אויך נישט פונם זכרון, פון די אַלע, וועלכע האָבן דאָרט געלעבט.

משה טשינסקי (כענטשינסקי)
ניו־יאָרק

# פון מיין אלטער היים

## (אַ בינטל זכרונות)



ווען כ׳בין, אינעם יאָר 1919, אַ טאָג נאָך יום כיפור, אָנגעקומען אין אונדזער שטעטל יענדזשעוו, האָב איך עס נישט דערקענט. זינט 1911 האָב איך געדינט אַלס סאָלדאַט אין דער רוסישער אַרמיי אין דער שטאָט אָריאָל. נאָך דריי יאָר מיליטער־דינסט האָב איך געהאָפט באַפרייט צו ווערן און פאָרן אַהיים. אָבער מיין האָפענונג איז צערונען געוואָרן. עס איז דעמאָלט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. אַנשטאָט צו שיקן מיך אַהיים, האָט מען מיך, מיט נאָך אַ גרויסן טראַנספּאָרט סאָלדאַטן, אַוועקגעשיקט קיין פוילן. די ערשטע שטאָט וווּ מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט איז געווען — אָסטראָ־לענקע (לאָמזשער גובערניע).

אַ טאָג נאָכן אָנקומען אין דעם שטעטל, האָט מען אונדז געשיקט גראָבן אָקאָפּעס און ביסלעכווייז האָבן מיר זיך איבערגעטראָגן אויף דער דייטשער ערד און זיך איינגע־קוואַרטירט אין דער שטאָט אַלענשטיין. מיט דריי טעג שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע שלאַכט אַרום די מאַזורישע זומפּן. פון ביידע צדדים זענען געווען טויזנטער טויטע. איך בין געווען פון די גליקלעכע לעבנגעבליבענע, וועלכע זענען גענומען גע־וואָרן אין געפאַנגענשאַפט. אין דייטשן געפאַנגענלאַגער נייהאַמער בין איך געווען פיר יאָר מיט צוועלף טעג.

צוריקקומענדיק אַהיים, האָב איך זיך באַלד אַרויסגעלאָזט כאַפּן אַ בליק אויף מיין שטעטל. איך האָב דערזען די יוגנט, וועלכע איז אין צווישנצייט היפּש אונטערגעוואַקסן און איך בין דערשטוינט געוואָרן פון דער קאָלאָסאַלער ענדערונג. יענדזשעוו, וואָס האָט אין 1911 געשמט מיט אַ גרויסער צאָל אינטעליגענץ און מיט אַ יוגנט, וועלכע האָט זיך דערלויבט אַ סך פריַיהייטן, אָבער דאָך אין געוויסע גרענעצן און באַהאַלטע־נערהייט, נישט בפרהסיה, האָט מיטאַמאָל אַראָפּגעוואָרן פון זיך דאָס „שעם־היטל״. איך בין געווען איבעראַשט צו זען, ווי יונגעלייט און מיידלעך שפּאַצירן פריי איבער די טראָטואַרן געאָרעמט. יונגעלייט, וועלכע האָבן אין די יאָרן 1910—1911 געטראָגן לאַנגע קאַפּאָטעס און קליינע חסידישע היטעלעך, געלערנט אין בית־מדרש, זענען איצט שוין געגאַנגען קורץ געקליידט, מיט געגאָלטע פּנימער און מיט שטעקעלעך אין די הענט און זיך געפירט מיט מיידלעך אונטערן אָרעם. זיך נישט געשעמט און נישט געשראָקן פאַר די פרומע יידן פון דער בית־מדרש־גאַס, געגרויכערט פּאַפּיראָסן, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען איינגעפירט מקדמונים...

איך האָב אין שטעטל געפונען אַ פאַרצווייגטע ביבליאָטעק און דאָס איז געווען פאַר מיר אַ זייער אָנגענעמע איבעררעאַשונג און אַ פריידיקע דערשיינונג, ווייל דערצו איז אויך געווען אַ רייך פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעך לעבן, עטלעכע פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי אַלגעמיינע ציוניסטן, „פּועלי־ציון״ און „צעירי־ציון. אַן אַלגעמיינער ציוניסטישער ועד האָט אַרומגענומען אַלע פּאַרטייען, קאָאָרדינירט זייער טעטיקייט און יעדע פּאַרטיי האָט געצאָלט אַ גאַנץ נישקשהדיקע סומע דעם קאָאָרדיניר־קאָמיטעט ער זאָל קענען אָנפירן מיט זיין אַרבעט. אין די אונטן איז די ביבליאָטעק פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ קולטור־צענטער פון יענדזשעוו. די צימערן פון דער ביבליאָטעק זענען



דער ועד פון „צעירי ציון״ אין יענדזשעוו אין יאָר 1919.
פון רעכטס צו לינקס ה. וו. טייכנער, משה וואַקסבוים, נ. אַנקלעוויץ און יעקב ראָזענהאָלץ.

תמיד געווען געפּאַקט מיט יונגוואַרג. מען האָט געלייענט ביכער, דיסקוטירט וועגן זיי, ספּעציעל איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע דאָס בוך פון אָסקאַר ווײַלד „דאָס בילד פון דאָריאַן גריי". די דיסקוסיעס זענען נישט איינמאָל געווען זייער הייסע און אַרויס־גערופן אַפילו אַ היפּש ביסל בייז בלוט. עס זענען אויך פאָרגעקומען לעקציעס אין דער פּוילישער שפּראַך און די לעקטאָרן זענען געווען די לערער פון דער פּוילישער שטאַ־טישער גימנאַזיע. אויך אַ יידישע גימנאַזיע איז געווען אין יענדזשעוו און זי האָט פאַרמאָגט אַ גאָר שיינעם בנין. עס האָבן דאָרט געלערנט אַ גאַנצע ריי באַגאַבטע לערער, ווי אינזש. משה טענענבוים, משה זילבערשטיין, אברהם סאַלאָוויטש, מאיר סאַרפּראַן, דעמבינאַ און פרוי פינקעלשטיין. אַפילו קינדער פון פרומע הייזער זענען אויך געגאַנגען לערנען אין דער גימנאַזיע און געטראָגן די אוניפאָרמען גלייך מיט די קינדער פון די רעפאָרמירטע און פאָרגעשריטענע עלטערן. די שילער און שילערינס פון דער גימנאַזיע האָבן געזאַמלט געלט פאַרן קרן קימת לישראל, און פלעגן אין אַ בלימל־טאָג אַרומגיין איבער אַלע עקן שטאָט פאַרקויפן בלימלעך די יידישע איינוווינער פון שטאָט. בכלל האָט יעדער איינער געהאַט דאָס באַוווּסטזיין און די איבערצייגונג, אַז די יוגנט באַקומט אַ נאַציאָנאַלע דערציאונג און אַז עס וואַקסט אַ גוטע יידישע יוגנט.

יעדן שבת נאָכמיטאָג פלעגט די יוגנט זיך צוזאַמענקומען אין אַ זאַל און איינער פון די לערער האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן אַ געוויסן קולטור־פּראָבלעם. אָפט פלעגט מען אויך אַראָפּברענגען אַ רעפערענט פון וואַרשע אָדער פון קעלץ; די רעפע־ראַטן זענען תמיד געווען זייער גוט באַזוכט.

*

נאָכדעם ווי איך האָב פאַרבראַכט אַ שטיקל צייט אין דער היים, בין איך געוויילט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון ועד־העיר פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. נישט ווייניק פּראָבלעמען פון אינערלעכן כאַראַקטער, זענען דאַן געווען אין ועד־העיר, וואָס האָבן פאַרשאַפט עגמת־נפש און שוועריקייטן. אָבער אַזוי איז געווען די ווירקלעכקייט און די אַרבעט אין אונדזער יענדזשעוו.

היות די פאַרוואַלטונגען פון דער ביבליאָטעק און פון ועד־העיר פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג זענען קיינמאָל נישט געווען גענוג רייך, האָבן ביידע קאָמיטעטן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ דראַמאַטישן קרייז. טראָץ דעם, וואָס עס זענען געווען זייער פיל יונגוואַרג, וואָס האָט זיך ממש געריסן אַריינגענומען צו ווערן אין דעם דראַמאַטישן קרייז, איז אָבער כסדר געווען אַ מאַנגל אין טעאַטער־טאַלאַנטן. אַ שטיקל צייט נאָכ־דעם ווי איך בין צוריקגעקומען קיין יענדזשעוו, האָבן מיר באַשלאָסן אויפצופירן די „קרייצער סאָנאַטע" פון יעקב גאָרדין. מען האָט זיך דערצו געדאַרפט באמת גוט אונטערגאַרטלען, כדי אויסצוקלייבן די ריכטיקע מענטשן פאַר די ראָלן, וואָס זיי זאָלן זיין צוגעפּאַסט. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער אין שטעטל האָט זיך געריסן שפּילן די הויפּט־ראָלע, און עס איז אָנגעקומען ממש מיט קריעת ים־סוף ביז עס איז אונדז געלונגען צוזאַמענצושטעלן די טעאַטער־טרופּע. דערנאָך זענען געקומען לאַנגע און שווערע וואָכן פון איינשטודירן די ראָלן, פּראָבעס, און ווען מען האָט זיך געכאַפּט, אַז די ראָלע פון „עטעניו" ווערט נישט ריכטיק אינטערפּרעטירט, האָט מען אָנגעהויבן זוכן אַ מער פּאַסנדיקע פּערזאָן, וואָס זאָל האָבן די נייטיקע פעיקייטן צו דער דאָזיקער ראָלע. און אַז מיר האָבן שוין געפונען די פּערזאָן, האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתדיקע

שוועריקייטן. די ראָלע האָבן מיר אָנפאַרטרויט דער פרל. חיה בירענשטאָק, די טאָכטער פונעם יענדזשעווער דיין ר׳ שמשון. מיר האָבן אָבער געוווּסט, אַז דאָס איז אַ גרויסע ריזיקע, ווייל אויב דער פאָטער וועט זיך, חלילה, דערוויסן, אַז זיין טאָכטער שפּילט, רחמנא ליצלן, טעאַטער, וועט פון דעם גאַנצן פּלאַן ווערן גאָרנישט מיט נישט.

בסוד־סודות איז מיט איר איינגעשטודירט געוואָרן די ראָלע, און ווען עס איז גע־קומען דער „יום־הדין" — דער טאָג פון דער פאָרשטעלונג, איז דער זאַל פון די שטאָטישע פייערלעשער געווען פול געפּאַקט, אַז מען האָט פּשוט קיין שפּילקע נישט געקאָנט אַראָפּוואַרפן אויף דער ערד. מען קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן דאָס יאָגע־ניש, לויפעניש, האַרצקלאַפּעניש פון די אַרטיסטן־אַמאַטאָרן, פון רעזשיסער, פון קאַסי־רער, פון סופליאָר א״אַ. סוף־כל־סוף האָט זיך דער פאָרהאַנג אויפגעהויבן. דער טומל און געפילדער האָט זיך איינגעשטילט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאָרשטעלונג. עס איז געווען פאַר יעדן איינעם אַ נחת־רוח בייצוזיין ביי דער פאָרשטעלונג, וואָס איז דורכגעגאַנגען גוט און גלאַטיק און אַלע זענען געבליבן זייער צופרידן.

צומאָרגנס איז דאָס שטעטל געגאַנגען אויף רעדלעך. קינד און קייט האָבן גערעדט וועגן דער געלונגענער פאָרשטעלונג. די טאָכטער פונעם דיין איז אַוודאי געווען צו־פרידן, ווייל דער פאָטער האָט איר אַפילו קיין מוסר נישט געזאָגט. די פאַרוואַלטונגען פון דער ביבליאָטעק און פון ציוניסטישן ועד־העיר זענען אויך געווען צופרידן, ווייל זייערע קאַסעס זענען באַרייכערט געוואָרן מיט אַ היפּשער סומע זייער נייטיקע זלאָטעס.

פאלקס פראקציע צעירי-ציון אין יענדזיעי.

פ ר א ג ר א ם

שבת דעם 17-טען ד. ח. 7 אווענד ווערט אויפגעפיהרט דורך היגע אמא־טארען די בעוואוסטע דראמא אין 4 אקטען פון יעקב גארדין

„קרייצער־סאנאטא"

פערזאנען:

| | |
|---|---|
| ראפאעל פרידלענדער א רייכער פאדריאטשיק . | . ה׳ ה. שטערן |
| חוה זיין פרוי . . , . . | . פרל׳ פ. הענציצנסקי |
| עטי זייער עלטערע טאכטער | *.* |
| צילינע זייער צווייטע טאכטער . . . | . פ־ל׳ פ. זילבערשטיין |
| סאמועל זייער זוהן . . . . . | . ה. מ. שענקער |
| אפרים פידלער אבלי-זמר . . . . | . ה׳ ש. טענענבוים |
| ביילע זיין פרוי | *.* |
| גרעגואר זייער זוהן . . . . . | . ה׳ נ. עדעליסט |
| נאטאשא אנ׳אלטע רוסישע פרוי ביי פרידלענדער אין הויז | ה׳ מ. הענציגנסקי |
| אלבערט עטים זוהן . . . . . | . ה׳ מ. זילבערשטיין |

ערשטער אקט אין קרעמענטשוג, רוסלאנד 3 אקטען אין אמעריקא

צווישען ערשטען אין צווייטען אקט 7 יאהר

רעזשיסער:

נ. עדעליסט

קלמן כענטשינסקי
חולון

# מיינע זכרונות פון אמאליקן יענדזשעוו

## א



אין די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָב איך זיך גרינטלעך אויסגעלערנט דאָס דרוקער־פאַך. כ׳בין נאָך דעמאָלט געווען זייער יונג, אָבער די שווערע לעבנס־באַדינגונגען אין דער היים האָבן מיך געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די שול און זוכן אַ מקור פון פרנסה, כדי צו פאַרלייכטערן דעם מצב אין שטוב. אין די אָוונטן האָב איך פאַרפולקאָמט מיין בילדונג און געלערנט דאָס, וואָס אַנדערע קינדער האָבן געלערנט אין שול בייטאָג. כ׳בין געווען צופרידן, ממש גליקלעך פונעם רעיון, אַז איך וועל האָבן די מעג־לעכקייט אַריינצוברענגען אין אונדזער שטוב אַריין דאָס, וואָס עס האָט אַזוי געפעלט: ברויט צו דער זעט! און אַזוי איז עס טאַקע געשען, מיין יונג האַרץ איז געוואַקסן פון פרייד. איך האָב זייער ליב געהאַט מיינע עלטערן, און איבערהויפּט פאַרן טאַטן האָב איך געהאַט דעם גרעסטן דרך־ארץ. איך האָב אין אים געזען אַן אויסנאַם־טיפּ, אפשר איז עס געשען דערפאַר, וואָס איך האָב געזען ווי זייטיקע מענטשן דרייען זיך אַרום אים און ווילן געניסן פון זיין חכמה.

שוין אין מיינע יינגסטע יאָרן האָב איך געפילט, אַז מיין פאָטער איז אַ ייד מיט גרויס וויסן. נאָך אַלס קינד פלעגט ער מיר פאַרענטפערן פיל פראַגן, וואָס זענען מיר דעמאָלט געווען שווער צו באַגרייפן. ווען איך בין אַ ביסל עלטער געוואָרן, איז מיין ליבשאַפט צו אים געוואָרן פיל שטאַרקער. איך האָב אים שוין דאַן דערקענט אַלס אַ ייד אַ תלמיד־חכם מיט טיפן יידישן און אַלגעמיינעם וויסן. איך האָב אים עד היום נישט פאַרגעסן, ער לעבט אין מיין זכרון און איז טיף איינגעבאַקן אין מיין האַרץ און אין מיין נשמה אויף אייביק;

מיין פאַך האָב איך געלערנט אין דער דרוקעריי פון זלמן מאָרדקאָוויטש, דאָרטן בין איך אויך רייף געוואָרן אַלס מענטש, וואָס האָט באַקומען אַן אייגענעם בליק אויפן לעבן. איך האָב אָנגעהויבן פיל לייענען און פאַרשטיין דאָס געלייענטע און אָנגעהויבן אונטערשיידן צווישן שלעכטס און גוטס. איך האָב דאַן פאַרשטאַנען, אַז דער אַרבעטער ווערט אויסגענוצט און אַז ער איז מחויב צו קעמפן פאַר זיינע רעכט, בכדי צו פאַרבעסערן זיינע סאָציאַלע באַדינגונגען. אין יענע יאָרן האָט מען געאַרבעט פון פרימאָרגן ביז שפּעט ביינאַכט; איך האָב זיך אָנגעהויבן בונטעווען קעגן דעם אויף אַן אינסטינקטיוון אופן און נישט ווי אַ רעזולטאַט פון באַוווסטזיניקער איבערצייגונג, אַז איך דאַרף פאַרבעסערן מיינע אַרבעטס־באַדינגונגען.

אין יענער צייט האָב איך נישט פאַרשטאַנען געווי, ווי אַזוי אויסצוטרעטן זיך אַ וועג און דערגרייכן דערצו, אַז אַחוץ דער אַרבעט זאָל איך נאָך האָבן אַ ביסל צייט פאַר זיך זעלבסט.

אין יאָר 1913 האָבן די שילער פון יענדזשעווער לערער־סעמינאַר, וואָס האָט זיך געפונען הינטערן קלויסטער, אין דער געביידע פון „קאָשטשאָל שוויענטעגאָ קאַדלובקאַ”, געמאַכט אַן אויס־פלוג אַזש קיין פעטערבורג. ווען זיי זענען צוריקגעקומען האָבן זיי געשריבן איינדרוקן און איבער־לעבונגען און איך בין געווען דער זעצער און דרוקער פון זייער בוך. דאָס איז געווען מיין ערשטע אַרבעט אַלס דרוקער פון אַ רוסיש בוך. איך האָב אָנגעהויבן די אַרבעט מיט גרויס חשק און איך האָב שוין געהאַט אויסגעזעצט אַרום זעכציק זייטלעך, וואָס זענען אויך שוין געווען קאָרעגירט פון די סעמינאַריסטן און גרייט צום דרוק. פּלוצים האָב איך באַקומען אַ מעלדונג פון דער דירעקציע פונעם סעמינאַר, וואָס האָט באַפוילן איבערצורייסן די אַרבעט, נישט אָנגעבנדיק קיין שום מאָטיוו. געווען איז עס אין זומער 1914. דער זומער איז יענץ יאָר געווען אַ באַזונדערס „הייסער”...

אייניקע טעג פאַר תשעה־באב, ווען איך בין שוין געשמאַק געשלאָפן, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין דער טיר; עס איז געווען דער פּאָוויאַטאָווער זשאַנדאַר, און ער האָט געפרעגט: „זדי׳עס זשי־וויאָט גאָספּאָדין כענטשינסקי?”. מיר האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן, דער באַזוך פון אַ רוסישן זשאַנדאַר איז קיינמאָל נישט געווען קיין גוטער סימן. ער האָט געפרעגט, צי דער זון, דער דרוקער,

איז אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ טיפן טרויער, אָבער לאַנג צו טרויערן איז אויך נישט געבליבן קיין צייט, באַלד האָבן זיך באַוויזן די ערשטע גרענעץ־אָפּטיילונגען פון די רוסישע קאָזאַקן.

ווען די זעלנער זענען אַנטלאָפן פון סאָסנאָוויץ, טשענסטאָכאָוו און אַנדערע גרענעץ־שטעט, האָבן זיי שוין באַוויזן צו ראַבירן. עס איז אַנטשטאַנען אַ בהלה אין אַלע שטעט און שטעטלעך און יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ווו מען האָט נאָר געקאָנט.

די אָרטיקע רוסישע מאַכט מיטן פּאָוויאַטאָווע נאַטשאַלניק גלאָוואַצקי בראש, האָט פאַרלאָזט יענדזשעוו. ער האָט פאַרזיכערט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער זיין צוריק. ווי נאָר זיי האָבן פאַרלאָזט די שטאָט איבערלאָזנדיק אַלץ אויף הפקר, האָט די פייערלעשער־אָפּטיילונג אָרגאַניזירט אַ ציווילע מיליץ, כדי אָפּצוהיטן די שטאָט פון גניבות און אָנפאַלן מצד די כוליגאַנעס. דאָנערשטיק איז דער יאַריד פאָרגעקומען נאָרמאַל, פויערים זענען געקומען פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן און יידן זיך געגרייט צום שבת ווי אַלעמאָל, יידן זענען געגאַנגען דאַווענען, די נאַכט איז געווען אַ איינקויפן סחורות. דאָך האָט זיך געפילט, אַז דער יאַריד איז נישט ווי אַלעמאָל. דערווייל האָבן פינצטערע און די יידן האָבן וואו־נישט־ווו געהיטן זייערע הייזער.



די קלויסטער־גאַס אין יענדזשעוו.

פלוצים איז געוואָרן אַ געלויף איבער די גאַסן, און כפּעציעל אין די באַווינטע דורך דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. יונגוואַרג און עלטער׳ע מענטשן, ווי אויך יידישע חברה־לייט, זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון וואָידיסלאַווער שאָסיי. מען האָט געזאָגט, אַז דאָרט, הינטערן באַרג, העט־ווייט נאָך דער מקוה, איז צוגעקומען מיליטער אין בלויע מונדירן, וואָס רעדן נאָר פויליש און דאָס זאָלן זיין די לעגיאָנערן פון דער עסטרייכישער אַרמיי מיט אַ סך פּאָליאַקן. מען האָט אויך פאַרזיכערט, אַז דער הויפּט־אָנפירער זייערער, יוזעף פּילסודסקי, געפינט זיך אויך צווישן זיי. די עלטערע מענטשן האָבן וועגן דעם גערעדט שטיל, מען האָט משמעות מורא געהאַט פאַר די קאָזאַקן, זיי זאָלן פלוצים נישט אָנקומען און נקמה־נעמען דורך שלאָגן מכות־רצח און בלוט־פאַר־גיסונגען. אָבער די קליינע קונדייסים זענען מיט אייפער און נייגיר אַנטקעגנגעלאָפן די זעלנער מיט אויסגעשרייען: „זאָל לעבן פּוילן, זאָל לעבן פּילסודסקי!”. אַזוי האָבן אונדז געלערנט די פּאָליאַקן צו שרייען און אַזוי האָבן מיר, צוזאַמען מיט זיי, אָפּגעטון דאָס שטיקל אַרבעט. מיר זענען צוגעקומען נאָענט צו די סאָלדאַטן מיט גרויס שמחה און טאַקע זיך אויסגעשמועסט מיט זיי אויף פויליש. זיי זענען געזעסן אויף קליינע פויערישע דאָרפס־פורלעך, וואָס זיי האָבן רעקווירירט ביי פויערים פון די אַרומיקע דערפער. זיי האָבן אונדז אויסגעפרעגט, צי די רוסן געפינען זיך נאָענט און האָבן גלייך אָנגעהויבן מאַרשירן אין שטאָט אַריין, זינגענדיק פּוילישע פּאַטריאָטישע לידער פון די לעגיאָנען. פאַר אונדז קליינוואַרג איז עס געווען אַ גרויסע שמחה און מיר זענען געווען איבערראַשט צו זען „אמתדיקע ביקסן” אויף די אַקסלען פון די זעלנער. זיי האָבן באַלד רעקווירירט דאָס הויז פון פערענסן און אין דער דירה פון פרוי ד״ר באַשע עפּשטיין האָבן זיי איינגעאָרדנט זייער קאָמענדאַנטור. דאָרט איז איינגעשטאַנען דער הויפּט־קאָמאַנדיר און אַנדערע קאָמענדאַנטן פון די לעגיאָנען, וואָס זענען אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן גאָר וויכטיקע מלוכה־מענער.

די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז געווען אויסער זיך פון פרייד, עס האָט ביי זיי אויפגעלעבט די האָפענונג וועגן דער אויפריכטונג פון דער פוילישער זעלבשטענדיקייט. דער שטאָט־קאָמענדאַנט האָט געשאַפן אַ מאָביליזירונגס־ביוראָ און זייער אַ סך פרייוויליקע האָבן זיך פאַרשריבן אין די פוילישע לעגיאָנען, צווישן זיי איז אויך געווען אַ קליינע גרופּע יידן, אויסגעשפּראָכענע אַסימי־לאַטאָרן און אויך סתם־יידן.

עס זענען אַריבער עטלעכע טעג און דאָס לעבן האָט זיך אַ ביסל נאָרמאַליזירט. אומעטום האָט מען געהערט זינגען די לעגיאָנערן־לידער, די נייע פרייוויליקע האָט מען גלייך געלערנט די מלאָכה פון פירן מלחמה, עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַזוי וועט עס שוין פאַרבלייבן אויף אַ לענגערע צייט, אָבער קיינער האָט נישט געקאָנט פאָרויסזען דעם סוף. עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ גאַנצע ריי באַפעלן פון דער לעגיאָנערן־קאָמענדאַנטור, אָבער זיי האָבן נישט געשטערט דעם נאָרמאַלן גאַנג פון לעבן. יידן האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, ווייל די שטימונג צווישן די לעגיאָנערן לגבי די יידן איז געווען אַ גוטע און מען האָט געפילט, אַז עס הערשט ביי זיי אַ דעמאָקראַטישער גייסט. אַזוי זענען אַדורך עטלעכע וואָכן. דערווייל האָט מען איבערגעגעבן, אַז די לעגיאָנערן זענען אַפילו נישט דערגאַנגען ביז קעלץ, זיי זענען אַפילו אַריין אין דער שטאָט און דאָרט געבליבן אַ טאָג־צוויי, אָבער נאָך אַ קאַמף מיט די קאָזאַקן, האָבן זיי געמוזט אָפּטרעטן.

אין יענדזשעוו איז דאָס לעבן דערווייל ווייטער געגאַנגען נאָרמאַל; דאָנערשטיק פלעגט פאָר־קומען דער יאַריד, עס זענען דאַן געווען שיינע זומערדיקע טעג, פּויערים זענען געקומען מיט פולע וועגענער און אויך אין די געשעפטן איז געווען אַ סך סחורות, אַלע האָבן געהאַנדלט, געקויפט און פאַרקויפט, פונקט ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען קיין מלחמה אויף דער וועלט.

אין אַזאַ יאַריד־טאָג, ווען דער האַנדל־וואַנדל איז אָנגעגאַנגען לעבעדיק, איז פלוצים אויסגע־בראָכן אַ גרויסע בהלה; די לעגיאָנערן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צום מאַרק און צווישן די קרעמלעך, שרייענדיק, אַז אַלע זאָלן וואָס שנעלער גיין אַהיים. די געשעפטן האָבן זיך גיך געשלאָסן און די קרעמער האָבן נאָר טיילווייז באַוויזן צו פאַרנעמען אַהיים זייערע סחורות. די פאַרבליבענע סחורות אויפן מאַרק און די פאַרמאַכטע קרעמלעך, זענען געבליבן הפקר און מען האָט אָנגעהויבן צו ראַבירן די סחורות. דער באַפעל איז געווען, אַז אַלע איינוווינער פון שטאָט מוזן פאַרבלייבן אין זייערע דירות, פאַרשליסן טיר און טויער און זיך נישט ווייזן אין גאַס, ווייל עס דראָט אַ סכנה פאַרן לעבן.

די גאַסן זענען באַלד אויסגעליידיקט געוואָרן פון מענטשן און עס האָט געהערשט אַ שטילקייט ווי עס וואָלט דאָרט קיין לעבעדיק נפש נישט געווען. דער פחד איז געווען גרויס און מען האָט פאַרהאָנגען די פענצטער, כדי נישט צו זען, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. די נאַכט איז צוגעפאַלן, אין שטעטל איז געווען שטאַרק פינצטער, קיין עלעקטריש ליכט איז נישט געווען און אָנצינדן אין שטוב אַ ליכט אָדער אַ לעמפּל, איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. קיינער איז יענע נאַכט נישט געשלאָפן, יעדנס אויער איז געווען אָנגעשפּיצט צו הערן וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. אָבער אין שטעטל האָט געהערשט אַ בית־הקברות־שטילקייט. ווען עס איז אָנגעקומען פרייטיק פאַרטאָג האָט איינער פון אונדזער הויז זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן דאַך אַ קוק צו טון, וואָס עס טוט זיך אין דרויסן, אָבער ער איז גלייך אַראָפּ אַ דערשראָקענער פון דער טויטער שטילקייט, וואָס עס האָט געהערשט אויף די גאַסן.

ווען עס איז געוואָרן גרויסער טאָג איז פון שכנס הויז אַרויס אַ „דעלעגאַציע", כדי צו זען, וואָס עס קומט פאָר און טאַקע אויך גיין אין מאַרק אַריין זוכן ברויט. נאָך אַ געוויסער צייט זענען זיי געקומען אָנזאָגן, אַז די שטאָט איז פריי פון די לעגיאָנערן, זיי זענען נעכטן פאַרנאַכט,, העגדום פּעגדום, אַנטלאָפן פון שטאָט און אונדז געהייסן זיצן אין די הייזער...

אין שטאָט איז נישט פאַרבליבן קיין מיליטער. עס האָט זיך באַלד אָרגאַניזירט אַ „סטראַזש אָביוואַטעלסקאַ" (אַ בירגער־וואַך), און זי האָט איבערגענומען די מאַכט איבער דער שטאָט. יידן האָבן אָנגעהויבן זיך גרייטן צום שבת ווי מען האָט נאָר געקאָנט. די בעקערס האָבן אויף שנעל געבאַקן חלות און גלייך האָט זיך כמעט אַלץ איינגעשטעלט ווי קיינמאָל גאָרנישט, עס איז נאָר געווען איין אויסנאַם — יעדער האָט „מקבל שבת" געווען ביי זיך אין דער היים, אָדער מיט נאָך יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין זעלבן הויז. צומאָרגנס, שבת, זענען יידן שוין געגאַנגען צום דאַווענען, ווער אין זיין „שטיבל" אָדער בית־מדרש און אַלע זענען בשלום אַהיימגעקומען. מען האָט געמאַכט „קידוש", אָפּגעגעסן וואָס מ'האָט געהאַט אין שטוב. פלוצים אַ ידיעה — צוויי יונגע קאָזאַקן מיט פּיקעס האָבן זיך באַוויזן פאַר דער בריק פון דער קעלצער גאַס, מיט אָנגעלאָדענע ביקסן. זיי האָבן צוגערופן אַ קריסט און געפאָדערט פון אים ער זאָל, אין זייער אָנוועזנהייט, דורכגיין די

בריק הין־און־צוריק, און ווי נאָר זיי האָבן זיך פאַרזיכערט, אַז די בריק איז נישט אונטערגעמינירט, זענען זיי מיט אַ גאַלאָפּ אַוועק אויפן שטאָטישן מאַרק. אין דער רגע ממש האָבן זיך באַוויזן צוויי יידן מיט ווייסע בערד און אין זייערע הענט האָבן זיי געהאַלטן אַ זילבערנע טאַץ מיט ברויט און זאַלץ, אַלס אויסדרוק פון ליבלעכן קבלת־פּנים מצד די יענדזשעווער יידן. זיי האָבן געוואָלט אַזוי אַרום פאַרמיידן אַ שחיטה אויף יידן.

די קאָזאַקן זענען געווען צופרידן און זיי האָבן אָנגעהויבן זיך אויספרעגן, צי עס איז נאָך דאָ פאַראַן עסטרייכיש מיליטער. מען האָט זיי געזאָגט, אַז אין שטאָט געפינט זיך שוין נישט קיין שום מיליטער, זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן, פאַרבליבן אין מאַרק אַ האַלבע שעה און דערנאָך צוריק פאַרשווּנדן. קורץ דערנאָך איז אָנגעקומען אַ מחנה קאָזאַקן מיט און אָן בערד און זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צום מאַרק, עס איז געווען אַ שרעק צו קוקן אויף זייערע פּנימער. הגם די יידן האָבן זיי געמאַכט אַ קבלת־פּנים און מען האָט זיי אויך געגעבן עסן און טרינקען און דאָס יונגוואַרג האָט אַפילו געבראַכט עמערס מיט וואַסער אָנצוטרינקען די פערד, זענען דאָך געווען פאַלן פון רויב ביי איינצלנע יידן אָבער חלילה נישט קיין רציחות. זונטיק האָבן זיך באַוויזן גרויסע מחנות רוסיש מיליטער פון פאַרשידענע פאָרמאַציעס מיט האַרמאַטן און אַנדערע כלי־זין און זיי זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון קראָקע. פאַר די יידן איז געוואָרן אַן אמתער גהינום; עס האָבן זיך אָנגעהויבן גניבות און רציחות, עס איז שווער געווען צו באַקומען ברויט, ווייל די בעקערייען האָבן געבאַקן נאָר פאַרן מיליטער, עס איז געווען אַ פאַל, ווען פעלדמאַנס טאָכטער פון דער „טומאה״־גאַס, אַ מיידל פון 13 יאָר, איז דערשאָסן געוואָרן דורך אַ סאָלדאַט אין דער בעקעריי פון זעליק בעקער, בעת זי האָט געבעטן אַ ברויט פאַר געלט. די מהומה און פחד צווישן די יידן איז געוואָרן זייער גרויס, די שטאָט איז פון טאָג־צו־טאָג באַזעצט געוואָרן מיט מער מיליטער, זיי האָבן געגעכטיקט אין די הייזער פון דער באַפעלקערונג און גניבות זענען געוואָרן אַ נאָרמאַלע, טאָג־טעגלעכע דערשיינונג.

אויף אייזיק שטראָסבערג, וועלכער איז געשטאַנען אין טלית, שבת ביים דאַווענען, האָט מען געמאַכט אַ בילבול, אַז ער איז אַ שפּיאָן, די רוסן האָבן געוואָלט אים אויפהענגען; יידן־גבירים האָבן זיך משתדל געווען און קוים אים אָפּגעראַטעוועט פון דער זיכערער תליה. דאָס לעבן בכלל איז געוואָרן הפקר; אַחוץ די גניבות פלעגט מען אַרעסטירן אויך יידן פאַר סימפּאַטיזירן מיט די פּוילישע לעגיאָנען, עס איז געווען אַ מסירה אויף עטלעכע יידן, וואָס האָבן געמוזט זיך צושטעלן צו די לעגיאָנען און זיי זענען אַרעסטירט געוואָרן, אָבער נאָך גרויסע השתדלותן האָט מען זיי באַפרייט.

אַזוי זענען אַדורך עטלעכע וואָכן. די רוסן האָבן געליטן גרויסע מפּלות הינטער קראָקע און האָבן געמוזט אין איילעניש אָפּטרעטן. די עסטרייכישע אַרמיי איז געגאַנגען פאָרויס און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן די רוסן פאַרלאָזט אונדזער שטאָט. עס איז פאָרגעקומען אַ קורצער קאַמף אַרום דער שטאָט און באַלד דערנאָך האָבן די עסטרייכער אַריינמאַרשירט מיט אַלע זייערע קריגס־מכשירים קיין יענדזשעוו.

אין דער עסטרייכישער אַרמיי זענען אויך געווען טשעכישע, אונגאַרישע און פּוילישע פאָלקן און זיי האָבן מאַרשירט ביז קראַשניק. נאָך אייניקע וואָכן האָט זיך דער גורל פון דער מלחמה ווידער־אַמאָל געענדערט און די רוסן זענען אויפסניי אַריין קיין יענדזשעוו. עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן שלעכטע צייטן און דאָס לעבן איז ווידער געוואָרן פאַר יידן אַ גיהנום. צום גליק האָט דאָס לאַנג נישט געדויערט, די רוסן האָבן באַקומען שטאַרקע קלעפּ און געליטן פאַרלוסטן, זיי האָבן פאַרלאָזט יענדזשעוו און אין פאַרלויף פון גאַנצן ווינטער, לאַנגע זעקס חדשים, האָט זיך דער פראָנט איינגעשטעלט צווישן יענדזשעוו און פּינטשעוו, די עסטרייכער זענען געווען אין יענדזשעוו און די רוסן אין פּינטשעוו. ווען עס איז געקומען דער פרילינג האָבן די עסטרייכער אָנגעהויבן אַ גרויסע אָפענסיווע און אָפּגעשטויסן די רוסן העט־ווייט פון אונדזער געגנט.

ווי באַקאַנט, האָט די מלחמה געדויערט כמעט פיר יאָר. אונטער דער עסטרייכישער הערשאַפט האָט זיך די יידן געלעבט פיל בעסער ווי אונטער דעם צאַרישן רעזשים. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ געזעלשאַפטלעך לעבן און עס האָבן זיך אָרגאַניזירט ציוניסטישע פאַרטייען און סאָציאַליסטישע פאַראיינען אויף דער יידישער גאַס. אַלע האָבן געהאָפט, אַז ווי באַלד די מלחמה וועט זיך ענדיקן וועט פאַר יידן זיך אָנהייבן אַ נייע צייט און אַ פריי לעבן. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1917, ווען עס זענען אויסגעבראָכן די רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען געזען דאָס משונהדיקע בילד ווי אַזוי די פּאָליאַקן זענען

באַפאַלן די דייטשע און עסטרייכישע אָפיצירן און סאָלדאַטן און צוגענומען ביי זיי דאָס געווער. די זעלנער און אָפיצירן האָבן זיך כמעט נישט קעגנגעשטעלט און אַוועקגעגעבן זייער געווער. פוילן איז געוואָרן פריי, אָבער פאַר יידן זענען די ערשטע טעג פון דער פוילישער פרייהייט געווען שווערע; די פּאָגראָמען, וואָס זענען פּאָרגעקומען זענען טאַקע געווען אין קליינעם מאָסשטאַב, אָבער דאָס געפיל איז געווען, אַז דאָס לעבן פון ייד איז הפקר. גלייך דערנאָך האָבן אָבער די יידן זיך אָרגאַניזירט און אָנגעהויבן קעמפן פאַר זייערע רעכט און פאַר די יידישע אינטערעסן. די יידישע כלל־טוער האָבן אַנטוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט און אַריינגעטראָטן אין פוילישן פאַרלאַמענטאַרישן לעבן.

עס האָט זיך געעפנט אַ נייַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן.

ב

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך דערגענטערט צו איר סוף, אַ דאַנק די רעוואָלוציעס, וואָס זענען אויסגעבראָכן אין צאַרישן רוסלאַנד, אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך. פוילן האָט באַקומען איר זעלבשטענדיקייט נאָך דער פיליאָריקער פאַרשקלאַפונג און זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אומאָפּהענ־גיקער רעפּובליק. די יענדזשעווער יידישע קהילה, צוזאַמען מיטן אַלגעמיינעם פוילישן יידנטום, האָט דערזען אין דער באַנייאונג פון דער פוילישער מלוכהשאַפט אויך איר אייגענע באַפרייאונג. מ׳האָט געהאָפט אויף נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. פאַר יידן איז דאָס געווען די סיבה פון דער פרייד צוזאַמען מיטן פוילישן פאָלק. מען האָט געהאָפט אויף אַ בעסערן מאָרגן און מען האָט געגלייבט, אַז דער מאַרשאַל יוזעף פילסודסקי וועט מיט דער באַנייאונג פון דער פוילישער זעלבשטענדיקייט, אויך ברענגען פרייהייט פאַר יידן.

עס איז אויסגעוויילט געוואָרן דער ערשטער געזעצגעבערישער סיים (פוילישער פאַרלאַמענט), אין וועלכן עס זענען אַריין אויך יידישע דעפּוטאַטן מיט יצחק גרינבוים און אַפּאָלינאַרי מאַקסימיליאַן האַרטגלאַס בראש. זיי האָבן געשאַפן אַ „קאָלאָ" פון אַלע יידישע דעפּוטאַטן פון סיים און סענאַט.

גלייך אין די ערשטע חדשים פון איר זעלבשטענדיקייט האָט פוילן מאָביליזירט אַן אַרמיי פון עטלעכע יאָרגענג און עס איז אויסגעבראָכן אַ קורצע אָבער בלוטיקע מלחמה, מיט דער באָלשעוויס־טישער האַלב־צעפּאַלענער אַרמיי; עס איז דעמאָלט געגאַנגען וועגן גרענעץ־פאָדערונגען און די רויטע אַרמיי איז דאַן צוגעקומען אַזש ביז צום טייך ווייסל. אָבער שוין נעבן וואַרשע איז די רויטע אַרמיי צוריקגעשטויסן געוואָרן, מיטן חסד פון פראַנצויזישער מיליטערישער הילף, דערנאָך איז געוואָרן שלום. אין דער מלחמה האָבן זיך באַטייליקט פיל יידן אין דער נייער פויל־שער אַרמיי.

אין יענער תקופה האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַ גרויסע יידן־העצע און דאָס יידישע לעבן איז געוואָרן הפקר, עס זענען פאָרגעקומען פּאָגראָמען אין קעלץ און אין אַנדערע אַרומיקע שטעט. אין יענדזשעוו האָט מען באַקומען אַ ידיעה, אַז אויפן דאָנערשטיקדיקן יאַריד, ווען די קרעמער וועלן זיין מיט זייער סחורה אין גאַס, וועלן די פּויערים, וואָס זענען כסדר אונטערגעהעצט געוואָרן דורך די „ענדעקעס" (די פּוילישע רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי), קומען מיט זעק, כדי צו ראַבעווען דאָס יידישע האָב־און־גוטס. מען האָט אויך געוווסט צו דערציילן, אַז די פּויערים וועלן קומען באַוואָפנט מיט מעסערס און העק און וועלן אויך דורכפירן אַ גרויסע שחיטה אויף יידן. אויך דאָס שטעטל וואָידיסלאַוו, נישט ווייט פון יענדזשעוו, האָט זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם. די שטימונג אין אונדזער געגנט איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע, ווייל מיר האָבן געוווסט, אַז די פּוילישע פּאָליציי וועט נישט זיין בכוח — ווען זי וועט אַפילו וועלן — זיך קעגנצושטעלן די פּאָגראָמשטשיקעס און באַהערשן דעם מצב, ווען עס זאָל קומען צו אַ בלוטיקן איבערפאַל.

די יענדזשעווער קהילה, בראש מיטן אינזשיניער משה טענענבוים, יעקב (קאפקע) אינגבער, משה זילבערשטיין האָבן גערופן אַ פאַרזאַמלונג אין שטאָטישן בית־מדרש און מען האָט באַשלאָסן זיך צו ווענדן מיט אַ מעמאָריאַל צום מאַרשאַל יוזעף פילסודסקי און צו די יידישע סיים־דעפּוטאַטן מיט יצחק גרינבוים בראש, אַז זיי זאָלן אינטערווענירן מיט אַן אינטערפּעלאַציע אין סיים, כדי צו פאַרזיכערן דאָס לעבן און פאַרמעגן פון די יידן קעגן נייע פּאָגראָמען, וואָס מען גרייט צו אַלס צולאָג צו די, וואָס זענען שוין פאָרגעקומען. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ דעלעגאַציע פון צוויי פּערזאָן, וואָס זאָלן פאָרן קיין וואַרשע און איבערגעבן דעם פוילישן מאַרשאַל די פּעטיציע פון דער קהילה. די דעלעגאַטן זענען געווען אינזשיניער משה טענענבוים און יעקב (קאפקע) אינגבער. די אינטערווענץ האָט געהאַט דעם געהעריקן דערפאָלג און עס איז אָנגעקומען אַ שטרענגער באַפעל

פון וואַרשע צו דער פּאָליציי און אַלע אַנדערע מאַכט־אָרגאַנען פון יענדזשעוו, נישט צו דערלאָזן צו קיין פּאָגראָם, און אַזוי אַרום איז אויסגעמיטן געוואָרן אַן אומגליק פון אונדזער שטאָט (מיר דרוקן אין דעם יזכור־בוך אַ פאָטאָסטאַטישע קאָפּיע פונעם אָרגינעלן און זייער אינטערעסאַנטן מעמאָראַנדום און אויך אַ העברעאישע איבערזעצונג, וואָס אילוסטרירן דעם כאַראַקטער פון יענער תקופה אין פוילן). טראָץ דעם, וואָס די מאַכט האָט אַלעמאָל געגעבן נייע הבטחות אָפּצושטעלן די רדיפות אויף יידן, האָט דאָס שלאָגן יידן אויף די באַנען נישט אויפגעהערט, ווי אויך דאָס באַפאַלן זיי אויף די גאַסן אין קלענערע און גרעסערע שטעט, הגם דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען די מלחמה מיט די באָלשעוויקעס איז געווען אין פולסטן ברען און עס האָבן זיך אַנטוויקלט בלוטיקע קאַמפן, ביי וועלכע פיל יידישע בחורים האָבן אַוועקגעגעבן זייער לעבן פאַר פוילן. דאַן איז אויך אָנגעקומען דער גענעראַל האַלער מיט זיין אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען פון לויטער אַנטיסעמיטן, ענדעקעס און בכלל פאַרדעכטיקע טיפּן, און זיי האָבן אָנגעהויבן מאַכן איבערפאַלן אויף יידן און ספּעציעל רייסן יידישע בערד אין די באַנען און אויף די גאַסן. עס זענען אויך פאָרגעקומען בלוטיקע פאַלן פון אַרויסוואַרפן יידישע פּאַסאַזשירן דורך די פענצטער פון די לויפנדיקע באַנען.

אין יענער צייט איז געשען נאָך אַ שרעקלעכע זאַך אינעם נייעם פוילן. די פוילישע מיליטערישע מאַכט האָט פאַראָרדנט אַרויסצונעמען די יידישע סאָלדאַטן און אָפיצירן פון אַ גאַנצער ריי פאַרמאַציעס און זיי אינטערנירן אַלס „נישט לאָיאַלע בירגער”, אין דעם טרויעריק באַרימטן אינטערני־רונגס־לאַגער „יאַבלאָננע”. עס איז בכלל נישט לייכט צו באַשרייבן די צרות און באַליידיקונגען, פּיין און ליידן, וואָס די יידישע זעלנער האָבן דורכגעמאַכט אין דער פוילישער אַרמיי, און דאָס אַלץ איז געשען — ווי שוין געזאָגט — ווען יידישע סאָלדאַטן האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט אויף די פראָנטן אין דער מלחמה, וואָס איז דעמאָלט געפירט געוואָרן קעגן די באָלשעוויקעס.

ערב דער מאָביליזאַציע פון דער פוילישער אַרמיי, בין איך און מיינע חברים געווען אין פולן ברען פון געזעלשאַפטלעכער און פּועלי־ציוניסטישער אַרבעט אין יענדזשעוו. די חברים ישראל גורטמאַן, הירשל טרייסטער, מענדל דאַנציגער, רבקה זאַראַמב, חנה קאַמראַט און נאָך אַ סך אַנדערע, זענען געשטאַנען ביי דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט. בראש פון דער טעטיקייט איז געשטאַנען דער באַקאַנטער יענדזשעווער עסקן יהודה דן ז״ל. אָבער אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן מיר געמוזט איבעררייסן אונדזער פאַרצווייגטע טעטיקייט און מיר זענען אַוועק אין דער אַרמיי קעמפן פאַר אַ זאַך, וואָס איז נישט געווען אונדזערס. אין אַ געדריקטער שטימונג און שווער געמיט, האָבן מיר זיך מאָביליזירט און יעדער פון אונדז איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַן אַנדער פּלאַץ, און נאָך אַ קורצער צייט פון איבונגען זענען מיר געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט.

מיר האָט דער גורל צוגעשפּילט. זייענדיק פון פאַך אַ דרוקער, האָט מען מיך צוגעטיילט אין אַ דרוקעריי פון שטאַב. פריער האָט מען מיך געלערנט וויאַזוי זיך אומצוגיין מיט אַ מאַשין־געווער און דערנאָך בין איך אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַ מיליטערישער דרוקעריי, ווו איך האָב געאַר־בעט ביים דרוקן געהיימע באַפעלן. מיין אַרבעט איז געגאַנגען נאָרמאַל, מיין שעף האָט זיך נישט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן אויף מיר און ער האָט טאַקע אויך נישט אַרויסגערוקט קעגן מיר קיין שום טענות. אין אַ קורצער צייט בין איך געוואָרן איינער פון די מומחים ביי דער דאָזיקער אַרבעט.

אין דער דאָזיקער צייט האָט די פוילישע אַרמיי דערגרייכט צו די פעריפעריעס פון קיעוו, אָבער דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט; די באָלשעוויסטישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן אַ קאָנטר־אָפענסיווע, וואָס איז געפירט געוואָרן בעיקר דורכן גענעראַל בודיאָני. פוילן האָט באַקומען שווערע קלעפּ, איר אַרמיי האָט געמוזט כסדר אָפּטרעטן און איז נישט געווען בכוח איינצוהאַלטן דעם פאָרויס־מאַרשירנדיקן כוח פון דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט זיך דערנענטערט אַזש ביז וואַרשע. ס'האָט געדראָט, אַז אויך וואַרשע זאָל פאַלן. פוילן האָט קאָנצענטרירט אַלע אירע כוחות ביי וואַרשע און עס איז שנעל אָראָפּגעקומען פון פאַריז דער גענעראַל פאָש אַלס דער „מלאך המושיע”, וואָס האָט געדאַרפט אָנפירן מיט דער נייער פוילישער פאַרטיידיקונג און קעגן־אָפענסיווע.

אין יענע קריטישע טעג, ווען מען האָט גענומען יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר געקאָנט טראָגן אַ ביקס, בין איך אויך מאָביליזירט געוואָרן אויפן פראָנט, אָבער אין לעצטן מאָמענט, ווען מיר האָבן שוין געדאַרפט אָפּפאָרן צום פראָנט, האָט אונדזער גענעראַל אויסגעפועלט ביי די העכערע אינסטאַנצן, אַז די נייטיקסטע פאַכלייט זאָלן ווייטער פאַרבלייבן אַרבעטן אין דער דרוקעריי און אַזוי אַרום בין איך ניצול געוואָרן פון דער גרויסער סכנה צו זיין אויפן קריגס־פּלאַץ.

ס'איז געשען דער נס ביי דער ווייסל! די פוילישע אַרמיי האָט אָפּגעשטויסן די באָלשעוויקעס און זי איז נאָך פאָרויסגעגאַנגען ביז טיף ווייסרוסלאַנד. אין יאָר 1921 האָבן זיך אָנגעהויבן די

שלום־אונטערהאַנדלונגען צווישן דער פּוילישער רעגירונג און די באָלשעוויסטישע פאָרשטייער, ענדלעך איז אונטערגעשריבן געוואָרן צוערשט אַן אָפּמאַך וועגן וואָפנשטילשטאַנד און דערנאָך דער שלום־אָפּמאַך (דער וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך איז געחתמעט געוואָרן אין ריגע דעם 12טן אָקטאָבער 1920 און דער שלום־אָפּמאַך, אויך אין ריגע דעם 18טן מערץ 1921).

דער שטאַב ווו איך האָב געאַרבעט איז איבערגעפירט געוואָרן אויף אַ צווייט אָרט און עס האָט זיך צוריק אָנגעהויבן אַ תקופה פון אַרבעט און פרידן און איך האָב זיך צוריקגעקערט צו מיין נאָרמאַלער אַרבעט.

פּלוצים, אין פעברואַר 1922, איז געשען מיט מיר אַ גרויס אומגליק. כ'בין אַרעסטירט געוואָרן דורך דער פּוילישער מיליטערישער זשאַנדאַרמעריע, גאַנץ אומשולדיק, פאַר אַ „פאַרברעכן", וואָס איך בין נישט באַגאַנגען. מ'האָט מיר פאָרגעוואָרפן שפּיאָנאַזש לטובת דער באָלשעוויסטישער מדינה. מ'האָט מיך אָפּגעשיקט קיין וואַרשע אויף אַן אויספאָרשונג דורכן העכסטן פּאָליטישן אויספאָרשונגס־ריכטער, וועלכער איז, ווי מ'האָט געזאָגט, געווען אַ געשמדטער ייד. מען האָט מיר אויך פאָרגעוואָרפן מיטאַרבעט מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי און פירן פּראָפּאַגאַנדע צווישן מיליטער־לייט. דאָס איז געווען אַ בילבול. איך האָב מיין גאַנץ לעבן קיינמאָל נישט געהאַט צו טון מיטן קאָמוניזם און איבערהויפּט מיט וועלכן ס'איז שפּיאָנאַזש. די אויספאָרשונג איז געפירט געוואָרן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט. מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין „פּאַוויאַק" (די טרויעריק־באַרימטע וואַרשעווער תפיסה), ווו איך בין געזעסן איבער אַ יאָר. אַזוי לאַנג ווי די אויספאָרשונג קעגן מיר האָט זיך געפירט בין איך געזעסן איינער אַליין אין אַ „צעל" און זייער פיל געטראַכט וועגן מיין גורל. נישט איינמאָל בין איך געוואָרן פאַרצווייפלט און אויפגעהערט גלייבן אין גערעכטיקייט און איך האָב אַפילו מער שוין נישט געהאָפט אויף מיין באַפרייאונג, אָבער נאָך אַזעלכע שווערע מינוטן פלעג איך זיך דאָך שטאַרקן, ווייל שטאַרק איז געווען מיין רצון צו באַווייזן מיין אומשולד. דאָס האָט מיר געגעבן כוח אויסצוהאַלטן מיין פאַרצווייפלטע לאַגע.

מיין ברודער דוד האָט דערווייל זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. ער האָט געוואָלט מיט מיר זיך געזעגענען אָבער ער האָט נישט באַקומען קיין דערלויבעניש מיך צו זען, ער איז דערפון געווען זייער פאַרוויייטיקט און מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ תפילה אין האַרץ האָט ער געבעטן, אַז ער זאָל נאָך זוכה זיין מיך צו זען אין ארץ־ישראל. אָבער איך האָב דערווייל געשמאַכט אין די מויערן פון דער תפיסה און געחלומט וועגן פרייהייט, גערעכטיקייט, יושר און וועגן זוכה־זיין נאָך צו זען מיינע עלטערן.

מיין ברודער דוד וועלכער האָט דאַן פאַרלאָזט דעם גלות, האָט פון פאַר דער תפיסה־מויער אַרויפגעשריגן צו מיר : „זיי געזונט, ברודער מיינער, האָב בטחון אין דער גערעכטיקייט, זי וועט מנצח זיין און דו וועסט באַפרייט ווערן און עס וועט נעמען אַ סוף צו דיינעליידן !".

אינצווישן האָט זיך געענדיקט די אויספאָרשונג און מיין פאָטער איז מיך געקומען באַזוכן אין תפיסה. לאַנגע מינוטן בין איך נישט געווען ביכולת צו עפענען דאָס מויל, ס'איז מיר שווער געווען אים צו טרייסטן און דורך אים, אויך מיין מוטער און מיינע ברידער און שוועסטער, אָבער עס איז דאָך געקומען דער מאָמענט בעת איך האָב אָנגעהויבן אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ פאַרן טאַטן און אים געזאָגט, אַז ער זאָל זיך נישט זאָרגן און איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל אַלעמען זאָגן, אַז כ'בין אומשולדיק און אַז איך לייד נאָר דערפאַר, ווייל כ'בין אַ ייד. איך האָב אויך געזאָגט מיין פאָטער, ער זאָל זיין זיכער, אַז דער יושר וועט זיגן און איך וועל זוכה זיין, פּונקט ווי פריער, צו זיין צוזאַמען מיט דער משפחה. נאָך אַ שמועס פון בערך 20 מינוט, האָט דער פאָטער מיך פאַרלאָזט, ער איז געווען זייער נידערגעשלאָגן, אָבער ער האָט מיך געטרייסט און געזאָגט, אַז איך זאָל נישט זיין פאַרצווייפלט, היטן מיין געזונט און זיך שטאַרקן. שפּעטער זענען געקומען מיך באַזוכן אויך מיינע פריינט און קרובים.

בשעת מיין פאָטערס באַזוך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז עס איז פאַראַן אַ השערה, אַז מיין חבר גורטמאַן איז געפאַלן אויפן פראָנט און אַז אויך מיין יונגערער ברודער, אברהם, איז פאַרלוירן געוואָרן אויפן פראָנט. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט מיין ברודער זיך געפונען אין אַ שפּיטאָל, ווו ער איז געלעגן קראַנק, ער איז אַהין געבראַכט געוואָרן פון פראָנט. אַז גורטמאַן לעבט, האָט מען זיך דערוווּסט ערשט, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין יענדזשעוו, אין יאָר 1923, פון דער באָלשעוויסטישער געפאַנגענשאַפט.

נאָכדעם ווי די אויספאָרשונג איז פאַרענדיקט געוואָרן, איז מיר ערשט קלאָר געוואָרן מיין

ענין. איך האָב זי׳ך געפונען צווישן 15 באַשולדיקטע, דערונטער איין פרוי. עס איז צווישן זיי אויך געווען אַ פּאָליאַק, אַן ענדעק, וואָס האָט פאַראַטן זיין פאָטערלאַנד צוליב געלט...

איך האָב געבעטן אַ קאָנפראָנטאַציע מיטן „בעל־דבר״, וועלכער האָט כסדר זיך באַמיט צו באַווייזן מיין שולד. שטייענדיק פּנים־אל־פּנים מיט אים, האָב איך אים צוגעדריקט צו דער וואַנט און אויפגעוויזן, דורך די מאַטעריאַלן מיט וועלכע ער האָט מיך באַשולדיקט, אַז איך בין גאָט די נשמה שולדיק און אַז איך האָב בכלל נישט געהאַט קיינמאָל צו טון מיט די שפּיאָנאַזש־מאַכערייען אין וועלכע ער האָט מיך באַשולדיקט. די נאָטיצן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אויף די דאָקומענטן, וואָס זענען געווען אין די הענט פון אויספאָרשונגס־ריכטער האָבן געדינט אַלס באַווייז, וואָס האָט סוף־כל־סוף דעמאַסקירט דעם ריכטיקן שולדיקן, וועמען מען האָט תיכף אַרעסטירט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ 17־יאָריקער יונגער פּאָליאַק, אַ קאָמוניסט, וועלכער איז ספּעציעל געשיקט געוואָרן צו אַרבעטן אין אַרכיוו לטובת זיין פּאַרטיי. ערשט איצט האָט די פּוילישע מאַכט זיך איבערצייגט אין מיין אומשולד, אָבער איך בין אָפּגעזעסן אין תפיסה 23 חדשים.

דער משפט גופא האָט געדויערט דריי טעג. איך בין געווען דער איינציקער פון די באַשולדיקטע, וואָס איז באַפרייט געוואָרן. איך וויל דערמאָנען, אַז אין די באַשולדיקונגען, וואָס דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט געפירט קעגן מיר, האָט ער כסדר באַטאָנט, אַז עס דראָט מיר טויט־שטראָף, הייגט קאָן מען זיך פאָרשטעלן מיין שמחה, ווען מיין אומשולד איז באַוויזן געוואָרן. פון גרויס איבעראַשונג האָב איך פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין. מיין אַדוואָקאַט, דער באַקאַנטער ציוניסטישער מגהיג און סיים־דעפּוטאַט, ד״ר אַפּאָלינאַרי האַרטגלאַס, האָט מיך דערמינטערט און געזאָגט: „מענטש איינער, באַהערש זיך! דו ביסט פריי!״. ד״ר האַרטגלאַס האָט מיך פאַרטיידיקט ווי אַ באַזונדערן פאַל, וואָס האָט געדינט פאַר דער פאַרטיידיקונג פון גאַנצן יידישן כלל.

ווען איך בין באַפרייט געוואָרן, בין איך אַרויס אויף די וואַרשעווער גאַסן, אָבער כ׳בין אַזוי צעטומלט געוואָרן, אַז כ׳האָב נישט געוווסט וווהין צו גיין. איך האָב געטראָפן מיין פריינט ישראל ריטערבאַנד ע״ה, וואָס איז נאָכדעם באַלד געקומען צו מיר, ווען ער האָט זיך דערוווסט די נייעס וועגן מיין באַפרייאונג, כ׳בין מיט אים אַוועק צו דער פּאָסט און טעלעגראַפירט, אַז איך קום דעם זעלבן טאָג, אין אָוונט, אַהיים.

איך בין אָנגעקומען קיין יענדזשעוו פינף פאַרטאָג, מיין באַגעגעניש מיט די עלטערן און דער משפחה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שמחה דורכגעווייקט מיט טרערן, אַ קלייניקייט! זיי האָבן מיך געזען אַ געראַטעוועטן פון טויט!

איך בין געקומען אַהיים דעם 24סטן יאַנואַר 1924 און געטראָפן פיל פון מיינע חברים און פריינט. אַנדערע זענען שוין נישט געווען אין יענדזשעוו. פריידיק ביז גאָר איז געווען די שמחה ביי מיין באַגעגעניש מיטן צוריקגעקומענעם פון דער רוסישער געפאַנגענשאַפט, מיין גוטן פריינד ישראל גורטמאַן, לאַנגע אָוונטן האָבן מיר פאַרבראַכט צוזאַמען און זיך דערציילט אַלץ, וואָס עס איז פאָרלאָפן פאַר דער צייט פון אונדזער צעשיידונג. דערנאָך האָט דאָס לעבן זיך אַ ביסל נאָרמאַליזירט. איך בין אַריינגעטרעטן צוריק אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין יענדזשעוו צוזאַמען מיט אַלע חברים, וואָס זענען דאָרט נאָך פאַרבליבן. אַזוי האָט זיך געענדיקט אַ בלאַט אין מיין לעבנס־געשיכטע ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה!

יהודה ליפמנוביץ
**תל־אביב**

# מזכרונותיו של חייל בצבא הבריטי ו„הבריגדה היהודית״



ה„יחידות היהודיות״ בצבא הבריטי ומאוחר יותר — ה„בריגדה היהודית״, משמשות חוליה נכבדה בשרשרת הגבורה, שחושלה על ידי יהודי ארץ־ישראל במשך כל הדורות.

נמניתי בין ראשוני המתנדבים ל„יחידות היהודיות״ בצבא הבריטי. מאז חלפו כבר שנים. רבים הספיקו לשכוח הרבה עובדות חשובות, שכדאי היה לרשמן לזכרון לדורות שיבואו אחרינו. ברם כיום, כשאנו אוספים את ה„עדויות״ ל„ספר־הזכרון״ לעירנו שהושמדה, אני מרגיש חובה לעצמי להעלות על הכתב גם את זכרונותי מהתקופה ההיא, שהיתה גורלית עבור הישוב בישראל ורבת־משמעות לתקומתה של מדינת ישראל. כשאני מעלה את זכרונותי קשה לי לקבוע את ה„גבול״ בין זכרונותי בארץ ובצבא הבריטי ובין זכרונותי על עיר מולדתי, שהם נוגים למאד, כי חרבה עירנו ואיננה עוד.

לקריאת ראש בית״ר זאב ז׳בוטינסקי ז״ל, נעניתי עם עוד קבוצה גדולה של בית״רים בעירנו ינדז׳יוב ועלינו ארצה, על מנת להגשים בה, הלכה למעשה, את שאיפות בית״ר.

בשנת 1937 נמצאתי בראש־פינה, שהיא אחת המושבות העתיקות ביותר בארץ. משם הועברנו לשרות בפלוגות בית״ר בטבריה, נתניה וכן במקומות אחרים. במשך שנתיים עשיתי, יחד עם רבים אחרים, בשליחות נאמנה של בית״ר לכיבוש העבודה העברית.

בשנת 1939 עברתי לתל־אביב. גם בעיר זו המשכתי בנאמנותי לרעיונות התנועה הלאומית ובפרוץ מלחמת העולם השניה התגייסתי לצבא הבריטי, בגדוד חיל החפרים מספר 606.

בינתיים נשארו אשתי וילדי בפולין כשנשקפת להם סכנת כליון ואני עשיתי מאמצים נואשים להצילם.

צעדי הראשונים בשרות הצבא הבריטי, באותו חיל החפרים, החלו במצרים ואחרי־כן ביון. בערב פסח נמצאנו במחנה בקוקינה הסמוכה לפיריאוס שעל יד אתונה. היתה זאת שנת 1941. מלחמת העולם השניה וההתמודדות בין מעצמות הברית וחיילות גרמניה הנאצית היו בעיצומן. הפולש הנאצי גילה עליונות בכל החזיתות וכמובן, גם באותה סביבה שבה היינו אנחנו. להקות מפציצים גרמניים חגו מעלינו כל הזמן והפציצו אותנו ללא הרף.

אודה ואתוודה, הייתי עד להרבה הפצצות, אך עד עצם היום הזה אינני זוכר הפצצה כה איומה, כפי שהיתה זו, בהתמדתה העיקשת ותיכנונה המופתי. בהפצצה זו נפלו רבבות חיילים מכל האומות ורובעי־עיר שלמים נהרסו עד היסוד.

כאשר ההפצצות שככו במקצת — ניתנה הוראה להשאיר חלק הארי מהציוד האישי ולהפליג באניה למרחבי הים. ירדנו ללב ים על סיפון אנית־מלחמה, אך גם שם השיגו אותנו המפציצים הגרמניים. המפציצים היו מנמיכים טוס וקוצרים בחיילים

במכונות־היריה המשוכללות שלהם. חלק גדול מהחיילים, תוך נסיון נואש להציל את חייהם, קפצו המימה, אולם המטוסים של האויב הגרמני גילו אותנו גם בהימצאנו בתוך גלי הים הסוער והמשיכו להפציץ ולקצור בנו ללא הרף. בין אלה שנהרגו בהפצצות האיומות האלה היו רבים מחברי, שעשינו יחדיו כברת־דרך בימי המלחמה. קפצנו כולנו המימה כשאתנו עשרות פצועים, המבקשים להצילם מאש התופת. בכוחותינו האחרונים שחינו לעבר החוף הקרוב. לא האמנתי כי יהיה בכוחי לחתור ולהגיע בשחיה עד החוף, אבל שחיתי ושחיתי בשארית כוחותי ופתאום ראיתי את עצמי והנה אני מוטל על החוף ומסביבי עשרות חברים, שגם הם הגיעו בכוחות עצמם. המקום שאליו הגענו, היה ה„אי מילוס". כאן, על ראש גבעה חשופה, ניסינו להתארגן מחדש, אך נוכחנו כי איבדנו הרבה מחברינו לנשק וגם הקפיטן שלנו קיפח את חייו בהפצצה זו. גוויתו היתה מוטלת לפנינו ולא נותר לנו אלא להביאה למנוחת־עולמים בטקס צבאי קצר.



פלוגת הספורט של בית״ר בינדז׳יוב בטיולה לפני מלחמת־העולם השניה.

בזה אחר זה, מתרעננים הזכרונות מראשית ימי התנדבותנו לצבא הבריטי. אני נזכר, שאתי היו מעיר מולדתי ינדז׳יוב, פנחס רנקושינסקי, צבי קשנסקי ומשה גינזבורג. נשאנו בלבנו את הרצון הלוהט להקמת כוח יהודי על דגלו וסמליו אשר יוכל להפגש פנים אל פנים עם האויב המתועב. כאשר היינו במצרים, זכינו לקבלת פנים חמה ולבבית מטעם הקהלה היהודית. הם ראו בנו שליחי האומה ובאי־כוח ארץ־ישראל הלוחמת והיוצרת, שנתנה פרי־הילולים: חיילים יהודים ראשונים במצרים. רבים היו הביקורים ואנו, החיילים מארץ־ישראל, חילקנו בינינו את תפקיד הביקורים אצל מארחינו הטובים, יהודי מצרים, למען נופיע בהרבה בתים ומשפחות. אשר להבדלי העדות, חילקנו את ביקורינו שוה בשוה. יום אחד בקרנו בבית־הכנסת של הקהלה האשכנזית וביום השני — היינו אורחי בית־הכנסת של הקהלה הספרדית. לשמחתם לא היה גבול. הם אירחו אותנו בעין יפה וגם הובילונו לאתרים היסטוריים, שלא היו זרים לנו לגמרי וכיהודים, היה לנו חלק לא מבוטל בהם. אז נזדמן לי, בפעם הראשונה, לראות את הפירמידות, מעשי ידי אדם.

דאָרט געפאַלן, און געפאָדערט, אַז דער רב זאָל שיקן זיי פון דאָרט צונעמען און ברענגען צו קבר ישראל. אונדזער רב האָט גערופן דעם גבאי פון דער „חברה קדישא״, ר׳ יוסף טרייסטער ז״ל און אים דאָס דערציילט.

ר׳ יוסף טרייסטער ז״ל מיט נאָך אַ חברה־מאַן, וועמענס נאָמען איך געדענק לײַדער נישט, זענען באַלד אַוועק צום פראָנט, זיך נישט גערעכנט מיט דער גרויסער געפאַר, וואָס האָט זיי געדראָט און זענען אַרײַן אין די אָקאָפּעס און ממש מיט מסירות־נפש אַרויסגעצויגן פון דאָרט די דערשאָסענע ייִדישע סאָלדאַטן און זיי געבראַכט צו קבורה אויפן יענדזשעווער בית־עולם.

דער גבאי ר׳ יוסף טרייסטער ז״ל, האָט זיך תמיד אויסגעצייכנט מיט זיין ענערגיע און מסירות־נפש אין משך פון די קנאַפּע 50 יאָר, וואָס ער האָט אָנגעפירט מיט דער יענדזשעווער „חברה קדישא״. ער אַליין, ווי אויך זיינע אויבנדערמאָנטע איבערגעגעבענע מיטהעלפער־מתעסקים, האָבן זיך כשר פאַרדינט, אַז זייערע נעמען און מעשים טובים זאָלן פאַראייביקט ווערן אין אונדזער יענדזשעווער יזכור־בוך.

זאָלן זייערע נעמען בלייבן געהייליקט אין אונדזער זכרון — לנצח נצחים!

הערש שייקאָוויטש
גני־תקוה

## די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין יענדזשעוו



די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז פּאַקטיש געגרינדעט געוואָרן אין יענדזשעוו אין יאָר 1924. עס זענען אַפילו אויך אין די פריערדיקע יאָרן געווען אָנהענגער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אָבער דאָס זענען געווען יחידים, וואָס פלעגן בלויז אַרויסברענגען זייער אידענטיפיצירונג מיט דער רוסישער רעוואָלוציע און פלעגן אויך פירן דיסקוסיעס מיט פּאָליטישע קעגנער. די באַוועגונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך לייביש קאַנער (שמשהס ז״ל אַ שטיפזון). ער האָט געאַרבעט אַלס אַ דרוקעריי־זעצער אין בענדין, אָבער ער פלעגט אָפט קומען קיין יענדזשעוו. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן סטאַביל אין יענדזשעוו.

אונדזערע געהיימע פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען אין פעלד, אונטער נאָוואַרע און מיר האָבן זיך קאָנסטיטואירט אַלס אַ טייל פון דער „פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי״. אונדזער טעטיקייט האָבן מיר פּלאַנירט אין דער דירה פון אריה פייגענבוים. דער פּלאַץ איז געווען צוגעפּאַסט פאַר קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט. פייגענבוים און זיין מוטער האָבן געוווינט אונטער דער שטאָט, אינעם הויז פון דער פאַמיליע מויער,

אויף דער אַלטער טאַרגאָוויסקע. אין דער ערשטער גרופּע זענען געווען: לייביש קאַנער, אהרן בערמאַן, אריה פייגענבוים, יעקב פינקעלשטיין, טוביה שענקער, משה קאַסיער, איטשע ריטער־באַנד און איך. מיר האָבן אויסגעוויילט אַן עקזעקוטיווע און זיך פאַרבונדן מיטן קעלצער פּאַרטיי־קאָמיטעט, צו וועלכן מיר האָבן געהערט.

אונדזער אויפגאַבע איז געווען, צו לאָזן וויסן, אַז אויך אין יענדזשעוו איז פאַראַן אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי און מיר האָב באַשלאָסן עס צוּוויסנצוגעבן אין דער עפנט־לעכקייט דורך פלאַקאַטן אין די גאַסן. מיר האָבן עס תמיד געטאָן פון מיטוואָך אויף דאָנערשטיק, ווייל דאָנערשטיק איז געווען אַ יאַריד און אין אונדזער שטעטל זענען דעם טאָג געווען פיל פרעמדע. איך בין געווען צווישן די אויספירער. מיר האָבן פאַרקלעפּט דעם מאַגיסטראַט, די ידיעות־טאָוול פון דער קהילה א. אַ. די הערצער האָבן אונדז געקלאַפּט פאַר גרויס פּחד און אויך פון גבורה, וואָס מיר באַווייזן צום ערשטן מאָל אין יענדזשעוו.

אויף צומאָרגנס איז אין שטעטל געוואָרן היימלעך. יידן האָבן זיך געוויצלט אויף די „היימישע באָלשעוויקעס", וואָס האָבן געלאָזט פון זיך הערן, און חלילה „נישט פאַרשעמט" יענדזשעוו. מיט דער צייט זענען צוגעקומען נייע מיטגלידער: הירש קוואַשניעווסקי, ברכה און דבורה קאַסיער, סימא און שמואל גילבערט. מיר האָבן אַרײַ־בערגעפירט דעם צענטער פון דער פּאַרטיי אין דער דירה פון אהרן בערמאַן אויף דער פינטשעווער גאַס און דערנאָך צו אברהם פּאַליוואַ. יעקב פינקעלשטיין איז געווען דער פאַרבינדלער צווישן אונדז און דער קעלצער פּאַרטיי. ער האָט דעמאָלט געאַרבעט אין קעלץ און יעדן פרייטיק פלעגט ער אַהיים קומען. ער האָט געבראַכט „ליטעראַטור", דירעקטיוון און אַמאָל אויך אַן אינסטרוקטאָר. יעדן שבת פלעגן מיר אָפּהאַלטן זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מען האָט אייפעריק געקנעלט די קאָמוניסטישע אידעאָלאָגיע.

אין די יאָרן 1925 און 1927 איז אַ גרעסערע צאָל חברים, וואָס האָבן געגרינדעט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין יענדזשעוו זיך צעפאָרן אין דער גרויסער וועלט אַריין. צווישן זיי זענען אויך געווען אהרן בערמאַן און אריה פייגענבוים. די וואָס זענען פאַרבליבן האָבן פאָרגעזעצט די אַרבעט ביז 1928. אין דעם יאָר איז דער גרעסטער טייל פון די יענדזשעווער פּאַרטיי־מיטגלידער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּוילישער פּאָליטישער פּאָליציי און זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויף תפיסה צו עטלעכע יאָר.

דער ווייטערדיקער גורל פון דער פּאַרטיי אין יענדזשעוו איז מיר נישט באַקאַנט, ווייל איך האָב דערנאָך געוווינט אין וואַרשע. אָבער אויך אין די דרייסיקער יאָרן איז געווען ביי אונדז אַ קאָמוניסטישע טעטיקייט און זי האָט אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939, וואָס האָט ליקווידירט דאָס פּוילישע יידנטום מיט אַלע זיינע פּאַרטייען.

# קרבנות פון היטלערס גיפטיקע אגיטאציע נאך אין יאר 1936

### (דערמאָרדעט 5 יידן אין דאָרף סטאַווי)

יענדזשעוו האָט צו פאַרצייכענען 5 יידישע קרבנות, וועלכע זענען בעסטיאַליש דער־מאָרדעט געוואָרן נאָך אין יאָר 1936 אין רעזולטאַט פון דער יידנפרעסערישער אַגי־טאַציע, וואָס זיינע געטרייע משרתים, די פוילישע ענדעקעס, האָבן פאַרסמט גאַנץ פוילן.

פאַרשטייענדיק, אַז די פאַרניכטונג פון אַלע יידן אין פוילן איז איבער זייערע כוחות, האָבן זיי זיך געשטעלט פאַרן ערשטן ציל — אָפּרוימען די פוילישע דערפער פון די געציילטע יידן, וואָס האָבן דאָרט געוווינט פון דורי־דורות.



אויפן בילד: ר׳ יהושע טעמקין ז״ל, דער פרעזעס פון „אגודת ישראל״, דער רב י. י. וויינבערג הי״ד און ר׳ יוסקה אָקאָוויטא, עסקן פון דער „חברה קדישא״.



קרובים פון די דערמאָרדעטע און דאָס קליינע יתומל, וואָס איז על פי נס ניצול געוואָרן.

אין דאָרף סטאַווי (נעבן יענדזשעוו) האָבן געוווינט בסך הכל בלויז צוויי יידישע משפחות — דער שניידער פייגענבלאַט, ביי איין זייט פון דאָרף, און משה שמולעוויץביים צווייטן עק דאָרף.

שמולעוויץ מיט זיין פרוי און צוויי קליינע קינדער האָבן געהאַט ביי זיך אַן אַלטע שוויגער און אַלס מלמד צו זייערע קינדער, אַ בחור, מיטן נאָמען משה קעניגשטיין.

גראָד איז ביי אים געווען צוגאַסט אויך דעם ווייבס אַ שוועסטער, אַ יונגע פרוי מיט נאָמען קויפמאַן.

די משפחה שמולעוויץ האָט געצויגן איר פרנסה פון זייער שפייז־געוועלב און זענען געווען באַליבט ביים גאַנצן דאָרף.

דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די „תלמידים" פון היטלערס פאַרניכטונגס־אַגיטאַציע צו געפינען די רוצחים, וואָס זאָלן אומברענגען די גאַנצע משפחה.

אין אַ פינצטערער האַרבסט־נאַכט האָבן זיך אַריינגעריסן די בלוטדורשטיקע רוצחים אין דער וווינונג פון דער משפחה שמולעוויץ און אַכזריותדיק זיי דערמאָרדעט. על פי נס זענען די קליינע קינדער געבליבן לעבן, באַהאַלטנדיק זיך אין בעט־געוואַנט.

דער שוידערלעכער מאָרד פון די 5 יידן (2 מענער און 3 פרויען) האָט אַרויס־גערופן אַ גרויסן טרויער אין אונדזער שטאָט און אין דער לוויה האָבן זיך באַטייליקט אַלע יידן, יונג און אַלט.

דער רב ר׳ יחיאל ישעיהו וויינבערג הי״ד האָט מספיד געווען די קדושים.

מיט אַ צייט שפּעטער זענען די רוצחים אַנטדעקט געוואָרן אַ דאַנק דער מעלדונג פון אַ פוילישער שיקסע, וואָס איר חתן איז געווען צווישן די רוצחים און האָט זי שפּעטער אַוועקגעוואָרפן.

אַלס נקמה האָט די שיקסע געמאָלדן דער פּאָליציי, אַז די רוצחים האָבן בשעת דער חלוקה פונעם גערויבטן געלט און צירונג, זיך צעקריגט מיט איינעם פון זייערע שותפים און אים דערמאָרדעט און אַריינגעוואָרפן אין אַ ברונעם. מען האָט אים טאַקע דאָרט געפונען אַ צעפוילטן.

אַלע מערדער האָט מען אַרעסטירט און זיי זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויף לאַנג־יאָריקער תפיסה. זיי זענען געזעסן אין קעלצער תפיסה ביז היטלער האָט פאַרנומען פוילן, און דאַן האָבן זיינע מאַכטהאָבער באַפרייט אַלע אַרעסטירטע מערדער.

זאָלן די נעמען פון די דערמאָרדעטע בלייבן געהייליקט אין אונדזער זכרון, ווי אַלע יענדזשעווער קדושים!

רחמה בעקער-ווילאַגאַ
בראָנקס

# אן עפּיזאָד פון מיינע קינדער־יאָרן אין יענדזשעוו



די רעדאַקציע פון יזכור־בוך האָט מיך געבעטן זיך באַ־שטייערן מיט עטוואָס פון מיינע זכרונות פון מיין אַמאָלי־קער היים — פון מיין שטעטעלע יענדזשעוו.

כ׳בין געבוירן געוואָרן אין דאָזיקן קליינעם שטעטל און דאָרט געוווינט ביזן יאָר 1912. דאָס שטעטל איז מיר טייער און כ׳דערמאָן עס תמיד מיט ליבשאַפט און בענק־שאַפט. כ׳וואָלט אפשר געקאָנט דערציילן אַ סך זאַכן פון מיינע פריסטע יוגנט־יאָרן, אָבער דער אמת איז, אַז עס איז מיר זייער שווער צו קאָנצענטרירן די געדאַנקן און שרייבן זכרונות נאָך אַזוי פיל יאָרן...

אָבער איין עפּיזאָד, אפשר אַ נאַרישער, איז מיר געבליבן אין מיין זכרון פונקט ווי ער וואָלט געווען פאָטאָגראַפירט און כ׳קאָן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

כ׳גלייב, אַז אַלע יענדזשעווער אין מיין עלטער געדענקן די צוויי מיידלעך — פעסע ברין און חנה פערענס, עליהן השלום.

איך בין דאַן נאָך געווען אַ קליין, דאַר מיידעלע. חנה פערענס איז געווען אַ גרויסע מויד און פעסע — שוין אויך אַ היפּש מיידל. מיר זענען דאָך געווען חברטעס און מיר האָבן זיך תמיד געשפּילט אין פערענס גאָרטן.

דער דאָזיקער גאָרטן האָט זיך געגרענעצט מיטן גאָרטן פון ד״ר פּיטאַס, וועלכער איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן, אָבער מיר האָבן אין פּלויט געפונען אַ קליינע עפענונג, אונדז האָט זיך שטאַרק פאַרגלוסט טועם צו זיין פון די זייער שיינע און גרויסע עפּל פון דאָקטאָרס גאָרטן.

נאָר איך אַליין — דאָס דאַרע און קליינע מיידעלע צו יענער צייט — בין געווען ביכולת זיך אַדורכשטופּן אין גויישן באַטעמטן פרוכט־גאָרטן. די צוויי גרויסע מיידן האָבן מיך צוגערעדט צו דער גרויסער עבירה — וועלן אַ גנבטע...

כ׳ביו עטלעכע מאָל אַריין און אַרויס דורכן לאָך, וואָס איז געווען אינעם פּלויט, אָפּגעריסן און געבראַכט די שענסטע עפּל; כ׳געדענק נאָך ביז היינט, ווי די גראָבע פעסע האָט זיך אָנגעשטופּט אַלע אירע קעשענעס און אויך די אַרבל... איך האָב גאָר־נישט געזאָגט, האָבנדיק דרך־ארץ פאַר דער גרויסער מויד, וואָס האָט שוין דעמאָלט אַזוי שיין געזונגען, אַז די גאַנצע שטאָט האָט ממש מיט איר געקלונגען.

ווען כ׳בין אַריין דאָס לעצטע מאָל צו דער פילן מיין „הייליקע שליחות״, האָב איך פּלוצים דערזען דעם דאָקטאָרס דינסט (גלייבט מיר, אַז כ׳געדענק נאָך אַפילו ביזן היינטיקן טאָג די רוצחישע צורה פון איר פּרצוף). זי האָט זיך אויף מיר געוואָרפן מיט אַזאַ רציחה און מיך מכבד געווען מיט אַזעלכע קלינגענדיקע פּעטש, אַז מיין פּנים האָט זייער לאַנג געפלאַמט פון ווייטיק און בושה...

אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען דאָס ערגסטע. די אַנטיסעמיטישע שיקסע האָט פון מיר אַראָפּגעצויגן מיין קליידל און מיך געלאָזט שטיין אין בלויזן העמד.

מיינע חברטעס האָבן מיך באַהאַלטן אין פערענס גאָרטן און זענען געלאָפן צו מיין מאַמע ע״ה נאָך אַן אַנדער קליידל... כ׳דאַרף נישט דערמאָנען דעם „קבלת פנים״ פון מיין מאַמען פאַר מיינע גניבהשע שטיק.

צומאָרגנס האָט חנה פערענס געפונען מיין פאַרשמוצט און צעריסן קליידל אויפן פלויט פון זייער גאָרטן און עס מיר אָפּגעבראַכט.

זאָלן זיך מיינע יענדזשעווער חברים און חברטעס פון יענע יאָרן דערמאָנען אין דעם קאָמישן עפּיזאָד. אפשר געדענקט עס נאָך ווער פון אייך?

ישראל דודקעוויטש
**נאָרוועגיע**

## יענדזשעוו פון א מאל...

**(פון מיינע זכרונות)**



די פּאָוויאַטאָווע שטאָט יענדזשעוו ליגט אויף דעם הויפּט־שאָסיי קעלץ־קראָקע. זי האָט געציילט בערך 14.000 נפשות דערינטער אַרום 4000 יידן.

יענדזשעוו איז געווען אַ שטעטל ווי פיל אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, אָבער דאָך איז יענדזשעוו, אין אַ געוויסער מאָס געווען אייגנאַרטיק און ספּעציפיש — תמיד געגאַנגען פאַרויס און אָפט אַפילו געווען פון די ערשטע ביים פּראָגרעסירן אין געוויסע געביטן.

נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין יענדזשעוו געפונען יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די דלת אמות פון בית־מדרש און געשטרעבט צו אַלגעמיינער בילדונג.

זיי זענען אויך געווען די ערשטע, וועלכע האָבן ביי אונדז אָרגאַניזירט דעם „מרומפעלדאָר־השומר״, זיי זענען געווען די מענטשן, וואָס האָבן זייערע טעאָריעס באַלד יעאַליזירט אין פּראַקטישע מעשים.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז נאָך אַפילו נישט פעסטגע־שטעלט געוואָרן די גרענעצן פון די ניי־אויפגעשטאַנענע מדינות, האָבן יענדזשעווער יונגעלייט פון „השומר״ פאַרפּאַקט אַ ביסל וועש און מלבושים און זיך געלאָזט מיט זייערע רוקזעק קיין ארץ־ישראל, נישט האָבנדיק קיין איינרייזע־דערלויבענישן און אַפילו קיין פּוילישע פּאַספּאָרטן. זיי האָבן זיך געלאָזט אין אַ לאַנגן שווערן וועג. זייער רייזע האָט געדויערט אַזש 13 חדשים! אָבער זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו זייער ציל!

עס האָט זיי נישט געצויגן קיין אַמעריקע און אירע „גאָלדענע גליקן״, עס האָט זיי געצויגן צו די הייסע זאַמדן פון די הרי־יהודה און צו די זומפּן פון גליל!

זייער דעצידירנדיקער און ענערגישער שריט האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע השפּעה אויפֿן יונגן דור, וועלכער האָט געקוקט אויף אונדזערע ערשטע חלוצים ווי אויף לע־גענדאַרע העלדן.

די ערשטע גרופּע אונדזערע איז באַשטאַנען פֿון די חברים: יעקב קנמון ז״ל, שמואל און הלל דוטקעוויטש ז״ל, צבי האַראָוויץ, אברהם טענענבוים, די ברידער אָקאָ־וויטאַ, אַביגדור בעלפער, מ. סאַלאָוויץ, משה דודקעוויטש ז״ל און פיל אַנדערע.



דער בית״ר אין יענדזשעוו — אין יאָר 1928.

נאָך זייער עליה האָבן זיך די שומרישע רייען פאַרגרעסערט. דער חלום פֿון יעדן יידישן בחור איז געווען — פאַרשרייבן זיך אין „השומר“. און אַזוי איז אויך געקומען די ריי פאַר מיר און מיינע נאָענטע חברים אין מיין עלטער.

מיר זענען געווען פֿון דער יינגסטער גרופּע. אונדזער ראש־קבוצה איז געווען איטשע רובינסקי. עס איז אַדורך אַ געוויסע צייט און מיר די יינגסטע קבוצה, האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוווסט און אויך זיך נישט גענוג אָריענטירט אין דעם אידעאָלאָ־גישן קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען אין „השומר“, וואָס האָט דערפירט צו אַ שפּאַלטונג אין דער שומרישער באַוועגונג און געבראַכט דערצו, אַז עס זאָלן געשאַפן ווערן צוויי יוגנט־באַוועגונגען: דער „השומר הצעיר“ און דער „השחר“. נאָכדעם ווי אונדזער ראש־קבוצה איז אַריין אין „השחר“, זענען אויך מיר אַלע אַריבער מיט אים.

דער „השחר“ האָט אָנגעהויבן אַ זייער אינטענסיווע אַרבעט. איינער פֿון די אָנפּי־רנדיקע כוחות אין „השחר“ איז געווען דער זייער באַגאַבטער און דינאַמישער יעקב בערגער ז״ל, ווי אויך די חברים יצחק אַבראַמאָוויץ און משהל ראָזען. אין פאַרלויף פֿון אַ קורצער צייט האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ שטאַרקע יוגנט־באַוועגונג.

אַזוי האָט עס געדויערט ביזן יאָר 1926, ווען יעקב בערגער און מיט אים נאָך עטלעכע חברים האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל און מיר זענען געבליבן כצאן בלי רועה — אָן אַ פירער. דאָס האָט גורם געווען צו דער אָפּשוואַכונג פֿון „השחר“ און כמעט צו זיין פולשטענדיקער ליקווידאַציע.



אַ גרופּע פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי אין יענדזשעוו — פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין יאָר 1928 האָט די געוועזענע יינגסטע גרופּע פון „השחר" זיך אויפסניי אָרגאַ־ניזירט אַלס אַ יוגנט־אָפּטיילונג ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

מיט אָט דעם רעסאָרט האָבן אָנגעפירט די חברים: אברהם רייזמאַן, משה פּרייס און ישראל דוטקעוויטש.

מיר האָבן געפירט אַן אַקטיווע ציוניסטישע טעטיקייט, געמאַכט יעדע וואָך דריי חברים־פאַרזאַמלונגען, געלערנט די יידישע און ציוניסטישע געשיכטע.

מיר האָבן אויך געשאַפן אַ פוטבאָל־ און ציקליסטן־סעקציע

אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פון חברים און חברות:

משה רייזמאַן, יעקב טאַפּיאַל, זכריה ברייטבאַרט, אַביגדור וודאָווינסקי, חנציה וויגיינסקי, זאַשקע האַראָוויץ, עטקא ברעסלער, פּאַלאַ זאַיאָנצקאָווסקי, ישראל מויער, העניך ראָזען, יעקב קויפּמאַן, וואָלף וויגגינסקי, אברהם שוואַרצבאַרט, דוד גיטלער; צבי גלאַט און נאָך אַנדערע, וועמענס נעמען כ'געדענק ליידער נישט.

די ציוניסטישע באַוועגונג און איבערהויפּט דער „מזרחי" זענען געווען שטאַרק אָנגעזען ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט. זי האָט אויך פאַרנומען אַ חשובן אָרט ביי די צענטראַלע ציוניסטישע אינסטאַנצן אין וואַרשע, וועלכע האָבן אונדז גע־קרוינט מיט נאָמען — „דאָס בלוי־ווייסע יענדזשעוו".

מיר קאָנען מיט שטאָלץ באַצייכענען, אַז אונדזער שטאָט האָט דעם דאָזיקן נאָמען זיך כשר פאַרדינט.

יענדזשעוו איז געווען פון די געציילטע שטעט אין פּוילן, ווו די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציעס האָבן זיך געקאָנט דערלויבן אויפצובויען אַן אייגענעם שיינעם בנין, ווו עס האָט זיך קאָנצענטרירט די גאַנצע ציוניסטישע אַרבעט און אויך פון די נאַציאָנאַלע פאָנדן „קרן הקיימת לישראל" און „קרן־היסוד", ווי אויך די ביבליאָטעק.

בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען געשטאַנען: דער פאַרדיענסטפול־לער עסקן ר' אלתר יחיאל טאַפּיאַל ז"ל, ויבדל לחיים, מרדכי שלעדזשיק, חיים ברעס־לער ז"ל, פּנחס שטערנפעלד ז"ל, משה פּיש ז"ל, ד"ר פּאָליאַק ז"ל און נאָך עטלעכע עסקנים, וועמענס נעמען כ'געדענק ליידער נישט.

די יענדזשעווער יידישע נאַציאָנאַל־געשטימטע באַפעלקערונג, איז כלפּי פּנים און כלפּי חוץ געווען פאַרטרעטן דורך ר' יצחק איצקאָוויץ ז"ל, פירנדיקער חבר פון „מזרחי", דאָזאָר אין דער יידישער קהלה, מיטגליד אין שטאָט־ראַט און אין נאָך פאַרשיי־דענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס (נאָך דער מלחמה געקומען קיין ישראל און דאָ נפטר געוואָרן); דער פאַרדינסטפולער כלל־טוער ר' שלמה דודקעוויטש ז"ל, איינער פון די פירער פון „מזרחי", דאָזאָר אין דער קהלה, מיטגליד פון שטאָט־ראַט און רעפּרע־זענטאַנט פון זיין פאַרטיי אין אַ גאַנצע ריי שטאָטישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס; ר' חיים ברעסלער ז"ל, דאָזאָר, מיטגליד פון שטאָט־ראַט און איינער פון די הויפּט־פירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע; ר' משה וואַרגאַן ז"ל, מיטגליד פון שטאָט־ראַט און אַנדערע וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס; ר' עזריאל אינגבער ז"ל, פירנדיקער מיטגליד פון „מזרחי", קהלה־דאָזאָר און פאָרשטייער פון זיין פאַרטיי אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס (געשטאָרבן אין ישראל); ר' ברוך זאָנ־שיין ז"ל, פירער פון די „צעירי־מזרחי", מורשה פון „קרן קיימת לישראל" און זייער רעפּרעזענטאַנט אין פאַרשידענע שטאָטישע און געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן (געשטאָרבן אין ישראל).

אין יאָר 1929, נאָך דער גרויסער שחיטה, וואָס די אַראַבער האָבן געמאַכט איבער־הויפּט אויפן אַלמן ישוב אין ארץ־ישראל, האָט זיך די יענדזשעווער יוגנט דערנענטערט צום רעוויזיאָניזם, גלייבנדיק, אַז נאָר דורך אַ שאַרפן קאַמף קעגן דער ענגלישער מאַנ־דאַט־רעגירונג און דורך אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן די אַראַבישע רוצחים, וועלן מיר זיין אימשטאַנד דורכצופירן די פאַרווירקלעכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע און שאַפן די נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל.

אונדזער יוגנט, וואָס האָט זיך ביז איצט גרופּירט אַרום דער אַלגעמיינער ציוני־סטישער אָרגאַניזאַציע, איז אַריבער צו די רעוויזיאָניסטן. זייער מרכז האָט צו אונדז דעלעגירט דעם גענעראַל־סעקרעטאַר ד״ר אברהם ליפּמאַן, וועלכער האָט רעפערירט וועגן די אויפגאַבן פון דער רעוויזיאָניסטישער באַוועגונג, און אויך ביי אונדז געשאַפן אַ קן פון בית״ר און אַ סניף פון „ברית הציונים הרביזיוניסטיים״ (הצה״ר).

אין דער ערשטער מפקדה זענען אַריין: ישראל דודקעוויטש (מפקד הקן), משה פּרייס (סגן המפקד), משה ווּדאָווינסקי (מזכיר) און וואָלף ראָזענהאָלץ (גזבר).

מיר זענען צוגעטראָטן צו אונדזער אַרבעט מיט דער גרעסטער התלהבות און מיר האָבן באַקומען אַ גרויסע השפעה אויף דער יענדזשעווער יוגנט פון אַלע קרייזן, אַזוי אַז אויפן ערשטן „כינוס בית״ר אין וואַרשע, אין יאָר 1930, איז אונדזער „קן״ געווען פאַרטרעטן דורך 20 חברים און חברות.

עס איז אונדז געלונגען צוצוציען צו אונדזער באַוועגונג דעם אָנגעזעענעם עסקן און קולטור־טוער משה זילבערשטיין, הי״ד, וועלכער האָט איבערגענומען די אָנפירונג פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי אין יענדזשעוו און זייער פאַרברייטערט די טעטי־



אַ גרופּע חברים פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי אין יענדזשעוו — צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

קיט. משה זילבערשטיין ז״ל האָט אָנגעפירט מיט די קורסן פון לערנען עברית, וואָס זענען שטאַרק באַזוכט געוואָרן.

יעדן פּריטיקצונאַכטס האָט ער רעפערירט אויף פאַרשידענע אַקטועלע ציוניסטי־שע און געזעלשאַפטלעכע טעמעס. צו זיינע רעפעראַטן פלעגן קומען מענטשן פון אַלע שיכטן, נישט בלויז רעוויזיאָניסטן. זילבערשטיין האָט אויך אָרגאַניזירט הכשרה־פּונקטן, אָבער לײדער איז אונדז נישט געלונגען אַוועקצושיקן אונדזערע חברים קיין ארץ־ישראל אויפן לעגאַלן וועג (סערטיפיקאַטן), און מיר האָבן זיך געמוזט באַנוצן מיט דער עליה ב׳, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער רעוויזיאָניסטישער פאַרטיי.

אין יענער ביטערער צייט, ווען דער פאַרטיי־אַנטאַגאָניזם האָט אין פאַרשידענע שטעט אין פּוילן געבראַכט אַפילו צו בלוט־פאַרגיסונגען, האָבן מיר דאָס אין אונדזער יענדזשעווער אויסגעמיטן, ווייל אין שפּיץ פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען זענען גע־שטאַנען מענטשן, וואָס זענען געווען דערוואַקסן צו זייערע אויפגאַבן און פאַרשטאַנען אויסצומיידן שנאת־חינם.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין שפּיץ פון דער חלוצישער באַוועגונג איז דעמאָלט געשטאַנען דער באַוווּסטער טוער ישראל גורטמאַן, מאַניע און אהרן האָראָוויץ און נאָך אַנדערע, וועמענס נעמען כ׳געדענק שוין לײדער נישט.

די רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג אין יענדזשעוו האָט אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, דערגרייכט דעם גרעסטן אויפבלי. עס זענען דאַן אָרגאַניזירט געוואָרן:

אַ שילער־גרופּע „מסדה״, צו וועלכער עס האָבן געהערט די תלמידים פון דער גימנאַזיע און אַנדערע שולן; „ברית החייל״, אין דער שפּיץ זענען געשטאַנען ד״ר יוליאַן שאַפּערמאַן, ד״ר פּערלמאַן און נאָך צוויי חברים.

עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ „ברית ישורון״ אונטער דער אָנפירונג פון ישראל הענאָך.

ביים בית״ר איז אויך געווען אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט אין משך פון יאָרן אויפגעפירט פאַרשידענע פּיעסן און זיך דערוואָרבן די סימפּאַטיע פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

אינעם דראַמקרייז האָבן זיך באַטייליקט נישט נאָר פאַרטיי־חברים, נאָר אויך סתם ליבהאָבער פון יידישן טעאַטער, ווי, למשל, די ברידער טייכנער, יעקל ווייצמאַן, יעקל געבראָוויץ. פון די בית״ר־חברים האָבן זיך אויסגעצייכנט: זאָשקאַ האָראָוויץ־פּרייס, כאַנטשע וויגנינסקאַ, אברהם און משה רייזמאַן, משה׳ל אַפּעלשטיין, שיינדעלע ראָזענ־בלום, אַבאַרזשאַנעק און משה לעדערמאַן.

פון צייט צו צייט האָבן מיר באַזוכט די בית״ר־קנים אין די שכנותדיקע שטעטלעך וואָדיסלאַוו, סענדזישעוו און פינטשעוו און זיי אויך איינגעלאַדנט צו אונדז.

אַ באַזונדערס אָפטן קאָנטאַקט האָבן מיר אָנגעהאַלטן מיטן וואָדיסלאַווער קן, וואָס אָט כמעט שטענדיק באַזוכט אונדזערע רעפעראַטן און די טעאַטער־פאָרשטע־לונגען. אין שפּיץ פון וואָדיסלאַווער „קן״ איז געשטאַנען דער איבערגעגעבענער חבר טוביה זעליגפעלד.

פון די פירער פון דער רעוויזיאָניסטישער פאַרטיי האָבן באַזוכט יענדזשעוו: ד״ר דוד וודאָווינסקי, צבי באַנפעלד, ד״ר אברהם ליפּמאַן, יוסף קלאַרמאַן און הרב בערנשטיין.

גרויסע גרופן פון אונדזערע חברים פלעגן פאָרן קיין קעלץ יעדעס מאָל, ווען אונדזער גרויסער מנהיג זאב זשאַבאָטינסקי ז״ל האָט דאָרט רעפערירט.

דער בית״ר אין יענדזשעוו איז געווען דער רוח־החיים פאַר אַלע „קנים״ אין דער גאַנצער אומגעגנט, וואָס זענען דורך אונדז אָרגאַניזירט געוואָרן.

אויף דער גרויסער ציוניסטישער ראַיאָן־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין קעלץ אין יאָר 1930 מיטן אָנטייל פון דעם מנהיג פון פוילישן יידנטום, סיים־דעפּוטאַט יצחק גרינבוים, רעדאַקטאָר פון „הײַנט״ אברהם גאָלדבערג ז״ל און די גענעראַל־סעקרעטאַרין פון ציוניסטישן צ. ק. ד״ר אסתר מאַנגעל ז״ל, האָבן מיר זיך נאָך באַטייליקט, אָבער שוין אַלס רעוויזיאָניסטן. מיר האָבן דאָרט אָרגאַניזירט אַן אָפּאָזיציע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורכן חבר יוסף קלאַרמאַן פון סאָסנאָוויץ, ווי אויך דורכן אַקטיוון חבר יוסף מאירפעלד פון קינצק.

אַלס דעלעגאַטן פון יענדזשעוו האָבן זיך באַטייליקט: משה פרייס ז״ל און, יבדל לחיים, ישראל דוטקעוויטש.

אין יאָר 1934 האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיטן פוילישן ספּעציעלן רעסאָרט פאַר מיליטערישער אויסבילדונג (P. W.) ביי דער יענדזשעווער סטאַראָסטווע וועגן געבן אַ דערלויבעניש אויך אונדז צו מיליטערישער אויסבילדונג מיט געווער. מען האָט אונדז דאָס אָפּגעזאָגט מיטן מאָטיוו, אַז אַזאַ „איינהייט״ קאָן לעגאַליזירט ווערן בתנאי, אויב זי וועט טראָגן דעם נאָמען פון „לעגיאָן אויפן נאָמען פון בערעק יאָסעלעוויטש״.

צוליב דעם, וואָס דער דאָזיקער לעגיאָן האָט זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון אַסימילאַטאָרן, האָבן מיר דערפון רעזיגנירט, אָבער אין אַ צייט אַרום איז אונדז דאָך געלונגען צו לעגאַליזירן אַ „מיליטערישע איינהייט״ אויפן נאָמען פונעם מנהיג „וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי״.

ד״ר יוליאַן שאָפּערמאַן, אַ פוילישער רעזערוו־אָפיציר, האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דער דאָזיקער איינהייט, יידישע מיליטערישע אונטעראָפיצירן פון דער פוילישער אַרמיי, האָבן אונדז געלערנט אַלע מיליטערישע איבונגען און מ׳האָט אונדז אַפילו אָפיציעל איינגעלאַדנט זיך צו באַטייליקן אין די פייערלעכקייטן פון פוילישן נאַציאָנאַלן יום־טוב, דעם 3טן מאי.

עס איז געווען אַ נחת צו זען ווי אונדזערע יידישע בחורים מאַרשירן שטאָלץ, צוזאַמען מיט די פוילישע מיליטערישע פאָרמאַציעס. די פּאָליאַקן האָבן זעלבפאַרשטענדלעך געקוקט דערויף מיט גרויס פאַרדרוס, אָבער די טאַטעס און מאַמעס פון די מאַרשירנדיקע קינדער זייערע, האָבן געקליבן נחת און די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז געווען דערפון זייער צופרידן.

צווישן די וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן בלב ונפש דעם רעוויזיאָניסטישן געדאַנק איז כדאי צו דערמאָנען די חברים:

משה זילבערשטיין, אברהם און משה רייזמאַן, משה ווידאָווינסקי, משה פרייס, מאיר פינקעלשטיין, לייב וואַקסבוים, ישראל הענאך, חיים דיקערמאַן, אלתר אינגבער, יהודה ברעסלער, יחיאל מאירסאָן, וואָלף וויגניינסקי, מאָטל סאָלאַרזש, לייבוש פלעשאָווסקי, צבי מאַכטינגער לייבוש ליפּמאַנאָוויץ, משה לעדערמאַן, טוביה אַפּעלשטיין, מנשה און ישראל מאַוער, אלתר פלעשאָווסקי, יחיאל זאַקהיים און ישראל דודקעוויטש.

(צום סוף וויל איך ווידמען עטלעכע שורות מיין חבר און פריינט משה פרייס ז״ל. ער איז געווען פון דער נאַטור אַ זייער איידעלער יונגערמאַן. ער איז נישט געווען

מסוגל ווען עס איז טון שלעכטס. ער איז געווען זייער באַליבט ביי זיינע חברים, אָבער אויך זייער געשעצט אַפילו דורך זיינע פּאָליטישע קעגנער. משה פּרייס ז״ל האָט געפירט אַ מוסטערהאַפט פאַמיליע־לעבן און געהאַט גרויס אָנזען ביי דער גאַנצער יענדזשעווער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט געשמט אַלס אינטעליגענטער און גוט־דערצויגענער מענטש

ביי דער ערשטער ליקווידירונג פון יידישן געטאָ אין יענדזשעוו איז ער געבליבן. מען האָט אים איבערגעפירט אין קליינעם געטאָ. זיין פרוי, זאָשקע, און זייער 4־יאָריק טעכטערל, מינאַלע, האָט מען אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע. משה פּרייס האָט זיך געפונען אין קליינעם געטאָ פאַראייניזאַמט און פאַרביטערט. זיין בענקשאַפט נאָך זיין פרוי און קינד, איז נישט מעגלעך צו שילדערן.

נאָכן ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ האָט מען אים, צוזאַמען מיט די לעצטע יענדזשעווער יידן, איבערגעשיקט אין אַן אַרבעטס־לאַגער אין סקאַרזשיסקאָ. ער, מיט נאָך צוויי חברים, זענען אויפן וועג אַנטלאָפן, צוריקגעקומען קיין יענדזשעוו. אָבער דאָ, זענען אַלע דריי דערמאָרדעט געוואָרן דורך די פּוילישע רוצחים.

זאָלן די עטלעכע שורות מיינע וועגן אים, זיין דער „קדיש״, וואָס איז נישט געזאָגט געוואָרן אויפן אומבאַקאַנטן קבר פון מיין בעסטן חבר און פריינט משה פּרייס ז״ל).

לייב וואַקסבוים
תל־אביב

## טיפּן פון יענדזשעווער יידן

### יאָסעלע „אָרדינאַנס״



נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אין יענ־דזשעוו באַוויזן אַ מאָדנע טיפּיש יידעלע פון שכנהשן שטע־טל כענטשין, מיטן נאָמען „יאָסעלע״.

אין אונדזער גערער שטיבל איז דאַן געווען אַ מנהג פּרייטיקצונאַכטס אַהיימצונעמען „אורחים״, וואָס פלעגן יעדן שבת זיך זאַמלען אין די בתי־מדרשים און אין די חסידים־„שטיבל׳עך״, כדי מזכה צו זיין דעם עולם מיט דער גרוי־סער מצוה פון הכנסת אורחים.

אויך מיין פאָטער, זכרונו לברכה, האָט זיך קיין מאָל נישט געזעצט צום טיש צו דער שבת־סעודה, נישט האָבנדיק נעבן זיך קיין „אורח״.

די מצוה צו רופן דעם „אורח״ האָט פאַרכאַפּט מיין ברודער משה. באַמערקנדיק אַ מאָל, אַז ער זוכט עמעצן צווישן די „אורחים״, בראַקירט אויס אַלטע לייט, און גע־פינט עפּעס אַ יונגערמאַנטשיק, האָב איך דאָס נישט געקאָנט פאַרשטיין. אָבער מיין ברודער זאָגט צו מיר: „וואַרט אַביסל וועסטו אַלץ וויסן!״...

אונדזער טאַטע ז״ל האָט אָפּגעזאָגט דעם „שלום־עליכם״ און דעם „אשת־חיל״ און געמאַכט „קידוש״, זיך געוואַשן אויך אויך מכבד געווען דערמיט אונדזער „אורח״. באַלד נאָכן אָפּעסן די פיש, האָט אונדזער אורח אָנגעהויבן שיטן מיט פאַרשידענע גראַמען ווי פון אַ־בל אַרויס. מיין ברודער משה שמייכלט צו מיר און זאָגט: „איצט פאַרשטייסטו שוין?״ כ׳האָב טאַקע פאַרשטאַנען... מיין ברודער איז פשוט געווען פאַר־ליבט אין יאָסעלעס גראַמען, זיי האָבן שוין געשמט אין גאַנץ יענדזשעוו.

בקיצור, יאָסעלע איז געווען אונדזער שטענדיקער אורח אויף שבת און מיר האָבן זיך טאַקע אַלע משמח געווען ביים שבתדיקן טיש מיט זיינע בדחנישע גראַמען, אָבער אַלץ אויפן חסידישן שטייגער, אָן עזותקייט...



„יאָסעלע אָרדינאַנס״ מיט זיין קאָזע.

ביסלעכווייז איז יאָסעלע געוואָרן ביי אונדז אַ בן־בית און טאַטע־מאַמע האָבן אים גענוצט צו פאַרשידענע שליחותן. ער האָט דערפון געהאַט גרויס הנאה, און ווען מ׳האָט אים געפרעגט: „וואָס איז די שמחה?״ האָט ער תמימותדיק געענטפערט: „אין דער מיל שיקן זיי מיך אויך מיט שליחותן און האָבן מיך געקרוינט מיטן שיינעם נאָמען „יאָסעלע אָרדינאַנס״. זע איך, אַז כ׳בין טאַקע אַן אמתער אָרדינאַנס אויך ביי אייך״... און פאַרענדיקט מיט אַ גראַם, צוגעפּאַסט צום דאָזיקן ענין.

קיין דירה האָט יאָסעלע קיינמאָל נישט געהאַט, אָבער ער האָט זיך נישט געזאָרגט, ווינטער איז ער געשלאָפן אין געדער שטיבל און זומער — אין פערדשטאַל פון דער מיל. פּלוצים איז אונדזער יאָסעלע פאַרשוווּנדן. ס׳איז אַדורך בלויז אַ גאַנץ קורצע

צייט און ר׳ „יאָסעלע אָרדינאַנס״ איז ווידער דאָ, אָבער נישט חלילה אַליין, נאָר טאַקע מיט אַן „אשה כשרה וצנועה״, וואָס ר׳האָט זיך איינגעהאַנדלט אין זיין געבורט־שטעטל כענטשין.

יאָסעלע האָט אונדז לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן און מיט צען חדשים שפּעטער האָט ער אונדז איינגעלאַדנט אויפן שלום־זכר און נאָכדעם אויפן „ברית״ פון זיין בכור.

ליידער האָט יאָסעלע נישט לאַנג זיך געפרייט מיט זיין ווייבל און זונעלע. דריי יאָר שפּעטער האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה און איז אַוועק אויף „יענער וועלט״, אויפן „עולם האמת״... דערצו האָט ער נישט געהאַט קיין גראַם!

## די צוויי ברידער: איטשעלע און יאָסעלע

„יאָסעלע אָרדינאַנס״ איז נישט געווען אין אונדזער שטעטל קיין בן־יחיד, יענדזשעוו האָט פאַרמאָגט נאָך אַ יאָסעלע — דאָס איז געווען איטשעלע טרעגערס אַ ברודער. ביידע האָבן זיי געהאַט איין פאַך — טרעגעריי. זייער אויפגאַבע איז געווען, שלעפּן זעק מעל פון דער מיל אין די פאַרשידענע בעקערייען אין שטאָט. ס׳איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך צו שלעפּן כסדר אויף דער פּלייצע 100קילאָדיקע זעק מעל, אָבער אויך דאָ האָט מען געזען פאַר זיך צוויי פאַרשידענע כאַראַקטערן. איטשעלע איז תמיד געווען אין כעס, געשאָלטן מיט טויטע קללות אַלע גבירים און באַזונדערס זיינע פּרנסה־געבער, הגם ער האָט פאַרדינט געגוג פאַר זיין אויסקומעניש.

דאַקעגן איז יאָסעלע — כאָטש אַ מטופּל מיט ווייב און קינדער, וואָס עסן קיינמאָל נישט צו דער זעט — תמיד געווען פריילעך, געטראָגן די זעק זינגענדיק און כסדר געבענטשט די מילנערס און בעקערס, וואָס גיבן אים פּרנסה.

ס׳איז קיין וואונדער נישט, וואָס אַלע האָבן געוואָלט בעסער הערן זיין זינגען איידער איטשעלעס קללות. זיינע קליענטן האָבן זיך כסדר פאַרגרעסערט און ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט און זיך געקויפט אַ פערד און וועגעלע און אויפגעהערט שלעפּן די שווערע זעק אויף זיינע שוואַכע פּלייצעס.

## נעמען פון כשרע אַרבעטס־יידן אין יענדזשעוו

כ׳וויל אויך דערמאָנען עטלעכע ערלעכע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן כשר פאַרדינט זייער ברויט און זענען צוזאַמען אויסגעמאָרדעוועט געוואָרן דורכן בלוטיקן שונא: וועלוועלע מילך־טרעגער, מענדל בעל־עגלה, די משפּחה מייקעס, (לייזעראָוויץ), יעקל מייקע (דער כלי־זמר), זלמן־לייזערווילנער, איציק ראָזענבלום, אייזיק טייכנער, מרדכי עקיבא טייכנער, פראַדל טייכנער, הירש־וואָלף טייכנער, יוזעף זילבערשטיין, משה (מאַקס) וייסבערג, מענדל יאַש (דער שטאָט־בדחן) אַ טיפּישער שניידער.

(תהיינה נשמותיהם צרורות בצרור החיים עם נשמות כל קדושינו הי״ד).

## חיים יהושע ווילאַגע ז״ל

מיאמי־ביטש, פלאַרידע

# א ביסל זכרונות

### מיין מאַמעס התנהגות



פון מיין פאַרגאַנגענהייט דערמאָנט זיך מיר ווי מיין מאַמע ע״ה האָט מיך אין די קאַלטע ווינטער־טעג „טראַנס־פאָרטירט״ אין חדר אַריין. זי האָט מיך פשוט „איינגעפּאַקט״ אין וואַרעמע וואָלענע מלבושים, דערצו אַ וואַרעמען, דיקן פּאַלטן, דעם קאָפּ מיט די אויערן האָט זי פאַרבינדן אין אַ וואַרעמען באַשליק און אין די קעשענעס אַריינגעשטופּט פרישע ראָגאַלקעס און רויטע ווינטער־עפּל. מיך צוגע־פירט ביז צו דער טיר, געגעבן אַ פּאָר קוש און צוגעזאָגט: „גיי געזונט, מיין טייער זונעלע און לערן תורה, עס איז די בעסטע סחורה!״

מיין גוטע מאַמע האָט מיך באַגלייט מיט איר זיסן בליק אַזש ביז דער סוף גאַס.

כ׳האָב „געלערנט תורה״ מיט גרויס חשק, עס האָט זיך מיר אויך פאַרגלוסט אַ ביסעלע די פרישע ראָגאַלקעס מיט פּוטער און די געשמאַקע עפּל. בשעת דער הפסקה אין די לימודים האָב איך מיך געוואַשן און זיך גענומען צו דער סעודה.

מיינע אָרעמע חברים האָבן זיך אַרום מיר אַוועקגעשטעלט און מיר געקוקט אין מויל אַריין... כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען נעבעך הונגעריק, און איך האָב זיך מיט זיי געטיילט מיטן לעצטן ביסן.

אַהיימקומענדיק, פרעגט מיך מיין ליבע מוטער: „ליב קינד, האָסטו אַלץ אויפגע־געסן? האָט עס דיר געשמעקט?״. כ׳האָב געשוויגן, זיך געטראַכט, אַזאַ טייערע מאַמע טאָר מען נישט אָפּנאַרן און דעם אמת האָב איך איר מורא געהאַט צו דערציילן, אָבער, זי האָט עס באַלד אַליין פאַרשטאַנען און מיך געפרעגט: „האָסטו, מיין קינד, עפּעס געגעבן פון דיין עסן, דיינע אָרעמע חברים?״ כ׳האָב איר דאַן דערציילט דעם גאַנצן אמת און זי האָט צו מיר געזאָגט: „האָסט גוט געטאָן, אַזוי דאַרף מען זיך פירן, קעגנ־איבער חברים!״.

צומאָרגנס האָט זי מיר איינגעפּאַקט פולע טאַשן מיט עסנוואַרג און פּירות. כ׳האָב זי געפרעגט: „מאַמע! פאַרוואָס גיסטו מיר אַזוי פּיל עסן, כ׳בין עס נישט אומשטאַנד אויפצועסן!״

„מיין קינד! דאָס איז נישט בלויז פאַר דיר, נאָר אויך פאַר דיינע אָרעמע חברים. זאָל עס אייך אַלעמען זיין צום געזונט!״.

טאָג־טעגלעך האָט מיין גוטע מאַמע ע״ה מיר מיטגעגעבן עסן אויך פאַר מיינע אָרעמע חברים און אַזוי אַרום איינגעוואָרצלט אין מיר דאָס געפיל פון רחמנות און די גרויסע מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך״.

### די רעוואָלוציע קומט אויך קיין יענדזשעוו

מיר האָבן געהערט וועגן די שטרייקן וואָס קומען פאָר אין וואַרשע, לאָדזש,

ראַדאָם און קעלץ. אויך אונדזער יענדזשעוו האָט זיך „אָנגעשטעקט" מיט דער „עפּידעמיע".

לערנענדיק נאָך אין בית־המדרש זענען מיר פאַרכאַפּט געוואָרן מיטן שטראָם פון דער צייט. דאָרט אין בית־המדרש האָבן מיר שוין געהאַט אַריינגעשמוגלט טריף־פּסולע בראָשורן און פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור און האָבן עס געהאַלטן אונטער די גמרות, אָדער אַנדערע הייליקע מוסר־ספרים אין וועלכע מיר האָבן געלערנט.

איך געדענק נאָך אַ בראָשור מיטן שרייענדיקן נאָמען: „משה רבינו — אַ סאָציאַ־ליסט, ער האָט באַפרייט די יידן פון שקלאַפעריי". מיר האָבן דאָס ביכל געלייענט אין געהיים, און טאָמער איז עמעצער אַריין אין בית־המדרש, האָבן מיר עס שנעל באַהאַלטן...

די בראָשור איז געווען פול מיט פּראָפּאַגאַנדע וועגן באַפרייען די אַרבעטער פון שקלאַפעריי ביי די בורזשויען. הגם די בית־מדרש־בחורים זענען נישט געווען קיין אַרבעטער און קיינער האָט זיי נישט פאַרשקלאַפט, האָט די דאָזיקע בראָשור אונדז דאָך באַאיינפלוסט, אַז אויך מיר זאָלן סימפּאַטיזירן מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן און פיינט האָבן זייערע בעלי־בתים, די עקספּלואַטאַטאָרן...

די אַגיטאַציע האָט אַזוי ווייט משפיע געווען, אַז עס האָט זיך געשאַפן אַ תהום צווישן עלטערן און קינדער. די לעצטע האָבן פיינט באַקומען זייערע עלטערן, וואָס „נוצן אויס" זייערע אַרבעטער... און זיי האָבן אָרגאַניזירט די 2—3 געזעלן, וואָס דער פאָטער האָט באַשעפטיקט אין זיין בלעכעריי אָדער שניידעריי, און זיי אויפגעפאָדערט צו שטרייקן...

כ׳געדענק, ווי איך האָבן אין יענער צייט, צוזאַמען מיט מיינע חברים וואָלף נחומס, ישעיהו מענדל נתילס, אהרן קאָצקער און נאָך עטלעכע בחורים, יעדע נאַכט זיך צוזאַ־מענגעטראָפן, דיסקוטירט און געבויט אונדזערע „פּלענער", ווי אַזוי אַריינצוברענגען די רעוואָלוציע אויך קיין יענדזשעוו. מיר האָבן געטראַכט און פּלאַנירט און זיך איבערצייגט, אַז אין אונדזער קליין שטעטל איז נישטאָ קיין „מאַטעריאַל" פאַר דער „גרויסער וועלט־רעוואָלוציע". כ׳האָב דאַן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן יענדזשעוו און אַוועק קיין פּאַריז, כדי דאָרט אַוועקגעבן מיינע יונגע כוחות „פאַר דעם גרויסן פּלאַן פון באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס פון זיינע בלוט־זייגער", די גבירים, וואָס ווערן רייך פון זיין בלוט און שווייס.

ווען מיין פאָטער ז״ל האָט זיך דערוווסט וועגן מיין פּלאַן, האָט ער מיך מיט אַ סאַר־קאַסטישן שמייכל געפרעגט: „האַ, דו פאַרסט גאַר אַוועק, טאָ ווער וועט אַראָפּוואַרפן דעם רוסישן קייסער ניקאָליי פון זיין טראָן?".

עס האָבן זיך געפונען אַנדערע, וואָס האָבן דאָס געמאַכט, אָבער מיין פאָטער ז״ל האָט נישט דערלעבט דאָס צו זען...

### די גרויסע שריפה אין אין יענדזשעוו

ווי איך דערמאָן זיך איצט, האָט עס פּאַסירט אין אַ זומערדיקן שבתצונאַכטס. מיר האָבן דאַן געוווינט אויף דער קעלצער גאַס. אין פראַנט האָט געוווינט ישעיהו פעלטשער. מיר זענען געזעסן ביי אָפענע פענצטער. מיר האָבן דאַן געהאַט געסט און מיין פאָטער ע״ה איז געווען אין אַ זייער גוטער שטימונג, דערציילט פריילעכע מעשיות פון זיינע איבערלעבונגען. פּלוצים לויפט צו רוזשע דעם פעלטשערס טאָכטער מיט אַ געשריי: „יידן, עס ברענט!". מיר זענען אַרויס אין גאַס. דער הימל איז געווען רויט ווי פייער,

פון די תבואה־שפייכלערס אויף דער סקו־אניאוואר גאַס האָט געזעצט אַ שוואַרצער געדיכטער רויך. מיר לויפן צוריק אַריין אין שטוב, פּאַקן שנעל דאָס בעטגעוואַנט, מלבושים און מען לויפט מיט דעם אויף דער קעלצער גאַס. די גאַס איז שוין פול מיט מענטשן, אַלט און יונג, פּיצלעך קינדער און זקנים מיט זקנות. יעדער שטייט נעבעך ביי זיין ביסל זאַכן, וואָס ער האָט באַוויזן אַרויסצוראַטעווען, די פייערלעשער לויפן צעטומלט, הין און צוריק, מיט די פעסלעך וואַסער. יידן העלפן זיי צו שלעפּן אויף וויאַדרעס וואַסער און גיסן זיי אויס כמעט אין גאַנצן לויפנדיק „לעשן"... ווייבער ברעכן זיך די הענט, מענטשן זאָגן תהלים און בעטן גאָט, ער זאָל רחמנות האָבן און אָפּשטעלן די שריפה. אָבער גאָט וויל נישט רחמנות האָבן, דאָס פייער פאַרשפּרייט זיך וואָס ווייטער און כמעט אַ האַלבע שטאָט איז דאַן אַזוועק מיטן רויך.

נאָכן גרויסן אומגליק האָט מען ערשט פאַרשטאַנען, אַז די באַפעלקערונג גופא איז שולדיק. תמיד האָט מען זיך באַצויגן מיט ביטול צו די פּאָר קריסטן און יידן, וואָס זענען געווען די פייערלעשער פון שטאָט, מען האָט זיי גערופן „פּורים־שפּילערס מיט מעשענע היטלעך"...

ערשט איצט האָבן יידן און גויים זיך פאַראייניקט און צוזאַמען געשאַפן אַ גרויסע פייערלעשער־אָפּטיילונג מיט אַלע נייטיקע מכשירים.

אויך מיין פאָטער ז"ל האָט זיך פאַרשריבן און ער האָט שטאַלצירט מיט דער ווייסער רובאַשקע, ברייטן פּאַסיק, ווו ער האָט תמיד געהאַלטן דאָס העקל, וואָס ער האָט באַקומען, און מיט זיין בלוי היטל מיטן גלגאַנצעדיקן לאַקיר־דאַשעק.

זייער אָפּט האָט מען געמאַכט „אַליאַרם־פּרווון", ווו מען האָט געלערנט די פייער־לעשער און מיין פאָטער האָט מאַרשירט צוזאַמען מיט אַלע, ווי אַ גוט דיסציפּלינירטער פייערלעשער. דאָס איז געווען דער פועל־יוצא פון דער גרויסער שריפה אין יענדזשעוו.

## יענדזשעווער בעלי־עגלות

צווישן די יענדזשעווער בעלי־עגלות האָט פאַרנומען דעם אויבנאַן משה פּיסק און יאַמע (בנימין) גרינסקע. זייערע נעמען האָבן זיי זיך מסתמא כשר פאַרדינט.

„משה פּיסק" — ווייל ער האָט געשאָלטן און געזידלט מענטשן אָן רחמנות... און „יאַמע גרינסקע" — ווייל ער האָט זייער ליב געהאַט „גרינסקעס" (דאָס איז געווען אַ לאַנג גוט אויסגעבאַקן פּלעצל, באַשפּריצט מיט פּיצעלעך ציבעלע און גוט באַשמירט מיט פּוטער).

אין אַ זומערדיקן טאָג, מיטאָג־צייט, באַווייזט זיך פּלוצים אין מיטן מאַרק אַ גרויסער לאַנגער וואָגן, מאָדנע געבויט, וואָס יענדזשעוו האָט עס נאָך קיינמאָל נישט געזען.

יענדזשעווער יידן האָבן ליב געהאַט תמיד אַרויסצוּווייזן זייער מבינות און אָפּ־שאַצן יעדע זאַך לויט זיין אמתן ווערט. דאָס מאָל אָבער האָבן זיי זיך געבראָכן די קעפּ און נישט אומשטאַנד געווען אָפּצושאַצן דעם נייעם אוצר, וואָס האָט זיך באַוויזן אין שטעטל. אין וואָגן איז קיינער נישט געווען און דער עולם האָט אָנגעהויבן שמעקן און טאַפּן דעם וואָגן פון אַלע זייטן און קיינער האָט נישט געוווסט וואָס דאָס איז...

צום סוף האָט זיך באַוויזן דער בעל־הבית פון וואָגן און ער האָט דערקלערט, אַז דאָס איז אַן „אויסלענדישע דערפינדונג" און דאָס הייסט „אָמניבוס". ער האָט עס

געקויפט אין אויסלאַנד און דערמיט וועט ער פירן פּאַסאַזשירן צו דער באַן, אַהין און צוריק. אין דעם אָמניבוס איז געווען אָרט אַזש פאַר 30 פּאַסאַזשירן.

משה פיסק האָט באַלד זיך געכאַפּט, אַז די „אויסלענדישע דערפינדונג" וועט צו־נעמען די פּרנסה ביי די יענדזשעווער בעלי־עגלות, וואָס פאַרמאָגן בלויז קליינע וועגע־לעך מיט האַלב־געפּגרטע פערד, און ער האָט אָנגעהויבן שעלטן מיט טויטע קללות פון דער תוכחה „די נייע המצאות", וואָס נעמען צו דאָס ברויט ביי די אָרעמע בעלי־עגלות.

יאָמעלע גרינסקע, וועלכער האָט גראָד געהאַט אָנגעפּאַקט אַ פול מויל מיט אַ באַטעמט פּלעצל (אַ „גרינסקע") האָט שנעל אַרויסגעכאַפּט דעם ביסן פון מויל און אויף די טויטע קללות פון זיין שטענדיקן קאָנקורענט משה פיסק, געשריגן: „אמן! אמן! אַ שוואַרצן סוף זאָלן האָבן אַלע אָמניבוסן!".

## ר' הירש בער מרדכי ראובנס ז"ל

הירש בער מרדכי ראובנס, אַ בחור אַריבער די 20. דאָס איידלקייט ליגט אים ממש אויפן פּנים, דריקט אויס זייד און סאַמעט. אַ גרויסער למדן, אַ בקי אין די שווער־סטע און טיפסטע גמרא־סוגיות, תוספות, רמב"ם און מהרש"א.

אין בית־מדרש זענען אויסגעשטעלט לאַנגע טישן, ביי יעדן טיש זיצן עטלעכע בחורים, וואָס לערנען אונטער דער השגחה פון די עלטערע בחורים. מען הייבט אָן מיט גמרא, נאָכדעם: מפורשי הש"ס או שפּעטער: די פיר חלקי שולחן־ערוך. זעלבפאַר־שטענדלעך, דאָס ערשטע: יורה־דעה. אונדזער ר' הירש בער איז שוין געווען דער גרויסער ידען אין גאַנצן שולחן־ערוך. זיצן ביי זיין טיש, לערנען צוזאַמען מיט אים, איז שוין געווען אַ גרויסע זכיה, נישט יעדער בית־מדרש־בחור האָט דערצו געקאָנט זוכה זיין.

דאַקעגן האָט ר' הירש בער אַרומגעשפּאַנט צווישן די טישן און ווען ער האָט באַמערקט, אַז אַ גרופּע בחורים זענען זיך מפלפל, נישט וויסנדיק דעם ריכטיקן פּשט, האָט ער גלייך, מיט זיין שמייכלדיק פּנים, זיי אַלץ אויפגעקלערט און דערביי זיך אויך אינטערעסירט וועגן זייער מצב און מיט גרויס צופרידנקייט געגעבן עצות און הילף, ווען מ'האָט געדאַרפט.

עס שטייט פאַר מיינע אויגן זיין בילד ווי לעבעדיק, אַזוי ווי כ'האָב אים געזען פאַר מיין פאַרלאָזן יענדזשעוו.

איך זע אים, באַצירט מיטן שיינעם גאָלדענעם זייגער מיט דער טאָפּלטער קייט, וואָס ער האָט באַקומען אַ מתנה צו זיינע תנאים.

אָבער ליידער איז עס נאָר אַ חלום! צוזאַמען מיט זיינע חברים פון בית־המדרש איז אויך אונטערגעהאַקט געוואָרן זיין יונג לעבן! חבל על דאבדין ולא משתכחין!

משה ווייצמאַן
ניו־יאָרק

# דאנערשטיק אין יענדזשעוו

## (דעראינערונגען)



מיינע זכרונות פונעם שטעטל יענדזשעוו, ווו כ׳בין געבוירן געוואָרן, וועקן ביי מיר אויף בילדער פון אַמאָל.

מיינע אויגן זעען אויך איצט יעדע גאַס און געסל, וואָס זענען מיר תמיד געווען אַזוי טייער.

כ׳זע די שיינע גרינע פעלדער אַרום אונדזער שטעטל, די שיינע פרוכטן־גערטנער מיט זייערע זאַפטיקע עפּל און באַרנעס, וואָס האָבן דאָס שטעטל באַצירט פון אַלע זייטן.

איך דערמאָן זיך די יענדזשעווער שבתים פון מיינע יוגנט־יאָרן, דעם שבת־פאַרנאַכט, ווען יינגלעך און מיידלעך פון פאַרשידענע שיכטן, געבילדעטע און פשוטע, האָבן זיך געלאָזט אויפן שאָסיי צום „פאטכאינער ווילדל״ און גייענדיק אַזוי האָבן מיר געזינגען פאַרשידענע פאָלקס־לידער. פון די אַלע לידער, וואָס מיר פלעגן זינגען, איז מיר באַזונדערס געבליבן אין זכרון דאָס ליד „קינדער־יאָרן״.

אוי, מיינע קינדער־יאָרן, אייביק וועט איר בלייבן אין מיין זכרון!

האַלטנדיק די פעדער אין האַנט, כדי צו שרייבן אַ ביסל זכרונות, אַנטפּלעקט זיך פאַר מיינע אויגן דאָס אָרט, ווו כ׳בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, און אַלץ פון דעם שטעטל, ווו איך האָב פאַרלוירן מיינע טייערסטע און ליבסטע — די צאַרטע נשמות מיינע.

איך דערמאָן זיך אויך עפּעס פון דער דאָרטיקער ווירקלעכקייט — די דאָנערשטיקדיקע מאַרק־טעג.

כ׳געדענק, ווי מיטוואָך פאַרנאַכט האָבן די יידישע קרעמער און הענדלער אָנגעהויבן קוקן אין הימל אַריין, און טאָמער האָבן זיך דאָרט באַוויזן וואָלקנס, פלעגן זיי מיט האַרץ־קלאַפּעניש בעטן ביי גאָט און מתפלל זיין: „ליבער גאָט! יידן דאַרפן אויף שבת, האַלט אָפּ דעם רעגן ביז פרייטיק, דער מאַרק זאָל, חלילה, נישט פאַרשטערט ווערן!...

און אַז גאָט האָט געהערט זייערע תפילות און דאָנערשטיק אין דער פרי האָט די זון אויפגעשיינט, האָבן די סוחרים און בעלי־מלאכות געהויבן די הענט צום הימל און שטיל געגעבן אַ שבח והודיה דעם רבונו של עולם, וואָס פאַרלאָזט נישט זיין פאָלק ישראל...

פאַרטאָגס, די גאַסן און געסלעך זענען נאָך ליידיק. פון ווייטנס הערט זיך אַ הירזשען פון אַ פערד — דאָס איז דער ערשטער סיגנאַל, אַז מען קומט. פון אַלע זייטן שטאָט הייבן זיך אָן באַוויזן פויערישע פורן, באַלאָדנט מיט כל־טוב, הינער און אייער,

פרוכטן און גרינוואַרג, און דערצו די פויערטע מיט אַ פּאָר קינדער, פּאַר וועלכע מען דאַרף קויפן „מציאות״.

פון דער צווייטער זייט הערט זיך דאָס סקריפּען פון טירן. דאָס ייִדישע יענדזשעוו האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט. יידן לויפן שנעל מיטן טלית און תפילין, אַריינכאַפּן אַ „תפילה בציבור״. אַלע רייסן זיך צום ערשטן מנין. היינט איז נישטאָ קיין צייט, מען מוז אַלץ מאַכן בקיצור, וואָס זאָל מען טאָן? „עמך ישראל צריכים פרנסה״ און דער ליבער גאָט וועט געוויס מוחל זיין.



אַ דאָנערשטיקער „יריד״ — אין יאָר 1890.

די געוועלבער עפענען זיך שנעל, אויך אַלע שטיי־פלעצער ווערן פול מיט די אויסגעפּאַקטע סחורות. מלכה אפרימס איז די ערשטע, וואָס האָט שוין באַוויזן אויסלייגן איר סחורה, פרוכטן און גרינס — פאַרן טויער אַזש ביז מינצס מאַנופאַקטור־געשעפט.

באַלד באַווייזן זיך אויך די „טאַנדייטערס״ מיט זייערע מלבושים און די געהויבענע, די שוסטערס מיט זייער שוכוואַרג. עס באַווייזן זיך נאָך סוחרים, ווער מיט מאַנופאַק־טור־גאַלאַנטעריע, ווער מיט שפּילצייג און ווער גאָר מיט עסנוואַרג און קאַלטע משקאות.

אַ גרויסער טייל פון די פּויערים, וואָס קומען אין שטאָט אַריין מיט זייער פעלד־פּראָדוקציע באַווייזן זיך מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג. דאָס זענען די פּויערים, וואָס ענערגישע סוחרים האָבן זיי אָפּגעוואַרט פאַר דער ראָגאַטקע און ביי זיי איינגעהאַנדלט זייער גאַנצע פעלד־פּראָדוקציע. אָבער נישט אַלע פּויערים לאָזן זיך כאַפּן אויף דער ראָגאַטקע. די פון זיי, וואָס האָבן אַ סוחרישן חוש ווילן געניי „דערשנאַפּן״ די פּרייזן, וואָס מען צאָלט אין שטאָט, מען זאָל זיי, חלילה, נישט אָפּנאַרן...



דאָנערשטיק אויפן „יריד״ אין יענדזשעוו — אין יאָר 1898.

אַרום 10 אין דער פרי איז שוין דער מאַרק אין פולן ברען. עס איז לעבעדיק און פריילעך אין שטעטל. אַזוי גייט עס ביז מיטאָג־צייט. נאָכדעם ווערט וואָס אַמאָל אַלץ שיטערער. די פּויערים און פּויערטעס האָבן שוין פאַרענדיקט זייערע קניות, איבערגע־ציילט דאָס געלט, וואָס איז זיי נאָך געבליבן. איז געווען אַ גוטער מאַרק — קויפט מען צו נאָך עפּעס, אָדער מען כאַפּט זיך אַריין אין אַ שענק און מען מאַכט אַ גוטע כוסה.

אויך די יידישע סוחרים און בעלי־מלאכות מאַכן אַ חשבון פון דעם „פּדיון״ און פון דער געבליבענער פּרנסה. יידן טראַכטן וועמען מען מוז שוין אָפּגעבן דעם גמילות חסד און ווער עס קאָן נאָך צוואַרטן ביז נאָכן מאַרק אין צווייטן שטעטל. מען פּלאַ־נירט אויס, וואָס און ווען מען דאַרף פאָרן ערגעץ אַנדערש, אַריינכאַפּן אַ גוטן יאַריד, אָדער מאַרק־טאָג. מען מאַכט אַ חשבון פון די פאַרדינסטן און אַזוי האָבן געלעבט און

געהאַנדלט אונדזערע יענדזשעווער ברידער, חתונה געמאַכט קינדער, געגעבן שיינע נדנס, ביז דער טייוול איז געקומען און אַלץ אומגעברענגט פון גאָטס וועלט.

מיר וועלן זיי תמיד געדענקען טיף אין אונדזערע הערצער.



אַזוי האָבן יענדזשעווער יידן געמסחר׳ט מיט שטיוול אין אַ „יריד־טאָג״ — אין יאָר 1898.

משה טשינסקי (כענטשינסקי)
ניו־יאָרק

# זכריה׳לע דראָזשקאַרזש און זיינע קאָנקורענטן

יענדזשעוו האָט פאַרמאָגט אַ געוויסע צאָל דראָזשקאַרזשעס, וועלכע האָבן געצויגן זייער פרנסה פון פירן פּאַסאַזשירן צו דער באַן און צוריק. צווישן זיי איז געווען באַקאַנט יהושע (שיע) דראָזשקאַרזש, וואָס אויסערדעם, וואָס ער האָט געהאַט אַ פּאָר אייגענע שקאַפּעס און וואָגן האָט ער דערצו אויך פאַרמאָגט עטלעכע טעכטער, וואָס פלעגן אַרויסהעלפן זייער טאַטן אין זיין פרנסה. זיי פלעגן געבן די פערד עסן און טרינקען, זיי טרייבן צום קאָוואַל און זיי דערביי גאַנץ געשמאַק אונטערשמייסן מיט דער בייטש. איין טאָכטער פלעגט תמיד זיצן אויף דער קעלניע און די אַנדערע צוויי, זענען געשטאַנען ביים עק קלויסטער־גאַס און גערופן די פּאַסאַזשירן, זיך צו צואיילן און פאָרן צו דער באַן, און פאָרן טאַקע נאָר אויסשליסלעך מיט זיי. ביינאַכט, אָבער, פלעגט דער טאַטע שוין אַליין פירן די פּאַסאַזשירן צו דער באַן.

עס זענען געווען ביי אונדז נאָך צוויי דראָזשקאַרזשעס, צוויי ברידער, בנימין און הערשל גרינסקי. פאַרוואָס מען האָט זיי געגעבן דעם צונאָמען „גרינסקי״ ווייס קיינער נישט, עד היום. בנימין, דער עלטערער, איז געווען אַ סאָלידער און אַ שטילער מענטש און ער האָט גערופן צו זיך די פּאַסאַזשירן, שטילערהייט, אָן רעש און אָן געפּילדער. הערשל אָבער איז געווען דער היפּוך פון אים. ער האָט געטראָגן אַ פּאָר לאַנגע שטיוול, ביז צו די קני און די כאָליוועס האָבן תמיד געגלאַנצט, ממש זיך צו שפּיגלען אין זיי. קיינער האָט זיך נישט געקענט דערקלייבן צו וויסן ווי אַזוי ער האָט עס באַוויזן צו מאַכן אָבער געטראַכט האָט מען, אַז דאָס זענען ספּעציעלע שטיוול פון לאַקיר. ווען ער האָט גערופן די פּאַסאַזשירן פלעגט ער שרייען מיט קולי־קולות, געוואַלדעווען און מעשה „ווילער־יונג״, קנאַקן מיט דער בייטש און רופן: „קומט אַהער שנעלער! איך פאָר שוין! עס איז שפּעט צו דער באַן!״

דעם „אויבנאָן״, אָבער, ביי די דראָזשקאַרזשעס האָט פאַרנומען זכריה׳לע. ער איז געווען אַ קליין מאָגער יידעלע, תמיד אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע ביז איבער די קנעכל און געהאַלטן די בייטש אין די הענט „מעשה־זעלנער״. דאָס האָט געמאַכט זיין אויסזען נאָך קלענער, ווי ער איז געווען באמת. ער פלעגט זיך אַלעמאָל באַרימען, אַז ער האָט אין זיין לעבן, קיינמאָל, נישט פאַרשפּעטיקט די באַן. און פאַקטיש, ווען די אַנדערע צוויי־דריי דראָזשקאַרזשעס זענען שוין געווען האַלב וועגס צו דער באַן־סטאַציע איז זכריה־לע נאָך אַלץ געשטאַנען אויף זיין פּלאַץ און געוואַרט אויף אַ פאַרשפּעטיקטן פּאַסאַזשיר. זעענדיק זכריה׳לען איז מען געווען זיכער, אַז עס איז נאָך דאָ גענוג צייט צו דער באַן. ווײַזט־אויס אַז עס איז געווען אַ מין „געהיימער אָפּמאַך״ צווישן דער באַן־פאַרוואַלטונג און זכריה׳לע גופא, אַז זי וועט נישט אַוועק פון דער סטאַציע, ביז ער וועט נישט אָנקומען מיט זיינע פּאַסאַזשירן.

בדרך־כלל פלעגן די דראָזשקאַרזשעס קלאַפּן אינמיטן דער נאַכט אין די לאָדנס, כדי אויפצוועקן די פּאַסאַזשירן וואָס האָבן געדאַרפט פאָרן צו דער באַן, שרייענדיק: „שנעלער! עס איז שוין שפּעט!״

זיי הויפט־פּרנסה האָט זכריה׳לע געצויגן פון זיינע „נאַכט־פּאַסאַזשירן״. מיט אים זענען זיי געווען זיכער, אַז זיי קענען שלאָפן אַ ביסל לענגער. ער פלעגט זיי וועקן אין דער לעצטער מינוט, ווען מען האָט שוין געדאַרפט יאָגנדיק זיך, אויף שנעל, אָפּפאָרן.

זכריה׳לע, האָט קיינמאָל נישט באַנוצט די בייטש צו זיינע שקאַפּעס. ער פלעגט צו זיי רעדן אין מאַמע־לשון און די פערד, ווי זיי וואָלטן פאַרשטאַנען זכריה׳לעס דיבורים, פלעגן צושאָקלען מיט די ווידלען. „רירט זיך, שקאַפּעס״, — פלעגט ער איינטענהן מיט זיי — „איר זעט דאָך ווי די באַן לויפט ווי אַ הירש! טאָ, וויאָ! לאָזט זיך אויף לויפן! זאָלן מיינע פּאַסאַזשירן נישט בלייבן שטעקן אין דער היים!״ און כך הווה. תמיד איז ער אָנגעקומען צו דער צייט און זיינע פּאַסאַזשירן האָבן זיך געלאָזט לויפן הענדום־פּענדום אַזוי, אַז עס איז נישט געווען אַפילו קיין צייט צו קויפן בילעטן און זיכער נישט, צו באַצאָלן, זכריה׳לען, פאַר דער נסיעה. אָבער —— נישקשה! מען האָט נישט פאַרשפּעטיקט!

זכריה׳לע האָט, אָבער, געפירט זיין אייגענע בוכהאַלטעריע און געדענקט יעדן איינעם פון זיינע פּאַסאַזשירן און איינגעטענה׳ט מיט זיך אַליין מאַכנדיק דעם חשבון: יאָסל און פּנחס — 2 פאַרשוין; דער לאַנגער יאָסל — 1 פאַרשוין; די שמאדשקעס, וואָס האָבן געפירט הינער צו דער דייטשער גרענעץ — 3 פאַרשוין; הערשל נתן־זרח׳ס — 1 פאַרשוין; הירש־מאיר־איטשל נתן־זרח׳ס — 1 פאַרשוין — א.א.וו. אַזוי פלעגט ער פירן זיינע חשבונות און געדענקען אַלע זיינע חובות. זייער אָפט האָט אים אַליין ביי אַלע זיינע גליקן אויסגעפּעלט אויף שבת, אָבער, ער האָט זיך דערפון נישט געמאַכט און ווי עס איז, זיך אַן עצה געגעבן. אָבער זיין סאַטיספאַקציע איז געווען, בעיקר, דאָס וואָס ער האָט קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקט די באַן!..

זכריה׳לע האָט אויך געהאַט אַ קליין ווייבעלע און אַ פּאָר בנים׳לעך, איינס קלענער פון צווייטן און אַלע האָבן זיי געהאַט קיילעכדיקע פּוכקע פּנימער. פרייטיק איז ער געווען דער ערשטער צו פאַרשווינדן פון מאַרק מיט זיינע „שקאַפּעס״. ער איז אַוועק אַהיים און באַלד אָנגעהויבן זיך „מכין־זיין״ צו גיין אין באָד אריין. ווען ער איז אַרויס אין גאַס, אין דער ריכטונג צו דער באָד, איז ער געגאַנגען מיט אַלע זיינע בנים. ווען ער איז אַריין אין באָד, האָט ער זיך גלייך פאַרקליבן מיט זיי אויף דער העכסטער באַנק און דאָרט האָט ער אַ גאַנצע צייט געליאַרעמט און געשריגן, שמייסנדיק זיך מיטן בעזעמל: „נאָך אַ שמייסעלע! נאָך אַ שמייסעלע!״

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט „אויסשמייסן״ זיך אַליין און אויך די קינדער מיט דער געדיכטער פּאַרע, איז ער לאַנגזאַם אַראָפּגעקראָכן מיט די קינדער פון דער באַנק, זיי אַוועקגעזעצט נעבן דער מקוה, אַליין נאָך אַמאָל אויסגעווייקט זיין בעזעמל אין קאָכעדיק וואַסער, צוריק זיך פאַרנומען צו דער אַרבעט, אַרויפגעקראָכן אויף דער העכסטער באַנק און געגומען, אויפסניי, זיך שמייסן צוזינגענדיק זיך אַ שבתדיקן ניגון און פון צייט־צו־צייט אויך אויסשרייען געשמאַק בזה הלשון: „שמייסט זיך יידעלעך! שמייסט זיך און איר וועט דערמיט אָפּקומען פאַר אייערע זינד״. דערנאָך פלעגט ער, לאַנגזאַם, אַראָפּקריכן פון דער באַנק און ער האָט גענומען דאָס קליינוואַרג, וואָס ער האָט געלאָזט זיצן פאַר דער מקוה און זיי זענען ערשט אַלע אַראָפּ זיך טובלען אין מקוה.

נאָך דער באָד, פלעגט ער בנעימותדיק אַרויסגיין אין גאַס, פאַרלייגט די הענט אויף

הינטן, די קינדער אַרום זיך, אויסגעצוואָגענע, מיט רויטע בעקעלעך. ער האָט אויס־געזען ווי אַ מלך גייט זיך פון „מלוכה־ראַט" מיט זיינע „יועצים"... קומענדיק אין זיין געסל האָט ער, קיינמאָל, נישט פאַרפעלט אַריינצוקוקן דורכן פענצטער צו נתן־בער כענטשינסקי אין שטוב אַריין, ווו עס זענען געזעסן אַן עולם יידן, געשמועסט פּאָליטיק אָדער וועגן ציוניזם, געטרונקען ביר און צוגעקייט געזאָטענע אַרבעס. ער פלעגט דעמאָלט מורמלען צו זיך אַליין: „אַ טייער גלעזל האַבערבוש־און־שילע־ביר".

שבת גאַנץ פרי, האָט זיך זכריהלע אויסגעפּוצט אין זיין שבתדיקער קאַפּאָטע מיטן סאַמעטענעם היטל, מעשה „שיינער ייד" און אַרויס אין גאַס, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און זיינע בנים מיט די שקאַפּעס — נאָך אים. דאָס האָט ער געמאַכט דעם „שבתדיקן שפּאַציר" צו דער „רזשעקאַ", אונטערזונגענדיק זיך אַ שבתדיק זמרל, צופרידן פון זיך אַליין און פון גאָטס־וועלטל. ער האָט בלויז געוויזן זיינע שקאַפּעס דעם וועג צו דער „רזשעקע", קעגנאיבער דער „טומאה" און די „סוסים" זענען טאַקע אַליין אַוועק אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג און זיך מחיה געווען מיט אַ קאַלטן טרונק וואַסער.

דעם אמתדיקן שפּאַציר האָט ער געמאַכט ערשט נאָכמיטאָג, נאָכן שלאָף. פאַרן שלאָף האָט ער זיך גאַנץ געשמאַק און פיין אָפּגעגעסן זיינע שבתדיקע מאכלים, אַ שטיקל הערינג, אייער מיט ציבעלע, אַ פיינעם פעטן „טשאָלנט" און אַ קאָכעדיק גלאָז טיי, אַ ביסל זיך אונטערגעשנאָרכט און הידאַ, אַרויס אין גאַס. אין גאַס פלעגט ער זיך שוין טרעפן מיט זיינע פּאַסאַזשירן און נישט איינער פון זיי פלעגט אים אָנזאָגן באַ־צייטנס, ער זאָל אים וועקן ביינאַכט צו דער באַן. ער האָט אָבער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געזאָגט: „פע! שבת קודש! אם ירצה השם נאָך מנחה און מעריב, וועלן מיר רעדן!"

זכריהלע האָט הנאה געהאַט פון זיין שבת און נישט ווייניקער פון אים האָבן געשעפּט נחת זיין ווייבעלע און זיינע בנים פון זיין התנהגות.

## די „צוויי שמעלקעס"

כדי אָפּצושפּיגלען אַ ביסל דעם פאָלקסטימלעכן און פאָלקלאָריסטישן כאַראַקטער פון יענדזשעוו, וויל איך דאָ איבערגעבן אויך אַן עפּיזאָד פון צוויי טיפּן אין שטעטל.

אין יענדזשעוו זענען געווען צוויי יידן מיטן נאָמען „שמעלקע". איינער איז געווען שמעלקע פון דער וואָידיסלאַווער גאַס און דער צווייטער איז געווען שמעלקע בימקאַ פון דער קלויסטער־גאַס. אַז מען האָט אין מיטן רעדן אַ זאָג געטאָן: „שמעלקע", האָט מען באַלד געפרעגט: וועלכער שמעלקע? שמעלקע מיטן שטריימל, אָדער שמעלקע מיטן חודש?

פון וואַנעט נעמען זיך אָט די צוויי משונהדיקע נעמען?

דער נאָמען „שמעלקע מיטן שטריימל" איז אים פאַרבליבן נאָכדעם, ווי ער האָט זיך איינגעעקשנט און נישט געוואָלט גיין צו דער חופּה, ביז מ׳וועט אים נישט געבן דעם צוגעזאָגטן נדן, וואָס איז טאַקע באַשטאַנען בסך־הכל פון אַ... שטריימל! מ׳האָט דערציילט, אַז אַ שטיקל צייט פאַר זיין חתונה האָט ער געשיקט אַ טעלעגראַמע צו דער כלהס עלטערן בזה הלשון: „אַז ס׳וועט נישט זיין קיין שטריימל וועט שמעלקע נישט קומען!". אין פּויליש איז דער נוסח פון דער טעלעגראַמע געווען פאָלגנדיק: „יאַק ניע בענדזשע שטריימל טאָ שמעלקע ניע פּשיעדזשע!".

דעם צווייטן שמעלקע איז פֿאַרבליבן דער נאָמען „שמעלקע מיטן חודש" נאָכדעם, ווי עס איז מיט אים פֿאַרלאָפֿן די פֿאָלגנדיקע געשיכטע: איינמאָל האָט מען געמאָלדן אין דער פּאָליציי, אַז צו שמעלקען אין האָטעל איז געקומען אַ פֿאָרשטייער פֿון אַ סאָ־ציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע און ער האָלט דאָרט איצט אָפּ אַ פֿאַרבאָטענע פֿאַרזאַמלונג. בעת די פּאָליציי האָט אַרומגערינגלט דאָס הויז, איז דעם רעפֿערענט צוזאַמען מיט די פֿאַרזאַמלטע יוגנטלעכע געלונגען צו אַנטלויפֿן. עס זענען אָבער פֿאַרבליבן שפּורן פֿון דער פֿאַרבאָטענער פֿאַרזאַמלונג — אויפֿרופֿן און אַנדערע דאָקומענטן. שמעלקע איז דערפֿאַר געבראַכט געוואָרן אין געריכט און ער איז פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף אַ חודש אַרעסט אין דער קעלצער טורמע. נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעזעסן די שטראָף און געקומען אַ היים פֿון תּפֿיסה, האָט אים יעדער איינער, וואָס האָט אים געטראָפֿן, געווונטשן „אַ גוטן חודש", און אַזוי אַרום איז אים שוין פֿאַרבליבן אויף תּמיד דער נאָמען „שמעלקע מיטן חודש"...

אליעזר רובינשטיין
**תל־אביב**

## א פוילישער כראביע א גאסט ביי מיין זיידן
## ר׳ לעמל רובינשטיין ז״ל

ס׳איז געווען אין יאָר 1926. כ׳בין נאָך דעמאָלט געווען אַ קליין ייִנגל און כ׳האָב דאָס זעלבסט געזען, אַרויסקוקנדיק דורכן פֿענצטער.

פֿאַרן זיידעס הויף האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט אַ שיינע קאַרעטע, געשפּאַנט אין פֿיר פֿערד.

פֿון דער קאַרעטע איז אַרויס אַן עלטערער מאַן, אַ פּריץ, נאָך אים אַ דאַמע פֿון אַ יאָר 50. זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און געפֿרעגט, צי דאָ וווינט דער „אַביוואַטעל" לעמל רובינשטיין?

מיין זיידע, איבעראַשט פֿון אַזעלכע חשובֿע געסט, האָט זיי געבעטן זיצן און אומגעדולדיק געוואַרט...

און הערט אויס אַ שיינע מעשה, אַן אויפֿטו פֿון אַמאָליקע פּוילישע פּריצים!

„מיר פֿאָרן — זאָגט דער פּריץ — פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון שטעטל צו שטעטל, און מיר נעמען אויף אין די מאַגיסטראַטן פּרטים וועגן די עלטסטע לייט פֿון זייער שטאָט. דאָ, אין יענדזשעווער מאַגיסטראַט, האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז דער עלטסטער בירגער פֿון שטאָט זענט איר און מען האָט אונדז געגעבן אייער אַדרעס".

דער זיידע איז געבליבן אַ ביסל געפּלעפֿט, ווייל ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט מגלה זיין דעם סוד ווי אַלט ער איז, מורא האָבנדיק, ווייזט אויס, פֿאַר אַן אַן עין־הרע. אָבער דער פּריץ פֿאַרשטייט אַן עסק און זאָגט: „ווי אַלט איר זענט, ווייסן מיר שוין פֿון מאַגיסטראַט, מיר ווילן בלויז הערן פֿון אייך מעשיות פֿון אייער לאַנגיאָריק לעבן".

בדלית ברירה האָט מיין זיידע מסכים געווען, און אָט וואָס ער האָט זיי דערציילט:

„אַלט זייענדיק נישט מער ווי 15 יאָר האָט מען מיך גענומען צום מיליטער. כ׳האָב זיך באַטייליקט אין דער טערקיש־רוסישער מלחמה. נאָך זייענדיק אין מיליטער־דינסט האָב איך אַריבערגענומען מיין פּלוניתטע, זי איז דאַן אַלט געווען 12 יאָר. כ׳האָב מיט איר חתונה געהאַט און אַזוי אָפּגעדינט פאַניען גאַנצע 12 יאָר״.

דער זיידע האָט זיי נישט געזשאַלעוועט און דערציילט פאַרשידענע מעשיות פון דער מלחמה, ממש פון „טויזנט און איין נאַכט״.

די געסט האָבן אים האַרציק געדאַנקט און געזאָגט: „איר וועט נישט חרטה האָבן, וואָס איר האָט אונדז דערציילט אַזעלכע אינטערעסאַנטע געשיכטעס״...

אַרום צוויי חדשים שפּעטער האָבן זיך פאַרן זיידנס הויז אָפּגעשטעלט ד״ריי פּריצישע לאַסט־פורן באַלאָדנטע ביזן שפּיץ מיט פאַרשידענע זעק, קעסטלעך און אַנדערע זאַכן און מיט זיי איז מיטגעקומען אַן עלטערער קריסט, וועלכער האָט געמאַכט דעם רושם פון אַ פאַרוואַלטער פון אַ פּריציש גוט. ער איז אַריין צום זיידן און גע־פרעגט: „דאָ וווינט אַביוואַטעל לעמל רובינשטיין?״ און באַקומענדיק אַ פּאָזיטיווע תשובה, האָט ער אַרויסגענומען אַ בריוו, געשריבן דורך דעם „משוגענעם כראַביע״ און זיין פרוי, ווו ער מעלדעט: „אַלס דאַנק פאַר די אינפאָרמאַציעס, וואָס מיר האָבן פון אייך באַקומען וועגן דער טערקיש־רוסישער קריג, שיקן מיר אַ ביסל פּראָדוקטן פאַר אייך און פאַר אייער משפחה״.

מיין זיידע האָט פּשוט נישט געהאַט קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ גרויסער מתנה. ער האָט געמוזט דינגען אַ ספּעציעלן מאַגאַזין, ווו מען זאָל דאָס אַלץ קאָנען אָפּלייגן...

די „פּאַרנאַלעס״ האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט און מיין זיידנס געדונגענער נייער מאַגאַזין איז פול געוואָרן מיט אַ סך זעק מעל, תבואה און אַנדערע שפּייז־פּראָ־דוקטן, אַ גאַנצע פור קאַרטאָפל, קרויט און בוראַקעס, פאַרשידענע פרוכטן, עפּל באַר־נעס און פלוימען און אַפילו אַ פאַר בינטלעך שטרוי פאַר די שעניקעס.

עס זענען געווען אַזוי פיל פּראָדוקטן, אַז מיין זיידע האָט געשפּייזט נישט נאָר זיך און זיין גרויסער משפּחה, נאָר אויך פיל פּראָדוקטן צעטיילט צווישן אָרעמעלייט!

בשעתן באַזוך פונעם כראַביע און זיין פרוי, איז מיין זיידע שוין געווען אַ בן מאה, אָבער ער האָט זוכה געווען מאריך ימים צו זיין און איז געשטאָרבן אין עלטער פון 106 יאָר. יהי זכרו ברוך!

הערש שייקאָוויטש
גני־תקוה

# אברהם פאליווא ז״ל*

## (שטריכן)

איך בין כמעט איבערצייגט, אַז די געשטאַלט פון אברהם פּאַליוואן געדענקען כמעט אַלע יענדזשעווער יידן.

ווער האָט נישט געהאַט די געלעגנהייט צו זען אָט דעם מאָגערן און בלאַסן בחור מיט זיינע טריבע קראַנקע אויגן? תמיד האָבן מיר אים געזען אַרומגיין אינעם



זעלבן הולך: אַ בוך אונטערן אָרעם און אַ שטעקעלע אין דער האַנט. אין שטאָט האָבן יידן געהאַט זייער מיינונג וועגן פּאַליוואן: ער איז טאַקע אַ בטלן, אַ פאַנטאַזיאָר, אָבער דערצו אויך אַ מענטש מיט שרייבערישע פעאיקייטן, אָדער אַנדערש געזאָגט — אַספּיראַציעס.

אברהם פאליווא האָט געהאַט אַ סך מעלות און צווישן אַנדערע — די ספעציעלע לייכטקייט זיך צוצופּאַסן צו פאַרשידענע סיטואַציעס. דאָס איז אים טאַקע זייער צונוץ געקומען ספּעציעל ביי אונדז אין שטעטל. אין יענדזשעוו — ווי אין אַנדערע שטעטלעך — זענען געווען פאַרשידענע יוגנט־גרופּן. זיי זענען געווען מער־וויניקער געשלאָסענע. לאָמיר דערמאָנען אייניקע פון זיי. די גימנאַזיאַל יוגנט, למשל, האָט זיך געהאַט איר געזעלשאַפט און די בולטסטע בחורים פון זיי זענען געווען יחיאל פרידמאַן, יאָסל חזנס זון. די צווייטע גרופע איז געווען די פון דראַמאַטישן קרייז ווו די בולטסטע פיגור איז געווען — ישראל גורטמאַן. לויט דער דאָזיקער היעראַרכיע האָט געהערט צו דער דריטער ספערע דער טייל פון דער יוגנט, וואָס האָט זיך

* מיר גיבן דאָס אַרטיקל וועגן א. פאַליוואַ ז״ל אינם ערשטן טייל פון יזכור־בוך, ווייל אין זיין גרעסטן טייל איז עס געווידמעט דער עפּאָכע פון פאַר דער מלחמה.

פאַררעכנט פאַר די „רעוואָלוציאָנערן" פון יענדזשעוו. אין אַלגעמיין האָבן זיך די פאַרשידענע גרופּן ווייניק וואָס געקימערט איינע וועגן דער צווייטער. פון דעסטוועגן האָבן מיר, די יענדזשעווער רעוואָלוציאָנערן, זיך געמישט צווישן אַלע יוגנטלעכע גרופּן אין שטאָט. עס איז אויך געווען די אַזוי גערופענע „עמך", מיט באַזונדערע גרופּן און קרייזן פון שניידער־יינגלעך, שוסטער־יינגלעך, פּאָסטן־מיידלעך, דינסט־מיידלעך א. אַנד.

צווישן די יוגנט־גרופּן, וואָס האָבן אָפּט שפּאַצירט אויפן קעלצער שאָסיי און אין דער קלויסטער־גאַס האָט זיך אָנגעזען אַממערסטן די פיגור פון אברהם פּאַליוואַ. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט נישט געהערט צו קיין שום גרופּע און איז דאָך געווען אויסגעקאָכט מיט אַלע. אין יעדער גרופּע האָט ער געהאַט זיינע „אינטע־רעסן". ביי איינער פלעגט ער באָרגן אַ פּאָר גראָשן, ביי דער צווייטער — אַ בוך און פירן שמועסן וועגן ליטעראַטור און וויסנשאַפט. ביי אַן אַנדער גרופּע פלעגט ער כאַפּן אַ פּאַפּיראָס און ביי דער געלעגנהייט אויך פאַרלייענען זיינס אַן אייגענע „זאַך".

זיינע אַממערסטן „פאַרצווייגטע אינטערעסן" האָט ער געהאַט גראָד מיט „עמך", ווו ער האָט זיך געהאַט זיינע „קליענטן" אויף צו שרייבן ליבעס־בריוו, פאַרפאַסן געשריבענע „פלירטן", פאַרן געברויך פון די „שבתדיקע" געזעלשאַפטלעכע צוזאַ־מענקונפטן, און ער פלעגט דאָרט אַפילו האַלטן לעקציעס וועגן תנ"ך און עספּעראַנטאָ, און טייל מאָל אויך פאַרפירט אַן „אינטעליגענטן" ראָמאַנס מיט אַ „פּאָסטן־מיידל".

מיט איין וואָרט, — די געשעפטן פון אונדזער טייערן אברהמלען זענען געווען פילפאַכיקע און פאַרצווייגטע, אָבער קיין פּרנסה האָט ער פון דעם אַלעם נישט געהאַט. ווייל אויב ס׳איז אים אַמאָל יאָ אַריינגעפאַלן אַ פּאָר זלאָטעס, האָט ער דאָך באַלד געמוזט קויפן פּאַפּיר אויף צום שרייבן, פאַרפאַסן אַ בוך און נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן, וואָס זענען נייטיק פאַר יעדן אינטעליגענטן מענטש און בפרט אַ שרייבער.

צווישן די „לוקסוסן", וואָס ער פלעגט זיך אַ מאָל פאַרגינען, פלעגט זיין אַ שטיקל האָניק־לעקעך, אָדער אַ רעפּטל ווייצן־ברויט. אברהם האָט זיך זעלטן פאַר־גינען דעם פאַרגעניגן צו נאַשן איינער אַליין דאָס ווייצן־ברויט. האָט זיך אים געמאַכט אַזאַ „ביסן" פלעגט ער עס מערסטנטייל נאַשן מיט משה קאַסיער און מיט מיר. ער איז חלילה נישט געווען קיין עגאָיסט און פלעגט זיך טיילן מיט זיין לעצטן ביסן מיט זיינע — אַזוי ווי ער אַליין — אייביק הונגעריקע חברים. זייער זעלטן פלעגט זיך מאַכן, אַז מיר זאָלן האָבן „בראָנפן מיט פאַרבייס", אָבער דאַן האָבן מיר „געמאַכט אַ לעבן".

מיר פלעגן זיך טרעפן, כמעט יעדן טאָג, מערסטנס ביי מיר אין דער היים, — אינעם הויז פון נאָטאַר ביעלעוויטש, אויף דער פינטשעווער גאַס. דאָרט האָבן מיר פאַרנומען אַ שטוב, וואָס איז געווען אַמאָל אַ קוזשניע. דאָרט האָבן מיר געשמועסט, זיך געלערנט, געפירט דיסקוסיעס, אָדער געהערט אַברהם פּאַליוואַן פאַרלייענען פאַר אונדז זיינס אַ נייע „זאַך". מיר האָבן דערנאָך אַרויסגעזאָגט אונדזערע קריטישע באַמערקונגען און אברהם פלעגט עס אויסהערן מיט גרויס אינטערעס. ביי די צוזאַ־מענקונפטן און דיסקוסיעס פלעגן מיר רויכערן און ווען עס פלעגט אויספעלן אַ פּאַפּי־ראָס, פלעגט די סיטואַציע ראַטעווען משה קאַסיער, וועלכער האָט געאַרבעט ביי שטאָפּן סיגאַרעטן און ער האָט שוין, ווי עס איז, זייער קונציק צוזאַמענגעשטעלט סיגאַרעטלעך פון אויסגעניצטע גילזן.

איך דערמאָן זיך, ווי אין יענער צייט האָט אונדז אברהם פּאַרגעלייענט זיינס אַ הומאָרעסקע מיטן נאָמען „צוויי שלמהלעך“. אין דער דאָזיקער הומאָרעסקע האָט אברהם אויף אַ געלונגענעם אופן אויפגעכאַפּט צוויי טשעקאַווע יענדזשעוועער טיפּן. ביידע זענען געווען וואַסערטרעגער, שותפים אין עסק און יעדער איינער פון זיי האָט געהייסן שלמה. איינער איז געווען אַ מאָגער קורצזיכטיק יידל מיט אַ שיטער קאָזע־בערדל און מיט אַ פּאָר דראָטענע ברילן אויף דער רויטער און פליישיקער נאָז. דאָס דאָזיקע יידל האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן למדן און ביי יעדער געלעגנהייט געשיט מיט תורה־ווערטלעך אויפן שטייגער פון שלום־עליכמס „טוביה דער מיל־כיקער“. דער צווייטער, שלמהלע, — אַ בחור שוין אין די יאָרן, — מיט אַ קודלע־וואַטער שוואַרצער באָרד פון וועלכער מ׳האָט קוים אַרויסגעזען די נאָז. ער האָט שטענדיק נאַריש געשמייכלט און קוים אַרויסגעמורמלט אַ פּאָר ווערטער מיט זיין ליימיקער צונג און אייביק פאַרשטאָפּטער נאָז. דער צווייטער. נאַרעשעוואַטער שלמהלע, איז געווען אַ ברודער פון מענדל, דעם טויבן אבאס איידעם, פון דער פינטשעוועער גאַס. דער דאָזיקער מענדל איז געווען אַ שניידער, אַ לאַטוטניק, ווו אברהם פּאַליוואַ האָט צוזאַמען מיט מיין ברודער איציק זיך געלערנט שניידעריי. דאַכט זיך מיר, אַז ווייטער ווי פון „כאַפּן אַ נאָדל אויפן פינגערהוט“ איז אברהם אין זיין „פאַך“ נישט דערגאַנגען. פון דעסטוועגן האָט ער אַמאָל אָנגענומען צו נייען אַ מלבוש פאַר זייער אַ טשעקאַוון פּאַרשוין אין יענדזשעוו. דער פּאַרשוין, — דער קליענט הייסט עס, — איז געווען לייביש „קוני־לעמל“. לייביש קוני־לעמל איז געווען, ווי איר געדענקט געוויס, אַ מאַסיווער בחור מיט אַ פּאָר פּולע רויטע לעבער־בעק. ער האָט, לא עליכם. געהאַט עפּעס אַ מאָדנעם פעלער. אַז ער איז געגאַנגען אין גאַס האָט ער געמאַכט זיגזאַגן פון וואַנט צום רינשטאָק און פאַרקערט ווי, להבדיל, אַ שכור, און ביים גיין האָט ער געטופּעט מוראדיק מיט די פיס און געדרייט דערביי מיטן קאָפּ פון לינקס אויף רעכטס, אַרויף און אַראָפּ, פאַרגלאָצנדיק די אויגן. ווער ס׳האָט עס געזען צום ערשטן מאָל האָט געמיינט, אַז אָט־אָט פאַלט לייביש חלילה אַוועק. דערווייל איז אונדזער לייביש גאָר געווען אַ בהור אַ בעל כוח און דערצו געהאַט אַן אַפּעטיט, קיין עין הרע, נישט צו פאַרזינדיקן. יעדן דאָנערשטיק בעתן יאַריד האָט לייביש אַוועק־געשטעלט אַ טישל „גאַלאַנטעריע“ אין מאַרק און פון דעם געצויגן חיונה אויף אַ גאַנצער וואָך. די „גאַלאַנטעריע“ זיינע איז באַשטאַנען פון עטלעכע שאַכטלעך שיוואַקס, שנורעוואַדלעס, פּראַשקעס צו פאַרבן לייוונט, נאָדלען, פאָדעם וכדומה.

לייביש קוני־לעמל איז געווען אַ גרויסער בעל־בטחון, אַן אָפּטימיסט. וואָס אַן אמת נישט קיין גרויסער חכם, אָבער דערפאַר אַ פריילעכער חברה־מאַן, וואָס האָט גאָר נישט געהאַט דאַקעגן, אַז מען זאָל זיך אַ ביסל פריילעך מאַכן אויף זיין חשבון. אדרבא, ער האָט אַפילו מיטגעלאַכט. לייביש איז דערצו געווען זייער „ראָמאַנטיש געשטימט“, ער האָט ליב געהאַט, אַז מ׳זאָל אים רעדן שידוכים און באַקאַנט מאַכן מיט שיינע מיידלעך. אונדזער אברהם האָט געוווּסט דאָס אויסצונוצן ווי געהעריק. איין מאָל רופט זיך אָן אברהם צו לייביש קוני־לעמל בזה הלשון:

„האָרך מיך אויס, מיין טייערער לייביש. זאָלסט וויסן זיין, אַז איך האָב געפונען פאַר דיר אַ כלה, אָבער טאַקע דעם ריכטיקן זיווג. נאָר וואָס דען? אַזוי ווי דאָס מיידל איז אַ גרויסע „עלעגאַנטקע“, וועסטו מוזן זיך אַ ביסל „איבערניצעווען“ די קאַפּאָטע. און אַזוי ווי איך בין דער שדכן און דערצו אויך אַ שניידער, גלייב איך, אַז

דו וועסט נישט זיין קיין דבר־אחר און נישט אַוועקגעבן דאָס נייען אַן אַנדערן. איך פאַרשטיי אָבער, אַז עס קען דיר אַמאָל איינפאַלן, אַז איך בין נישט דער בעסטער שניידער אין יענדזשעוו. מילא, וועל איך צונעמען צו זיך איציקן, הערשל׳ס ברודער, און מיר ביידע וועלן שוין צונויפשטעלן און זאָל עס זיין אין אַ מזלדיקער שעה״.

„אַ רענדל־אַרויף, אַ רענדל־אַראָפּ״ מען איז דורכגעקומען מיטן פּריין און צוזאַמען מיט מיין ברודער, האָבן מיר זיך ביידע „קינסטלער״ אַוועקגעזעצט איבערניצעווען לייבי־שעס קאַפּאָטע, כדי זיך פאַרצושטעלן, וואָס פון דעם איז אַרויסגעקומען, דאַרף מען, ווייניק־סטנס, האָבן די פאַנטאַזיע פון דעם באַרימטן קינסטלער פּיקאַסאָ, ווייל נאָר אויף זיינע „ליווונטן קאָן מען טרעפן אַזעלכע „קאַפּאָטעס״. די שוואַרצע קאַפּאָטע איז געווען גענייט מיט ווייסע פאָדעם. אַרבל האָבן די קינסטלער אַריינגעשטעלט, מ׳זאָל עס גאָר נישט זען. די קעשענעס זענען נישט געווען פאַרנייט און מען האָט זיך געקענט דורך זיי „דערגרונטעווען״ צו די פּאָלעס. דאָס איז גראָד אונדזער לייבישן זייער צונוץ געקומען. ווייל ער האָט זיך נוהג געווען, אַז אין די קעשענעס האָט ער תמיד געהאַלטן זיין „פּאָדרענטשנעם״ מאַגאַזין פון שפּיז.

אַז מען האָט לייבישן געוויזן דאָס פּאַרטיקע שטיקל אַרבעט איז אים געווען שווער צו באַגרייפן דעם שכל פון מאָדעל האָט אים אברהם אויפגעקלערט מיטן פולסטן דערפאָלג און געזאָגט: „דאָס איז אַ „פוטור־יסטישער״ מאָדעל און נאָר אַזאַ בהמה ווי דו, קאָן עס נישט פאַרשטיין״. לייביש האָט זיך צעלאַכט מיט זיין פערדיש געלעכטער און אַ צופרידענער, אַנגעטאָן דאָס מלבוש.

דאָס „זעעכץ״ מיט דער כלה איז פאָרגעקומען דעם נאָענטסטן שבת טאָקע ביי אברהמען אין דער היים, ווו עס האָבן זיך שוין געפונען עטלעכע „פּאָסטן־מיידלעך״ און בחורים. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז ווען לייביש קוני־לעמל איז אַריין אין זיין „נייעם״ מלבוש, איז געוואָרן היימלעך. אָבער דאָס ריכטיקע איז ערשט פאָרגעקומען ווען ער האָט אָנגעהויבן טאַנצן דעם „דאַמען־וואַלס״, און אַז עס איז געקומען די ריי אויף לייבישן צו טאַנצן „סאָלאָ״ מיט דער כלה און לייביש קוני־לעמל האָט אָנגעהויבן באַווייזן די „סאָלאָנאָווע״ שטיק פון אברהם פּאַליוואַס טאַנץ־שולע. ער האָט אַריינ־געשטעקט די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע אין די טאַשן־לעכער, ער האָט זיי צוגעהאַלטן מעשה־קאַוואַליער מיט ביידע גראָבע פינגער, זיי זאָלן נישט שטערן ביים טאַנצן און האָט אָנגעהויבן דערלאַנגען מיט די פיס, אַז די ווענט האָבן געציטערט. ער האָט געסאָפּעט ווי אַ לאָקאָמאָטיוו און געמאַכט דערביי פאַרליבטע חנדלעך מיטן רויטן פאַרשוויצטן פּנים. עס איז פאַרשטענדלעך, אַז דאָס געלעכטער איז דערגאַנגען ביז ספּאַזמען. יעדער איינער פון אונדז, וואָס האָט דאָס בייגעוווינט, האָט מן־הסתם אין זיין לעבן נאָך קיין מאָל אַזוי נישט געלאַכט.

*

אברהם האָט געהאַט אַן איינגעבוירענעם חוש פאַר הומאָר. ער האָט ליב געהאַט לאַכן און אויך אַנדערע מאַכן לאַכן. איז פאַרשטענדלעך פאַר וואָס ער האָט פון אַלע יידישע קלאַסיקער אַממיינסטן ליב געהאַט שלום־עליכם. ער האָט געקענט רעציטירן פון אויסנווייניק גאַנצע קאַפּיטלען פון זיין באַליבטן שרייבער. ער האָט בכלל געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן זכרון און פלעגט אָפט, מיט פאַרמאַכטע אויגן, רעציטירן גאַנצע זייטלעך פון שעקספּיר און געטע. אברהם איז געווען באַהאַוונט אין געשיכטע און

פילאָסאָפיע, אָבער ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס פאַר יידישער און אַלגע־מיינער ליטעראַטור. זיין באַליבטסטער, נישט־יידישער שרייבער, איז געווען דאָסטאָ־יעווסקי. צו דער צייט האָט אברהם שוין געשריבן נאָוועלן און דערציילונגען, ווי אויך אָנגעהויבן שרייבן אַ גרעסער ווערק: „בערג־רייסער״.

*

אין יאָר 1926, האָב איך אויף שטענדיק פאַרלאָזט יענדזשעוו און אַוועק קיין וואַרשע.

איך האָב זיך דאָרט ווידער געטראָפן מיט אברהמען אין די דרייסיקער יאָרן, נאָך דעם, ווי ער איז אָפּגעזעסן די שטראָף אין דער קעלצער טורמע און איז געקומען קיין וואַרשע. ער איז אָפּגעזעסן אין טורמע צוויי יאָר פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט, אָבער פּאַקטיש איז ער קיין מאָל נישט געווען קיין קאָמוניסט. ער האָט זיך איבערהויפּט נישט אידענטיפיצירט מיט קיין שום פּאַרטייאישע אידעאָלאָגיע. ער האָט זיך געהאַט זיין אייגענעם דרך און געזוכט אַן אייגענעם לעבנס־סטיל. אויף ווי ווייט דאָס איז אים געלונגען איז אַן אַנדערע פראַגע. ער איז געווען אייגנאַרטיק, אינדיווידועל און אינטע־רעסאַנט, אָבער נישט קיין קאָמוניסט.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין וואַרשע, איז ער, זעלבפאַרשטענדלעך, געקומען גלייך צו מיר. ער האָט אָנגעהויבן זוכן קאָנטאַקטן מיט יידישע שרייבער, און דאָ האָב איך צופעליק אים געקענט בייהילפיק זיין, ווייל איניקע פון מיינע באַקאַנטע זענען געווען יידישע שרייבער. אברהם איז געוואָרן אַן אַריינגייער אין יידישן ליטעראַטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13, און שנעל געוואָרן אַ באַקאַנטע פיגור אין דער יידישער ליטע־ראַרישער באָהעמיע פון וואַרשע. פון צייט צו צייט האָט ער געדרוקט פון זיינע שאַפונ־גען אין פאַרשידענע יידישע צייטשריפטן, אָבער ער האָט נישט געקענט רעאַליזירן זיין חלום וועגן אַרויסגעבן זיין ראָמאַן „דער אידיאָט״, וואָס ער האָט געשריבן אין תפיסה. ער האָט פיל געלייענט און געשריבן, אָבער האָט זיך נישט געקענט פאַרזיכערן קיין צוקונפט פאַר דעם מינימאַלן און נייטיקסטן. זיין מצב האָט זיך אָבער געענדערט מיטן מאָמענט, ווען איינער פון זיינע באַקאַנטע, אַ ייד מיטן נאָמען, דייטשער, וואָס האָט איבער־געזעצט שענקעוויטשס היסטאָרישן ראָמאַן „קוואָ וואַדיס״ אויף יידיש און איז געווען פון פאַך אַ פאָטאָגראַף, האָט אים אַריינגענומען צו זיך צו דער אַרבעט. אברהם האָט זיך אויסגעלערנט אַרבעטן מיט דער „לעיקאַ״, אַלס גאַסן־פאָטאָגראַף, אַ פאַך, פון וועלכן ער האָט זיך מפרנס געווען ביז דעם אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939.

אברהם פּאַליוואַ איז אַרויס פון טורמע אַ טויבער אויף ביידע אויערן. דעם דאָזיקן פעלער האָט אויף אַ זייער אומדעליקאַטן אופן אויסגענוצט אַן אָנפּאַנגנדיקער שרייבער, וואָס איז געקומען קיין וואַרשע, דוכט זיך פון בריסק. פּאַליוואַ האָט דעם דאָזיקן יונגנמאַן אַריינגענומען צו זיך אין שטוב און געטיילט מיט אים זיין לעצטן ביסן ברויט. דער דאָזיקער מענטש אָבער האָט געפונען פאַר „אומבאַדינגט נייטיק פאַר דער קונסט״, אָנצושרייבן אַ קאָמישע דערציילונג, ווו ער לאַכט אָפּ פון דעם פעלער פון זיין גאַסט־געבער. די דערציילונג האָט געהייסן „דער טויבער״ און דער פסעוודאָנים פון דעם שרייבער איז געווען „שלעווין״.

*

די באַמבאַרדירונגען פון וואַרשע האָב איך דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט אברהמען אין זיין בוידעם־שטיבל, און ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע, האָבן מיר באַשלאָסן צוזאַמען אַנטלויפן קיין רוסלאַנד. דעם 15טן אָקטאָבער 1939, זענען מיר אָנגעקומען צוזאַמען מיט אונדזערע ברידער קיין ביאַליסטאָק. אברהם האָט דאָרט באַקומען שטיצע, ווי אַ געוועזענער פּאָליטיש אַרעסטירטער שרייבער. איך בין באַשטימט געוואָרן ווי אַן אויפזעער פון אַ זידלונג פאַר „ביעזשענצעס", וואָס האָט זיך געפונען הינטער ביאַליסטאָק. פּאַליווא איז דאָרט אַריבער, כדי מיר זאָלן זיך נישט פאַרלירן אין דעם כאַאָס, וואָס האָט דאַן געהערשט. איך האָב דאָרט אַריינגענומען נאָך אַ יידישן פּאָעט, אונדזערס אַ באַקאַנטן, מיטן נאָמען לאָלעק טאָפּט. פון יענדזשעוו האָב איך דאָרט אַריינגענומען יעקב רעכט, וואָס איז שפּעטער אַוועק קיין כינע און יאַפּאַן.

נאָך אַ קורצער צייט זענען אַוועק קיין רוסלאַנד און אָנגעקומען קיין באַברויסק, אַ יידיש־סאָוויעטישע שטאָט אין ווייסרוסלאַנד. פון דאָרט, נאָך בערך פיר חדשים, זענען מיר אַוועק קיין קיעוו און דאָ האָט מען אונדז פונאַנדערגעטיילט. דאָס איז געווען אין מערץ 1940. און פון דאַן אָן האָבן מיר זיך שוין, ליידער, מער נישט געטראָפן.

זייענדיק אין דייטשלאַנד, נאָך דער מלחמה, האָב איך זיך געטראָפן מיט איטשע ריטערבאַנד און ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט איין מאָל באַמערקט פּאַליוואַן, — דאַכט זיך אין לידע, — אויף דער באַן־סטאַציע, בעתן טיילן פּראָדוקטן פאַר „ביע־זשענצעס".

וועגן אומקום פון אברהם פּאַליווא בין איך געוווּיר געוואָרן פון אַ „יזכור"־בלאַט, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך לעבנגעבליבענע יידישע שרייבער, צום אָנדענק פון זייערע פּאַרטיליקטע חברים קרבנות פון דער נאַציישער אַכזריות.

זאָל דער באַשיידענער פּרווו מיינער, אַרויסצוברענגען די געשטאַלט פון מיין טייערן חבר דינען אַלס אַ בלומען־קראַנץ אויף זיין אומבאַקאַנטן קבר.

---

**נסתיימה פרשת החיים המפוארים של ינדז׳יוב היהודית בימים עברו!...**

**ס׳האָט זיך פאַרענדיקט די געשיכטע פונעם שיינעם לעבן פון אַ מאָליקן יידישן יענדזשעוו!...**



**מקונן־השואה נוקט בלשון המקונן על חורבן־ירושלים ושואל את עמי העולם :**

,,הביטו וראו, אם, יש מכאוב כמכאובי אשר עולל לי !"...

**דער מקונן פון אומקום באַנוצט די שפּראַך פונעם מקונן אויפן חורבן־ירושלים און פרעגט אַלע פעלקער פון דער וועלט :**

,,קוקט און זעט : צי איז דאָ אַ ווייטאָק ווי מיין ווייטאָק — וואָס מען האָט מיר אָנגעטון !"...

## ...וזהו סופם!

## ...אזוי האָבן זיי פאַרענדיקט!



עמנואל בר
**תל־אביב**

# עִיר וּמְתִים

**„...באו גוים בנחלתך... שמו את ירושלים לעיים"**
**(תהילים ע"ט, א')**

## (פרקי זכרונות)



כ"ב שנים עברו מאותו יום מר ונמהר שבו קהלת עירנו ינדז'יוב הושמדה בתוך כל הקהלות המפוארות של יהדות פולין ומזרח־אירופה בשואה האיומה שפקדה את עמנו במלחמת העולם השניה. יחד עם כל בית ישראל, שיכלה גם עירנו ינדז'יוב יהודים חכמים, למדנים, חסידים, עסקני ציבור, מתפללי בתי־כנסת ובתי־מדרש ו„שטיבלעך" מכל שושלות החסידות דפולין.

### בתי מדרשות

מי מאתנו אינו זוכר את שני „בתי־המדרש", שנמצאו, אחד על־יד השני, ברחוב קרז'יוַוא־קוֹלָא מול האיטליזים, ההומים כמעט בכל שעות היממה מתפללים, לומדים ואומרי־תהלים. רואה אני ברגע זה בעיני רוחי את בית־המדרש והשלחנות הארוכים שמסביבם בוקעים ועולים ניגוני־הלימוד של סוגיות „אביי ורבא". עם שחר נזדרזו בחורי „בית־המדרש" והתיישבו על יד הגמרות הפתוחות ולמדו בהתמדה ובהתלהבות ובעיון רב, כשהם נתונים בעולם „השקלא וטריא". ובערב, — „בין מנחה למעריב", מתכנסים יהודים פשוטים, יהודי „עמך" ואומרים בדחילו ורחימו עשרת פרקי התהלים. מיד לאחרי תפלת מעריב התחיל השיעור של „הדף היומי" על יד השלחנות והספסלים הארוכים. כל המקומות היו תפוסים, וכולם ישבו צפופים וקשובים לדברי הלומדים. בכל יום ויום היה מסביר אחד מלומדי העיר את השיעור בצוותא.

זכורני, מה נעים היה לי אותו חורף, עת הייתי גם אני אחד המשתתפים בלימוד ה„דף היומי" מדי ערב בערבו. בחוץ שרר קור. שלג סמיך ירד והגיע עד לברכיים. דומית לילה מוחשית שאפשר לממש אותה ובבית המדרש יושבים כמה ישישים, מתחממים על יד התנור הגדול ומשוחחים לתומם. אחד מספר על עולם של תורה וחסידות שעבר וחלף מן העולם; השני נאנח על צרות ישראל שאין להן קץ; שלישי משיח בשבחם של תורה ולומדיה. בפנים בית־המדרש על יד התנור יושבים גם כמה זקנים, מתחממים ומתנמנמים. האנשים מקפידים ומגיעים בדיקנות לשיעור ומסובים על יד השלחנות, המסודרים בצורת האות ח׳ית. מגיד־השיעור יושב באמצע ומלמד מסכת „נדרים" עם ר"ן. מגידי־השיעור היו: ר' יצחק מאיר ורדיגר, ר' יהושע טמקין, ר' יעקב לובלינג, השו"ב ר' משה דוד יוריסטה, ר' פישל קוסובסקי ור' בנימין ורדיגר. (זה האחרון גר בתל־אביב, והוא מראשי חסידי גור). כולם היו תלמידי חכמים מובהקים ודברי־תורתם נשמעו תמיד בהקשבה רבה. עדיין מהדהדים באזני הנגונים המתוקים, שהיו רוויים חדווה, אנחות ודמעות, ומקשיב אנוכי לצקון לחש התפלות. ובגעגועים

רבים שואל אני את עצמי: איים בחורי־החמד ששקדו על פתחי התורה יומם ולילה? איים בתי־המדרש וה„שטיבלעך״ שלנו? תופסי־התורה, לומדיה והוגיה — איים? — נכרתו קולות אלה, נפסק השיר. אין חברות ואין אגודות ואין מעשי־חסד וצדקה ו„מתן־בסתר״ לקשיי־יום ולנצרכים. הכול נכרת ועבר מן העולם!

זכורני את גבאי בית־המדרש ר׳ הניך מוטיל׳ס. מסופקני אם נמצא איש בעיירה אשר ידע את שם משפחתו. אבל די היה, שיאמרו: „הניך מוטילס״ ואפילו דרדקא דחד־יומא ידע שהמדובר בגבאי בית־המדרש. הוא היה נמוך־קומה, בעל־גוף וכרס־עבה והתהלך תמיד נשען על מקלו. מדי יום ביומו, בחורף ובקיץ, היה מתעורר כאשר שררה עוד חשכה על פני העיירה והקפיד להיות בין הראשונים למנין הראשון בבית המדרש. הוא היה בעל עסקים אבל ידע גם לנהל את עניני בית־המדרש ללא „ועדים״ וללא „בחירות״ ואפילו ללא „תקציבים״. הוא לבדו דאג לכל צרכי בית־המדרש וגם למגידים ולדורשי־דרשות היה דואג להאכילם ולמצוא עבורם מקומות־לינה.

## בתי־תפלה של חסידים

והאפשר שלא להזכיר את ה„שטיבלעך״ של חסידי גור? האחד — בביתו של קולימיק והשני — בביתו של ר׳ ליבוש אייזנברג. החסידים התגודדו ב„שטיבלעך״ יראי־שמים ושמחים לעשות רצון קונם־אביהם שבשמים. אולם הדמות האצילה ביותר שביניהם היתה זו של ר׳ מרדכי יוסף ורדיגר, שהיה גם יפה־תואר ובעל הדרת־פנים בלתי מצויה. בשבת חבש שטריימיל והיה מגדולי מכניסי־האורחים בביתו וקיים הלכה־למעשה את הצו שבפרקי אבות (פרק א׳, ה׳) „יהי ביתך פתוח לרוחה ויהיו עניים בני ביתך״. הוא היה מעמודי־התווך של „אגודת ישראל״. זיקתו לה לא נבעה מחישובים מפלגתיים, אלא היא היתה בשבילו כדבר טבעי, המשתמע מאליו. לא פעם הביע את תמיהתו כיצד אפשר ליהודי חרדי שלא להיות חבר ב„אגודת ישראל״, שבראשה עומדים גדולי־הדור וראשון לכולם האדמו״ר מגור? הוא ראה בגור חזות הכול של עולמו הרוחני הנעלה. ידע ערכו של חינוך דתי ומסורתי ומשאת נפשו היתה לחנך את כל הדור לתורה וליראת שמים. ר׳ מרדכי יוסף השקיע הרבה עמל ויגיעה בכדי להקים ולבסס את החדר



התמונה משנת 1923 — מופיעים בה, עומדים (מימין לשמאל): חיים סולניק, בינום בירנשטוק, פישל קוסובסקי. יושבים: לייבוש גוטרמן ומרדכי פאס, חברי הועד ל„צעירי אמוני ישראל״ בינדז׳וב.

של „יסודות התורה״, שנבנה על ידו יחד עם שותפו ר׳ מנדל שפילברג על המגרש שבבית־החרושת לבירה שלהם.

באותו „שטיבל״ התפלל גם החסיד והעסקן האגודאי ר׳ יהושע טמקין, בנו של הרב הגאון רבי דוד טמקין, רבה של פיוטרקוב. הוא היה הרוח־החיה של „אגודת ישראל״, עסקן ציבורי בעל־מרץ, נואם ומטיף וער לכל דבר שבקדושה. יומו הקדיש לפרנסתו ולילותיו — לתורה ולעסקנות ציבורית. משחר נעוריו ראה בדרך „אגודת־ישראל״ את דרך המלך לכל יהודי חרד הרוצה להגדיל תורה ולהאדירה. מרצו היה רב ופעילותו עצומה ומעולם לא נרתע משום מכשולים ונלחם בכל עוז למען רעיונותיה ומטרותיה של „אגודת ישראל״.

על יד בית־המדרש נמצא ה„שטיבל״ של חסידי אלכסנדר. ראשי השטיבל היו ר׳ מאירל ברנר וגדליהו ברמץ. ר׳ מאירל ברנר היה בר־אורין, שתקן מטבעו וכשנסע לרגל עסקיו לעיר לודז׳ לא קרה אף פעם, שלא „יחטוף״ באותה נסיעה גם ביקור אצל הרבי מאלכסנדר. גרתי עם ר׳ גדליהו ברמץ שנים רבות בבית אחד, אצל ר׳ ליפא חייט, ברחוב קלאשטורנה. ר׳ גדליה היה עני מרוד ולא פעם לא היה בביתו אפילו כדי מזון סעודה אחת, אולם הוא למד תורה ערב ערב, עד שעה מאוחרת בלילה ב„שטיבל״ ולא פעם, כשר׳ גדליהו חזר כבר מאוחר בלילה מה„שטיבל״, שמעתי עוד מאחורי הקיר בוקע קול תורה, שיצא מפיו. אם כי מצבו החומרי היה בכל רע, היה תמיד מלא בטחון וקיים את „ברוך הגבר אשר יבטח בד׳״.

במרחק־מה מה„שטיבל״ של חסידי אלכסנדר נמצא ה„שטיבל״ של חסידי רדומסק ועל ידו היתה קיימת גם „ישיבה קטנה״. האיש המכובד ביותר בקרב חסידי שטיבל זה היה ר׳ שלמה דיקרמן, תעשיין־מתכת, איש צנוע, נעים־הליכות, בעל־צדקה ותומך־נלהב בתלמידי חכמים. הוא שנא תכלית שנאה את הפירסומת, כי מטבעו היה איש שאהב הצנע לכת. כן היו ידועים בין חסידי רדומסק ועסקניהם ר׳ שמואל זליג ציטרינבוים, „בעל המוסף״ בימים נוראים ור׳ אלימלך לובלינסקי, או כפי שקראו לו „מלכ׳ל״.

ר׳ אלימלך הנ״ל, היה חסיד נלהב של בית האדמו״ר מרדומסק זצ״ל. הוא היה יהודי פיקח מאד, בר־אוריין ומופלג בחסידות ונמנה בין בעלי־התפילה ב„שטיבל״ הרדומסקאי ל„ימים הנוראים״.

### האדמו״ר מרדומסק הי״ד

חושבני, שיהיה משום מילוי חובת־כבוד ונחת־רוח לנשמותיהם של צדיקים וחסידים, שמתו מות קדושים, אם נייחד ב„ספר־הזכרון״, המוקדש לזכר קדושינו הי״ד, גם משהו על האדמו״ר האחרון לשושלת רדומסק, שרבים מבני עירנו, נפשותיהם היו קשורות בנפש הצדיק הי״ד.

האדמו״ר רבי שלמה חנוך רבינוביץ הי״ד, היה מפורסם בצדקתו ובחכמתו היתירה ורבים — אפילו, לא מחסידיו — היו זורמים אליו בכדי לקבל ממנו עצה ותושיה בכל עניניהם. הרבי זצ״ל, היה מקבל את כל אדם מישראל בסבר פנים יפות והוא מצא עבור כל אחד ואחד את המלה הקולעת, בחיוכו הלבבי. תוך סיפור „מעשה שהיה״, הצליח לגולל את האבן, שהכבידה על האדם וביחוד, היה רב כחו לגרש את היאוש והספקות שבלבב, שכרסמו בלבות הפונים אליו ולהחדיר בקרבם שמחה ובטחון בד׳ ובישועתו הקרובה לבוא.

האדמו״ר מרדומסק הי״ד ראה את החינוך, לתורה וליראת שמים „כנשק העיקרי״

והחשוב ביותר במלחמה בזרמי־ההשכלה, שפגעו קשה בכרם בית ישראל. הוא חרד כל ימי חייו לנוער היהודי, שהציף את בתי־הספר הכלליים, ששם פיטמו אותם בתרבות זרה והוא לא ראה בעין טובה, אפילו, את בתי־הספר החילוניים היהודיים.

האדמו״ר מצא את התרופה הבדוקה והעקרית נגד זרם זר זה — בהגברת לימוד התורה ובהקמת „ישיבות״ בערי־השדה, המאוכלסות יהודים.

הוא הקים בפולין 35 ישיבות בערך, בשם „כתר תורה״ שהוחזקו, כמעט כלן על ידו בלבד, כי הוא היה גם איש עשיר גדול ואת עיקר הכנסותיו הקדיש לתורה ולתעודה.

גם בינדז׳יוב נוסד, על יד ה„שטיבל״ שלו, ישיבה קטנה בשם „כתר־תורה״.

האדמו״ר מרדומסק הי״ד ישב בקביעות, בסוסנוביץ, אולם, עם פרוץ המלחמה, עבר עם כל משפחתו לגיטו וורשה.

ביום המר — בשבת השחורה של י״ח מנחם־אב תש״ב — פרצה פלוגת ס.ס. ימ״ש לדירת „הרבי״ שברח׳ נובוליפקי 30 בוורשה על מנת להוציאם ולהעבירם למחנה־המות.

האדמו״ר סירב לצאת באמרו: „מוטב שניהרג במקום ונבוא לכל הפחות לקבר־ישראל״. הרוצחים הארורים מלאו את רצונו זה והוא נורה במקום, יחד עם אשתו, בתו היחידה וחתנם.

ככה הקיץ הקץ על משפחת בית רדומסק המפוארת, מבצר התורה והחסידות אשר האירו על פני בית ישראל, במשך ארבעה דורות!

## העוסקים בצרכי ציבור באמונה

פעולה חשובה ורבת־ערך לנצרכים, פיתחה קופת גמ״ח העירונית שנמצאה בבנין הקהלה ובראשה עמד העסקן של ה„מזרחי״ ר׳ עזריאל אינגבר ז״ל. הוא עמד הרבה שנים בראש הקופה עד עלותו ארצה. נפטר בתל־אביב ביום כ״ט באייר תש״ו. אשתו כלצה ז״ל נפטרה ביום כ״ו באלול תש״ו. לאחר מכן, ניהל את הקופה העסקן האגודאי ר׳ יהושע טמקין.

גם המוסד „לינת הצדק״ עשה פעולה חשובה למען תושבי העיר, אותו ניהל משך שנים רבות ר׳ ישראל דוד זלצר ז״ל, שהיה לא רק איש בלתי־מפלגתי, אלא גם סמל „הבלתי־מפלגתיות״ בעירנו. הוא הופיע ברשימה מיוחדת, בלתי־מפלגתית, בזמן הבחירות למועצת העיר או לועד־הקהלה והיה מגיע תמיד להישגים ניכרים. ר׳ ישראל דוד זלצר ז״ל, היה עסקן מסור ודאג לעניני הכלל וגם התעניין בצרותיו של כל פרט ופרט. היה לו בית־מסחר לספרים והוא עצמו הגה בהם יומם ולילה, והיה מעסקני העיר המקובלים ביותר על כל חוגי הציבור.

## הרבי מסובקוב הי״ד

ברחוב קלאשטורנה, או כפי שנקרא לאחר־מכן „רחוב ה־11 ליסטופד״, שהיה הרחוב הראשי של ינדז׳יוב, היתה גרה משפחתי, ולא רחוק מאתנו היה גר הרבי ר׳ שלמה׳לי שפירא, או כפי שנקרא בינדז׳יוב „הרבי מסובקוב״ („דער סאבקאווער רבי״). הוא היה בנו של רבי שלום שפירא מפשיטיק ומצד אמו — נכדו של הצדיק ר׳ חיים האלבערשטאם מצאנז, בעל „דברי חיים״. אחיו הבכור של הרב שפירא, שגר בפלוצק, הוצא להורג ע״י הפולנים בשנת 1920 בגלל הלשנה. במשפט־חוזר נקבע שהוא נפל קרבן על לא כל אשמה.

משך הרבה שנים הייתי בן־בית אצלו ושמעתי תורה מפיו. הסתפק כל ימיו במועט, למד תורה מתוך דוחק ועוני, היה תמיד יושב יחידי בחדרו, סגור ומסוגר כל

היום ומתעמק בתוך ד׳ אמות של תורה והלכה. היה איש עניו, בורח מן הכבוד. היה רגיל להאריך בתפילתו, ביחוד, בתפילת הלל־של־סוכות ובנענועי האתרוג והלולב. הוא היה זהיר מאד במנהגי המסורת היהודית בכל דרכיו והיה נוהג להכין במו ידיו „מצה שמורה", לש בעצמו את הבצק ובערב פסח בחצות היום היו כל מתפללי ה„קלויז" שלו מתאספים במאפיה מיוחדת ועוזרים על ידו לאפות „מצה שמורה" של „ערב־פסח" ושרים בשעת מעשה את ה„הלל" הגדול בהתלהבות רבה. — עדי ראיה מסרו לי, שבשעה שהרוצחים הנאצים נכנסו לביתו ורצחו אותו ואת הרבנית, שהיתה בת האדמו"ר מחנצ׳ין ואת כל בני ביתו, כשנכנסו לאחר מעשה כמה יהודים לביתו, למען הביאו לקבר ישראל, מצאו על שולחנו גמרא פתוחה. — בנו בכורו של הרב, קלמן שפירא, נהרג בשנות השלושים, בירושלים ע"י ערבים.

### ההסתדרות הציונית

ברחוב קלאשטורנה היה נמצא גם בית ההסתדרות הציונית, שהיוה מקום מיפגש לכל האירגונים והמפלגות הציוניות בעיר ובעיקר, מקום פעולה וחיי־תרבות תוססים לתנועות־הנוער הציוניות. משך כל ימות השבוע לא עמד הבית ריק. הרבה מרץ ועמל השקיע בבית הזה ובתנועה הציונית בעיר ר׳ אלתר יחיאל טופיול ועסקנים אחרים כגון



מראה „השוק" בינדז׳יוב, בשנת 1963 — בלי יהודים...
שקט ושלוה בעיר!

ר׳ משה פיש והמורה המטיף והמרצה משה זילברשטיין הי״ד. כן היה פעיל למאוד ר׳ נתן־בר חנצ׳ינסקי ז״ל עם זקנקנו הלבנבן שהיה אחד המוהיקנים של ה„השכלה״. הוא היה ער לויכוחים עם החסידים, אבל התיחס בכבוד רב לחסידי גור, משום שהוא בעצמו היה בצעירותו מהמתפללים ב„שטיבל״ של חסידי גור. מכל העסקנים הציוניים הפעילים ניצל רק מרדכי שלדז׳יק, שהצליח, לפני כמה שנים להגיע ארצה.

## ה„יריד״ בינדז׳יוב

מרחוב קלאשטורנה היית מגיע לשוק העיר, שבכל ימות השבוע היה שקט ושלו ורק ביום „היריד״, שחל ביום חמישי לשבוע, היה מתמלא אנשים מכפרי הסביבה והתחיל המשא־ומתן והמסחר המבוהל והנחפז שנמשך כל היום. עודם עומדים לפני עיני כמו חיים כל אותם הסנדלרים, החייטים, הרוכלים וסוחרי התבואות, כשהם סוחבים ומורידים מהעגלות את השקים, מתרוצצים מעגלה לעגלה, ובערב שוב סוחבים את השקים לטחנת הקמח של וורדיגר־שפילברג או למחסני התבואה של פיש. קשה ומר היה מאבקם למען הפרנסה.

## בית הרב הי״ד

בשוק העיר, בביתו של ויינשטאט, גר הרב דמתא ר׳ יחיאל ישעיה ויינברג (בשנים האחרונות העתיק את דירתו לבית חסידו המסור, ר׳ מרדכי פרוכט). הרב ר׳ ישעיה׳לי ז״ל היה אהוב על הכל כי היה דמות נדירה של איש־ההלכה, הנוקט בדרכו של בית הלל. ביתו היה תמיד פתוח לרווחה לכל עובר ושב ותמיד היה מוכן לעזור ולהדריך את כל הבא לשאול בעצתו. הוא היה מגדולי הרבנים בפולין, אישיות בולטת בין גדולי התורה. הוא היה עמקן, בעל הגיון בריא ולא התעסק בפלפול לשם פלפול גרידא אלא לשם העמקת הענין והבהרתו. הוא היה חתנו של האדמו״ר מחנצ׳ין וחסידי חנצ׳ין הסתופפו סביבו בביתו כי ראו בו את מקומם כבית־מעט של האדמו״ר אשר האיר את שמי החסידות משך תקופה ארוכה. ביתו היה בית־ועד לחכמים ומראשי חסידיו היו: ר׳ שמואל שו״ב קוקיולקא, ר׳ יעקב יצחק שו״ב פס, ר׳ יעקלי פרדס, סופר סת״ם, ר׳ מרדכי פרוכט, ר׳ משה פרוכט (הגר כיום בתל־אביב).

## האדמו״ר מחנצ׳ין זצ״ל

חותנו האדמו״ר רבי חיים שמואל הורוויץ־שטרנפלד זצ״ל, היה צדיק מפורסם, גאון עצום בנגלה ובנסתר ומגזע קודש מחצבתו — נכד ה„חוזה״ מלובלין ו„היהודי הטוב״ („גוטער יוד״ בלע״ז) מניישטאט (פלך קיעלץ). מראהו היה כחד מקדמאי, אריה דבי עילאי, השופך הוד והדרת־קודש על כל סביבותיו. איש אשכולות, שריכז בנפשו מכלול של סגולות־פלא נדירות וכל שנות חייו, אינן, אלא שרשרת ארוכה של מדות טובות, צירוף של קדושה וטהרה, ועבודת־השם וקידוש־השם.

רבים וגם טובים היו חסידיו שהתדפקו על שעריו במסירות נפש ממש וביראת הרוממות ושתו בצמא את דבריו וביניהם היו גם לומדים גדולים, חסידים ואנשי מעשה. חסידיו מספרים עליו, כי בעודנו ילד קטן אמר לו אחד מחסידי אבותיו הקדושים, זי״ע „חיים שמואל! תקבל ממני דינר זהב ובתנאי, שתגיד לי תיכף ומיד היכן נמצא קודשא בריך הוא!״ וכהרף־עין, ענהו הילד: „אתן לך שני דינרי־זהב, בתנאי שתגיד לי היכן הוא לא נמצא״...

בימים, שבין ר״ח אלול ועד אחרי „הימים הנוראים״ היתה חנצ׳ין הומיה מהמון מבקריה, שבאו לחסות בצל כנפיו של הנשר הגדול בממשלת התורה והחסידות, להתבשם מאור קדושתו ולהתברך בברכתו לשנה החדשה.

„סדר־יומו״ התחיל מלפני עלות השחר וכלה בשעות המאוחרות שלאחר חצות הלילה. שעותיו רובן ככולן, מוקדשות לתורה ולתפלה ומהן קצתן — לקבל את חסידיו, להקשיב לתחינותיהם ולבו היה פתוח לכל הנדכאים ומרי־הנפש והוא — הצדיק — היה מעודדם ומפיח בהם תקוה טובה להם ולבני־ביתם.



האדמו״ר מחנצ׳ין זצ״ל ונכדו הרב ר׳ ברוך־קלמן הורוויץ־שטרנפלד הי״ד, רבה של פילץ עד להשמדתה.

מובן, שהרבי מחנצ׳ין, האציל מרוחו גם על בני ינדז׳יוב הקרובה שרבים מהם, הצטופפו בצלו וניהנו ממנו עצה ותושיה.

רבים מחסידי חנצ׳ין, היו ידועים כיודעי־נגן והרבה שירים חסידיים נוצרו בחצר האדמו״ר מחנצ׳ין.

לאחר מותו של האדמו״ר ר׳ חיים שמואל זצ״ל ביום י״ח טבת תרע״ו בעיר קיעלץ, ששם העמד „אהל״ על קברו, היו חסידיו ומעריציו שבינדז׳יוב עולים להשתטח על קברו „ביום ההלולא״ שלו, עד שחרבה יהדות פולין ובתוכה גם בית הקברות היהודי בקיעלץ.

יורשו לאדמו״רות, היה בנו הרב ר׳ יהושע העשל הורוביץ, רבה של אלקוש (פ׳ קיעלץ). הוא נרצח יחד עם בני עירו על ידי קלגסי היטלר ימ״ש.

אותו גורל מר — השמדה בידי משמידי יהדות פולין ואירופה המזרחית — עלה גם בגורלו של חתנו, רבנו ר׳ יחיאל ישעיה ווינברג, רעיתו — בת האדמו״ר מחנצ׳ין — הרבנית גיטל ובתם היחידה רייצל ואמו של הרב ואלמנת רבנו הקודם הגאון רבי אהרן ווינברג ז״ל.

## האדמו״ר מאוז׳רוב שליט״א

בעוד שאנו מתאבלים על המאורות הגדולים של בית האדמו״ר זצ״ל מחנצ׳ין, שאספו נגהם, עלינו לציין, מתוך קורטוב של נחמה, כי עוד לא נפסקה השרשרת לבית גדול ונהדר בקדושתו וטהרתו — לבית האדמו״ר רבי חיים שמואל הורביץ זצ״ל ונשאר ניר לבית המלך (מאן מלכי רבנן!) והוא — נכדו של אותו גאון וצדיק — האדמו״ר, רבי משה יחיאל אפשטיין שליט״א, שהיה מחשובי האדמו״רים בפולין ואחרי־כך — בארצות הברית ומשם עלה לארצנו.

האדמו״ר מאוז׳רוב שליט״א, השתקע בתל־אביב ובית־מדרשו, שבשדרות רוטשילד 126, נעשה לתל־תלפיות לרבים, המסתופפים בצלו וניהנים מתורתו, ממדותיו התרומיות ומהאוירה המרעננת של בית־היוצר לכחות תורניים וחסידיים.

האדמו״ר רבי משה יחיאל אפשטיין שליט״א מאוז׳רוב—חנצ׳ין, הנהו ממייסדי „אגודת ישראל, ומראשוני „מועצת גדולי התורה״ שעל ידה. גם במשך שנות ישיבתו בארצות־הברית הצליח, להגדיל תורה ולהאדירה, אפילו, בחוגים, שהיו רחוקים ממנה עד כה.

האדמו״ר זכה לפרסם 11 כרכים מספרו הענקי „אש דת״, ובשבועות האחרונים, יצא ממכבש הדפוס גם החלק הראשון של ספרו החדש „באר משה״ על התורה (ס׳ בראשית), שהוא ספר־יסוד לדרשנים ומרביצי־תורה ברבים בדבריו, המכוונים את האדם, ללכת בדרך ישרים ובאור ד׳.

שרידי עירנו וסביבתה — שהצטופפו בצלו של הנשר הגדול הארמו״ר מחנצ׳ין זצ״ל — רואים בנכדו זה (בן־בתו ז״ל) המשך לאור, הבוקע משער השמים, בו תנוח בשלום נשמת מורם ורבם הקדוש זי״ע. בין אלה, שניהנים מאור זה, אזכיר את בני עירנו ר׳ משה פרוכט ובנו, ר׳ חיים שמואל, (הנושא את שם האדמו״ר מחנצ׳ין, זצ״ל) שהנם באי־בית קבועים בבית־מדרשו של הרבי מאוז׳רוב שליט״א ומוצאים בכך עידוד, בהתהפך עליהם נפשם, על אבדן בית ישראל ושושלת חנצ׳ין בתוכה.

## המו״צ רבי שמשי הי״ד

בשוק העיר גר, בביתו של ד״ר פשיפקובסקי, מורה ההוראה ר׳ שמשון בירנשטוק (שהיה מכונה ר׳ שמשי). הוא היה אהוב ומכובד על כל בני עירנו, שהיו מביאים לפניו את כל הדבר הקשה והמסובך ונשמעו לפסק־דינו והכרעתו. הוא היה אחד האחרונים מהטיפוס החסידי־למדני שבחסידי גור. שיחתו היתה נעימה ומלבבת והיה בבחינת תלמיד חכם בקי וחריף, שהכל נזקקים לו.

## על ה„מזרחי״ ורחובות העיר

ומרחוב השוק — לרחוב פינצ׳ובסקה. הבתים כאן היו נמוכים, החצרות — צרות, דירות קטנות ודלות. היה זה רחוב יהודי לכל פרטיו. רבות אפשר לספר על החיים המרודים של היהודים הפשוטים האלה, על תאריכים חשובים בחייהם, על האירועים המיוחדים שהתרקמו בסמטאות הצרות. שם נשמעה הלמות פטישים של פחחים, מסגרים,

סנדלרים ורעש מכונות־תפירה. באותו רחוב נמצאה גם הסתדרות ה„מזרחי״. היתה זו מפלגה שריכזה בתוכה אנשים חשובים בעירנו. בראשה עמד העסקן והתעשיין, דודי ר׳ יצחק איצקוביץ ז״ל. הוא שימש גם כנציג „המזרחי״ במועצת העיריה ומשך שנים רבות היה יו״ר הקהלה. כשנכנס גרעין הכשרה של קיבוץ החלוץ המזרחי עבדו כמעט כולם בבית־החרושת שלו. הוא הגיע ארצה לאחר המלחמה ונפטר בתל־אביב.

באותו בית נמצא גם ביה״ס „יבנה״ וספרית „יעבץ״ ובה כמה אלפים ספרים, ממיטב הספרות וספרי־תורה ודרוש. סניף „תורה ועבודה״ בינדז׳יוב הה מאורגן למופת וההנהלה הראשית בוורשה ערכה גם לא פעם, ועידות מחוזיות בינדז׳יוב. ראשי התנועה של „המזרחי״ היו מבקרים בינדז׳יוב בגלל פעילותה וערכה הרב בשביל התנועה, וביניהם הרב אלימלך נייפלד, הרב ד״ר גוטסדינר (עובדיהו), העורך ש. י. רדזינסקי זכרונם לברכה, ויב״ל ד״ר זרח וורהפטיג (כיום שר־הדתות בישראל), ר׳ לוי יונגסטר, ד״ר פייבל מלצר ואשר צידון (כיום סגן מזכיר־הכנסת) ועוד. עד עליתו ארצה עמד בראש תנועת תורה ועבודה ר׳ ברוך זונשיין ז״ל שתרם כל שעותיו הפנויות לארגון, וגם היה נואם טוב ומסביר, הרוח החיה בתנועה והשתתף כציר בועידות ובמועצות התנועה. כשעלה ארצה המשיך בה בעבודתו הציבורית ויחד עם מרדכי שדמתי (קוניצפולסקי) וכותב הטורים האלה היה בין מארגני „אירגון עולי ינדז׳יוב״.



ר׳ יוסף צבי דיקרמן ז״ל.

## בן יכבד אבותיו

חושבני, שלא הייתי יוצא ידי חובתי, חובת כיבוד אב ואם אם לא הייתי מעלה, לכל הפחות בסוף זכרונותי העגומים „על מה שהיה ואיננו״, גם את זכר סבי ר׳ יוסף צבי דיקרמן (אבי אמי הי״ד), שהיה מזקני חסידי רדומסק (נפטר בחדש תמוז תרפ״ח) ואבי־מורי הרב ר׳ משה אברהם בער ז״ל, שיחד עם הסבא ייסדו את ה„שטיבל״ של האדמו״ר ר׳ שלמה׳לי שפירא הי״ד, ה„רבי מסובקוב״.

הסבא ר׳ יוסף־צבי ז״ל היה תפארתם של חסידי רדומסק בעירנו. היתה לו דמות אצילית — זקנו הלבן ירד על פי מדותיו, היה בעל נפש יפה ועדינה ובעל נמוסים נאים

ומשובחים. כשיצא, בשבת־קודש, בלבושו המסורתי ו„שטריימל״ יפה על ראשו, היה מעורר יחס של כבוד לעצמו, אפילו בין יהודים חילוניים, לרבות נוצרים. הוא היה בין האנשים החשובים ביותר שבעיר, בעל זכויות מרובות ליהדות החרדית, עניו ובעל נפש טהורה, שקדן וחרוץ ומצטיין בישרו בכל המובנים.

לסבי היה בן יחיד והוא בכורו — ר׳ שלמה דיקרמן הי״ד, שמנהגי אביו בידו (נרצח ע״י הנאצים) ושלשה חתנים — לוקחי בנותיו. חתנו הראשון היה ר׳ יהושע העשל פצנובסקי הי״ד מטשנסטוכוב, חתנו השני היה ר׳ יצחק איצקוביץ ז״ל (שעליו סיפרתי למעלה בזכרונותי על הסתדרות „המזרחי״ בעירנו).

עבור בתו הכי־צעירה — היא אמי איטא ז״ל, נתן עיניו בצעיר בן־טובים, הלא זה אבי, הרב רבי משה אברהם ז״ל, — בנו של האדמו״ר ר׳ קלונימוס קלמן זצ״ל, נכד של ה„גוטער יוד״ מניישטאט ושל בעל ה„מאור ושמש״ מקראקא.


הרב ר׳ משה־אברהם בער ז״ל.


ר׳ שלמה דיקרמן הי״ד

אבי ז״ל אף שהיה „מוסמך״ להוראה מגדולי הרבנים בפולין ואם כי עיירה מסוימת בפלך קיעלץ בחרה בו לרב וגם שלחה לו „כתב־רבנות״, לא רצה לעשות את התורה קרדום לחפור בה ולהשתמש בכתרה — לצרכי־פרנסה.

מטרת חייו היתה — לעסוק בתורה וחסידות. הוא הצטיין במדותיו התרומיות, ביתו היה פתוח לרווחה לכל איש הפונה אליו והיה מקבל את כל אדם בסבר פנים יפות. מדת הענווה היתה מושרשת בכל אברי גופו ומדת הכנסת־אורחים היתה אחת המצוות המיוחדות שהקפיד למלאה, במו ידיו ממש.

בזמן מלחמת־העולם הראשונה, כשעיירה הסמוכה סובקוב עלתה באש, הכניס את הרב ר׳ שלמה׳לי שפירא עם כל בני משפחתו לדירתנו והוא עבר לגור בבית הסבא — חותנו הנ״ל. הרב היה גר בביתנו כמה חדשים עד שהסבא ואבא ז״ל שכרו לו דירה, קנו לו רהיטים וגם הקימו לו „שטיבל״ למקום־תפילה עבורו ועבור מעריציו.

אבא ז״ל היה נוהג גם לתת צדקה בסתר, אבל, רצונו של אדם (ובפרט של אבא!) הוא כבודו ולכן נמנעתי מלספר על כך. אבי ז״ל נפטר בשושן פורים, תרע״ט ואמי הקדושה הי״ד הושמדה בתוך קהלת ינדז׳יוב בימי השמדת קהלתנו הקדושה.

*

**הסיכום המר**

עירנו ינדז׳יוב היתה מסורתית למאוד. בשבת היה משתנה לגמרי נוף העיר. שלוות־הוד היתה נסוכה על פני הבתים והרחובות הדוממים שהתקדשו לליל שבת. יהודים הלכו מי לבית־המדרש ומי ל„שטיבל״, מי ל„קלויז״ של הרב דמתא ומי ל„מנין״ של ה„סופקובר רב״. מהחלונות האירו נרות שבת, שנוצצו בפמוטות של כסף והפיצו אור צנוע ויפה. רב היה הרושם שהשאירו עלינו השבתות וחגי ישראל בבתי ההורים וחדרו עמוק ללבנו, וכשהם צפים ועולים עכשו בזכרוננו, הם נוסכים עלינו רוח נכאה, מתעוררים געגועים עזים בלב, עת נזכורה את ימי ילדותנו. הימים ההם היו עבורנו ימי זוהר של תקופה עשירה ורבת־גונים שחלפה לבלי שוב. השואה האיומה גזלה מאתנו את מיטב אחינו ואחיותינו והחריבה חיים עשירים ורבי־תנופה ומסורת של תקופת הגלות הארוכה.

מה נשאר לנו מכל אלה? רק כמיהה בלבד. הכאב טרם פג והלב עוד הומה. אנחנו האודים המוצלים מאש ותופת הגיהנום מצווים לזכור את הפסוק „מחה תמחה את זכר עמלק מתחת השמים לא תשכח״ (דברים כ״ה).

יאיר נר נשמתם של קדושינו את דרך חייהם של השרידים ונקדיש את חיינו לזכרם!

אברהם שרגא ברלין
**תל־אביב**

# עיירתנו ינדז׳יוב

מוקדש לזכר אבי ר׳ אליעזר שלום ב״ר מרדכי
ואמי רוזה לאה בת ר׳ אברהם שרגא, שנספו
במחנה־ההשמדה בטרבלינקה, יחד עם שתי
אחיותי שאשא וחיה אסתר הי״ד ותהיינה
נשמותיהן צרורות בצרור החיים.



בלב מלא יגון וצער אני כותב על ינדז׳יוב, העיירה שבה נולדתי ושבה ביליתי את אביב ימי. כשעזבתי את העיירה, כשעליתי ארצה ב־1936, נפרדתי מהאנשים היקרים לי ביותר והקרובים אלי מאוד. נפרדתי מעיירה יהודית, מלאת חן יהודי וחיים יהודיים תוססים. וכיום לא נשאר לנו כלום מהעיירה הזאת וקהלתה החיננית והיקרה ללבותינו. הדבר היחידי שנשאר לנו הוא — כתיבת זכרונות על ימים שעברו ואינם. הריני כותבם בדם ודמע, כי יודע אני כי על ידי כך אני נעשה שותף לנסיון להקים „מצבת־זכרון״ שבכתב, לעיירת־מולדתי.

## החיים הדתיים בעיר

מי שרוצה לעמוד על מהותם של החיים היהודיים בעירנו ו„המדפדף״ בתולדותיה של הקהלה, חייב להתחיל „בבית המדרש״. מקום זה שימש בעירנו לא לתפלה בלבד, כי אם, גם כמקום־מיפגש חברותי ליהודי העיר. אחרי יום של עבודה ועיסוקים, מי במסחר ומי במלאכה, מיהר כל אחד לבית־המדרש לתפלת מנחה ומעריב. אולם, בית־המדרש — כפי שכבר הדגשתי — היה משהו יותר ממקום תפלה, בכך שהוא שימש גם כמרכז לחיים הציבוריים וכמקור ל„ידיעות״ ו„חדשות״ מהמתרחש בעיירה ובעולם הגדול בכללו. בית־המדרש היה גם כן מעין מועדון ציבורי, במובן המודרני של המושג, כי שם התנהל שיח ושיג בין האנשים, שם התווכחו בבעיות השעה ובשאלות של מדיניות שבין ממלכות וכל אחד חיוה את דעתו בבעיות העומדות ברומו של עולם. כאן „ערכו״ מערכות־המלחמות וכאן גם קבעו, מי מבין החיילות הלוחמים ינצח ומי ינחל מפלה מחפירה. חובשי הספסלים האחוריים בבית־המדרש היו מסוגלים להחריב בהבל פיהם גייסות שלמים. עיקר השיחות וההתכנסויות נתקיימו, כמובן, בלילות החורף הארוכים, ליד תנור החרסינה, שהפיק חמימות נעימה מסביב והשיחה היתה מתגלגלת באריכות ולאטה, כי זמן היה בה לכל „המשוחחים״ ותמיד היה השיח־ושיג מסתעף לכיוונים שונים ורבי־הגון והתוכן. לא אפריז אם אקבע, שההתפתחות הרעיונית של הנוער בעיירה ינדז׳יוב, מקורה ב„שיחות הפוליטיות״ האלה שב„בית־המדרש״ וב„דיונים הנלהבים״, שניהלו יהודים על בעיות העולם, ליד תנורו של אותו המקום הקדוש.

## „בית־הכנסת״

„בית־כנסת״ רשמי לא היה בינדז׳יוב, כדוגמת בתי־הכנסת הגדולים, שהיו קיימים בעיירות ובערים השכנות. אולם, במרכז העיר, נמצאו שני בתי־מדרש גדולים. אחד מהם,

שימש כ„בית־מדרש״ ממש. מבוקר השכם עד מאוחר בלילה ישבו שם בחורים ואברכים ולמדו תורה בהתלהבות ו„בית־המדרש״ השני, שימש כ„בית־כנסת״, שם היו באים יהודים להתפלל בימות החול ובשבתות ושם נערכו התפלות לשלום המלכות בימי „חגים לאומיים״ פולניים. ב„בית־מדרש״ זה היו גם מתקיימות הרצאות של מנהיגים ציוניים ושליחים שבאו מוורשה לעודד את הקהלה היהודית והתנועה הציונית. גם אספות בחירות לסיים הפולני, ל„מועצת העיריה״ או ל„קהלה״ היו מארגנים במקום הזה.

„ישיבה״ לא היתה קיימת בינדז׳יוב, חוץ לישיבה הקטנה בשם „כתר־תורה״ ב„שטיבל״ של חסידי ראדומסק. אולם, כאמור, היה בית־מדרש ממלא את מקום „הישיבה״. רבים היו הבחורים הגדולים וגם הילדים־המתחילים שלמדו כאן. לפני עלות השחר כבר היו שומעים קולות לומדי־התורה שבקעו ועלו מבית־המדרש, בחורף ובקיץ. הריני נזכר בימים ההם ולבי מתמלא געגועים לאותו רגש של תענוג עילאי שהיה ממלא את נפשי, בהכנסי ל„בית־המדרש״ ורואה את ה„רחבות״ של הבית, את ה„חמימות״ וה„אור החשמלי״ השופע ואת הבחורים, גדולים וקטנים, מוסבים לשולחנות הלומדים תורה, גמרא עם תוספות.

היו גם רבים מהיהודים הפשוטים, שהיו נחפזים לבית־המדרש פשוט בגלל זה שבבתיהם שרר קור ולא היה במה להסיק את התנור. היו צרות רבות ליהודי כזה בביתו וברצותו להתאושש קצת היה עוזב את הבית וממהר אל בית־המדרש ובו מצא עידוד לנפשו, התחמם באוירה הנעימה של הציבור הלומד, הקשיב לסיפורי מעשיות של זקני העיר, על מה שראו במו עיניהם אצל צדיקי הדור שבעבר.

זכורני עוד אותם הימים, — טרם היה חשמל בעיר — והבחורים למדו על יד נרות דולקים שהחזיקו מעל לגמרותיהם. לרובם לא היה כסף לקנית נרות והיו אוספים שיירי הנרות, שנשארו אחרי התפלה ליד התיבה או מה„יארצייטן״ שאז היו מדליקים נרות גדולים הדולקים „מעת־לעת״, וכך חסכו להם נרות ללימודיהם, בלילות...

פעם בשנה, היו נערכות בחירות ל„ועד בחורי הישיבה״ של „בית־המדרש״. הועד דאג לקניית ספרים, שס״ם וכן היו כורכים את הספרים, שהיו טעונים כריכה. כל יום ששי היו שולחים את הבחורים הצעירים לבתי ה„גבירים״ ו„בעלי־בתים״ לאסוף „תרומות״, ששימשו למטרה זו. כן היתה להם „קופה קטנה״ שנוצרה מ„תרומות״ בחתונות ו„שמחות״ שונות. בכסף הזה היו תומכים בתלמידי חכמים מכובדים נודדים, שהיו מגיעים למקום. כן היו דואגים לאיכסונם ולמזונותיהם של לומדים שבאו מהעיירות הסמוכות ושלא היו להם אמצעי־קיום ולמדו בבית־המדרש שלנו.

### ה„חדרים״ בינדז׳יוב

בינדז׳יוב — כבכל קהלות ישראל — היה „החדר״ המוסד היסודי לחינוך הילדים. תנאי הלימודים היו דומים לאלה שבכל ה„חדרים״ בפולין. בגיל ארבע התחילו ללמוד והילדים נשארו משך שנים ארוכות בחדר ורכשו להם ידיעות רחבות בתורה, נביאים, משנה וגם בתלמוד ובכלל רכש לו כל אחד מאתנו את מלוא המיטען התרבותי־מסורתי היהודי.

בעירנו היו „מלמדים״ שונים שנחלקו בפעילותם ההוראתית לפי גילי התלמידים: **א)** חדרים לא״ב ועברי (קריאה בסידור תפלה); **ב)** חדרים לחומש, רש״י ונביאים; **ג)** חדרים לגמרא ותוספות.

מוסד ה„מלמדים״, שהיה הנושא של החינוך היהודי בעיירות, מילא תפקיד ראשון

במעלה בעיצוב דמותו של הדור. המלמדים היו שונים בתכונותיהם החינוכיות, בידיעותיהם הפדגוגיות ובכשרונם לעניין את תלמידיהם בלימודים. עלי לציין את פעלו של אבי ז״ל, ר׳ אליעזר, שהעמיד הרבה תלמידים ויצא לו שם לשבח בין מלמדי העיר ולאו כל אחד זכה להימנות בין תלמידיו. רבים מהם נמצאים כיום בישראל ועודם מזכירים את שמו בחיבה ובהוקרה.

בין ה„חדרים״ הטובים בעיר יש למנות את זה של ר׳ מאיר יחיאל גנט, שהיו לו „עוזרים״ („בעלפערס״ בלע״ז) ששמרו על השקט והסדר והיו מובילים את הילדים (בני 4 ו־5) מהבית ל„חדר״ ובחזרה. לא פעם קרה, שילדים „בכיינים״ היו מקבלים מ„הרבנית״ — אשת המלמד — סוכריה או עוגה, בימים הראשונים לשהותם ב„חדר״. מצבם הכלכלי של המלמדים היה בשפל המדרגה ולרוב היו הנשים שלהם עוזרות גם בפרנסה בסחר נרות לשבת, מכירת נפט, שמרים וכו׳. בתקופת החגים שבין „זמן״ ל„זמן״ (מחצית השנה) היו יוצאים המלמדים למשוך תלמידים חדשים ל„חדריהם״ ל„זמן״ הקרוב. ה„חדרים״, בדרך כלל, התקיימו בדירותיהם הפרטיות של המלמדים בצפיפות רבה. שיטת הלימודים היתה קטועה. היו רבים שלמדו לחוד, וגם בקבוצות שונות, ולא פעם היה ה„רבי״ שולח חלק מתלמידיו החוצה „לשחק״, בכדי ש„כיתה שנייה״ תוכל ללמוד שעה קלה בשקט. סוף השבוע היה הקשה ביותר, כי אז היו התלמידים נבחנים בלימודי השבוע.

בין „מלמדי גמרא״, זוכר אני את ר׳ יצחק (מלגושטשר) קניגשטין, שלימד גמרא בניגון יפה ומיוחד לו. בחדשי החורף למדו אצלו עד שעה מאוחרת וכל תלמיד היה מצטייד בפנס־נפט או נר. כן יש להזכיר את „מלמד־דרדקי״ ר׳ אביגדור־מיכל, שגר ברחוב בית־המדרש, בביתו של ר׳ משה ורגון והיה עני מרוד כל ימיו; את ר׳ יוסף אוזשברובסקי, שהיה בן אדם מסודר מאד ומצוחצח ואף פעם לא נמצא רבב על בגדו; את ר׳ יעקל קסירר, שהיה ממלמדי גמרא ומכר גם סיגריות; שני מלמדים היו בשם „משה שמואל״ וכדי לזהותם היו קורים למלמד הדרדקי „משה־שמואל הקטן״ ולמלמד הגמרא „משה־שמואל הגדול״. המלמד ר׳ יעקב מנדל היה גר ברחוב פינטשובסקה והיה ממתפללי המנין של הרב דמתא. הוא היה יהודי נעים, מתון־הליכות, מסודר ומצוחצח. ברחוב סקרוניובסקה היה גר המלמד־לגמרא ר׳ יוסיל, (אינני זוכר שם משפחתו). ר׳ משה דוד יוריסטה לימד רק כמה תלמידים מעשירי ומיוחסי העיר וכמוהו היו עוד כמה מלמדים.

כמובן, שהיו עוד מלמדים בינדז׳יוב. אבל אני הזכרתי רק אלה שהעליתי בזכרוני ועם יתרם הסליחה!

## וואלף ברענער דערציילט :



כ׳בין געבוירן אין יענדזשעוו. מיינע עלטערן מאיר און הענדל (פון דער היים אַ טאָכטער פון ר׳ אברהם לעדער־מאַן ז״ל). מיר האָבן דאָרט געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אויף דער פינטשעווער גאַס נומער 12.

מיט אַ טאָג פאַרן מלחמה־אויסברוך האָבן די דייטשן שוין באָמבאַרדירט די באַן־סטאַציע. איין באָמבע איז גע־פאַלן אויף דעם הויז פון סלאבענצקי, אַ פּאָליאַק, און דאָס גאַנצע הויז רואינירט. דאָרט האָבן געוווינט בלויז יידישע לאָקאַטאָרן. צום גליק איז קיינער פון זיי גראָד ניט געווען אין דער היים. אַ דאַנק דעם זענען זיי געבליבן לעבן, פאַר־לירנדיק בלויז זייער שטוב־זאַכן און מעבל, ווי אויך זייערע דירות :

אַן אויטאָבוס, פול מיט פוילישע היימלאָזע, וואָס איז גראָד דורכגעפאָרן, איז אויך געטראָפן געוואָרן פון אַ דייטשער באָמבע און אַלע זיינע פּאַסאַזשירן זענען אומגעקומען אויפן אָרט.

באַלד נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן, האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן צו דער אַרבעט אין גאַס און אויך אַרויסגעשלעפּט פון די דירות.

תמיד האָבן די דייטשן געכאַפּט אַ סך מער מענטשן ווי זיי האָבן געדאַרפט, אַבי וואָס מער יידן צו פּייניקן...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זענען די נאַציס אַרויס מיט אַ באַשולדיקונג, אַז מ׳האָט געפונען אַ ביקס אין אַ יידיש הויז. זיי האָבן אַרויסגענומען דריי יידן : דעם קצב מרדכי שליאר, שלמה פעלדמאַן (אַ זון פון ראובן דעם גאָלדשמיד) פון פאַך אַ זייגערמאַכער און נאָך אַ דריטן, וועמענס נאָמען כ׳געדענק ניט (לויטן עדות פון לייבוש פייגענבוים איז זיין פאַמיליע־נאָמען געווען — קאַכאַן).

די דאָזיקע דריי יידן האָט מען דערשאָסן אויפן אָרט.

די שווידערלעכע רציחה האָט אַרויסגערופן אין שטאָט אַ גרויסע פּאַניק.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן די דייטשן, לויט פּערזענלעכע אויפפאָדערונגען, גע־רופן אַלע יידישע איינוווינער פון דער 11טער ליסטאָפּאַד־גאַס, זיך צונויפצוזאַמלען אין לאָקאַל פון די פייערלעשער און פון דאָרט האָט מען זיי אַוועקגעשיקט מיט דער באַן קיין ציעשאַנאָוו, נישט ווייט פון דעם טרויעריק־באַרימטן פאַרניכטונגס־לאַגער בעלזשעץ. קומענדיק אויף דער לובלינער באַן־סטאַציע, האָט מען אַלעמען געהייסן אַרויסגיין פון די וואַגאָנען און באַלד זיי צוריק אַריינגעטריבן אין די זעלביקע וואַגאָנען, שלאָגנדיק דערביי מכות־רצח.

אָנקומענדיק קיין ציעשאַנאָוו, האָט מען אונדז באַפוילן גראָבן אָקאָפּעס. עס איז געווען זייער אַ שווערע אַרבעט, איבער די מענטשלעכע כוחות.

מיינס אַ קוזינקע, מאַליע לעדערמאַן, וועלכע האָט געלעבט אויף „אַרישע" פּאַפּירן און טאַקע נישט געהאַט קיין יידישן אויסזען, איז געקומען צום ציעשאַנאָווער אַרבעטס־קאָמענדאַנט צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פרויען, וואָס האָבן זיך אויך אויסבאַהאַלטן אויף „אַרישע" דאָקומענטן, און ביי אים געבעטן אַ דערלויבעניש צו עפענען אין לאַגער אַ וועשעריי, וואָס וועט וואַשן וועש פון די טויזנטער אַרבעטער, וואָס געפינען זיך אין לאַגער. מיין קוזינקע האָט די דערלויבעניש באַקומען און די וועשעריי געעפנט. אָבער איר שמחה האָט נישט לאַנג געדויערט. עטלעכע טעג נאָכן עפענען די וועשעריי איז דער קאָמענדאַנט געקומען און משלח געווען אַלע פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער



ר׳ ראובן פעלדמאַן (אַ גאָלדשמיד) הי״ד — דער פאָטער פון שלמה פעלדמאַן הי״ד — איינער פון די ערשטע דריי דערשאָסענע יונגע לייט, דורך די היטלעריסטן — (אַ אַקטיווער עסקן אין דער חברה קדישא אין יענדזשעוו).

וועשעריי, מאָטיווירנדיק, אַז צוליב „סטראַטעגישע טעמים" טאָר מען נישט לאָזן קיין פרויען אַזוי נאָענט צום פראָנט... און די וועשעריי וועט דעריבער געפירט ווערן בלויז דורך מענער. איך בין געווען צווישן די „גליקלעכע", וואָס מען האָט געשיקט אַרבעטן אין דער וועשעריי.

מיין קוזינקע האָט דורכויס געוואָלט אַרויסראַטעווען פון לאַגער מיך, ווי אויך מיין שוואָגער ר׳ משה אפרים ליפּסקי (שטאַמט פון קוטנע), און זי האָט געפונען אַ קריסט־לעכן בעל־עגלה וועלכער האָט מסכים געווען (פאַר אַ גאַנץ גרויסער סומע) אונדז אַריבערצופירן נאָענט צו אונדזער היים, אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, ווען נאָר געציילטע יידן האָבן געהאַט דערלויבענישן צו פאָרן מיט דער באַן אין די אָוונט־שעהן.

מיין שוואָגער האָט מורא געהאַט צו ריזיקירן, אָבער איך מיט נאָך עטלעכע יידן, זענען אַוועק צום דאָזיקן פּאָליאַק און זיך מיט אים געלאָזט אין וועג אַריין.

כ׳דערמאָן זיך דעם פרייטיקצונאַכטס, נאָך ראש־השנה 1940. מיר זענען בשלום אָנגעקומען קיין טאָמאַשאָוו־לובעלסקי און פון דאָרט זיך געלאָזט ווייטער קיין זאַמאָשטש, אָבער צוויי קילאָמעטער פון שטאָט איז געווען אַ מיליטערישער לאַגער. די וואַך האָט אונדז פאַרהאַלטן. דעם בעל־עגלה, וואָס האָט געהאַט אַ דערלויבעניש צו פאָרן ביינאַכט האָבן זיי באַלד אָפּגעלאָזט און אונדז (5—6 יידן) האָבן זיי אַרעסטירט און פאַרשלאָסן אין אַ סטאָדאָלע און אונדז געמאָלדן, אַז ביים ערשטן פרווו פון אַנטלויפן וועלן מיר דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

צומאָרגנס איז געקומען דער קאָמענדאַנט. אויסהערנדיק וואָס עס איז געשען, איז עפּעס ווי דורך אַ נס מן השמים אים איינגעפאַלן אונדז צו באַפרייען אָן שום שטראָף,

צוגעבנדיק: „פאַרפלוכטע יידן, אויב איר וועט נאָכאַמאָל זיך לאָזן ביינאַכט אין וועג אַריין און מיר וועלן אייך כאַפּן, וועט איר דערשאָסן ווערן אויפן אָרט!״...

מיר האָבן זיך נישט געגלייבט, אַז מיר הערן דאָס אין דער ווירקלעכקייט און מיר האָבן זיך געלאָזט לויפן קיין זאַמאָשטש. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן אַ שליח פון זאַמאָשטשער יודענראַט, וועלכער איז געקומען אונדז ראַטעווען נאָכדעם, ווי דער קריסטלעכער בעל־עגלה האָט געמאָלדן אין יודענראַט, וואָס עס איז מיט אונדז געשען און ווו מיר געפינען זיך.

צום שבח פון זאַמאָשטשער יודענראַט זאָל פאַרצייכנט ווערן, אַז מ׳האָט אונדז דאָרט זייער פיין באַהאַנדלט, שטאַרק מקרב געווען און אונדז אָפּגעשיקט קיין שעברעשין. פון דאָרט זענען מיר אַדורכגעפאָרן די שטעטלעך טורבין, קראַשניק, אָסטראָוויעץ און לאַגעוו און געקומען ביז קעלץ.

גראָד אין יענעם טאָג האָט באַזוכט קעלץ אַ „חשובער גאַסט״ — דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק פון קראָקע. אין שטאָט זענען געווען מעלדונגען, אַז יידן איז אין דעם טאָג פאַרבאָטן זיך צו ווייזן אין גאַס, און ווען מיין קרוב יעקב זלאָטניק (צווייגענבוים), וועלכער האָט געוווינט אויפן באַזאַר, האָט מיך דערזען, האָט ער פּשוט זיינע אייגענע אויגן נישט געגלייבט, אַז כ׳בין בשלום אַדורך די קעלצער גאַסן.

ערב יום כיפּור 1940 בין איך בשלום אַהיימגעקומען צו מיינע ליבע עלטערן.

היות מען האָט די לאָקאַלן פון „לינת־הצדק״ און „ביקור־חולים״, וואָס האָבן זיך געפונען אין אונדזער הויז, אויף דער פינטשעווער גאַס 12, אַוועקגעגעבן דער יידישער פּאָליציי, איז מיר געלונגען זיך דאָרט אַריינצוכאַפּן אַלס „גאַניעץ״. מיין אויפגאַבע איז געווען צו טראָגן עסן די אַרעסטירטע יידן אין אַרעסט־הויז אויף דער 11טער ליסטאָפּאַד־גאַס.

עס איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז צווישן די אַרעסטירטע האָט זיך אויך געפונען אַ פרוי מיטן נאָמען פייגע גלוזמאַן, וואָס איר „חטא״ איז געווען, וואָס מ׳האָט זי געכאַפּט מיט אַן עוף און מ׳האָט זי חושד געווען, אַז זי גייט עס לאָזן שחטן ביים יידישן שוחט. האָבנדיק קאָנטאַקט מיט די אַרעסטירטע, האָב איך זיי געקאָנט העלפן זיך צו קאָמוניקירן מיט זייערע משפחות.

אַ יידישער פּאָליציאַנט, זעליג טריימאַן, וואָס פלעגט באַגלייטן די יענדזשעווער יידישע אַרבעטער צו זייער אַרבעט אין סענדזישעוו איז אַן שום סיבה דערשאָסן געוואָרן און זיין פּאָליציייאיש היטל איז געבליבן. איך האָב מיך דערמיט באַנוצט און דאָס האָט מיר לייכטער געמאַכט דאָס אַריין־ און אַרויסגיין פון געטאָ, ווי אויך צו באַזוכן אַנדערע פּלעצער אין יענדזשעוו .

אין דעם מצב האָב איך זיך געפונען ביז צו דער ערשטער גרויסער אויסזידלונג קיין טרעבלינקע, וואָס איז פאָרגעקומען דריי טעג פאַר יום־כיפּור 1942.

ווידער האָט מיט מיר געטראָפן אַ גרויסער נס.

געפינענדיק זיך שוין צווישן די טויזנטער יידן, וואָס מען האָט געזאָלט אַרויסשיקן קיין טרעבלינקע, האָט אַן ס.ס.־מאַן זיך געווענדט צו מיר און צום יידישן פּאָליציאַנט מאָטל סאָלאַרזש און אונדז באַפוילן: „גייט צוריק אין געטאָ, זאַמלט צונויף אַ סך הינער און טראָגט זיי אַוועק אין דער קאַנטינע״. דער ס.ס.־מאַן האָט מיט אונדז מיט־געשיקט אַ זשאַנדאַר, וועלכער האָט אונדז באַגלייט צו דער דאָזיקער „וויכטיקער״ אַרבעט.

צוריקקומענדיק צום זאַמלפּונקט, זענען שוין אַלע יענדזשעווער יידישע משפּחות געווען ביי דער באַן־סטאַציע פון וואַנעט מ׳האָט זיי אָפּטראַנספּאָרטירט קיין טרעבלינקע.

נאָך דער אויסזידלונג האָט מען איבערגעלאָזט אַרום 200 מענטשן, וועלכע האָבן געדאַרפט ליקווידירן די יידישע פאַרמעגנס אין יענדזשעוו. איך און מאָטל סאַלאַרזש, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך דער „גרויסער מצוה״ פון כאַפּן הינער פאַר דער קאַנטינע פון די ס.ס.־לייט, זענען אויך אַריין צווישן די איבערגעבליבענע יידן, וואָס מען האָט אַוועקגעפירט אין דעם „יודענראַט״ אויף פינטשעווער גאַס 12, וועלכער איז שוין געווען „יודענריין״...

פון דאָרט האָט מען אַלע איבערגעפירט אין סקזשיפּציקס הויז, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער זיץ־פּלאַץ פון דעם קליינעם געטאָ.

אונטער דער אויפזיכט פון דייטשע זשאַנדאַרן און ס.ס.־לייט, האָבן מיר אָנגעהויבן איינפּאַקן דאָס פאַרמעגן פון די יענדזשעווער יידן און אַלץ איבערפירן אין דעם צענט־ראַלן מאַגאַזין, וואָס האָט זיך געפונען אין ישראלקע ראָזענבערגס הויז, אויף דער פינ־טשעווער גאַס נומער 16. אַלע סחורות האָט מען טראַנספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד און דאָס מעבל, שטוב־זאַכן און מלבושים האָט מען כלומרשט פאַרקויפט דורך אַ ליציטאַציע די פּוילישע שונאים, וואָס האָבן פשוט פאַר גראָשנס אָפּגעקויפט דאָס יידישע האָב־און־גוטס — גאַנצע „אויסשטייערס״ און זאַכן, וואָס זענען אַריבער בירושה פון דור צו דור.

דער הויפּט־משגיח איבער די דאָזיקע „טראַנזאַקציעס״, ווי אויך איבער אונדזער גאַנצער אַרבעט, איז געווען דער אַזוי טרויעריק באַקאַנטער דייטשער זשאַנדאַר לוססע. צוזאַמען מיט מיר זענען ביי דער דאָזיקער אַרבעט געווען באַשעפטיקט אויך מיינע שוואָגערס פייוול גראָסמאַן און משה אפרים ליפּסקי, ווי אויך מיין קוזין משה לעדערמאַן.

אין יענער צייט האָט זיך ביי עטלעכע יענדזשעווער יונגעלייט דערוועקט דער געדאַנק וועגן שטעלן אַ ווידערשטאַנד, אויב די דייטשן וועלן פּרווון ליקווידירן דאָס קליינע געטאָ. שותפים צו דעם דאָזיקן געדאַנק זענען געווען, חוץ מיר, אויך יעקל אַבאַרזשאַנעק, משהקע לענטשנער, חיים ראָזענבוים און יודענהאַרץ, וועמענס פאָרנאָמען איך קאָן זיך, ליידער, נישט דערמאָנען.

אַ געוויסער פּאָליאַק מאַרצינקאָווסקי, האָט אונדז פאַרקויפט אַ רעוואָלווער און יעקל אַבאַרזשאַנעק האָט אונדז אין געהיים געלערנט שיסן.

אין 16 פעברואַר 1943 האָבן די ס.ס.־לייט פּלוצים אַרומגערינגלט דאָס קליינע געטאָ און אונדז אַלע אַרויסגעטריבן אויפן הויף.

קעגנאיבער סקזשיפּציקס הויז, ווו עס איז געווען דאָס קליינע געטאָ, איז געווען אַ הייזל, דאָס אַזוי גערופענע „עפּידעמישע שפּיטאָל״. פון דאָרט האָט מען אַרויסגענומען אַלע קראַנקע און פאַר אונדזערע אויגן זיי אַלע דערשאָסן. צווישן זיי איז אויך געווען מיין קוזין יעקל לעדערמאַן.

מיט איינעם פון די קראַנקע איז געשען פשוט אַן אומגלויבלעך נס. שמואל וואַרגאַן, — אַ זון פון יענדזשעווער „מזרחי״־עסקן און באַליבטן כלל־טוער, ר׳ משה וואַרגאַן ז״ל, — וועלכער איז געווען קראַנק אויף פלעק־טיפוס, האָט אָנגעהויבן לויפן מיט איבערמענטשלעכע כוחות. די מערדער האָבן אים נאָכגעשאָסן, נישט געטראָפן, און אים איז געלונגען צו אַנטלויפן. ער לעבט און וווינט איצט אין אויסטראַליע.

נאָך דער אכזריותדיקער שחיטה פון די קראַנקע, האָט מען אונדז אַריינגעפּאַקט אין לאַסט־אויטאָס, אָפּטיילנדיק פון אונדז די קליינע קינדער, וועלכע די רוצחים

האָבן געוואָלט דערשיסן אויפן אָרט. אָבער דאָ איז ווידער געשען ממש מעשה־ניסים. צווישן אונדז האָט זיך געפונען אַ יידישע פרוי פון טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצקי מיט אַ קליין קינד. דאָס קינד האָט זיך געוואָרפן אויף דער ערד, יאָמערלעך געוויינט און געשריגן: „שיסט מיך נישט, כ׳בין נאָך יונג און וויל נאָך לעבן!“. דאָס געבעט פון דעם קליינעם קינד האָט גערירט די שטיינערנע הערצער פון די רוצחים און זיי האָבן אונדז דערלויבט מיטצונעמען אַלע קינדער, וואָס האָבן זיך נאָך געהאַט געפונען אינעם קליינעם געטאָ.

דאָס לעבן אין סקאַרזשיסקאָ איז געווען אַ גיהנום: שווערע אַרבעט און דערצו הונגער און נויט. מענטשן זענען דאָרט קראַנק געוואָרן אויף פלעק־טיפוס און נישט באַקומענדיק קיין מעדיצינישע הילף זענען זיי אויסגעשטאָרבן. אויך מיין ברודער משה, הי״ד, איז געווען צווישן די דאָזיקע קרבנות. אויך איך האָב דורכגעמאַכט די דאָזיקע שווערע קרענק. כ׳בין געווען זייער שוואַך און געפילט, אַז אויך איך וועל באַצאָלן מיטן לעבן פונקט ווי מיין ברודער. כ׳האָב באַשלאָסן פון דעם גהינום צו אַנטלויפן און זיך לאָזן צוריק קיין יענדזשעוו.

איך האָב וועגן מיין פּלאַן דערציילט עטלעכע יענדזשעווער חברים און זיי האָבן מסכים געווען צו מאַכן דעם דאָזיקן ריזיקאַלישן שריט צוזאַמען מיט מיר.

חוץ מיר זענען אויך מיטגעגאַנגען: יצחק לענטשנער, שמואליק גאָלדבערג און שמעון בעלפער מיט זיין פרוי בעלקא. די לעצטע דריי זענען אונדז באַלד פאַרלוירן געוואָרן און נאָר איך מיט יצחק לענטשנער זענען געגאַנגען ביז סוכעדניאָוו. אויף דער פאָדערונג פון אַ מיליטערישן פּאַטרול מיר זאָלן בלייבן שטיין, זענען מיר ווייטער געלאָפן. דער פּאַטרול האָט אונדז נאָכגעשאָסן און געהרגעט מיין חבר יצחק לענטשנער ז״ל און איך בין ניצול געוואָרן אויך דאָס מאָל פון אַ זיכערן טויט. כ׳האָב מיך דערשלעפּט ביז קיעלץ און דאָרט געבליבן אין געטאָ. גראָדע האָט מען ליקווידירט אויך דאָס קיעלצער געטאָ און מ׳האָט מיך צוזאַמען מיט די קיעלצער יידן אַרויסגעשיקט קיין „פּיאָנקי“, ביי ראַדאָם. די ערשטע צייט האָב איך געאַרבעט ביים אויסלאָדענען קוילן, שפּעטער איז דאָרט אַנטשטאַנען אַ בוי־געזעלשאַפט אונטערן נאָמען „שמידט“־געזעלשאַפט, און דאָרט בין איך פאַרבליבן ביז ענדע 1944.

כ׳בין געווען דער טרויעריקער עדות ביים הענגען לייב בראַנדעס הי״ד, דערפאַר וואָס מ׳האָט ביי אים געפונען אַ באַנקעלע ספּירט — אייגנטום פון דער פאַבריק.

שוין פון דער תליה האָט בראַנדעס אויסגעשריען: „יידן נעמט!“ — דאָס וואָרט „נקמה“... האָט ער שוין נישט דערזאָגט! דער שטריק אויף זיין האַלדז האָט געענדיקט זיין לעבן!

פון „פּיאָנקי“ האָט מען אונדז געשיקט קיין זאַקסענהאַוזען. דאָרט האָט מען פון יעדן פון אונדז גענומען בלוט פאַר קריגס־פאַרוווּנדעטע.

שפּעטער האָט מען אונדז פון דאָרט איבערגעשיקט קיין גליווען, וווּהין מ׳האָט איבערגעפירט די מאַשינען פון „פּיאָנקי“ און צוריק מאָנטירט די פאַבריק. מיר האָבן דאָרט ווייטער געאַרבעט אַ געוויסע צייט.

אַ ביסל שפּעטער האָט מען אונדז, אין גרופּן פון 25 פּערזאָן, ווידער צוריקגעשיקט קיין זאַקסענהאַוזען און, אין מאַי 1945, האָט מען אונדז טראַנספּאָרטירט קיין בערגען־בעלזען. דאָס איז געווען דער לעצטער וועג — פאַר אונדזער גאולה!

דאָרט האָבן מיר זוכה געווען צו הערן וועגן היטלערס (ימח שמו וזכרו) מפּלה און

דאָרט זענען מיר באַפרייט געוואָרן און צוריק באַקומען דעם צלם אלקים! דאָרט האָב איך חתונה געהאַט מיט מיין פרוי שרה גאָלדבערג, אויך אַ באַפרייטע פון אַן אַרבעטס־לאַגער.

אין יאָר 1946 זענען מיר געקומען קיין ארץ־ישראל אומלעגאַל, אויף דער שיף „תל חי". די ענגלענדער האָבן אונדז פאַרהאַלטן און איבערגעשיקט קיין עתלית..

אָבער עס איז אַנטשטאַנען מדינת ישראל, מיר זענען באַפרייט געוואָרן. מיר זענען, ברוך השם, פרייע בירגער פון מדינת ישראל, פון אונדזער אייגן לאַנד. מיר וווינען אין יפו (שדרות ירושלים 85). מיר האָבן נחת פון אונדזערע 4 קינדערלעך און דערציילן אין פריידן די צרות, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט פון די נאַציס, ימח שמם וזכרם!

## אברהם מיכאל גזיבמאכער דערציילט:



כ׳בין אַ געבוירענער פון ווישניצע, אַ קליין שטעטעלע נעבן וולאָדאַווע (לובלינער גובערניע), געקומען קיין יענדזשעוו מיט מיינע עלטערן יהונתן און חיה־שרה (פון דער היים בייער), אין יאָר 1924 (מיין מוטער שטאַמט פון גרויסן חסי־דישן יחוס, אַן אייניקל פון באַרימטן צדיק ר׳ מיכלי זלאָ־טשעווער, נאָך וועמען איך הייס, און אויך פון קאָזשעניצער מגיד).

פריער האָבן מיר געוווינט אין סענדזישעוו (קעלצער גו־בערניע), ווו מיין פאָטער איז געווען פאַרוואַלטער ביים פוי־לישן פריץ קאַמינסקי, וואָס האָט דאָס גוט סענדזישעוו גע־קויפט פון דעם גרויסן גביר און עסקן ר׳ משה פעפער.

מיין פאָטער האָט דאָרט געהאַט 60 מאָרגעס פעלד, וואָס ער האָט געמוזט פאַרקויפן צו מיכאל ניימאַן פון וואָידיסלאַוו און די רייזמאַנס פון יענדזשעוו.

דער יונגער פריץ קאַמינסקי איז געווען אַ גרויסער אַנטיסעמיט און האָט גערודפט מיין פאָטער ביז ער האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס גוט.

אין יענדזשעוו איז מיין פאָטער געווען אַ פאַרמיטלער ביי פוילישע פריצים פון דער גאַנצער געגנט און דערפון געצויגן זיין חיונה. איך האָב געלערנט אין אַ חדר און אויך געענדיקט אַ פאָלקס־שול, נאָכדעם האָב איך זיך אויסגעלערנט מאַלעריי און געאַרבעט ביים פאַך.

אין יאָר 1932 בין איך גערופן געוואָרן צום פוילישן מיליטער און מען האָט מיך צוגעטיילט צום 24סטן אולאַנער־פאָלק אויפן נאָמען פון כראַביע ראַדזשיוויל, וועלכער האָט קוואַרטירט אין ניעסוויעזש נעבן באַראַנאָוויטש.

כ׳האָב געדינט נאָר אַ האַלב יאָר, ווייל צוליבן עלטער פון מיין פאָטער האָט מען מיך אָנערקענט אַלס זיין „מפרנס" און באַפרייט פון מיליטער־דינסט. כ׳בין ווייטער געווען אין יענדזשעוו און געאַרבעט דאָרט אַלס מאַלאַרזש.

8 טעג פאַרן מלחמה־אויסברוך האָט די פּוילישע רעגירונג דורכגעפירט אַ געהיימע מאָביליזאַציע און אויך איך בין דאַן מאָביליזירט געוואָרן. מען האָט אונדז געשיקט קיין ביאַלאָגאָן נעבן קעלץ, ווו עס האָט זיך פאָרמירט אַן אולאַנער־דיוויזיע, וואָס האָט גע־דאַרפט פירן די מלחמה קעגן דער שטאַרקער מאָטאָריזירטער דייטשער אַרמיי.

פון דאָרט האָט מען אונדז געשיקט קיין וויעלון ביים טייך וואַרטאַ.

נאָכן מלחמה־אויסברוך האָבן מיר דאָרט געקעמפט גאַנצע 24 שעה, ביז מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל זיך צוריקציען ביז וואַרשע. אונדזער קאָנצענטראַציע־פּונקט איז גע־ווען אָקשאַ נעבן קאָצק, אָבער צוליב דער שרעקלעכער אומאויפהערלעכער באָמבאַרדי־רונג פון די דייטשע עראָפּלאַנען זענען פון אונדז געפאַלן אַ סך קרבנות און די געבלי־בענע האָבן דעזערטירט, אַבי זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן... אויך איך האָב מיך „געזעגנט" מיטן פּוילישן מונדיר, בין אַריין אין ציוויל־קליידער און זיך אויסבאַהאַלטן ביים זשע־ליכאָווער רבין — מיינס אַ קרוב. — פון דאָרט האָב איך זיך געשלעפּט אַהיים קיין ינע־דזשעוו, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט. דאָרט האָב איך זיך דערוווּסט וועגן די דריי אומ־שולדיקע יידן, וואָס די דייטשן האָבן ביי אונדז דערשאָסן, ווייזט אויס, כדי צו וואַרפן אויף אונדז אַ פּחד. כ׳האָב אָנגעהויבן אַרבעטן ביזן 10טן דעצעמבער 1939. דאַן האָט מען מיך איבערגעשיקט אין דער „מאַלצערייי", וואָס איז שוין געווען אונטער דער דייי־טשער פאַרוואַלטונג, אָבער איך האָב דאָרט ווייטער געאַרבעט ביי מיין פאָך, ווי אויך אַלס גלעזער, וואָס איך האָב מיך אויף דער שנעל אויסגעלערנט. כ׳האָב באַקומען אַן אָפיציעלן צעטל, וואָס האָט מיר דערמעגלעכט די פרייע באַוועגונג, דערצו האָט מיר פיל געהאָלפן אַ פּוילישער מייסטער פון פויזן, וואַרביעלסקי. ער האָט זיך אַזוי גוט באַצויגן צו יידן און זיי געטון פיל טובות, ביז די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט וועגן זיין „התנהגות" און אים דערשאָסן.

שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן בשותפות מיט הערשל וואָלפאָוויטש, איינער פון די פירער פון די יענדזשעווער האַנטווערקער. אַזוי האָט זיך עס געשלעפּט ביזן 16טן סעפּטעמבער 1942, ווען מען האָט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אַרויסגעשיקט קיין טרעבלינקע. די נאַציס האָבן אַפילו צוגעזאָגט, אַז די משפּחות פון די יידישע אַרבעטער וועלן בלייבן, אָבער זיי האָבן זייער הבטחה נישט מקיים געווען.

מיין גאָטזעליקער פאָטער האָט נאָך געהאַט די זכיה צו שטאַרבן אין עלטער פון 74 יאָר און קומען צו קבר־ישראל, אָבער קיין מצבה האָט מען אים שוין נישט געקאָנט שטעלן.

מיין מוטער, מיין שוועסטער רחל, שוואָגער ישראל מאַנעלאַ פון זאַוויערציע און זייער קליין טעכטערל, שפּרהלע, זענען צוזאַמען מיט אַלע יענדזשעווער יידן טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

כ׳בין געווען צווישן די „גליקלעכע" 239 יידן, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט אין קליינעם געטאָ.

אויך מיין פריינט משה מאַליאַרזש און וואָלף ברענער מיט זיינע שוואָגערס האָבן זיך צוזאַמען איינקוואַרטירט אין אַ קליין פּויליש הייזל, נעבן סקזשיפּציקס גרויסע הויז און צוזאַמען געלעבט.

כ׳האָב מיך באַמיט צו אַרבעטן נאָר ביי מיין פאַך, ווייל כ׳האָב בשום אופן נישט גע־וואָלט זיין צווישן די, וואָס האָבן געאַרבעט ביים ליקווידירן דאָס יידישע האָב־און־גוטס, נאָכן אַרויסשיקן די יידן קיין טרעבלינקע.

ווענן דעם גורל פון אונדזערע ברידער אין טרעבלינקע זענען געווען פֿאַרשידענע קלאַנגען, אָבער פּלוצים האָט זיך דאָ באַוויזן אַ סענדזשישעווער בחור, עזריאל פרידריך, ווי אויך לעאָן וויינטרויב, וואָס זענען אַנטלאָפֿן פון טרעבלינקע און אונדז דערציילט וועגן דעם שרעקלעכן סוף פון אונדזערע טייערע. מיר האָבן זיי נישט געגלייבט און מען האָט זיי אויך נישט געקאָנט אַריינגעמען צו אונדז אין קליינעם געטאָ, ווייל זיי זענען דאָך געווען „פרעמדע" און ביי אונדז נישט רעגיסטרירטע.

דעם 17טן פעברואַר 1943 האָבן די נאַציס געענדיקט אויך מיטן קליינעם יענדזשעווער געטאָ, אָבער פריער האָט מען דערשאָסן ביז 20 אַזוי גערופענע טיפוס־קראַנקע פון שפּיטאָלעכל. צווישן די דערשאָסענע זענען געווען פּיניע ברייטבאַרט און יעקל לעדערמאַן. אויף אַ גליקלעכן און ממש אומפאַרשטענדלעכן אופן איז פון דאָרט אַנטלאָפֿן דער קראַנקער שאול ווארגאן. די דייטשע מערדער האָבן געעפֿנט אויף אים אַ גוואַלדיקע שיסעריי, אָבער זייערע קוילן האָבן אים נישט געטראָפֿן, און נאָך דער מלחמה איז ער בשלום אָנגעקומען קיין אויסטראַליע ווו ער וווינט ביז איצט.

אין סקאַרזשיסק, ווו מען האָט אונדז איבערגעשיקט האָב איך געאַרבעט בערך דריי חדשים ביים אויסאַרבעטן קוילן פֿאַר דער שווערער אַרטילעריע ביי זייער שווערע באַדינגונגען. כ'האָב ווידער אויסגענוצט אַ גליקלעכן צופֿאַל און בין פון דאָרט אַנטלאָפֿן אין וואַלד און געוואַנדערט ביז קעלץ. דאָרט איז נאָך געווען אַ קליינע געטאָ פון אַן ערך 1000 יידן. זיי האָבן פון מיר געפֿאָדערט כ'זאָל ענדערן מיין פֿאַמיליע־נאָמען אויף פּעפּער, וועלכער איז פון דאָרט אַנטלאָפֿן און צוליב דעם דראָט זיי אַלעמען אַ געפֿאַר. כ'האָב מסכים געווען און זיי האָבן מיר דערפֿאַר באַצאָלט 25.000 זלאָטעס. כ'בין דאָרט פֿאַרבליבן בלויז צוויי וואָכן, ווייל מען האָט אויך דאָס געטאָ ליקווידירט און אַלע איבערגעשיקט קיין פּיאָנטקי ביי דער באַן־סטאַציע גאַרבאַטקאַ (ראַדאָמער גובערניע). דאָרט האָב איך זייער שווער געאַרבעט, אָבער אויך אַ ביסל צוגעהאַנדלט. דאָרט בין איך געבליבן ביז ראש־השנה 1944. פון דאָרט האָט מען אונדז טראַנספּאָרטירט אין דעם גרויסן לאַגער אָראַניענבורג, ווו עס זענען געווען אינטערנירט אַן ערך 180.000 מענער און פרויען פון פֿאַרשידענע פעלקער און לענדער. יידן זענען געווען זייער ווייניק און מ'האָט אונדז געהאַלטן איזאָלירט. מיר זענען דאָרט געווען בסך הכל 280 יידן. זעקס וואָכן האָט מען אונדז נישט באַשעפֿטיקט ביי קיין שום אַרבעט. נאָכדעם האָט מען אונדז איבערגעשיקט קיין גליווין, ווו מען האָט אויפסניי אויפגעבויט די פּיאָנטקער פֿאַבריק.

מיר זענען דאָרט פֿאַרבליבן צוויי חדשים, זייער שווער געאַרבעט. פון דאָרט האָט מען אונדז אַוועקגעשיקט קיין ראַטענאַו, ווו עס איז געווען אַ פֿאַבריק פון אַעראָפּלאַנען. די פליער פון די אַליאירטע מלוכות האָבן זייער געשטערט אין דער אַרבעט, באַוואַרפֿנדיק כסדר די אָביעקטן מיט אויפרייס־באָמבעס און זיי פֿאַרוואַנדלט אין הורבות. מיר האָבן געפילט, אַז די ישועה איז נאָענט, און דעם 27סטן אַפּריל 1945 האָט אונדז דאָס סאָוויעטישע מיליטער באַפרייט פון אונדזערע צרות. בערלין איז געפֿאַלן דעם 9טן מאַי 1945. די וועלט איז באַפרייט געוואָרן פון היטלערס פּלענער און חלומות.

כ'בין געפֿאָרן קיין פּוילן, געווען אויך אין יענדזשעוו, געזוכט מיינע נאָענטע און ליידער קיינעם נישט געפֿונען, חוץ בנימין גוטמאַן, וואָס איז אויך געקומען זוכן זיינע נאָענטע. מיר זענען געפֿאָרן צוריק קיין דייטשלאַנד, ווייטער זוכן... און דאָ האָט מיר דאָס גליק צוגעשפּילט! אין דייטשלאַנד האָב איך אָפּגעפֿונען מיין כלה, רבקה פּערלמאַן פון שעדלעץ, מיט וועלכער איך בין געווען פֿאַרלאָבט נאָך פֿאַר דער מלחמה... צו אונדזער

ביידנס גליק איז נישט געווען קיין גלייכן. מיר האָבן חתונה געהאַט, געפאָרן קיין ישראל. אונדזער גליק איז פול. מיר וווינען אין בני ברק, מיר האָבן ב״ה פרנסה פאַר אונדזערע פיר קינדער. כ׳אַרבעט ביי מיין פאַך (אַלס מאלער). אונדזער עלטסטער זון גייט איצט דערפילן זיין בירגער־פליכט פאַר צבא הגנה לישראל (נישט קיין אולאנער אין דער פוילישער אַרמיי ווי איך בין געווען). די צווייטע טאָכטער אונדזערע אַרבעט אַלס פקידה. מיר אַלע זענען זייער צופרידן, מיר זענען פרייע בירגער פון מדינת ישראל!

## יעקב ווילצקאָווסקי דערציילט:



כ׳בין אַ געבוירענער אין יענדזשעוו. מיינע עלטערן זענען געווען משה און צערקא (פון סענדזישעוו). מיר האָבן געוווינט אויף קעלצער גאַס נומער 2. מיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ געשעפט פון פּרוכטן און דעליקאַטעסן אויף קאָש־צעלנא 1. איצט וווין איך אין רמת־גן, (רח׳ רחובות הנהר 19).

באַלד נאָכן אויסברוך פון קריג בין איך אַוועק מיט מיין פאָטער קיין כמעלניק. מיין פאָטער איז פון דאָרט גע־לאָפן ווייטער — קיין סטאַשעוו. ער איז אָבער באַלד צוריק־געקומען קיין כמעלניק און מיר זענען צוזאַמען געבליבן ביי מיין פעטער מנחם מענדל ווילצקאָווסקי. פון דאָרט זענען מיר צוריקגעפאָרן קיין יענדזשעוו און זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט מיין מוטער ווי אויך מיינע 3 שוועסטער אסתר, ליבע און בעלאַ, ווי אויך מיין יונגן ברודער שמואל, אין אַ דאָרף ביי אַ באַקאַנטן פויער, וועמען מיר האָבן גאַנץ גוט באַצאָלט פאַר זיין טירחה. אונדזער געשעפט איז געבליבן הפקר און דאָס נאַצישע מיליטער האָט אַלץ צעראַבירט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון כאַפּן צו דער אַרבעט פון גאַס און אויך פון די וווינונגען. אונדזערע „גוטע״ שכנים, די פּאָליאַקן, האָבן זיך געקויפט די גרויסע „מצוה״ און אָנגעוויזן ווו עס זענען פאַראַן יידן.

די צוואַנגס־אַרבעט איז געווען — אָפּרוימען די חורבות פון צעשאָסענע הייזער, רייניקן די גאַסן און באַגראָבן טויטע. שמענדיק האָט מען געשלעפּט צו דער אַרבעט פיל מער מענטשן וויפל מ׳האָט אין דער אמתן געדאַרפט, אַבי צו פּייניקן וואָס מער יידן.

מיטאַמאָל האָט מען צוזאַמענגעשלעפּט עטלעכע הונדערט יונגע בחורים און זיי געשיקט קיין ציעשאַנאָוו. כ׳בין דאָרט פאַרבליבן אַכט וואָכן. נאָכדעם האָט מען מיך איבערגעשיקט קיין לובלין אין דעם גרויסן לאַגער אויף ליפּאָווע 7, ווו עס זענען שוין געווען קאָנצענטרירט אַ פּאָר טויזנט יידן. איך האָב געאַרבעט אין אַ סטאָלעריי־וואַר־שטאַט, וואָס איז זעלבפאַרשטענדלעך אָנגעפירט געוואָרן דורך אַן ס.ס.־מאַן.

די לאַגע דאָרט איז נאָך געווען צו דערליידן, ווייל מ׳האָט נאָך באַקומען פּעקלעך שפּייז־פּראָדוקטן פון דערהיים.

כ׳בין צוריקגעקומען קיין קראַשניק און דער דאָרטיקער יודענראַט האָט מיר

געהאָלפן וואַנדערן ווייטער. צום שבח פון די יודענראַטן אין לובלינער געגנט זאָל פאַרשריבן ווערן, אַז זיי האָבן געהאָלפן די אַנטלויפנדיקע יידן, אַבי זיי זאָלן גיין וואָס ווייטער... אַזוי אַרום האָב איך מיך דערשלאָגן אַהיים, ווו כ׳בין געבליבן ביז מיטן 1942, אַרבעטנדיק אויף דער באַן אַלס סטאָליער.

ביי דער ערשטער אויסזידלונג פון יענדזשעוו, האָט מען מיין גאַנצע משפחה אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע. מיט צער און ווייטיק דערמאָן איך דעם פאַקט, אַז איך האָב געקאָנט באַפרייען מיין פאָטער פון דער ערשטער אויסזידלונג און אים באַזאָרגן מיט אַ באַפרייאונגס־שיין, אַלס טישלער, אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט שיידן פון מיין מוטער און זיינע קינדער און באַשלאָסן צו טיילן מיט זיי צוזאַמען דעם ביטערן גורל. כ׳ווייס נישט, צי עס וואָלט מיר געלונגען אים אָפּצוראַטעווען אויך ווייטער, אָבער דערווייל וואָלט ער געבליבן לעבן...

נאָך דער ערשטער אויסזידלונג האָט מען מיך שוין מער נישט צוגעלאָזט צו דער אַרבעט ביי דער באַן און איך בין געבליבן אין דעם קליינעם געטאָ צו העלפן ביים ליקווידירן דאָס פאַרמעגן פון די אַרויסגעשיקטע יענדזשעווער יידן.

אין פעברואַר 1943 האָט מען אַלע פאַרבליבענע איבערגעשיקט קיין סקאַרזשיסקאָ, ווו מען האָט אונדז באַשעפטיקט אין דער פאַבריק „האַסאַג" (הוגאָ־שניידער אַקציע־געזעלשאַפט). אויך דאָרט האָב איך געאַרבעט אַלס טישלער און בין דאָרט פאַרבליבן ביז דער ערשטער העלפט פון יאָר 1944, ווען דאָס רוסישע מיליטער איז צוגעקומען צום בוג, האָט מען אונדז איבערגעשיקט קיין בוכענוואַלד.

די ערשטע 10 טעג האָט מען אונדז געגעבן זייער גוט צו עסן און געלאָזט אָפּרוען. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען זייערע פּלענער. אָבער ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגע־וויזן, האָבן די נאַציס דאָס געטאָן מיט אַ כוונה, אַז אונדזערע נייע מושלים זאָלן אונדז זען אויסגערוטע און אַרבעטס־פעיקע. נאָך די „10 זאַטע טעג" האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון צרות און פּיין. פון איין זייט — עבודת הפרך, און פון דער צווייטער זייט — שלעכט און ווייניק עסן, ממש קוים די נשמה צו דערהאַלטן און דערצו אַכזריותדיקע קלעפּ אָן אַ שיעור...

אונדזער נייער „גן־עדן" איז געווען שליבן, 90 קילאָמעטער פון לייפּציג. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט אין גרופּן צו 25 פּערזאָן און געמאַכט אַרבעטס־מכשירים פאַר די אַרבעטער.

אין דעם גיהנום בין איך פאַרבליבן ביזן 25סטן אַפּריל 1945. דאַן האָט מען אונדז אַריבערגעפירט קיין טערעזיענשטאַט, ווו כ׳בין געבליבן ביזן 9טן מאַי 1945, ווען די רויטע אַרמיי האָט אונדז באַפרייט.

ווי מיר האָבן זיך דערנאָך דערוווסט, האָבן די נאַצישע מערדער געמאַכט הכנות אומצובריינגען דעם 9טן און 10טן מאַי אַלע יידן און די אַנדערע פאַרשקלאַפטע מענ־טשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. צום גליק האָט דער שנעלער נצחון פון דער סאָוויעטישער אַרמיי צונישט געמאַכט זייער טייוולאַנישן פּלאַן.ליידער האָט אַ גאַנץ גרויסער טייל פון דעם באַפרייטן לאַגער נישט זוכה געווען און זענען געשטאָרבן, ממש געפאַלן ווי די פליגן.

כ׳בין שנעל צוריקגעפאָרן קיין יענדזשעוו, האָפנדיק דאָרט צו געפינען עמעצן פון מיינע נאָענטע, צו מיין גרויסן ווייטיק האָב איך מיך ביטער אַנטוישט. כ׳האָב אַפילו מורא געהאַט צוצוגיין צו אונדזער וווינונג און געשעפט, ווייל די פּוילישע אַנטיסעמיטן

האָבן דערמאָרדעט יעדן ייד, וואָס האָט געהאַט די חוצפה זיך צו באַווייזן אין זיין חרוב־דיקער היים...

אין יענדזשעוו בין איך געווען דריי טעג באַהאַלטן פון די פיינטלעכע אויגן און אַוועק קיין ברעסלוי, און שפּעטער בין איך פון דער אַמעריקאַנער זאָנע אין לאַנדס־בערג אַוועק קיין האָלאַנד, ווו כ׳האָב געאַרבעט 3 יאָר אין דער גרויסער ראַדיאָ־פאַבריק „פיליפּס“. אין יאָר 1950 בין איך געקומען קיין ישראל, ווו כ׳לעב גליקלעך.

## יורם סימוני פון רמת־חן (פריער: נתן שלעדזיק) דערציילט:



אין דער גרופּע יוגנטלעכע פון יענדזשעווער געטאָ, וועלכע מען האָט אַוועקגעפירט אויף צוואַנגס־אַרבעט, זענען געווען אַרום הונדערט פּערזאָן. אַלע זענען געווען יונגע יינגלעך, אין עלטער פון צוועלף ביז אַכצן יאָר. איך בין דעמאָלט אַלט געווען צוועלף יאָר. פון דער דאָזיקער גרופּע זענען געבליבן לעבן נאָר צוויי: יולעק בוימאַרט און איך. אַלע אַנדערע זענען אומגעקומען אין די לאַגערן אָדער אין די טויט־טראַנספּאָרטן. מיין חבר דוד, אַ פערצן־יאָריק יינגל, איז אומגעקומען פון אַ נאַצי־קויל, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין לאַגער.

אין סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענני האָט מען אויסגעאַרבעט טיילן פון קוילן. די נאָרמע איז געווען — טויזנט פינף הונדערט שטיק אין אַן אַרבעטט־טאָג פון צוועלף שעה. איינער פון די לאַגער־אַרעסטאַנטן האָט אַמאָל אויסגעאַרבעט טויזנט אַכט הונדערט קוילן און ער האָט דערפאַר באַקומען אַ ספּעציעלן לוין פון מייסטער — אַ ברויט. דאָס האָט זיך אָבער שווער אָפּגערופן אויף אונדז אַלע, ווייל דער מייסטער האָט געפאָדערט, אַז מיר זאָלן אויסאַרבעטן, לויט דער נייער פאַרגרעסערטער נאָרמע. דאָס איז אָבער געווען אוממעגלעך. דערפאַר האָט דער מייסטער אונדז פאַרקלאָגט פאַרן נאַצישן אויפזעער, אַז מיר בונטעווען זיך און ווילן נישט אַרבעטן. מען האָט אַרויסגערופן אויף אַ „פאַרהער“ פינף פערזאָן, צווישן זיי אויך מיך. איך האָב באַקומען צוואַנציק שמיץ. מען האָט געשלאָגן אומברחמנותדיק מיט גומענע נאַגייקעס. ווען איינער האָט פאַרלוירן ד׳אָס באַוווסטזיין, האָט מען אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער. איך האָב זיך נישט געקאָנט אויפהייבן פון טיש אויף וועלכן מען האָט מיך אַוועקגעלייגט. קאַפּענדיק מיט די פיס האָבן זיי מיך אַראָפּגעשטופּט פון דאָרט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען פופצן יאָר. די געוואַלדן און געשרייען זענען געווען שוידערלעך. אַנדערע וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט אַוועקלייגן אונטערן שטעקן, האָט מען אַכזריותדיק געפּייניקט.

אין טשענסטאָכאָווער לאַגער האָב איך זיך אַמאָל געווענדט צו געסטאַפּאָ־מאַן

קענעמאַן, מיט אַ ביטע מען זאָל מיר געבן אַ העמד. קענעמאַן האָט מיך דערפאַר צע־שמיסן מיט דער נאַגייקע אויף דער פּלייצע און דערנאָך אַ פרעג געטאָן: „נו, איצט איז דיר שוין וואַרעמער?".

נאָך דער באַפרייאונג בין איך געבליבן אין פּוילן, ביזן יאָר 1957, מיט מיין פאָטער מרדכי שלעדזשיק. אין זעלבן יאָר בין איך געקומען קיין ישראל. דאָ האָב איך געענדיקט מיין שטודיום און כ'בין איצט לערער פון היסטאָריע אין טעכניקום אין גבעתיים. כ'האָב געטוישט מיין נאָמען. כ'בין שוין מער נישט נתן שלעדזשיק, נאָר יורם סימוני. כ'האָב זוכה געווען צו זיין אַ דערציער פון יינגן דור אין ישראל. מען שמייסט מיך שוין נישט מיט קיין נאַגייקעס. אויס קנעכט: כ'בין אַ פרייער בירגער פון אונדזער אייגן לאַנד!

## לייבוש פייגענבוים (יפו) דערציילט:

כ'בין געבוירן אין יענדזשעוו אין יאָר 1920 ביי מיינע עלטערן: ישעיהו און האָדל (פון איר היים שענקער) פייגענבוים. מיין פאָטער ז"ל, איז געווען אַ קאַמאַשן־מאַכער. ער איז געשטאָרבן אין יענדזשעוו דעם 22טן סעפּטעמבער 1940 און איז נאָך געקומען צו קבר ישראל. מיין מוטער ז"ל, ווי אויך מיינע צוויי שוועסטער פאַליע און רבקה, זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע דעם 17טן סעפּטעמבער 1942 און דאָרט אומגעקומען. מיינע צוויי ברידער דוד און ישראל זענען אומגעקומען שפּעטער, נאָך פיל ליידן און פּיין, וועלכע זיי האָבן דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט מיר, אין די וועלדער פון יענדזשעווער געגנט.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, בין איך אַלט געווען 19 יאָר. כ'בין פון פאַך אַ שניידער. צוליב דער דערמאָנטער סיבה האָט מען מיך נישט אַוועק־געשיקט קיין טרעבלינקע און געלאָזט אין דער „קליינער געטאָ". איך האָב ווייטער געאַרבעט, אויסשליסלעך, מיין פאַך, אַלס שניידער.

צוליב דער שווערער קראַנקהייט פון מיין פאָטער — ער איז געווען פּאַראַליזירט — און איך בין געווען דער איינציקער מפרנס פון אונדזער משפחה, האָט מען מיך נישט געשיקט צו דער אַרבעט און מיר דערלויבט אַרבעטן אין דער היים. אַזוי איז געווען ביזן 17 סעפּטעמבער 1942, ווען מ'האָט געמאַכט די ערשטע אויסזידלונג פון דער יענדזשעווער יידישער באַפעלקערונג.

אין יאָר 1940, באַלד נאָך מיין פאָטערס טויט, האָט מען מיך, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע הונדערט יידישע בחורים, געכאַפּט און אַוועקגעשיקט צו דער אַרבעט אין די דריי גאַליצישע שטעטלעך: בעלזשעץ, ציעשאַנאָוו און דזשיקאָוו. דאָרט האָט מען אונדז באַשעפטיקט ביים גראָבן „אָקאָפּעס" און אַנדערע פאַרטיידיקונגס־אַרבעטן. מיר זענען דאָרט געווען אַן ערך דריי מאָנאַט. פאַר דער באַפרייאונג האָט דער „יודענראַט" פון מאַקאָוו־פּאַהוליינסקי, — וועלכער האָט געדאַרפט צושטעלן אַ געוויסע צאָל אַר־בעטער — אונדז „איינגעהאַנדלט" אַלס „פאַרטרעטער" פון „זיינע יידן". מיר האָבן

דאָרט געאַרבעט עבודת־פרך, ביי די ערגסטע באַדינגונגען. כ׳בין פון דאָרט אַנטלאָפן און צוריקגעקומען קיין יענדזשעוו.

אין פעברואַר 1943 האָט מען אויך דאָס קליינע געטאָ ליקווידירט און אַלע אַוועק־געשיקט קיין סקאַרזשיסק, צוקוקנדיק זיך, ווי מ׳האָט ביי אונדז אַרויסגעפירט ביי 20 יונגע בחורים, קראַנקע אויף פלעקן־טיפוס, וועלכע זענען געלעגן אין דעם אַזוי־גערופענעם „געטאָ־שפּיטאָל" און זיי דערשאָסן. איינער פון זיי, שמואליק וואַרגאַן האָט זיך געראַטעוועט דורכן אַנטלויפן. די ס.ס.־לייט האָבן אים נאָכגעשאָסן, אָבער דאָס מזל האָט אים גע־שפּילט און ער איז ניצול געוואָרן און ער וווינט היינט אין אויסטראַליע.

אין סקאַרזשיסק איז פּשוט געווען אַ גיהנם און כ׳האָב באַשלאָסן פון דאָרט אַנטלויפן צוזאַמען מיט חיים נאוואָרסקי, אַ זון פון יענדזשעווער תבואה־סוחר. נאוואָרסקי איז אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט דער ערשטער און איך נאָך אים. אָבער,ליידער, האָב איך אים שוין מער נישט געזען. כ׳האָב אַ חשד, אַז ער איז אַריבערשפּרינגענדיק דעם פּלויט, אַריינגעפאַלן אין דעם וואַסער, וואָס איז געווען פון דער צווייטער זייט און דערטרונקען געוואָרן. כ׳האָב מיך געלאָזט, דורך פאַרשידענע דרכים, קיין יענדזשעוו, זייענדיק צעהרגעט איבערן גאַנצן קערפּער פון די קלעפּ, וואָס כ׳האָב באַקומען פאַרן אַנטלויפן פון אַ „שומר", וואָס איז — צו אונדזער גרויסער חרפּה — געווען פון „אחינו בני ישראל"... אַ „ווינער דייטש"...

שוין נעבן יענדזשעוו בין איך אַריין צו אַ פּויער, וועלכער האָט מיך אַריינגעלאָזט צו זיך און מיך באַהאַלטן אויפן בוידעם. ווייזט אויס, אַז זיין „קריסטלעך געוויסן" האָט אים נישט געלאָזט רוען און ער האָט „מגלה־סוד" געווען זיינע שכנים, אַז ביי אים געפינט זיך אַ „זשיד". זיי האָבן מיך אַראָפּגעשלעפּט פון בוידעם און געפירט צום „סאָלטיס". אויפן וועג האָט איינער פון זיי — ווייזט אויס אַ „גרויסער בעל־רחמנות" — געזאָגט: „לאָמיר אים אויסטון און שיקן צום טייוול"...

זיי האָבן מיך אויסגעטאָן נאַקעט ווי כ׳בין געבוירן, אַלץ ביי מיר צוגענומען און מיך אָבגעלאָזט.

עס איז געווען אין חודש פעברואַר, דער פראָסט האָט געקנאַקט, כ׳בין ממש דער־פרוירן געוואָרן און ווי אַ משוגענער האָב איך אָגעוואַרט ביז עס וועט ווערן נאַכט, און זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין.

כ׳האָב געהערט טריט און בין געווען זיכער, אַז דאָ קומט שוין מיין זיכערער טויט, ווייל ייִדן איז בכלל נישט געווען דערלויבט אין אָוונט זיך באַווייזן אין גאַס, איבערהויפּט אין אַ „יודענריינער" שטאָט, ווי יענדזשעוו איז שוין דאַן געווען.

אָבער עס איז מיר געשען אַ גרויס נס. אַנטקעגן מיר האָט זיך באַוויזן אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען קאָריצקי, אַ מענטש פון דער פּוילישער אונטערוועלט. ער האָט מיך דערקענט, מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ קעלער און מיך געהייסן וואַרטן. ער איז אַוועק און שנעל צוריקגעקומען מיט אַ פּאַק אָנטועכץ: אונטערוועש, אַן אָנצוג, שיך און אַ ווואַרעמען פּאַלטן. ער האָט מיר אויך געבראַכט עסן און בראָנפן, און דערצו מיר אויך געגעבן הונדערט זלאָטעס, געבליבן מיט מיר אַ גאַנצע נאַכט, זיך געטוליעט צו מיר און מיך דערוואַרעמט...

כ׳בין געבליבן אויפן אָרט ביז צווייטן אָוונט.

כ׳האָב ווייטער געמוזט ריזיקירן און כ׳בין אַריין צום פּוילישן אינהאַבער פון אַ

חזיר־יאַטקע דאָמאַגאַלסקי. ער און זיינע זין האָבן מיך דערקענט, זיי האָבן מיר געגעבן עסן און טרינקען. באַמערקנדיק די שווערע ווונדן אויף מיין לייב, האָבן זיי מיך טאָג־טעגלעך געשמירט מיט חזיר־פעטס, כדי שנעלער אויסהיילן מיינע ווונדן.

אין זעלבן הויז זענען פון פריער געווען באַהאַלטן נאָך עטלעכע יידן: שמואל זיינוול וועליצקאָווסקי, די ברידער יענקל און יאָסל אָבאַרזשאַנעק, זייער ברודערנזון שלמה אָבאַרזשאַנעק, יהיאל פאַס און נתן טייכהאָלץ, צוזאַמען מיט מיר — 7 יידן. דאָמאַגאַלסקי האָט אונדז באַזאָרגט עסן און טרינקען. מיר זענען דאָרט פאַרבליבן ביז ענדע אַפּריל 1943. ער האָט אונדז געמאָלדן, אַז היות מען דערוואַרט פאַרן ערשטן מאַי אַרעסטן פון די לינקע עלעמענטן (סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן), פאָרט ער אַוועק מיט זיינע זין פון יענדזשעוו און מיר מוזן פאַרלאָזן אונדזער באַהעלטעניש, ווייל קיינער וועט אונדז מער נישט העלפן. מיר האָבן נישט געהאַט קיין ברירה און זיך געלאָזט אין די וועלדער אַרום יענדזשעוו (אונדזער צענטראַל־פּונקט איז געווען דער זאַגויער וואַלד, וואָס האָט פאַרנומען בלויז איין קוואַדראַט־קילאָמעטער, אָבער ער איז געווען געדיכט באַוואַקסן מיטביימער) דאָ האָבן מיר אָנגעהויבן קלערן: „וואָס ווייטער? ווו באַהאַלט מען זיך?"

מיר האָבן געוואַנדערט צווישן פאַרשידענע פויערים. מאַנכע פון זיי האָבן אונדז געהאָלפן אויף אַ קורצער צייט, אַנדערע האָבן אונדז פשוט אַרויסגעטריבן. מיר האָבן אויך געמוזט מאַנכעס מאָל נעמען מיט כוח, פשוט צונעמען עסנוואַרג, כדי זיך צו דער־האַלטן ביים לעבן. פירנדיק אונדזער וואַנדער־לעבן אין די וועלדער זענען מיר, צוליב זיכערקייט, נישט געגאַנגען צוזאַמען, נאָר זיך צעטיילט, כדי אונדזערע פאַרפאָלגער, די דייטשן, אָדער די פאַרטיזאַנער פון די פוילישע נאַראָדאָוועס, זאָלן אונדז נישט אַנטדעקן.

אין זאַגויער וואַלד האָבן מיר אַמאָל דורכגעלעבט אַזאַ מין קוריאָז: גייענדיק צוזאַ־מען מיט שמואל זיינוול וועליצקאָווסקי און שלמה אָבאַרזשאַנעק, האָבן מיר פון דער ווייטנס באַמערקט צווישן ליסאַקאָוו און זאַגויר צוויי שאָטנס פון מענטשן. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צום קאַמף. אָבער פלוצים האָט איינער פון אונדז דערקענט, אַז די „שונאים" זענען אַ יידישער בחור און אַ יידיש מיידל פון יענדזשעוו. דאָס זענען געווען אַלעק ברוינער און אַדעלאַ צוקער (אַ טאָכטער פון יענדזשעווער גרויסן סוחר מענדל צוקער). דער פויער, וואָס האָט זיי אַ געוויסע צייט באַהאַלטן, האָט חרטה באַ־



שמואל זיינוול וועליצ׳קאָווסקי ז"ל
(שלמה קצב׳ס זון)



שלמה אבארזשאַנעק ז"ל

העלפענדיק יענדזשעווער יידן אין נויט און סכנה, ריזיקירט זייער לעבן אין אַ שלאַכט מיט די נאַציס און פוילישע מיטהעלפער זענען זיי העלדיש געפאַלן.

קומען אויפן עסק און זיי אַרויסגעטריבן. מיר האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך, און אונדזער גרופּע איז שוין באַשטאַנען פון 8 מענער און איין פרוי.

אָבער דאַן איז געשען ביי אונדז פאָלגנדיקע געשיכטע:

די צוויי חסידישע מענטשן, וואָס מיר האָבן געהאַט צווישן זיך: ר׳ יחיאל פאס (אַ זון פון ר׳ יעקב יצחק שוחט) און ר׳ נתן טייכהאָלץ, ביידע „פאַרברענטע" געווער חסידים און גרויסע יראי־שמים, האָבן אונדז געמאָלדן, אַז זיי זענען פיזיש שוין מער נישט אימשטאַנד מיטצומאַכן מיט אונדז דאָס וואַנדער־לעבן אין וואַלד. זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן צו בלייבן אויפן אָרט און זיך באַהאַלטן אין אַ תבואה־בראָדלע און וואַרטן לרחמי שמים.. פון אַ גרויסער תבואה־בראדלע האָבן זיי אַרויסגעריסן אַ פעקל היי, אויסגעגראָבן אַ מין „טונעל" אין דער טיף פון עטלעכע מעטער און זיך דאָרט באַהאַלטן.

מיר האָבן זיי נישט געקאָנט אַראָפּפירן פון זייער פּלאַן און בלויז זיי פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן זיי נישט פאַרלאָזן און זיי באַזאָרגן מיט עסן און טרינקן ווי ווייט מעגלעך.

זיי פלעגן אַריינקריכן אין דעם טונעל, פריער מיט די פיס, און מיט די הענט זיך באַמיט צוריק פאַרשיטן דאָס לאָך דורך וועלכן זיי זענען אַריינגעקראָכן. זיי האָבן גלייכצייטיק זיך אויפגעהערט שערן און ראַזירן און האָבן פשוט אויסגעזען ווי חיות. די „בראדלע" איז געווען ביים אָפּאַטקאָוויצער הויף. אין אָוונט פלעגן זיי זיך אַרויס־כאַפּן כדי צו מאַכן די מענטשלעכע פיזישע הצטרכותן און דאַווענען. אַמאָל האָט זיי געפּאַקט אַ באַנדע ציגיינער (וואָס זענען ביי די דייטשן אויך געווען טריפה ווי חזיר), זיי האָבן זיי אויסגעטאָן אדם־נאַקעט און זענען אַוועק. מיר האָבן זיי באַזאָרגט מיט אַנדערע מלבושים, ווי ווייט מיר האָבן נאָר געקאָנט.

אינטערעסאַנט איז, אַז די צוויי חסידים, נישט האָבנדיק ביי זיך קיין שום לוח, האָבן דאָך געדענקט צו האַלטן אַלע יום־טובים און היטן אַלע יאָרצייטן פון זייערע עלטערן און קרובים. זיי האָבן אונדז תמיד פאַרזיכערט, אַז בעתן דאַווענען זענען זיי מתפלל אויך פאַר אונדז און פאַר דער מפלה פונעם שונא און אונדזער גאולה שלימה.

פאס און טייכהאָלץ האָבן אַזוי געלעבט ביז ענדע זומער און דאַן זענען זיי אַנט־דעקט געוואָרן דורך אַ באַנדע פון דער פוילישער „נאַראָדאָווער מיליטערישער אָרגאַ־ניזאַציע", וועלכע האָט זיי דערשאָסן אויף די בעלקער פעלדער.

אַמאָל, גייענדיק עטלעכע מאַן פון אונדז, שרייט איינער אויס: „זעט, אָט דאָרט שטייט ווילצינסקי מיט אַ ביקס אין האַנט, לאָמיר אים פאַרטיק מאַכן". מיר האָבן געשאָסן צו אים און ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט... ווען מיר זענען צוגעגאַנגען נאָענט האָבן מיר דערזען פאַר זיך אַ פניאָק פון אַ בוים מיט אַ צווייג, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ביקס. מיר האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט. דער אמתער ווילצינסקי, וואָס איז געווען אַ פוילישער פּאָליציאַנט און אָנגעטאָן יידן געברענטע צרות, איז געכאַפּט געוואָרן נאָך דער באַפרייאונג און באַקומען זיין פאַרדינטן פסק.

בעת איינעם פון אונדזערע „שפּאַצירן" אין זאַגויער וואַלד, האָבן מיר דערזען שאָטנס פון דריי מענטשן. מיר האָבן זיך זייער דערשראָקן מיינענדיק, אַז דאָס זענען דייטשן. זיי זענען אַנטלאָפן און מיר האָבן זיי נאָכגעיאָגט. ווען מיר האָבן דערזען, אַז דאָס איז גאָר קלמן ווייסבערג מיט זיין ברודער און שוועסטער (זיי זענען געבליבן לעבן און וווינען איצט אין דייטשלאַנד).

אין האַרבסט 1943 האָבן זיך די פוילישע נאַציאָנאַלע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס

גענומען מיט גרויס אייפער און שנאה אויפזוכן יידן, וואָס האָבן זיך נאָך געפונען אין די וועלדער, אָדער ביי פוילישע פויערים, כדי זיי צו דערמאָרדן. עס האָט זיך אויך פאַר אונדז אָנגעהויבן איינע פון די שווערסטע און טראַגישע מאָמענטן אין אונדזערע וואַנדערונגען אין די וועלדער. אַדעלאַ צוקער איז געוואָרן פיזיש זייער אָפּגעשוואַכט און שוין מער נישט געקאָנט זיך אַרומשלעפּן מיט אונדז אין די וועלדער.

מיר האָבן זי באַהאַלטן ביי אַ פויער, ווען מיר האָבן גאַנץ גוט דערפאַר באַצאָלט. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז ער געווען אַ „פּאַרטרויאונגס־מאַן" פון די מערדערישע פוילישע באַנדעס. עס האָט געמאָלדן וועגן אַדעלאַ צוקער ז"ל און זיי זענען באַלד געקומען און זי דערשאָסן.

איר חבר צו די ליידן און פּיין, אַלעק ברוינער, איז אַביסל שפּעטער אויך דער־מאָרדעט געוואָרן אויפן וועג צו זיינס אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, ווו ער האָט געהאָפט צו באַקומען אַ ביסל שפּייז.

דעם זעלבן טראַגישן סוף האָט אויך געהאַט שלאָמעק (שלמה) אָבאַרזשאַנעק, וואָס איז געווען אויפן וועג צום פויער אָפּאָלינסקי, וועלכער פלעגט פאַר אונדז באַזאָרגן שפּייז־פּראָדוקטן. זייענדיק שוין ממש ביים הויז פונעם פויער האָט מען אים דערשאָסן. אין דער זעלבער צייט זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן נאָך דריי יידן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן ביים פויער: מאָניעק מויער, אַ זון פון יואל ברייטבאַרט און נאָך אַ דריטער, וועמענס נאָמען איז מיר נישט באַקאַנט.

די מונדירטע פוילישע רוצחים האָבן אויך אָנגעטראָפן אויף שמואל זיינוול וועליצ־קאָווסקי און די ברידער יאָסל און יענקל אָבאַרזשאַנעק. נאָר יאָסלען איז געלונגען צו אַנטלויפן. ער איז געבליבן לעבן און וווינט איצט אין קאַנאַדע. די אַנדערע צוויי זענען דורך די פוילישע מונדירטע באַנדיטן דערשאָסן געוואָרן.

פון אונדזערע דערמאָנטע חברים בין איך איינער געבליבן לעבן, געוווינט אין פוילן ביזן יאָר 1962 און זוכה געווען צו קומען קיין ישראל מיט מיין פרוי (שטאַמט פון פּאַביאַניץ) און אונדזערע דריי קינדער: סאָניע (18 יאָר), חנה (16 יאָר) און דוד (13 יאָר). מיר וווינען אין יפו, כביש חדש 35, דירה 19.

מיר זענען זייער צופרידן, וואָס נאָך די אַלע צרות, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט — לעבן מיר איצט אין אונדזער לאַנד און קאָנען דערציען אונדזערע קינדער פאַרן יידישן פאָלק און זיין לאַנד.

צפורה גאָטפריד-קאָזלאָווסקאַ
חיפה

## פון מיינע זכרונות



היינט איז חנוכה, דער 13טער דעצעמבער. היינט האָב איך אָנגעהויבן שרייבן. דער טאָג האָט אַ גרויסע וויכטי־קייט אין מיין לעבן. אין דער דאָזיקער דאַטע בין איך גע־בוירן געוואָרן, חתונה געהאַט, און אין דער דאָזיקער דאַטע האָב איך פאַרלאָזט מיין אַלטע היים. איך דעם דאָזיקן טאָג האָב איך דאָס לעצטע מאָל געזען מיינע עלטערן און מש־פּחה, נאָענטע און באַקאַנטע. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב געזען אַלע מיינע טייערע אין מיין שטעטעלע יענדזשעוו.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך געזען מיין טאַטן בענטשן חנוכה־ליכט, אָבער שוין נישט ביים פּראָנט־פענצטער, ווי שטענדיק, נאָר אין קיך, ביי פאַרמאַכטע לאָדנס...

מיר האָבן שטיל געזונגען „הנרות הללו". אינדרויסן האָט געשנייט. ס'איז געווען אַ ווינטערדיקער אָוונט, אין יאָר 1939.

מיטאַמאָל האָט זיך אַלץ געענדערט. צו שפּעט. נישטאָ מער קיין האָפענונג זיך אַרויסצורייסן און קומען קיין ישראל. צו שפּעט. נישטאָ קיין צייטונגען, בריוו, עס איז איבערגעריסן געוואָרן יעדער קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט. אַ גאַנצן זומער האָט מען נאָך געריידט, אַז עס וועט צו קיין מלחמה נישט קומען, אַז די וועלט וועט דאָס נישט דערלאָזן. מענטשן פלעגן זיך גרופּירן אַרום דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט, צוהערנדיק זיך צו די לעצטע נייעס פון וואַרשע. מ'האָט נאָר געהערט די לאָזונג „קיין איין שפּאַן פוילישע ערד דעם שונא".

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939 זענען די דייטשן אַריבער די פוילישע גרענעץ. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אומזיכערע שווערע טעג. אין שטאָט איז געוואָרן אַ פּאַניק. מענטשן דערשראָקענע האָבן זיך פאַרזאַמלט אין גרופּעס, געשמועסט פּאָליטיק, אָבער נישט געזען קיין שום אויסוועג... ביינאַכט איז אין די הייזער געווען פינצטער, מ'האָט מורא געהאַט אָנצוצינדן ליכט. די מענער זענען אַוועק זיך באַהאַלטן אין אַ שייער, האָבן מתפּלל געווען און זענען געווען אין גרויס פּחד. אַלעמען האָט אַרומגענומען אַ גרויסע שרעק. אין לעצטן טאָג פאַר דער מלחמה איז געשטאָרבן די אַלטיטשקע ז. לעווי. דער טאַטע זכרונו לברכה, האָט געזאָגט, אַז זי איז געווען אַ צדיקת, ווייל זי איז נאָך גע־שטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט און געקומען צו קבר ישראל. און מיר — האָט ער צוגעגעבן — ווייסן נישט ווו אונדזער געביין וועט אָהינקומען. די לעצטע בריוו, וואָס זענען נאָך אָנגעקומען, זענען געווען פון משה לעדערמאַן פון ישראל צו זיין טאַטן אשר.

פון יענדזשעווער געטאָ איז מיין טאַטע אַרויסגעפירט געוואָרן קיין בוכענוואַלד. — האָסט שווער געקעמפט, טאַטע מיינער, און שטאַרק געגלייבט, אַז דו וועסט נאָך דער־

לעבן זיין דאָ אין דעם לאַנד מיט אַלע דיינע נאָענטע. ווי שווער איז דיר געווען זיך צו שטאַרקן ווען מיין ברודער כילעק איז געפאַלן. האָסט גוט געוווּסט, אַז די שטוב איז שוין פּוסט און קיינער איז שוין מער נישט פאַרבליבן". אַ גאָר שנעלן סוף האָבן די נאַציס געמאַכט פון אַלע אונדזערע נאָענטע אין טרעבלינקע.

אַ טאָג פאַר ראש השנה האָבן מיר געלייענט מעלדונגען אין די גאַסן, אויף דייטש און פּויליש, אַז די יידישע געשעפטן וועלן זיין צוויי טעג פאַרמאַכט. מ׳האָט אונדז נאָך אַלץ גענאַרט און פאַרבלענדט די אויגן. דער טאַטע מיט מיינע ברידער זענען נאָך געגאַנגען אין שול אַריין און איך מיט רייזל עפּשטיין, חייקען און רייזל לעדערמאַן, באַלציע און רוניא טורנעוו, זענען מיר געבליבן אין שטוב. מיר האָבן גערעדט וועגן אַלץ, וואָס איז געווען און איז שוין מער נישטאָ. אויפן טיש איז געלעגן אַ מחזור און לייכטער מיט ליכט זענען געשטאַנען. פּלוצלינג האָט מען אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן אין טיר. עס זענען אַריין זעלנער אין ברוינע מונדירן. זיי האָבן געשריגן: „וואָס איז דאָ פאַר אַ יום־טוב? נישטאָ מער קיין ימים־טובים!". דאָס מחזור מיט די ליכט האָבן זיי אַראָפּגעשליידערט פון טיש און זענען אַוועק.

אויפן צווייטן טאָג, נאָך ראש השנה, האָבן די דייטשן געמאָלדן, אַז זיי האָבן געהערט שיסערייען פון הויף. מ׳האָט אַלע מענער אַרויסגעפירט, אויסגעשטעלט אין אַ ריי און יעדן פירטן ייד צוגענומען. דאָס זענען געווען די ערשטע קרבנות: מרדכי שליאַר, מרדכי קאָכאַן און שלמה פעלדמאַן. יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע טראַגעדיעס. אומעטום זענען געווען אויפשריפטן, אַז „פאַר הינט און יידן איז דער אַריינגאַנג שטרענג פאַרבאָטן". נאַציס פלעגן אומדערוואַרט זיך אַראָפּלאָזן פון אויטאָמאָבילן אויפן מאַרק מיט נאַגייקעס און אויסגעשרייען: „יודע", „יודע" און שלאָגן מכות רצח. מען האָט אָנגעהויבן פון אונדז פאָדערן קאָנטריבוציעס. ר׳ מרדכי יוסף ווערדיגער האָט מען גענומען אַלס ערוב. דאָס געלט האָט מען געדאַרפט אַוועקטראָגן צום פּרעזעס פון יודענ־ראַט. דאָס לעבן איז געוואָרן הפקר.

איך דערמאָן זיך איצט אין די אַלע ערשטע קרבנות: מאָטעק וואָלפאָוויטש, צבי דיקשטיין, וועמען די דייטשע הינט האָבן צעריסן אויף שטיקער; פעלא האנער, געלאַ קאָניעצפּאָלסקאַ, שאול זילבערשטיין, לייב בראַנדעס, משה מאַרקאָוועצקי, ראָזע וואָלפּ־שטאַט א״אַ. די ערשטע קרבנות זענען אין יעדן שטעטל געווען די אינטעליגענץ. איינער פון די קרבנות איז אויך געווען אונדזער טייערער לערער משה זילבערשטיין ז״ל, וועלכער איז געווען אויך פון די ערשטע אַוועקגעשיקטע קיין דאַכאַו. אויב איינער איז לעבן געבליבן איז דאָס נאָר געווען אַ צופאַל. מ׳האָט אַלץ געזוכט וועגן וויאַזוי צו אַנטלויפן, וויאַזוי זיך צו ראַטעווען. שווער איז געווען זיך אָפּצורייסן פון טאַטע־מאַמע, אָבער איך האָב געוווּסט, אַז איך מוז דאָס טאָן, איך מוז אַנטלויפן קיין אַנדער אויס־וועג איז נישטאָ און גאָר שנעל וועט דאָס אויך נישט זיין מעגלעך. איך האָב איינגעפּאַקט אויף גיך וואָס כ׳האָב געקאָנט און אַוועק צו דער באַן־סטאַציע...

זייענדיק שוין ווייט פון מיין שטעטעלע יענדזשעוו, זענען צו אונדז דערגאַנגען די שרעקלעכע ידיעות וועגן אונדזער משפחה. מיין טאַטע און מיין ברודער האָבן דורכ־געמאַכט אַלע לאַגערן און זענען אומגעקומען ביים סוף פון דער מלחמה. ווען דער רוסישער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָבן די דייטשן אַלץ געיאָגט ווייטער און ווייטער די אַרעסטאַנטן, „צו דעם לעצטן טויטן־מאַרש", ווי זיי האָבן עס גערופן. אויפן וועג זענען מענטשן געפאַלן ווי די פליגן און די רעשט האָבן זיי אויסגעשאָסן.

נאָך דער מלחמה זענען מיר נאָך אַ קורצע צייט געווען אין פּוילן. קיין יענדזשעוו זענען מיר מער נישט געפאָרן, ווייל מיר האָבן געהערט, אַז מאיר פרידבערג האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן, ווען ער איז צוריקגעקומען נאָך דער מלחמה פאַרקויפן זיין הויז.

אין יעדער שטאָט האָבן זיך געגרינדעט קאָמיטעטן. נאָכן קעלצער פּאָגראָם האָבן מיר פאַרלאָזט פּוילן. מיין מאַן, אַלס אָנפירער פון „מזרחי״־קיבוץ האָט מיטגענומען אַן ערך צוואַנציק פּערזאָן מיט זיך, און מיר זענען אַרויס אויפן וועג און זיך דערשלאָגן קיין ישראל. אין עסטרייך האָבן מיר זיך אַ ביסל אָפּגערוט. מיר האָבן זיך דאָרט געטראָפן מיט נאָך רעשטלעך פון דער יידישער יוגנט פון אַלע ציוניסטישע פאַרטייען. דעם ערשטן יום כיפור נאָך דער מלחמה זענען מיר געווען אין עסטרייך אין אַ גרויסן שייער, ווו מיר האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט. מיר האָבן דאָרט געדאַוונט, אָבער אין דער אמתן האָבן מיר מער געוויינט ווי געדאַוונט. דער „יזכור״ נאָך אונדזערע פאַרלוירענע משפחות איז געווען אַזוי דערשיטערנדיק, אַז ס׳איז אוממעגלעך עס איבערצוגעבן מיט ווערטער. דאָס האַרץ האָט געוויייטיקט און געבלוטיקט.

איך ווייס נישט ווו אייער קבר איז, מיינע טייערע, ווו נעמט מען כוחות נאָך אייך אַלעמען קדיש צו זאָגן?

גאָט, פאַרמשפּט די דייטשן אויף אייביקער חרפּה!

בנימין גוטמאַן
חולון

## מיינע איבערלעבענישן און מיין באזוך אין יענדזשעוו



ווען די נאַציס האָבן פאַרנומען יענדזשעוו האָב איך געאַרבעט ביי מיין זיידן ר׳ דודל ריטערבאַנד אין זיינע גרויסע מאַגאַזינען.

די אָקופּאַנטן האָבן באַלד רעקוויזירט די גאַנצע סחורה, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, סיי די פאַרטיקע סחורה, סיי די אַלע רוי־מאַטעריאַלן און דערקלערט, אַז דאָס אַלץ איז זיי נויטיק פאַר זייערע מלחמה־צוועקן.

מיין פאָטער, מיינע ברידער ווי אויך מיך האָבן זיי איבערגעלאָזט אויפן אָרט און אונדז אַפילו אַרויסגעגעבן אַפּיציעלע דאָקומענטן, אין וועלכע מיר זענען באַצייכנט געוואָרן אַלס „נוצלעכע יידן״.. אויף דעם סמך האָבן מיר זיך געקאָנט פריי באַוועגן און זאָגאַר אַרומפאָרן איבערן גאַנצן גענעראַל־גאָווערנאַמענט, כדי איינצוקויפן אַלע רוי־מאַטעריאַלן, וועלכע זענען געווען נויטיק פאַר דער נאַצישער קריגס־אינדוסטריע.

אַזוי האָב איך געקאָנט פריי וואַנדערן איבער גאַנץ פּוילן, פאַרן מיט דער באַן (וואָס

איז דאָן געווען שטרענג פאַרבאָטן פאַר יידן). אָבער כ׳האָב צו דער דערלויבעניש, אויך געמוזט טראָגן אויפן אָרעם אַ בלויען באַנד מיט אַ „מגן־דוד״ אין מיטן...

אין שטאָט גופא האָבן די נאַציס כסדר געשיט נייע גזירות אויף יידן, ביי וועלכע מען האָט שוין געהאַט אַלץ צוגענומען און זיי אַריינגעפּאַקט אין אַן ענגער געטאָ אויף די פינטשעווער און ליסאָקאָווער גאַסן.

וואַנדערנדיק איבער די פּויליש־יידישע שטעט און שטעטלעך, ווי אויך אין די פּוילישע דערפער, האָב איך מיט מיינע אייגענע אויגן געזען אונדזער גרויסע טראַגעדיע, די ליידן און פּיין פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, יינגע און אַלטע. כ׳האָב געפילט, אַז מיר זענען אַלע פאַרלוירן, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט מען אונדז אַלע אומברענגען און אַז עס וועט פון אונדז נישט בלייבן קיין שריד ופליט...

כ׳האָב בייגעוווינט די ערשטע אויסזידלונג קיין טרעבלינקאָ פון דער גאַנצער יענדזשעווער יידישער באַפעלקערונג.

מיין מוח האָט געאַרבעט און כ׳האָב זיך אַרומגעטראָגן מיט פאַרשידענע פּלענער, ווי אַזוי זיך כאַטש צו ראַטעווען, נאָכדעם ווי מיין גאַנצע משפּחה איז שוין טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקאַ, ווו זיי האָבן זייערע לעבנס אַזוי טראַגיש פאַרענדיקט...

כ׳האָב געפּרוווט באַגראָבן אַ טייל פון אונדזער פאַרמעגן, הגם כ׳האָב שוין נישט געהאַט די קלענסטע האָפנונג, אַז איך וועל נאָך אַמאָל דערלעבן דאָס צוריק אויסגראָבן...

כ׳בין געשלאָפן ביי אשר לעדערמאַן, אין אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען ער איז נאָרוואָס אַרויס צו דער אַרבעט, איז ער באַלד צוריקגעקומען און געזאָגט, אַז דאָס געטאָ איז אַרומגערינגלט מיט ס.ס.לייט און דייטשע פּאָליציאַנטן און אַז מען איז ערב אַ צווייטע „אויסזידלונג״, וואָס איר ענטגילטיקער ציל איז — יענדזשעוו זאָל גענצלעך אָפּגערייניקט ווערן פון יידן.

כ׳האָב מיך שנעל אַרויסגעקריגן פון „געטאָ״ צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ און איבערגעגעבן מיין „קאָמיסאַר״ דאָס ביטערע „נייעס״, וואָס כ׳האָב געהערט און זיך נאָכער באַהאַלטן אין אַ „בודע״ פון אַ הינט... און געזען, ווי מען טרייבט אַרויס די לעצטע יענדזשעווער יידן צו דער באַן. צופעליק איז דאָרט פאַרבייגעגאַנגען אַ באַקאַנטער פּאָליאַק און מיך דערזען און ער האָט מיר געראָטן זיך לאָזן קיין מיאָנסאָוואָ און פון דאָרט פאָרן ווייטער.

וואַרטנדיק אין מיאָנסאָווא אויפן צוג קיין סקאַרזשיסקאָ, איז פאַר מיינע אויגן אַדורך דער יענדזשעווער לאַסט־צוג, וואָס האָט געפירט די יענדזשעווער יידן אין פאַרשפּאַרטע וואַגאָנען. צווישן די אַרויסגעשיקטע האָב איך דערזען די פּנימער פון זכריה ברייטבאַרד, ישעיהו מאירסאָן און נאָך עטלעכע באַקאַנטע יידן.

אין סקאַרזשיסקאָ האָב איך געמאָלדן אונדזערע יענדזשעווער, אַז די שטאָט איז שוין „יידן־ריין״...

כ׳האָב מורא געהאַט דאָרט צו בלייבן און בין אַוועק קיין קינצק (קאָנסקע). פון דאָרט האָב איך זיך פאַרבינדן מיט מיין דייטשן קאָמיסאַר, וועלכער האָט מיר באַפוילן זאָפאָרט צוריק קומען קיין יענדזשעוו, פאַרזיכערנדיק מיר, אַז ער וועט מיך דאָרט באַלד „לעגאַליזירן״... ווי אויך מיינע צוויי ברידער איטשע און בעריש, וועלכע זענען שוין דורך אים „לעגאַליזירט״ געוואָרן. כ׳האָב נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און האָב געפאָלגט זיין עצה און געקומען צוריק קיין יענדזשעוו. ביי דער באַן־סטאַציע

האָבן מיך די דייטשן גוט צעמזיקט און מיך אויך אַרעסטירט. שפּעטער האָבן זיי מיך איבערגעשיקט אין דעם קליינעם געטאָ, ווו עס האָבן זיך געפונען אַ ביסל יידן, צווישן זיי אויך מיינע ברידער איטשע און בעריש, וועלכע, וועלכע מען האָט באַשעפטיקט ביים „ליקווידירן דאָס פאַרמעגן" פון די אַרויסגעשיקטע יידן"..

כ׳האָב ווייטער אָנגעהויבן מאַכן פּלענער, ווי אַזוי צו ראַטעווען זיך און מיינע ברידער. אָבער דער שרעקלעכער סוף איז געקומען!

אויך דאָס ביסל יידן, וואָס איז געווען אין קליינעם געטאָ האָט מען אויסגעזידלט קיין סקאַרזשיסקאָ אין אַן אַרבעטס־לאַגער. עס איז דאָרט געווען אַ גרויזאַמער מצב. פון איין זייט הונגער און נויט און פון דער צווייטער זייט אַן אוממענטשלעכע באַהאַנדלונג מצד די „שומרים", און דערצו אַ שווערע טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט געפאָדערט אירע קרבנות. יידן האָבן דאָ געלעבט אין אַזאַ אומגליקלעכער לאַגע, אַז טויט־קראַנקע האָבן מורא געהט צו מעלדן וועגן זייער קראַנקייט, ווייל עס האָט געשמעקט מיט אַ זיכערן טויט. מענטשן וואָס אַרבעטן נישט — טאָרן נישט לעבן אויף דער וועלט...

אַזוי זענען מיינע ביידע ברידער קראַנקערהייט געגאַנגען צו דער שווערער אַרבעט ביז זיי האָבן פאַרענדיקט זייער יונג לעבן!...

נאָך מיין גרויסן אומגליק האָב איך אָפּגערעדט מיט ראובן רובינעק, אַז מיר וועלן ביידע צוזאַמען אַנטלויפן פון אַרבעטס־לאַגער צוריק קיין יענדזשעוו.

אונדזער פּלאַן איז געלונגען, מיר זענען אַוועק פון סקאַרזשיסקער לאַגער בשלום און געקומען קיין יענדזשעוו, אָבער דאָרט זענען מיר ערשט געווען אין דער גרעסטער סכנה.

די דייטשן האָבן געמאָלדן, אַז פאַר יעדן אַנטדעקטן ייד וועלן זיי געבן אַ פלאַש ספּירט און אַ קילאָ צוקער.

צווישן אונדזערע פּוילישע שכנים־שונאים, האָבן נישט געפעלט קיין אַמאַטאָרן צו דערפילן אַזאַ „פּאַטריאָטישע" און „אידעלע" מיסיע.

דערוויסנדיק זיך, אַז אין קעלער פון משה מאַנדלס הויז געפינען זיך עטלעכע באַהאַלטענע יידן, זענען מיר אַהינצו אַוועק און טאַקע דאָרט געפונען אַ בונקער, וואָס איז בסך־הכל געווען 1,20 מעטער ברייט, 200, מעטער לאַנג און 1,20 מעטער הויך. צווישן די 7 נפשות, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן קנאַפּע צוויי יאָר, זענען געווען יענ־דזשעווער: ישראל רובינעק, הערשל מויער, מאיר קלוסקא און זיין ברודער יחזקאל.

געווען צייטן, ווען מען האָט נישט געקאָנט באַקומען קיין עסן אָדער טרינקען פאַר קיין שום פּרייז. בלויז דירה־געלט האָבן מיר באַצאָלט 1000 זלאָטעס אַ חודש, און פאַרן עסן האָבן מיר געצאָלט באַזונדער.

זאָל פאַרצייכנט ווערן לשבח דער פאַקט, אַז עס האָט זיך אין יענדזשעוו געפונען אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען יאַסקולסקי, וועלכער האָט געוווסט, אַז מיר זענען דאָרט באַ־האַלטן און ער האָט פאַר אונדז אַפילו באַזאָרגט עלעקטריש ליכט. פּלוצלינג האָט זיך אין בונקער באַוויזן אַ יידישע פרוי פון ווייסליץ, מיר האָבן איר דערלויבט צו בלייבן מיט אונדז און דורך איר זיך פאַרבונדן מיטן ד״ר פּשיפּקאָווסקי, וועלכער האָט אונדז באַזאָרגט מעדיקאַמענטן ווי אויך געלט און מיטן גוטבאַזיצער רוזשיצקי — אויך אַ יידן־פריינט און האָט אונדז פיל געהאָלפן.

עטלעכע וואָכן פאַר אונדזער באַפרייאונג האָבן די דייטשן עפּעס דערשמעקט און

אָנגעהויבן זוכן און נישטערן ביי אונדזער בונקער, וועלנדיק כאַפּן די באַהאַלטענע יידן... מיר האָבן געמוזט זיין מער פאָרזיכטיק און גאַנץ אָפּט גוט הונגערן...

ישראל רובינעק ז״ל האָט דאָס נישט אויסגעהאַלטן, ער איז שווער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין בונקער, מיר האָבן אים קובר געווען אין זעלבן קעלער.

זייענדיק נאָך אין בונקער האָבן מיר זיך דערוווסט וועגן אַלע צרות פון אונדזערע יענדזשעווער יידן, ווי אויך וועגן דער באַרבאַרישער שענדונג פון די הייליקע ספרי־תורה, וואָס מען האָט צעריסן ביי די אויסזידלונג־וואַגאָנען און געצוווּנגען אויף זיי טרעטן און טאַנצן.

מיר האָבן דערלעבט די גאולה! די שונאים זענען אַוועק און מיר האָבן זוכה געווען צו אונדזער באַפרייאונג, אָבער בלייבן אין יענדזשעוו האָבן מיר שוין מער נישט געקאָנט. די ערד האָט געברענט אונטער אונדז.

נאָכדעם ווי מאיר פרידבערג ז״ל און אַ וואָידיסלאַווער מיידל זענען דערשאָסן געוואָרן דורך יענדזשעווער פוילישע יידן־פרעסער, זענען מיר דורך דייטשלאַנד געקומען קיין ישראל, ווו איך האָב געפונען מיין געראַטעוועטן ברודער מרדכי, זאָל לעבן!

כ׳בין גליקלעך, וואָס כ׳בין אין ישראל און דערצייל וועגן מיינע איבערלעבונגען אין די שוידערלעכע יאָרן פון היטלערס, ימח שמו וזכרו, הערשאַפט אין אייראָפּע און דעם אומקום פון פוילישן און מזרח־אייראָפּעישן יידנטום. ד׳ ינקום את נקמת דם עבדיו השפוך!

ישראל גורטמאַן
קרית ביאַליסטאָק

# יענדזשעוו ערב איר חורבן און נאָך אים

## (זכרונות פון דער צווייטער וועלט־מלחמה)

### חורבן יענדזשעוו

די היטלער־מערדער האָבן אַ סוף געמאַכט צו דער אינסטיטוציע, וואָס האָט אַזוי שיין דער־צויגן די יידישע יוגנט פאַרן בעסערן יידישן בוך, צום גוטן טעאַטער, פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג און סאָציאַליסטישער גאולה פונעם יידישן פאָלק און יידישן אַרבעטער.

אָבער ווי אַזוי איז דאָס אַלץ פאָרגעקומען?

נאָך איידער די היטלעריסטישע האָרדעס האָבן אָנגעהויבן פאַרפלייצן די פוילישע שטחים, האָט די „אָ.ז.נ.״ (אָבוז זיעדנאָטשעניאַ נאַראָדאָוועגאָ) צוגעגרייט דעם באָדן, אַז די היטלער־מערדער זאָלן לייכט דורכפירן די פאַרניכטונג פונעם פוילישן יידנטום.

סקלאַדקאָווסקיס באַוווּסטער „אָווּשעם״ און דער „הומאַניזם״ פון דער מאַדאַם פּריסטאָר פון איין זייט, און די פּיקעטן, די פּאָגראָמען אין פשיטיק, ראַדאָמסק, פון דער צווייטער זייט, זענען געווען ווי אַ״ל אויפן פּייער פון שפּעטערדיקן היטלער־מאָרד פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן. אין יענדזשעוו האָבן זיך אָנגעהויבן פּראָוואָקאַציעס דורך ספּעציעל אַריינגעשיקטע פּראָוואָקאַטאָרן און אַגענטן.

נאָכן פאַרנעמען די שטאָט דורך די נאַציס, האָבן לערער, פּאָליצייי־לייט און העכערע מלוכה־באַאַמטע זיך אַרויסגעוויזן אַלס באַהאַלטענע פאָלקסדויטשן, וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען

צוצוגרייטן פסיכאָלאָגיש דעם באָדן צו אַנטיסעמיטישע גוואַלדטאַטן, וואָס האָבן זיך טאַקע אָנגעהויבן באַלד נאָכן אַריינמאַרש פון די היטלער־מערדער. דער סטאַראָסטע־באַאַמטער, באַנק, אַן איידעם פון רעסטאַראַטאָר שישקאָווסקי, איז באַלד נאָכן אַריינמאַרש געוואָרן דער קאָמיסאַר איבער די יידישע פאַבריקן און אונטערנעמונגען. דער לערער, רוג, איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון דער היטלעריסטישער צייטונג אין יענדזשעוו.

די געשעענישן האָבן זיך אַנטוויקלט בליץ־שנעל. דער ראַדיאָ האָט אָנגעהויבן מיט ידיעות וועגן דייטשע עראָפּלאַנען, וואָס זענען אַריבער די גרענעץ. די פאַרזיכערונג פון די פוילישע מלוכה־מענער, אַז מען וועט די דייטשן גאָרנישט נאָכגעבן, האָבן אַרויסגערופן אַ טרויעריקן שמייכל, ווייל באַלד אין די ערשטע טעג האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן, אַז פוילן איז פאַרקויפט געוואָרן צו די דייטשן. די דייטשן האָבן אויף זייערע אויטאָס געהאַט דעם אויפשריפט: „בעק איז אַוועק — פוילן איז ד...ק״. די שטאַרקע היטלער׳ס׳טישע מיליטערישע מאַשין האָט אָנגעהויבן דעם מאַרש; די שאָסייען זענען געוואָרן פול מיט פליטים, ציוויל־לייט, מיליטער, פאָליציי, באַאַמטע, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין לויפן, נישט ווייסנדיק וווהין.

די פליטים, וואָס זענען געקומען קיין יענדזשעוו האָבן דערציילט וועגן די ערשטע אַכזריותן פון דער ווערמאַכט; זיי האָבן גלייך נאָכן אַריינמאַרש אונטערגעצונדן גאַנצן קוואַרטאַלן און נישט געלאָזט אַרויס פון די הייזער. די, וועלכע האָבן געפרוווט אַרויס, זענען באַשאָסן געוואָרן פון מאַשין־געווער. צווישן די ערשטע קרבנות אין בענדין, איז געווען מיין שוואָגער, יענקל זעלצער און זיין זון ז״ל. זיי זענען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן. דאָס האָט אונדז דערציילט מיין שוועגערין צביה ז״ל, וועלכע איז געראַטעוועט געוואָרן, נישט זייענדיק אין דער היים. אין סאָסנאָוויץ איז צווישן די ערשטע קרבנות געווען יאָסל שולמאַן ז״ל, וועמען די מערדער פון דער ווערמאַכט האָבן דערשאָסן אויף דער מאָנדזשעווער גאָס. אָבער ווי ס׳ווייזט אויס, האָט מען די ערשטע רציחות נאָך פאַרשריבן אויפן חשבון פון דער דייטשער האַנדלונג בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה מיטן אַמאַליקן קאַליש, ווייל שנעל האָבן די פליטים פון בענדין, סאָסנאָוויץ אָנגעהויבן לויפן צוריק „אַהיים״...

באַלד נאָכן קריגס־אויסברוך, דעם 1טן סעפטעמבער 1939, האָבן באַמטע פון סטאַראָסטווע רעגיסטרירט די תבואות־ און מעל־זאַפּאַסן אין די מילן און אין גרויסע מאַגאַזינען. אין דער מיל „רענעסאַנס״, ווו איך האָב דאַן געאַרבעט, איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ פוילישע מיליטערישע וואַך, וואָס איז אַליין באַלד אַנטלאָפן... איך בין אַרויסגעגאַנגען פאַר דער מיל זען, וואָס עס טוט זיך אויפן שאָסיי, איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז די היטלער־מערדער דאַרפן שוין זיין נאָענט פון יענדזשעוו. כ׳בין אַריין אין מיל, אָפּגעשטעלט די מאָטאָרן, אַהיימגעשיקט די אַרבעטער און געלאָפן אין שטאָט אַריין. כ׳בין אַריינגעפאַלן אין שטוב אַ צעמישטער און דער פחד האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. וואָס טוט מען?

כ׳האָב געוווּסט, אַז קיין גוטס דערוואַרט אונדז נישט מצד די היטלער־מערדער און איך האָב אָנגעהויבן איבערצייגן מיין נאָענטן חבר און פריינט ,הירש טרייסטער ז״ל, אַז ער זאָל שפּאַנען זיינע פערד, נעמען אַ ביסל זאַכן און אַנטלויפן. מיר האָבן אַזוי געטאָן. אָבער באַלד הינטער דער שטאָט, האָט מיין יינגל, אַרטעק ז״ל, אָנגעהויבן וויינען — ער וויל אַהיים — און מיין פריינט הירש און זיין פרוי, די טייערע זיכל טרייסטער־שולמאַן ז״ל, האָבן באַשלאָסן אַהיימפאָרן. מיר זענען אויך צוריקגעפאָרן אין שטאָט אַריין.

אין די פרימאָרגן־שעהן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער טונעל מיעכאָוו־פּזשישעקאַ איז באָמבאַרדירט געוואָרן, ווי אויך די יענדזשעווער באַן־בריק. דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכט, האָט די סקאַרזשיסקער עלעקטרישע צענטראַלע אויפגעהערט געבן עלעקטרישן שטראָם. די „סטזשעלצעס״ האָבן אין דער פינצטער אָנגעהויבן טיילן געווער דער פוילישער יוגנט.

אַ גאַנצע נאַכט איז געווען שטיל. ביי טאָג זענען דורכגעלאָפן דייטשן קריגס־עראָפּלאַנען און אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די באַן־סטאַציע, עטלעכע באָמבעס זענען געפאַלן אונטערן קלויסטער, אויף הייזער. די גאַנצע יענדזשעווער באַפעלקערונג, און בעיקר די יידישע, האָט אָנגעהויבן אַנטלויפן פון שטאָט אין די דערפער און דער עיקר, אין גרויסן דאָרף ליסאַקאָוו. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע באָמבאַרדירונג פון אַ גרויסער צאָל דייטשע עראָפּלאַנען. אין משך פון איין מינוט איז אַלץ געוואָרן שטויב. מיר זענען אַריין אין פויערישע סטאָדאָלעס און געוואַרט אויף אַ נס..., אַז די באָמבאַרדירונג זאָל אויפהערן. מיר האָבן אַרויסגעשיקט שליחים אין שטאָט געוואָר יוערן, וואָס עס הערט זיך. אין צווישן־צייט זענען אַרויס קלאַנגען, אַז פראַנצויזיש מיליטער איז

דאָ אין יענדזשעוו... דער לעצטער שליח האָט איבערגעגעבן, אַז די היטלער־באַנדעס האָבן פאַר־נומען די שטאָט און אויסגעשטעלט מאַשין־געווער אויף אַלע גאַסן.

ס'איז געוואָרן חושך אין דאָרף, ביי אונדז אַלעמען. דער מלאך־המות איז דאָ, נישטאָ קיין ברירה, מ'מוז צוריקגיין אין שטאָט. אין אַ מרה־שחורה־שטימונג, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, האָבן מיר גענומען גיין צוריק אין שטאָט אַריין, נישט פאַרשטעלנדיק זיך דעם גורל, וואָס אונדז דער־וואַרט. די עלטערע צווישן אונדז האָבן נאָך געדענקט די דייטשע אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און מ'האָט זיך געטרייסט מיט אילוזיעס, וואָס האָבן זיך געשטאַרקט נאָך דעם ווי די ווערמאַכט האָט פונאַנדערגעקלעפּט אַ פאַראָרדענונג, אַז „דאָס לעבן דאַרף ווערן צוריק נאָרמאַל", מ'זאָל עפענען די געשעפטן, לאָזן אין גאַנג די פאַבריקן — ווי אויך אַ צווייטע מעלדונג, אַז אין די ימים נוראים קאָנען יידן גיין דאַווענען. האָט מען זיך געטראַכט, אפשר דאָך ?... אפשר איז אונדזער שרעק אומבאַגרינדעט ?

באַלד נאָך ראש־השנה האָבן די דייטשן, אונטערן אויסרייד, אַז מען האָט געשאָסן פון דעם הויז, ראָג פינטשעווער גאַס (ווו ס'איז אַמאָל געווען די סטאַראָסטווע), אַרויסגעטריבן אויפן הויף אַלע יידישע און קריסטלעכע איינוווינער פונעם דערמאָנטן הויז. די קריסטן האָבן זיי באַלד אַהיים־געשיקט און געוואָלט אַלע יידישע מענער דערשיסן אויפן הויף. די פרויען האָבן אויפגעהויבן אַ גרויס געוויין, האָבן די „איידעלע לייט" פון דער ווערמאַכט זיך צוריקגעצויגן און האָבן נאָר גענומען דריי יידן, זיי אַוועקגעפירט אין מיטן מאַרק און נאָענט פון דער אַפּטייק זיי דערשאָסן. אין שטאָט איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה, דער טויט האָט געשוועבט אין דער לופט, מ'האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן, קיין רעטונג איז נישט געווען. האָט מען זיך אַריינגענורעט אין די שטיבער, באַגאָסן מיט אַ קאַלטן שווייס און אין אַנטועכץ זיך דורכגעמאַטערט די נאַכט.

ווי נאָר די געשעפטן האָבן זיך געעפנט האָבן מען אָנגעהויבן זיי באַראַבעווען. פון אָנהייב האָט די ווערמאַכט דערלויבט צו ראַבירן די יידישע געשעפטן. פון גאָרפינקלס ז"ל הורט־געשעפט האָט די פוילישע אונטערוועלט אַרויסגעטראָגן צוקער און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן. אָבער באַלד האָט די ווערמאַכט אָנגעהויבן שיסן אין דער לופט און פאַרבאָטן דער אונטערוועלט צו ראַבירן, כדי זיי אַליין זאָלן דאָס טאָן, מיט דער הילף פון דער געסטאַפּאָ. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן פאַראָרדענונגען נאָך פאַראָרדענונגען...

די פוילישע אונטערוועלט האָט באַגלייט די היטלעריסטן צו די רייכע יידן פון שטאָט, אַלץ אויסראַבירט און אָנגעהויבן שמייסן מיט בייטשן קליין און גרויס. פלוצים האָט מען אָנגעהויבן זוכן ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, געווער. ווען די מערדער זענען אַריין צו מיר אין שטוב זוכן, האָבן זיי אַלעמען געהייסן אויפהייבן די הענט. מיין גאָטזעליקער זון, אַרטוש ז"ל, איז דאַן אַלט געווען עלף יאָר. אויך אים האָבן זיי געהייסן הייבן די הענטלעך אין דער הויך... כ'האָב דאַן דערשפּירט די גרויזאַמקייט פון דער סיטואַציע.

מיין גאָטזעליקער שכן, ר' חיימל ברעסלאַוער ז"ל, האָט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה, געהאַט אַ יובעליר־געשעפט. די היטלעריסטן, באַגלייט פון פוילישע אונטערוועלט־לייט, האָבן אָנגעהויבן קומען צו אים אָפט מאַכן רעוויזיעס, און ביינאַכט, נאָך דער לעצטער רעוויזיע, האָט ער מיר אַ בלאַסער דערציילט, אַז אים מיט דער פרוי האָבן די געסטאַפּאָ־לייט געשלאָגן און געפּאָדערט, זיי זאָלן זאָגן ווו נאָך זיי האָבן באַהאַלטן גאָלד. אין מיטן טאָג איז די געסטאַפּאָ אַריין אין גאַלאַנ־טעריע־געשעפט פון יאָסל רובינסקי ז"ל, צוגענומען די סחורה און די פרוי און טאָכטער גוט צעשלאָגן און אָפּגעפירט קיין טשענסטאָכאָוו און נאָך גרויסע באַמיאונגען זענען זיי באַפרייט געוואָרן און צוריקגעקומען קיין יענדזשעוו.

כדי אַנצווואַרפן אַ פחד אויף דער יידישער באַפעלקערונג, האָבן די נאַציס געלאָזט אָנצינדן פייערן ביינאַכט אַרום דער שטאָט פון אַלע זייטן, דאָס איז געווען אַ שרעק־מיטל, כדי אונדז צו פייניקן. דער באַוווסטער סוחר פון שטאָט ר. אייבעשיץ ז"ל, וועלכער איז געכאַפּט געוואָרן צו דער אַרבעט ביי דער באַן־סטאַציע, איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף ברענענדיקע קוילן פון די וואַגאָנעס און מ'האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ „סדרה" פון געלט־קאָנ־טריבוציעס, גאָלד און זילבער. כ'פלעג זיך דאַן אָפט טרעפן מיט די געזעלשאַפטלעכע און פאַרטיי־טוער, ווי אהרן טריימאַן ז"ל, משה פיש ז"ל און מיט מיינע חברים און פריינט, הירש טרייסטער ז"ל. כ'האָב מיר בשום אופן נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז ס'וועט נאָך קומען צו אַ טאָטאַלער אויסראָטונג פון קליין און גרויס, יונג און אַלט. אָבער כ'האָב געטראַכט, קודם כל, פאַרלאָזן יענדזשעוו און האָב אויך זיי געראַטן דאָס צו טאָן. אָבער מיין גאָטזעליקע פרוי, באַלטשע, האָט

געטראַכט, אַז קודם דאַרף איך אַנטלויפן, ווייל פאַרט־יי־לייט וועלן די ערשטע גענומען ווערן אין לאַגער, אָבער פרויען און קינדער וועלן זיי דאָך געוויס גאָרנישט טאָן — אַזוי האָט מען געמיינט.

איך בין אַוועק און האָב פון ווייטנס געהערט די גרוילן און איך האָב געוווּסט, אַז כמעט אַלע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די שרעקלעכסטע פאַרברעכער פון דער מענטשהייט פון אַלע דורות.

## יאָר 1945

די מלחמה האָט זיך געענדיקט. אַ טייל פון די היטלער־מערדער האָבן באַקומען זייער פאַר־דינטע שטראָף, די הויפּט־פירער — מאַנכע פון זיי זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און אַנדערע זענען אַרעסטירט געוואָרן. אַוודאי האָט געדאַרפט זיין זייער שטראָף פיל גרעסער פאַר די אומ־געהויערע פאַרברעכנס, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן דער מענטשהייט בכלל און קעגן דעם יידישן פאָלק בפרט. אַמווינציקסטן זענען באַשראָפט געוואָרן די אַנטיסעמיטן און אַ גרויסער טייל פאָליאַקן, וועלכע האָבן אַקטיוו מיטגעהאָלפן צו דער ליקווידאַציע פון די יידן.

די פוילישע אַנטיסעמיטן און דער אַ. ק. (אַרמיאַ קראַיאָוואַ) איז נאָך ווייניק געווען דאָס, וואָס די היטלער־מערדער האָבן אויסגעמאָרדעט די זעקס מיליאָן יידן, צווישן זיי איבער דריי מיליאָן פוילישע יידן. ווי אַ דאָרן אין אויג זענען פאַר זיי געווען די איינצלנע יידן, וועלכע האָבן צום לעצטן מאָל געוואָלט כאָטש זען די חורבות פון זייער האָב און גוטס, באַטראַכטן צום לעצטן מאָל דאָס אָרט, ווו די נאָענטסטע און טייערסטע זענען געגאַנגען זייער לעצטן וועג. די לעבנגעבליבענע, וועלכע זענען צוריקגעקומען אויף אַ ווײַלע קיין יענדזשעוו, זענען אין די נעכט אָדער אַפילו אין מיטן טאָג, באַשאָסן געוואָרן, אַ טייל פאַרוואונדעט און אַנדערע דערשאָסן געוואָרן צום טויט.

די קרוין פון דער פאַרברעכערישער אַרבעט פון אַ טייל פון דער פוילישער באַפעלקערונג איז געווען דער קעלצער פּאָגראָם, ווו צענדליקער קרבנות זענען דאָרט געפאַלן פון זייער פאַרברעכע־רישער האַנט. אויך אין אַנדערע שטעט פון פוילן האָט געהערשט אַ פּאָגראָם־שטימונג. אַ גרויסער טייל פון פוילישן פאָלק האָט געהאָלפן אומברענגען דאָס פוילישע יידנטום בעת דער היטלער־אָקופּאַציע און אויך נאָכדעם ווען די היטלער־מערדער האָבן פאַרלאָזט פוילן, האָבן זיי געוואָלט אומברענגען די געציילטע, לעבנגעבליבענע יידן.

איך בין דאַן געווען אין ביטאָם (אויבערשלעזיע). מיין האַרץ האָט געבלוטיקט פון דעם אַלעמען. וועגן זיך באַזעצן צוריק אין יענדזשעוו איז קיין רייד נישט געווען, מיין וועג איז געווען, העלפן די ווייניקע, וואָס זענען פאַרבליבן, פאַרלאָזן פוילן און עולה־זיין קיין ארץ־ישראל.

נישט דאָ איז דאָס אָרט צו דערציילן ווי אַזוי מיר, די יחידים, האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די קינדערהיימען, די קיבוצים ביי דער ציוניסטישער באַוועגונג, די גרויסע דעמאָנסטראַציעס פאַר אַ יידישער מדינה אין א״י און דער עיקר — די „בריחה״ און די אומלעגאַלע עליה. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס ס׳דערוואַרט אונדז ציוניסטישע טוער. די יידישע פּ.פּ.ר. (יעווסעקציע) האָט געקעמפט קעגן אונדז מיט אַלע מיטלען, מיר זענען גרייט געווען מקריב־זיין אונדזער געשענקט לעבן און אַרויספירן די איבערגעבליבענע יידן פון פוילן. דאָס איז אַ באַזונדער הערויִש קאַפּיטל אינעם קאַמף פאַר מדינת ישראל.

כ׳האָב באַשלאָסן צו באַזוכן יענדזשעוו. כ׳האָב געוווּסט, אַז איך פאָר זען די שטאָט צום לעצטן מאָל, די שטאָט פון מיין שיינער יוגנט, די שטאָט פון מיינע חלומות און פון מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, וועלכע זענען אַזוי גרויזאַם אומגעקומען.

אין קאַטאָוויץ בין איך איינגעשטיגן אין צוג, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט אין דערוואַרטונג פון דעם צוזאַמענטרעף מיט דער שטאָט. כ׳האָב געוווּסט, אַז יענדזשעוו איז נישט פאַרברענט געוואָרן און אַז נאָר איינצלנע פון דער פוילישער באַפעלקערונג האָבן געליטן פון דער היטלער־מאַכט, אָבער כ׳האָב געוואָלט זיך געזעגענען מיט די שטיינער איבער וועלכע אונדזערע טייערע קדושים האָבן געטראָטן, איך האָב געוואָלט הערן זייער לעצטן גאַנג צו די וואַגאָנען, וואָס האָבן זיי געפירט קיין טרעבלינקע.

## אין חרובדיקן יענדזשעוו

ס׳איז געווען שפּעטער האַרבסט. ווען כ׳בין אַרויס אויף דער באַן־סטאַציע, האָט אַ בייזער רעגן געשמיסן אין פּנים. פאַרנאַכט האָב איך געוואָלט דורכגיין די גאַסן. דורך אַ הינטערוועג בין

איך געגאַנגען אין שטאָט אַריין. איך בין דורכגעגאַנגען דעם פּאַרקאַן פון די ברידער סטאַביעצקיס טאַרטאַק און מילן — דאָ האָבן משפחות געלעבט פון אַרבעט און פלייס, דאָ האָבן אַמאָל זיך געהערט די גערוישן פון די טאַרטאַקן און מילן. און איצט? דורכגעגאַנגען די גרויסע האָלץ־סקלאַדעס פון די ברידער האַראָוויץ, די רייכע און אָנשטענדיקע מענטשן, וועלכע האָבן זיך תמיד אָפּגערופן אויף יעדער וועדונג פון דער יידישער געזעלשאַפט און איצט זענען זיי געווען נאַציאָנאַליזירט. ווי אַ שאָטן האָב איך זיך געשלייכט און דורכגעגאַנגען די קלויסטער־גאַס, אין מאַרק איז געווען רויִשיק, די זעלבע כוליגאַנעס פון „אָ.ז.ג.‟, וועלכע האָבן האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיך געשטעלט ווי פּיקעטן פאַר די יידישע געוועלבער, שטייען איצט אין רעדלעך און וועבן נאָך זייערע פּלענער צו דערשיסן דעם לעצטן ייד, פרידבערג, וועלכער האָט געהאַט אַ האָלץ־ און קוילן־סקלאַד אין דער בית־מדרש־גאַס און זיינס אַ קוזינע, וועלכע איז אים געקומען באַזוכן.



אין די יאָרן 1945—1946 אין פּוילן, נאָכן פאַרענדיקן די צווייטע וועלט־מלחמה.
אַ גרופּע באַפרייטע זעלנער פון דער פּוילישער און סאָוויעטישער אַרמיי, פּאַרטיזאַנער, געטאָ־קעמפּפער, בראש מיט ישראל גורטמאַן, וועלכער האָלט אַ פּאַרלעזונג רופענדיק עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

פרידבערג איז געווען דער איינציקער ייד אין יענדזשעוו, ער האָט געוווינט אין אַ קליין צימערל פון האַלפערנס וווינונג, אין דער וואָידיסלאַווער גאַס, וועגן דעם האָט מען מיר נאָך דער־ציילט אין סאָסנאָוויץ.

די דאָזיקע באַנדעס האָבן מיך אָנגעהויבן אָבכערווירן, כ׳בין שנעל אַריין אין דער פינטשעווער גאַס — אין דער ריכטונג צו דער מיל פון די שותפים ר׳ מרדכי יוסף ווערדיגער ז״ל און ברידער שפּילבערג ז״ל, צו אונדזערס אַ באַקאַנטן קריסט, שיפּא (מילנער פון דער מיל). כ׳בין אַריין אין שטוב צו זיי. ער, זיין פרוי און טעכטער האָבן זיך דערפרייט מיט מיר. כ׳בין אַרויס מיט שיפּאַן אויפן מיל־הויף, דאָ איז קיינער נישט געבליבן. אין דער וווינונג פון לאַנגיאַריקן בוכהאַלטער און געשעפטס־פירער פון די מילן און טאַרטאַק, לעבט איצט דער פּאַרטרעטער פונעם דירעקטאָר, די טייערע משפחה, די טייערע מענטשן, ר׳ הענעך וואַקסבוים ז״ל, זיין ליבע פרוי ברכה ז״ל, די טעכטער צירל, חוה, נחמהקע. קיינער פון זיי איז נישט פאַרבליבן!

אין דער דאָזיקער מיל האָט געאַרבעט ר׳ ישראלקע וואַקסבוים ז״ל, וואָס האָט צענדליקער יאָרן פון שווייס און אַרבעט אָפּגעגעבן דער מיל, זיין טייערע פאַמיליע — קיין זכר פון קיינעם!...

דאָ אויפן הויף האָט געוווינט דער מיטאייגנטימער פון די מילן און טאַרטאַק ר׳ אברהם יוסף שפּילבערג ז״ל, זיין פאַמיליע. קיינער איז נישט געבליבן, אַחוץ די איינציקע טאָכטער, מאַניע האַראָוויץ־שפּילבערג, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט (היינט אין ישראל).

שיפּא האָט פאַרשטאַנען מיין ווייטיק, ער האָט מיך שנעל אַריינגעכאַפּט צו זיך אין שטוב און מכבד געווען מיט בראָנפן און פאַרבייסן. איך בין די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן און געהאַלטן דעם רעוואָלווער אָנגעלאָדנט אויף יעדן פאַל...

באַלד אין דער פרי בין איך אַריין צו דער פאַמיליע וואַכאָוויטש, אַן עלטער פּאָרפאָלק, זיי האָבן זיך ביידע צעוויינט ווי קליינע קינדער און מיר דערציילט מיט וואָס פאַר אַן אַכזריות לייבוש רענקאָשינסקי ז״ל, זיין פרוי ברכה ז״ל און קינדער, זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן צו זייער לעצטן וועג.

פּאַמעלעך בין איך דורכגעגאַנגען די פינטשעווער גאַס, די געוועלבער זענען אָפן, אָבער אויפן אָרט פון די יידישע סוחרים און קרעמער — פּאָליאַקן, וואָס האָבן אַלץ איבערגענומען.

צוזאַמען מ׳ט שיפּאַן בין איך אַוועק אויף קאָשטשעלנע גאַס, ווו איך האָב געוווינט מיט מיין פאַמיליע און מיין שוויגער פּערל וואָלפשטאַט ז״ל מיט איר טאָכטער פייגעלע ז״ל. מ׳האָט געדאַרפט האָבן אייזערנע כוחות, אָבער איך האָב געשפּאַנט ווי אין אַ קאָשמאַר. איך בין אַרויף אין מיין אַמאָליקער וווינונג, דאָ האָבן שוין מיינע נערוון נישט אויסגעהאַלטן, כ׳האָב אויסגעבראָכן אין אַ היסטעריש ספּאַזמאַטיש געוויין, — דאָס זעלבע מעבל, אַלץ ווי פריער... נאָר מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, די ליבע באַלטשע ז״ל, מיין זון אַרטוש ז״ל, די טאָכטער לושיא ז״ל, זיי זענען אַלע געגאַנגען דעם לעצטן וועג קיין טרעבלינקע...

שיפּאַ האָט מיך שנעל אַרויסגעפירט פון דער וווינונג .איך בין אַוועק צו דער באַן נישט אומ־קוקנדיק זיך מער...



„פועלי־ציון” קאָנפערענץ אין פוילן אין יאָר 1946

אויפן בילד פון ל׳ינקס צו רעכטס: י. חלאַדניעוויטש (איצט חלד וויצע־פּאָרזיצער אין תל־אביבער שטאָט־ראַט, רעדט ביי דער טריבונע), דריטער פון אים טוביה באַרזשיקאָווסקי ז״ל. ביים פּרעזידיום טיש זיצן ראובן רובינעק, ישראל גורטמאַן, סטעפאַן גראַיעק, אינזש. אנשל רייס און פּראָפ. זאַק, (די נעמען פון די איבעריקע אומבאַקאַנט).

שאול גרינברג
**חולון**

# בתי־תפילה כלליים, „שטיבלעך", רבנים ואדמו"רים, מורי־הוראה „כלי־קודש" ואנשי־ציבור

בגשתנו להקים יד־ושם לקהלתנו הקדושה והמושמדת, על ידי הוצאת „ספר יזכור לינדז'יוב", מחובתנו להעלות ב„ספר־זכרון" זה, את זכר רבנינו, מורי־ההוראה ויתר הנושאים בעול בעניני הדת ובעניני הציבור, בין שהלכו לעולמם בבוא מועדם, ובין אלה שמסרו את נפשם על קדושת העם ותורתו, יחד עם בני קהלתם המפוארת.

## א. בתי־תפילה כלליים:

כזכור, היתה עירנו ינדז'יוב, בין הקהלות החדשות, שליהודים הותר להתיישב בהן, רק אחרי כשלון המרד הפולני, — בשנת 1863, ולכן טרם זכתה עירנו להקים בה בית־כנסת לתפארת — כפי שהדבר היה נהוג בכל קהלות ישראל — והסתפקה בשני בתי־תפילה קהלתיים ומרכזיים שהם: בית המדרש הגדול, שנמצא ברחוב, שנקרא ע"י היהודים „בית מדרש־גאס" (שם זה היה שמור בפי יהודי ינדז'יוב, גם לאחר, שמועצת העיריה החליטה לקרוא את הרחוב הזה על שם הלוחם היהודי במלחמת המרד הפולני, המפקד „ברק יוסלביץ").

אחת הכניסות של בית־תפילה זה, חיברה אותו עם „בית המדרש הקטן" שעל ידו, שאליו היו באים בני עירנו להתפלל, תפילה בציבור. קול־התפילה וקול לימוד־התורה של בחורי־חמד שבעיר, היה עולה בו, מהשכמת הבוקר עד לשעה מאוחרת בלילה.

המתפללים, מכל חוגי הציבור היהודי שבעיר, היו הולכים ומתחלפים. זה הולך וזה בא, לשפוך את שיחו לפני בורא השמים וארץ ולאמירת „קדיש", בימי אבל, ר"ל, וביום־השנה למות יקיריהם.

בית המדרש הגדול היה מלא ספרי־קודש: שסי"ם, מדרשים וכו'. השולחנות והספסלים היו תמיד מיושבים בחורים ואברכים, שנפשם חשקה בתורה ואיש את רעהו יעזור בהסברת הסוגיות החמורות שבש"ס ומפורשיו.

יצוין לשבח, כי, כמעט רוב בני החסידים שעברו אחר כך ל„שטיבלעך" ואפילו אלה, שיצאו, כביכול, לתרבות רעה (נעשו ציונים, ר"ל), למדו מראש בבית־המדרש הזה.

גם אבי ז"ל וגם אנכי, היינו בין „חובשי בית המדרש" הזה, במשך כמה שנים.

ייזכרו לברכה לומדי בית־המדרש, ששמותיהם זכורים לי, משום שלמדתי אתם בעונה אחת והם:

בני השוחטים דמתא: שלמה, ראובן, משה ויחיאל פאס, משה, אלימלך, זוסמן ומרדכי קוקיאלקו (זה האחרון נמצא בארץ), משה, מרדכי פרדס, חיים שמואל פרוכט, משה ברנר ובנו של ר' שמואל לדרמן, ששמו לא זכור לי.

בשבתות ובחגים התפללו כאן מאות יהודים, מכל השכבות, שנהרו הנה מכל קצוי העיר, כדי לשמוע אל הרינה והתפילה והקריאה בתורה מפי החזנים ר' יעקב גוטמן ור' יקותיאל טייטלבוים.

בתור גבאי כיהן ר' העניך מוטלה ז"ל, שהתמסר בלבו ונפשו לעבודת־הקודש

ושראה בבית המדרש שלנו את „בית־המקדש־מעט" — כפי שנקראו בתי־התפילה שבישראל. אתו יחד פעל ועשה הגבאי ר׳ מיכאל דמבובסקי ז״ל.

בבית התפילה הקטן עבר בימים הנוראים לפני התיבה השוחט ר׳ יעקב יצחק פאס ז״ל, יחד עם בניו, שלימדם פרק בשירה ובזמרה על טהרת הקודש.

**ב. בתי־תפלה חסידיים** („שטיבלעך" בלע״ז)

פרק מיוחד בחיים הדתיים והמסורתיים של יהודי ינדז׳יוב, תפסו בתי־התפילה החסידיים שבעיר.

הצו החסידי — „עבדו את ד׳ בשמחה" — השתמר בכל בתי־החסידים שבעירנו.

מי מאתנו אינו זוכר את קולות השירה והזימרה, שבקעו ועלו מבתי־תפילה אלה? ובאזני מי מאתנו, אינם מצלצלים עוד אותם הניגונים הנפלאים, שהיתה בהם התלהבות־דקדושה, התרוממות־הנפש והדביקות בד׳ ומצוותיו, כחוט המשולש, שלא ינותק מדור לדור?

עולים בזכרוני ימי־השבתות וימי־החג ובמיוחד „הימים הנוראים" שבאותם ה„שטיבלעך" ואותם היהודים הנפלאים, כשהיו נוהרים בהמוניהם לבתי־תפילתם, מעוטרים בבגדי־המשי שלהם וכובעי ה„סאמעט" או ה„שטריימלעך" על ראשיהם ועל ידיהם — בניהם וחתניהם „אברכי־המשי", העושים „אגודה אחת" למלא רצונו של מקום ולעבדו בלב שלם. ואני נזכר גם באותן השיחות, שיחתם של תלמידי־חכמים ושומרי משמרת בדרכי חסידות, שזקניהם היו מרבים לספר בשבחם של צדיקים ונפלאותיהם וצעיריהם שותים בצמא את דבריהם ובמיוחד של אלה, שחזרו מבתי האדמו״רים שליט״א ושזכו, רק עכשו, להתבשם מתורתם ומדרכיהם בחסידות.

מה יפים היו אותם הזמנים, ומה נהדר היה המראה בליל ויום „שמחת־התורה" בבתי־החסידים האלה וכמה היו מרנינים את לבות מאות היהודים, אנשים, נשים וטף, מבין המוני ישראל שבעירנו, שנהרו לחזות בתפילתם ולשמוע את שירתם, ולהסתכל בריקודיהם, כשהם דבוקים וצמודים ל„ספרי־התורה" שבידיהם ושמחים בצותא, בשמחת התורה!

בינדז׳יוב היו בתי־התפילה החסידיים החשובים והבולטים ביותר, של חסידי גור, שבראשם עמדו המו״צ הרה״ג ר׳ שמשון ז״ל, ר׳ שמחה בונם ור׳ מרדכי יוסף ורדיגר ובניו, ר׳ מנדל שפילברג ובניו, ר׳ חנוך־העניך ווקסבוים, ר׳ מנדל צוקר, האחים קאופמן, ר׳ שמואל אליהו מרקוביצקי ור׳ פיבל הרשברג.

רובם ככולם, היו חברי „אגודת ישראל" שנוסדה ע״י האדמו״ר מגור זצ״ל ושלפי התקנה שהתקין, למדו חסידיו „שיעור", בין שחרית למוסף.

חסידי גור הצטיינו גם במדת „גמילות החסדים", שנעשתה על ידם ביד רחבה ובצנעה.

אם חסידי־גור הקפידו שלבתי־התפילה שלהם, לא יחדרו „אלמנטים זרים", כלומר, אנשים שאינם מסתופפים בצל מורם ורבם, הרי „חסידי־אלכסנדר", לא הקפידו כל כך וב„שטיבל" שלהם מצאו את מקומם גם חברי „המזרחי".

בין מתפללי ה„שטיבל" דאלכסנדר, זכורים לי: ר׳ מאיר׳ל ברנר, ר׳ גדליהו ברמץ, ר׳ הרש פישל גווזה, ר׳ שלמה דודקיביץ ור׳ משה וורגון ז״ל.

ב„ימים הנוראים" התפלל בו ה„מוספים" ר׳ יצחק ליב פרידברג ז״ל. קרא בתורה — ר׳ שאול ענוך ז״ל.

גבאי בית־התפילה היו: ר׳ מאיר ברנר, גדליהו ברמץ ואלתר ברלין. שלושתם היו גם מפעילי „לינת הצדק" שבעירנו.

ב„שטיבל" דפוריסוב התפללו פעמים (שני „מנינים") בכל ימי שבת וחגים. כל בני משפחתנו התפללו באותו ה„שטיבל". (אבי ז"ל היה מחלק זמנו ומתפלל שבת אחת כאן, ושבת שניה — בבית התפילה של חברת „חסד של אמת", שהוא היה גם הגבאי שלו).

ב„שטיבל" זה התרכזו כל נכדיו של ר' יהושע העשל היילפרין, ר' שמעלקא נידזויצקי ובנו יהושע דוד ור' פייבל (חתנו של סנדר בקר).

מחוסר כספים, לא בנה לו „שטיבל דפוריסוב" מקום תפילה משלו והתפללו בדירת דודי, ר' שלום וינברג ז"ל, אולם, כאשר נפטר אביו, הרב מלטוביץ ז"ל והוא יצא למלא מקומו ברבנות הנ"ל, עברו חסידי פוריסוב להתפלל בבית „התלמוד תורה" בקרבת בית־התפילה לחסידי רדומסק, שמנו כשני מנינים בלבד. אם כי בתי החסידים נמצאו בשכנות, שמר כל „שטיבל" על צביונו החסידי המיוחד.

הגבאי לבית־החסידים הזה היה ר' אליעזר ברלין.

חברת „חסד של אמת" דאגה לרכישת מקום־תפילה משלהם. נעשתה מגבית לצרכי בניית בית־תפילה, רחב־ידים, והודות לתרומה הכספית הגדולה של ר' יעקב הורוביץ ובניו אהרן ויקותיאל, רכשה מגרש מאת הגב' שיוביץ והקימו עליו בנין לתפארת („עזרת הנשים" נבנתה בקומה העליונה).

בבית־תפילה זה היו מתפללים גם בכל ימות השבוע. ב„ימים הנוראים" צר היה המקום מלהכיל את מאות המתפללים שנהרו אליו.

כמנהג ישראל סבא, היו חוגגים בבית־תפילה זה, במיוחד, את ז' אדר וחג השבועות, כימי זכרון למשה רבינו ודוד המלך, עליהם השלום, בתפלות מיוחדות ובחגיגיות יתירה ועריכת „קדישא רבה" ו„סעודת־מצוה" לעוסקים ב„חסד של אמת" והלוית המת.

גבאי בית התפילה היו: ר' צבי הירשל גרינברג, ר' נתן ליפמנוביץ ור' זאב קלוסקה, ששמרו על הפקדון הזה בנאמנות ומסירות עד ליומם האחרון.

גם ב„לינת־הצדק" היה מנין, שריכז בתוכו כשני מנינים מתפללים ובתור גבאי שלו שימש חתנו של ר' יצחק מאיר לנדוי ז"ל (ששמו נשכח ממני).

גם ל„המזרחי" ו„הפועל המזרחי" היה בית־תפילה מיוחד משלו רק לשבתות וחגים. חברי התנועות הנ"ל היו באים להתפלל שם, ללמוד שיעור בגמרא, בצוותא וגם לשיחות־חברים מעניני דיומא. בתור בעלי־תפילה שמשו החברים ר' יוסף פרידמן, חזן בית התפילה שנהיה לסוחר, ור' אהרן טריימן. גם הנוער הדתי־לאומי שבעיר התרכז בבית־תפילה זה.

האחראים על הסדר וניהול המשק של בית־התפילה היו חברי המזכירות של „המזרחי" ו„הפועל המזרחי".

גם בדירת רבנו האחרון, הגאון רבי יחיאל ישעיהו וויינברג הי"ד, היה מנין קבוע (הרב ז"ל היה בא לבית־המדרש הגדול, אך לעתים רחוקות) שבו התפללו ידידי הרב וגם חסידי חותנו האדמו"ר מחנצ'ין זצ"ל.

היה גם „שטיבל" לחסידי פינצ'וב, שלצערי, אינני זוכר את שמות הגבאים שלו. כן היה בעירנו בית־תפילה של „אגודת ישראל", בבית־הספר „יסודי התורה" והגבאי שלו היה ר' משה גוטליב ז"ל.

גם בבית האדמו"ר ר' שלמה שפירא הי"ד, שנקרא ה„רבי מסובקוב", היה מנין קבוע, שהתפללו בו מדי יום ביומו חסידיו ומעריציו של האדמו"ר הי"ד.

„מנין פרטי" בשביל אנשי הסביבה, היה גם בביתו של ר' יהודה שאול היילפרין ז"ל, ואותו דבר גם בדירתו של ר' ענזל הורוביץ ז"ל.

ההסתדרות הציונית הכללית בעירנו אירגנה ל„ימים הנוראים" מקום־תפילה באולם הגדול שבביתה.

התרכזו במקום־תפילה זה, מאות מתפללים ורובם כמובן, מחוגי הציונים. הנהלת ה„מועדון הציוני" דאגה לבעלי־תפילה, יודעי־נגן ומומחים בנוסחאות המסורתיות, לשביעת רצונם של הבאים אליהם „לשמוע אל הרינה ואל התפלה".

## ג. רבנים, מורי־הוראה, כלי־קודש ואנשי ציבור

### 1. רבנים

רבה הראשון של ינדז׳יוב — לאחר שהותר ליהודים להתיישב בה — היה הגאון רבי ירחמיאל משה מינצברג ז״ל, שנקרא „הרב דלוקוב". לצערנו לא נשתמרו בידינו שום פרטים עליו וגם לא הצלחנו לקבלם מכל מקור שהוא.

אחריו, בא לכהן בעירנו הגאון רבי אהרן וויינברג ז״ל, מחותנו של האדמו״ר מחנצ׳ין זצ״ל.

עליו מצאנו בספר „אהלי שם" לר׳ שמואל נח גוטליב ז״ל מפינסק, שהופיע בשנת תרע״ב, את השורות המעטות הללו:

„הרב ר׳ אהרן וויינברג נולד בשנת תרי״ח ,נתקבל לרב בתרמ״ח בעיר ינדז׳יוב ובשנת תר״ן, נתמנה לרב בעיר יענדז׳עוו הנ״ל. יש לו צענז של רבני פולין".

כנראה ההבדל בין שנת „התקבלותו" כרב בעירנו ובין שנת „מינויו" מקורו בקבלת ה„צענז" של רבני פולין, שנדרש לפי החוק לשם קבלת תואר רב.

רבנו השלישי והאחרון היה בנו הגאון רבי יחיאל ישעיהו וויינברג הי״ד שהושמד על ידי הנאצים הארורים יחד עם רעיתו הרבנית ובתם וכל בני קהילתו.

לצערנו, לא מצאנו את תמונותיהם של שני הרבנים האחרונים, — האב והבן, —


SZ. WEINBERG
ויינבערג
Abter Solarz
Jedrzejow Polen

פקסימיליה מכתב־ידו של הקדוש הרב ר׳ יחיאל ישעיהו וויינברג הי״ד

ב״ה יום ... תרס״ה יענדרזעיוב
אהרן בר״ח ז״ל
וויינבערג
אב״ד דק״ק יענדרזעיוב יע״א.

פקסימיליה מכתב־ידו וחתימתו של הרב ר׳ אהרן וויינברג ז״ל

ובכדי לציין, בכל זאת, במשהו את זכר רבנינו אלה ז״ל ב„ספר הזכרון״ לעירם, נעשו גלופאות מכתב ידם וחתימותיהם והיה לנו זאת לזכרון.*

2. מורי־הוראה:

הרה״ג החסיד ר׳ שמשון בירנשטוק ז״ל — היה תלמיד חכם גדול ובר־דעת גם בעניני העולם. מטובי חסידי גור בעירנו. לצערנו לא נמצאה תמונתו ואף מי שיכתוב פרק מיוחד עליו ועל פעולתו, אבל שמו נזכר לתהילה בכמה מאמרים שנתפרסמו בספרנו.

הרה״ג ר׳ גבריאל טייכהולץ הי״ד, מחסידי גור. לא הצלחנו לקבל שום פרטים על חייו ופעולותיו בעירנו, מחוץ לזה שהוא נתקבל למו״צ בעירנו בשנת 1938.

3. אדמו״רים:

האדמו״ר רבי שלמה שפירא הי״ד, חתנו של האדמו״ר מחנצ׳ין וגיסו של רבנו האחרון רבי יחיאל ישעיהו וויינברג הי״ד. גר הרבה שנים בינדז׳יוב והושמד, יחד עם משפחתו, מעריציו ובני קהלתו. מעשיו הטובים נזכרו בכמה מאמרים שבספרנו.

4. שוחטים ובודקים: (האחרונים)

ר׳ יעקב לובלינג, ר׳ יעקב יצחק פאס ור׳ שמואל קוקילקה, כולם מילאו את מלאכת־הקודש באמונה והיו חביבים על הציבור, שמתו, כמוהם מות קדושים — הי״ד!

5. מוהלים, סופר סת״ם, חזנים, מנקרים, בעלי מקוואות וקברנים:

ר׳ יוסף הורוביץ (מוהל), ר׳ יעקב פרדס (סופר סת״ם), ר׳ יעקב גוטמן (חזן בבית המדרש הגדול), ר׳ יקותיאל טיטלבוים (חזן בבית המדרש הקטן), ר׳ הירש פישל גוזה (מנקר), ר׳ שלמה מַנלה (בעל המקוה), ר׳ יוסף שלאר, הנקרא, יוסל לונציצינר (קברן).

6. חברי ועד הקהלה: (האחרונים)

יו״ר הקהלה: ר׳ ברוך זייד (ז״ל), (לפי א״ב) יצחק איצקוביץ, משה גוטליב, הרשל וולפוביץ, מאיר ליפמנוביץ, יעקב רוזנהולץ ואברהם יוסף שפילברג ז״ל. ר׳ יוסף טיטלמן (מזכיר הקהלה היהודית).

7. חברי המועצה העירונית: (האחרונים)

עו״ד רומן בלומל, הרשל גרינברג, יוסף גורפינקל ומשה זילברשטיין.

8. בעלי מקצועות חפשיים: (האחרונים)

רופאים: ד״ר ישראל בר, ד״ר פולק וד״ר מקוב.
עורכי־דין: רומן בלומל, ד״ר טישלביץ וד״ר אלפרד פדרגרין (מת בסקרזיסקו).
רופאי־שניים: ד״ר י. שפרמן ואשתו, גב׳ בשה עפשטיין־גיברמן, גב׳ ד״ר מרים מקוב.
טכנאי־שניים: אברהם ברקוביץ והרש־וולף טייכנר.
חובשים: אברהם סובקובסקי וליבל סובקובסקי.

* אחרי חתימת מאמר זה, הצלחנו לקבל תמונה מהלוַית נרצחי סטאַבי, שנרצחו בשנת 1936 ובה נמצאת תמונתו של הרב ר׳ יחיאל ישעיהו וויינברג זצ״ל, שהספיד את הנרצחים.
תמונה זו נשמרה ע״י הגב׳ אסתר רייזמן ז״ל ונמסרה לנו, על־ידי בניה והיא תפורסם בספר ה„יזכור״, שבו יסופר גם על הרצח הנ״ל.

המערכת

מענדל האַראָוויץ
**תל־אביב**

# א ביסל זכרונות פון מיין געטא־לעבן

## דער אָנהויב

בשעת דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך מיט מיינע קינדער געוווינט אין יענדזשעוו.

כ׳בין געווען איינער פון דער קליינער צאָל יענדזשעווער יידן, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן פון שטאָט.

מיט מיר זענען געווען מיין גאָטזעליקע פרוי שרהלע ז״ל און מיין נאָך נישט געהייראַטע טאָכטער העלאַ ז״ל — אַ לערערין אין אַ שטאָט־שול און מיין בן־יחיד מאָניעק — דער איינציקער פון מיינע קינדער, וואָס איז געבליבן לעבן און וווינט איצט אין אַמעריקע.

דעם 5 סעפּטעמבער 1939, האָבן די דייטשן זייער שטאַרק באָמבאַרדירט די שטאָט און נישט ווייט פון מיין וווינונג, וועלכע האָט זיך געפונען נאָענט צו דער באַן־סטאַציע איז געפאַלן אַ באָמבע אויפן הויז פון יידישן בעקער סלאָבענצקי און עס פאַרברענט. דערביי זענען אומגעקומען אויך 43 היימלאָזע פּאַליאַקן, אַלטע און יונגע, וועלכע זענען געווען אין אַדורכפאַרנדיקן אויטאָבוס און אַריינגעלאָפן אין דעם הויז זיך באַהאַלטן בעת דער באָמבאַרדירונג. אין דעם הויז האָבן געוווינט בלויז יידן. אָבער צום גליק איז קיינער פון זיי נישט געווען אין דער היים און בדרך נס זענען זיי ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט, פאַרלירנדיק דערביי אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט...

מיר האָבן באַשלאָסן זיך לאָזן אין שטאָט אַריין צו מיין עלטערער טאָכטער זאָשקע ז״ל (די פרוי פון משה פרייס ז״ל).

דער שאָסיי אין שטאָט אַריין איז געווען פול מיט אויטאָמאָבילן און וועגענער און אָן אַ שיעור פיסגייער, וואָס האָבן אָנגעהויבן וואַנדערן פון זייערע היימען...

מיין טאָכטער העלאַ איז אַוועק זיך געזעגענען מיט איר חתן מאיר פינקעלשטיין ז״ל, וועלכער איז מאָביליזירט געוואָרן צום פוילישן מיליטער און זיך געוואָלט לאָזן וואַנדערן צום מזרח.

קומענדיק צו דער עלטערער טאָכטער, האָבן מיר געטראָפן אַ פאַרשלאָסענע דירה. דער בעל־הבית פונעם הויז, וווּ זי האָט געוווינט, — דער פּראָוויזאָרער דאָקטאָר פּזשיפּקאָווסקי, האָט אונדז אַוועקגעפירט צו זיינס אַ באַקאַנטן קריסט אויף דער קראָ־קעווער גאַס און מיר האָבן דאָרט איבערגענעכטיקט, צוזאַמען מיט ר׳ נתן מינץ און זיין משפחה.

אין דער פרי האָבן מיר געהערט די „גוטע בשורה״, אַז די דייטשע טאַנקען האָבן שוין פול געמאַכט דעם שטאָט מאַרק.

## די ערשטע נגישות

מיר זענען אַרויס פון קעלער און זיך געפרוווט דורך זייטיקע געסלעך זיך צוקריגן צו אונדזער טאָכטערס דירה, אָבער שוין אויף איינעם פון די הויפן, דורך וועלכע מיר האָבן זיך געוואָלט דערשלאָגן אַהינצו, האָבן מיר דערזען די ערשטע דייטשן, וועלכע

האָבן אונדז רעווידירט און ביי מיר געפונען אַ קוף־מעסער. ער האָט מיר מיטן מעסער געגעבן אַ זעץ אין נאָז און אונדז דערלויבט ווייטער גיין.

אויפן וועג האָבן מיר ווייטער געטראָפן ר' נתן מינץ מיט זיין משפחה. ליידער איז פון דער גרויסער משפחה געבליבן לעבן בלויז איין זון, רפאל, וועלכער איז געלאָפן קיין רוסלאַנד, דאָרט איבערגעלעבט די מלחמה און וווינט איצט אין חיפה.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן באַווייזן זייער „גבורה"...

אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָבן די דייטשע זעלנער זיך אַריינגעריסן אין די וווינונגען, אַרויסגעטריבן אַלע מענער, יידן און קריסטן און איינער פון די אָפיצירן האָט אונדז געמאָלדן, אַז מיר וועלן אַזוי בלייבן שטייען אויפן אָרט, ביז די גאַנצע אַרמיי וועט דורכמאַרשירן די שטאָט און אַז מיר וועלן בלייבן פאַראַנטוואָרטלעך, אַז ס'זאָל קיינעם פון זיי נישט געשען קיין שום עוולה...

אויפן מאַרק־פּלאַץ האָבן זיך געפונען אַלע אָן אויסנאַם, יונג און אַלט, צווישן זיי אַלטע און קראַנקע מענטשן, וועלכע מען האָט אַרויסגעטריבן פון זייערע דירות, בלויז אין זייער אונטערוועש. די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע און צומאָרגנס איז געווען זייער הייס. מיר זענען געווען אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן נישט דערלויבט צו ברענגען אונדז אַפילו אַ ביסל וואַסער.

אַ פּאָר שעה שפּעטער, האָט מען אונדז באַפרייט. פרויען און קינדער האָט מען אָפּגעשיקט אַ היים און די מענער זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן עפענען די געשעפטן און וואַרשטאַטן. מען האָט אונדז נאָך אַמאָל געמאָלדן, אַז טאָמער וועט עפּעס געשען, וועט די גאַנצע שטאָט, יידן און קריסטן, זיין דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך.

## דער ערשטער יודענראַט

די דייטשן האָבן באַשטימט דעם ערשטן יודענראַט, וועלכער האָט געדאַרפט זיין דער „אויספירער" פון זייערע פאַראָרדענונגען אין באַצוג צו דער יידישער באַפעלקערונג. ליידער האָט דער יודענראַט נישט צופרידנגעשטעלט בײדע צדדים...

אין אַ געוויסער פינצטערער נאַכט, אַ קורצע צייט פאַרן איינאָרדענען דאָס ערשטע געטאָ, האָבן די ס.ס.־לייט געמאַכט אַ „נאַכט־באַזוך" ביי די מיטגלידער פון „יודענראַט. איינעם פון זיי אָוועקגעפירט קיין קעלץ און די רעשט קיין אוישוויץ. קיינער פון זיי האָט שוין מער נישט געזען יענדזשעוו...

עס איז באַשטימט געוואָרן אַ נייער „פּרעזעס" פאַרן „יודענראַט" און אויך נייע מיטגלידער.

## אין „געטאָ"

אַזוי ווי אין גאַנץ פּוילן האָט מען אויך אין יענדזשעוו געשאַפן אַ געטאָ וווהין מען האָט אַריינגעשטופּט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג.

זעלבפאַרשטענדלעך, אַז אויך ביי אונדז האָט געהערשט די זעלבע „אָרדענונג" ווי אין אַלע אַנדערע געטאָס אין פּוילן. כ'לאָז מיך נישט אַריין אין קיין פּרטים, ווייל שוין אַנדערע פון אונדזער „שארית הפליטה" האָבן געשריבן אָדער דערציילט זייערע איבערלעבענישן פאַרן יזכור־בוך.

דאָס געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אין חודש יולי 1940 און דאָס פאַרשקלאַפטע לעבן פון די יענדזשעווער יידן האָט זיך דאָרט געצויגן ביז דעם דעם שרעקלעכן טאָג פון 16טן סעפּטעמבער 1942.

## די ערשטע אויסזידלונג

אין דער נאַכט אויפן 16טן סעפטעמבער 1942 האָבן אַלע יידן אין געטאָ דער־דערפילט, אַז זיי שטייען פאַר אַ גרויסן שטורעם, אַז עפּעס שרעקלעכס וועט פּאַרקומען. די הערצער האָבן געציטערט און די מוחות האָבן פיבערהאַפט געאַרבעט, וואָסער נייע צרה שטייט פאַר אונדז? קיינער האָט נישט געוווסט און קיינער האָט נישט געגלייבט, אַז יענדזשעוער יידן שטייען פאַר דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג!... אָבער דאָס שרעקלעכסטע פון שרעקלעכן איז פאָרט געשען.

פאַרטאָגס האָבן די געסטאַפּאָ־לייט צוזאַמען מיט די ס.ס.־באַנדעס, דייטשע זשאַנ־דאַרן און פּוילישע פּאָליציאַנטן אַרומגערינגלט דאָס גאַנצע געטאָ און ווי אַ סטאַדע שעפּסן אַרויסגעטריבן אַלע יידן, יונג און אַלט, זקנים און זקנות, פרויען און פּיצלעך קינדער — אויפן מאַרק־פּלאַץ. געהאַלטן זיי עטלעכע שעה און דערנאָך האָט זיך אָנ־געהויבן דאָס גרויזאַמע שפּיל פון „מי לחיים ומי למות". מען האָט יעדן גוט באַטראַכט און קאָנטראָלירט.

כ׳בין געשטאַנען צוזאַמען מיט מיין פרוי, שרהלע ז״ל, מיינעביידע טעכטער, זאָשקאַ און העלאַ, מיין בן־יחיד משה (מאָניעק) און זאָשקעס פּיריאָריק טעכטערל, מינדעלע, הי״ד.

מיך, מיין זון מאָניעק און מיין איידעם משה פּרייס ז״ל האָבן די רוצחים באַשטימט „לחיים", און אַלע מיינע טייערסטע — „למות". מיין אייניקל האָט געשריגן צו מיין זון: „פּעטער! פאַרוואָס לאָזטו אונדז איבער, די באָבע איז דאָך אויך מיט אונדז. ראַ־טעווע אונדז!" מיר האָבן אָבער גאָרנישט געקאָנט העלפן. מיר זענען געבליבן און זיי האָט מען געטריבן צו דער באַן, צוזאַמען מיט דער גאַנצער יענדזשעווער קהלה, אַריינ־געפּאַקט אין די וואַגאָנען און זיי טראַנספּאָרטירט קיין טרעבלינקע אין די גאַז־קאַמערן.



ווי שעפּסן צו דער שחיטה האָט מען יידן געפירט... צום טויט־מאַרשרוט!

## דאָס קליינע געטאָ

פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג האָט מען איבערגעלאָזט בלויז 230 מענטשן. די דאָזיקע „אויסדערוויילטע" האָט מען פאַרזאַמלט אויף אַ פלאַץ נישט ווייט פון דעם ליקווידירטן געטאָ אין קליינע הייזלעך, וואָס זענען באַלד אַרומגעצוימט געוואָרן מיט שטאַכלדראָט און דאָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם קליינעם געטאָ.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם פאָלגנדיקן פאַקט:

שטייענדיק ביים פענצטער אין מיין צימערל אין דעם קליינעם געטאָ, האָב איך באַמערקט מענטשן־שאָטנס, וואָס באַוועגן זיך אין דרויסן. כ'בין אַרויס און האָב דער־זען אַ יענדזשעווער פּאָליאַק, מיטן נאָמען יאַנושעק, גייט דער ערשטער און נאָך אים שלעפּן זיך נאָך עטלעכע מענער און פרויען און נאָך זיי קליינע קינדער, אַלע יידן, צווישן זיי ר' יעקב יצחק שוחט מיט זיין אײדעם פרדס און זייערע משפחות. זיי האָבן געפונען אַ „לייטישן קריסט", דעם פּאָליאַק יאַנושעק, וועלכער האָט מסכים געווען זיי צו באַהאַלטן ביי זיך, זיי, מיט זייער געלט, צירונג און ווערטזאַכן און אַ סך טעקסטיל־סחורות. שפּעטער, ווען ער האָט דערזען, אַז די דייטשן טרייבן אַרויס די יידן פון יענדזשעוו, האָט דער „לייטישער קריסט" זיי אַרויסגעטריבן און אָפּגעפירט צו דער באַן צום טראַנספּאָרט פון די יענדזשעווער יידן. כ'האָב אַליין געהערט ווי ער האָט זיי אונטערגעיאָגט מיט די ווערטער: „איילט זיך צו, ווייל איר וועט נאָך פאַרשפּעטיקן די באַן!"... זיי האָבן נישט „פאַרשפּעטיקט" און דער „הומאַנישער" פּאָליאַק האָט דער־פילט דעם גוטן טעם פון „רצחת וגם ירשת".

## אונדזער אַרבעט אין קליינעם געטאָ

פון די 230 געבליבענע יידן האָבן די דייטשן געשיקט אַ טייל אויף אַרבעט אויף דער נאָענטער באַן־סטאַציע סענדזישעוו. דאָרט זענען געווען גרויסע סקלאַדעס, ווו מען האָט אויסגעאַרבעט פאַרשידענע טיילן צו באַן־וואַגאָנעס און אויך גרויסע קוילן־מאַגאַזינען. אַן אַנדער טייל פון אונדז האָט מען באַשעפטיקט ביים ליקווידירן דאָס יידישע פאַרמעגן, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין געטאָ. מ'האָט אַלץ סאָרטירט, פאַרפּאַקט און איבערגעשיקט קיין דייטשלאַנד. שטוב־זאַכן האָבן די דייטשן פאַרקויפט כלומרשט דורך אַ ליציטאַציע, זיך און די פּאָליאַקן פון דער יידן־ריינער שטאָט יענדזשעוו און איר אומגעגנט.

איך און נאָך עטלעכע יידן פלעגן בלייבן אין געטאָ און אַרבעטן אין דער קיך, ווו מען האָט געקאָכט עסן פאַר די, וואָס האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ.

איך בין אויך באַשטימט געוואָרן אַלס „גרעבער" פון קברים פאַר די קרבנות פון נאַצי־רעזשים, וועלכע האָבן נישט געפעלט אויך נאָך דער גרויסער ליקווידאַציע פון געטאָ.

צוויי וואָכן נאָך דער ערשטער אויסזידלונג האָט מען פון יענדזשעוו טראַנספּאָרטירט נאָך קלענערע גרופּעס יידן פון דער אומגעגנט אין טרעבלינקער קרעמאַטאָריע. מיט די דערשאָסענע אויפן אָרט האָבן מיר זיך מטפל געווען און זיי געברענגט צו קבורה.

פאַרן טראַנספּאָרטירן זיי צו זייער לעצטן וועג, האָט מען זיי געהאַלטן מאַנכעס מאָל אַפילו עטלעכע טעג אויפן חזירים־מאַרק, אויף דער גרעסטער קעלט און שלאַקס־רעגנס. פיל פון זיי זענען געשטאָרבן אויפן דאָזיקן פלאַץ. דאָס זענען געווען די יידן פון בוסק און פינטשעוו, וועלכע האָבן נישט געהאַט אויפן אָרט קיין באַן־סטאַציעס און מען האָט

זיי דעריבער געמוזט שיקן דורך יענדזשעוו. מיר זענען געווען די שטומע עדות פון זייערע ליידן און פיין.

## די אויסזידלונג פון וואָידיסלאַוו

וואָידיסלאַוו איז אַ קליין שטעטל, נישט ווייט פון יענדזשעוו. פאַר דער מלחמה האָט וואָידיסלאַוו אַדמיניסטראַטיוו געהערט צום יענדזשעווער פּאָוויאַט. דער יענדזשע־ווער יודענראַט איז אויך געווען דער מושל איבערן דאָזיקן שטעטל. די אויסזידלונג פון די וואָידיסלאַווער יידן איז פאָרגעקומען מיט 4 טעג שפּעטער ווי פון יענדזשעוו — דעם 20סטן סעפּטעמבער 1942.

צומאָרגנס, נאָך דער ערשטער אויסזידלונג פון יענדזשעוו, האָב איך באַקומען, דורך אַ פּאָליאַק, אַ בריוו פון מיינעם אַ קוזין, וועלכער האָט מיר געשריבן וועגן דער פּאַניק וואָס הערשט דאָרט און געפרעגט אַן עצה וואָס צו טאָן. כ׳האָב אים געענטפערט דורכן זעלבן שליח, אַז ער זאָל זיך ראַטעווען און וואָס שנעלער אַנטלויפן. ער איז אַוועק צוזאַמען מיט זיין משפחה אין וואַלד אַריין. דאָס זעלבע האָבן געטון פיל דאָר־טיקע יידן. די רשימה פון די דייטשע הערשער האָט געוויזן, אַז עס דאַרפן זיך פון וואָידיסלאַוו מעלדן 2800 יידן, אָבער למעשה האָבן זיך געמאָלדן עפּעס מער ווי 500, די רעשט זענען זיך צעלאָפן אין די וועלדער און דאָרט געלעבט אין אוממענטשלעכע באַדינגונגען. זיי האָבן שטאַרק געליטן פון דער קעלט און אַ סך פון זיי זענען צוריק־געקומען אין זייער שטעטל און פון דאָרט געגאַנגען צו דער שחיטה. אַ גאַנץ קליינער טייל פון זיי האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו דער קליינער יענדזשעווער גרופּע, וואָס איז יעדן טאָג געפאָרן צו דער אַרבעט קיין סענדזישעוו און אַזוי אַרום זיך נאָך דערהאַלטן ביים לעבן.

## איך באַגראָב טויטע

ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, איז חוץ מיין אַרבעט אין דער געטאָ־קיך, געווען מיין „אויפגאַבע" — באַגראָבן די טויטע. אויף דעם סמך האָב איך באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין פון געטאָ, ווייל מערסטנטייל האָבן די נאַציס דערשאָסן זייערע יידישע קרבנות אין שטאָט גופא.

שטענדיק האָבן זיי פון אונדז געפאָדערט וואָס שנעלער אָפּצורוימען דאָס אָרט וווּ די קרבנות זענען געלעגן. מיט מיר האָבן מיטגעאַרבעט נאָך 8 יידן. פון זיי האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט זעליג וואַקסבוים, וואָס האָט זיך גוט אָריענטירט אין די פּלעצער פון די נייע קברים. אַן איבערגעגעבענער עסקן אין די קבורה־ענינים איז אויך געווען גרינבערג, וועמענס פאָטער איז פאַר דער מלחמה געווען פון די חשובסטע מתעסקים אין דער „חברה קדישא". זיין ברודער, שאול גרינבערג, וווינט אין חולון און איז זייער אַקטיוו אין „ארגון עולי ינדז׳יוב". מיין שותף צו דער טרויעריקער, אָבער הייליקער אַרבעט אין יענדזשעווער געטאָ, האָט ליידער די מלחמה נישט איבער־געלעבט.

## דער ביטערער גורל פון סטאַשעווער יידן אויף אַרישע פּאַפּירן

אין סטאַשעוו, נישט ווייט פון יענדזשעוו, האָט זיך געפונט אַ מקור וווּ מ׳האָט „פאַבריצירט" אַרישע דאָקומענטן פאַר יידן. עס האָבן זיך געלאָזט אַהין יידן פון גאַנץ פּוילן, בפרט פון וואַרשע און לאָדזש.

פאָרנדיק אַהין און צוריק מיט דער קאָלייקע, זענען זיי דורכגעפאָרן די יענדזשעווער באַן־סטאַציע. דער פירער פון דער קאָלייקע איז געווען אַ גרויסער אַנטיסעמיט, ער האָט דערשנאַפּט די זאַך און געמאָלדן די געסטאַפּאָ, אַז אין דער קאָלייקע פאָרן זשידעס אויף פאַלשע אַרישע דאָקומענטן. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דער מציאה, רעווידירט די קאָלייקע און פאַרהאַלטן 6 מענער און איין פרוי מיט אַ קליין קינד אין די אָרעמעס. מען האָט זיי אַלע אויסגעשטעלט אין איין שורה און דערשאָסן. גראָד האָט דער מאַן פון דער אומגליקלעכער פרוי מיטן קינד, זיך באַוויזן אַרויסצוכאַפּן פון דער קאָלייקע איידער מען האָט רעווידירט זיינע דאָקומענטן און זיך באַהאַלטן. גלייך נאָך דער עקזעקוציע האָט מען פון מיר געפאָדערט אָפּצורוימען דעם פּלאַץ און קובר זיין די דערשאָסענע. צומאָרגנס איז דער אומגליקלעכער מאַן געקומען באַוויינען דעם טראַגישן טויט פון זיין פרוי און קינד...

## 12 חסידים גראָבן זיך קברים

איין מאָל האָט מיר זעליג וואַקסבוים געמאָלדן, אַז ער האָט געפונען אויפן בית־עולם 12 נייע קברים, וואָס מיר האָבן זיי נישט געגראָבן. מיר האָבן גענומען אויספאָרשן די זאַך און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳זענען געבליבן אַ קליינע גרופּע חסידישע מענטשן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. זיי האָבן געהאַט אין פּיאַסקי אַ באַקאַנטן פּויער, וואָס האָט מסכים געווען זיי ביי זיך צו באַהאַלטן. ער האָט פאַר זיי אויסגעבויט אַ גרויסן בונקער און די חסידים האָבן פון דער צווייטער זייט אויסגעגראָבן 12 קברים פאַר זיך על כל צרה שלא תבוא... זיי האָבן זיך אַפילו ריזיקירט און אויפגעבויט אַ סוכה, ווו זיי האָבן מקיים געווען די מצוה „לישב בסוכה״, און שמחת־תורה זיך אַפילו דאָרט משמח געווען. אַ געוויסע צייט האָט דער פּויער פאַר גוט געלט זיי באַזאָרגט מיט שפּייז־פּראָדוקטן. ווי לאַנג זיי האָבן דאָרט געלעבט און ווען זיי זענען אומגעקומען איז מיר נישט באַקאַנט (אַ טייל האָט מען געשיקט קיין סקאַרזשיסקאָ).

קומענדיק אַמאָל אויפן בית־הקברות האָב איך געזען, ווי די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן אַרויסגעריסן אַלע מצבות, זיי אויסגעלייגט אויף דער ערד און איבער זיי געפירט זייערע חזירים און בהמות צו דער טאַרגאָוויסקאָ.

די דייטשן האָבן נישט דערלויבט צו מאַכן אינדיווידועלע קברים, נאָר פאַר יעדער פּאַרטיע דערשאָסענע האָט מען געגראָבן איין קבר און זיי אַלע צוזאַמען קובר געווען.

אין אַ ווינקל פון בית־הקברות האָב איך נאָך געפונען אַ גאַנצע מצבה מיטן אויפשריפט „דיקערמאַן״.

אַמאָל — שבת אין דער פרי — האָבן די דייטשע רוצחים דערשאָסן דריי יונגע יידישע בחורים. זיי האָבן מיך אַרויסגערופן און באַפוילן: „אין 15 מינוט זאָל דאָס „ד—ק״ זיין באַגראָבן!״ דאָס איז געווען די שפּראַך פון די „קולטורעלע״ דייטשן!

קומענדיק דאָס מאָל צום בית־הקברות האָבן מיר געזען אויף אונדזערע אייגענע אויגן, ווי די פּויערים פון דער אומגעגנט צעוואַרפן אַלע מצבות, נעמען צו די ציגל מיט די שטיינער, און מיר האָבן געמוזט קוקן און שווייגן...

## דער סוף פון דאָס קליינע געטאָ

צווישן 22סטן און 24סטן פעברואַר 1943, צוויי וואָכן נאָך מיין לעצטן געשפּרעך מיטן גוטבאַזיצער רזשיצקי, וועמען כ׳האָב אָנפאַרטרויט מיין געלט, זענען די ס.ס.־לייט

פלוצלינג אַריין אין געטאָ. זיי האָבן אַלעמען פאַרטומלט מיט זייערע געשרייען און געוואַלדן. זיי האָבן אַלע אַרויסגעטריבן פון די הייזלעך. ווו דאָס קליינע געטאָ האָט זיך געפונען. אויסערן געטאָ, נישט ווייט פון דעם הייזל ווו איך האָב געוווינט, האָט זיך געפונען דאָס הייזל פון אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען ביאַלקעוויטש, אַ וואַלד־אויפזעער, כדי צו אים אַריבערצוקומען, האָט מען געדאַרפט אַריבערקריכן די צוים פון שטאַכלדראָט, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס געטאָ און אויך אַריבערשפּרייזן דאָס שמאָלע טייכל, וואָס האָט אָפּגעטיילט ביאַלקעוויטשס הויז פון געטאָ. כ׳האָב געוואָלט אַנטלויפן מיט מיין זון פון געטאָ. מיר האָבן געכאַפּט די וואַליזקעס און שנעל אַריבער דעם פּאַרקאַן און דאָס טייכל און זיך באַהאַלטן ביי דעם פּאָליאַק עד יעבור זעם. אָבער פון אונטער דער ערד האָט זיך באַוויזן אַ „פּאָלקסדויטש“ און געזאָגט צו מיין זון: „מאָניעק, צוריק אין געטאָ, ווען נישט, דערשיס איך דיך. איך טו דאָס אָבער נישט, ווייל איך קען אייך. איך ראָט אייך צוריקצוגיין אין געטאָ. איך וועל זיך מאַכן נישט זעענדיק!“. מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה און צוריקגעגאַנגען אין געטאָ, איבערלאָזנדיק די וואַליזקעס מיט אונדזערע זאַכן אויף הפקר...

אין איינעם פון די הייזלעך איז געווען דער אַזוי גערופענער „עפּידעמישער שפּיטאָל“.

דער הויפּט־דאָקטאָר פון שפּיטאָל, ד״ר בער מיט זיין פרוי, האָבן זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן, אָבער די זעכצן קראַנקע, וואָס זענען דאָרט געווען, בלויז מענער, האָט מען באַפוילן אַרויסגיין פון די בעטן און זיך שטעלן נאַקעט און באָרוועסע אין איין שורה, און מען האָט זיי אַלעמען אויסגעשאָסן מיט אַ מאַשין־געווער.

דאָס האָבן איך געזען מיט מיינע אייגענע אויגן. נאָר איינער פון זיי — שמואל וואַרגאָן — האָט זיך שנעל אָריענטירט, וואָס עס דערוואַרט אים, און ער האָט אָנגע־הויבן לויפן מיט איבערמענטשלעכע כוחות, און הגם מען האָט אים נאָכגעשאָסן און געיאָגט, איז ער בדרך נס ניצול געוואָרן, געבליבן לעבן, און וווינט איצט אין אויס־טראַליע.

אויפן פּלאַץ, וווהין מען האָט אונדז געטריבן, האָט מען דורכגעפירט אַ סעלעקציע, געמאַכט פון אונדז דריי גרופּן, אויפגעזעצט אויף אויטאָמאָבילן און אָפּגעשיקט קיין סקאַרזשיסקאָ־קאַמיעננאַ.

עס איז געקומען אַ דייטשער מייסטער מיטן נאָמען באַטענשלעגער, כדי צו וועגר־בירן אַרבעטער פאַר דער סקאַרזשיסקער אַמוניציע־פאַבריק „האַסאַג“.

אין איינעם פון די אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן אונדז געפירט קיין סקאַרזשיסקאָ, איז אויך געווען מיין איידעם משה פרייס ז״ל און זיינע צוויי חברים ראַקאָווסקי און ברייטבאַרט (אַ זון פון יואל ברייטבאַרט). זיי האָבן באַשלאָסן אונטערצוקויפן איינעם פון זייערע שומרים, כדי ער זאָל ביי די כענטשינער בערג פאָרן לאַנגזאַם און זיי צו דערמעגלעכן אַראָפּצושפּרינגען פון אויטאָמאָביל און אַנטלויפן. דער דייטש האָט מסכים געווען און זיי זענען בשלום אַראָפּגעשפּרונגען, אָבער די אַנדערע ס.ס.־לייט האָבן עס באַמערקט און זיי נאָכגעשאָסן. צום גליק האָבן זיי קיינעם נישט געטראָפן.

אַלע דריי האָבן זיך דערשלעפּט ביז ליסאַקאָוו, אַ דאָרף נעבן יענדזשעוו און דאָרט געפונען אַ באַקאַנטן פּויער, וואָס האָט זיי באַהאַלטן עטלעכע טעג. נאָך דעם האָט ער זיך „באַרעכנט“... זיי אַלע דריי דערהרגעט און זעלבפאַרשטענדלעך אויך געירשנט דאָס געלט, וואָס זיי האָבן ביי זיך געהאַט...

אין סקאַרזשיסקאָ האָט מען מיך מיט מײַן זון משה (מאָניעק) איבערגעשיקט צו אַרבעט אין „ווערק אַ״.

בסך־הכל האָט מען פון קליינעם געטאָ קיין סקאַרזשיסקאָ־קאַמיענאַ אַריבערגעפירט 180 יענדזשעווער יידן. צו זיי איז צוגעקומען נאָך 130 יידן פון אַנדערע ערטער. אַ טייל פון אונדזער גרופּע איז אַנטלאָפן, אַנדערע האָט מען דערשאָסן פאַר פאַרשידענע „חטאים״ קעגן דעם אוממענטשלעכן רעזשים, וואָס האָט געהערשט אין דאָזיקן לאַגער.

וועגן מײַנע ליידן און פּיין אין דאָזיקן לאַגער, ווי אויך וועגן מײַנע איבערלעבענישן ביז דער באַפרייאונג, האָב איך איבערגעגעבן אַ גענויעם באַריכט אין יד ושם.

מײַן זון משה־מאָניעק, איז מיט זײַן פרוי אַוועק קיין אַמעריקע. דאָרט געבוירן צוויי זין און מאַכט אַ שיין לעבן אין ניו־דזשערסי.

קלמן כענטשינסקי
חולון

# מײַנע איבערלעבענישן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה

דאָס יאָר 1939 האָט זיך אָנגעהויבן אונטערן צייכן פון גרויסע געשעענישן. מען האָט פאָרויסגעזען, אַז ס׳וועט זײַן אַ יאָר פון וויכטיקע פּאָליטישע געשעענישן. יעדער האָט געפילט, אַז עס שוועבט אַ שווערע לופט איבער די פּוילישע הימלען, בפרט יידן האָבן עס געפילט אויף יעדן טריט און שריט. די אונטערדריקונג פון די יידישע רעכט איז דערגאַנגען צו אַן אומדערהערטער מדרגה. די כוליגאַנישע ענדעקעס האָבן אומאויפהערלעך אָרגאַניזירט זייערע פּיקעטן פאַר די יידישע קראָמען און געפירט אַ ביטערן קאַמף קעגן יידישע פּרנסות און קעגן יידישן קיום בכלל. דער אַנטיסעמיטיזם האָט אין די לעצטע פון די דרייסיקער יאָרן אַרומגעכאַפּט פּוילן ווי אַ פייער, וואָס איז געוואָרן אַלעמאָל געפערלעכער. יידן האָבן געפילט, אַז זיי זענען געוואָרן הפקר. פאַר שלאָגן יידן איז מען שוין כמעט נישט באַשטראָפט געוואָרן... עס איז געוואָרן כמעט אַן אָנגענומענע טאָג־טעגלעכע נאַטירלעכע דערשיינונג. ווירטשאַפטלעך האָבן יידן זייער שנעל פאַרלוירן זייערע פּאָזיציעס. מען האָט געפילט, אַז עס וועט עפּעס געשען, אָבער קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ צורה וועט האָבן דאָס, וואָס וועט געשען. יידן — ווי דער שטייגער — האָבן זיך געפּרוווט טרייסטן, אַז אַלץ וועט אַריבער בשלום. אָבער אַדאָלף היטלער, ימ״ש, האָט געהאַלטן אין בערלין זײַנע רעדעס. זיין האָבן קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט.

אין יענער צייט האָב איך געוווינט אין סאָכאַטשעוו, אָבער מיט מײַן האַרץ און נשמה בין איך געבליבן פאַרבונדן מיט מײַן היימשטאָט יענדזשעוו, וווּ איך האָב פאַרבראַכט מײַנע בעסטע יוגנטיאָרן און אויך גענומען אַ חלק אין דער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער אַרבעט פון מײַן שטעטל.

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט מיך געטראָפן אין סאָסנאָוויץ. דער זומער 1939 איז געווען אין עקאָנאָמישן זין זייער אַ שלעכטער; אין אַלע בראַנזשעס האָט געהערשט אַ שטילשטאַנד, קיינער האָט זיך נישט געוואָלט נעמען צו גרעסערע אונטערנעמונגען, ווייל מ׳האָט געפילט, אַז עס גייט אַ שטורעם. אין אָנהייב פון די זומער־וואַקאַציעס האָב איך, פּונקט ווי יעדעס יאָר, אַרויסגעשיקט מײַן פרוי, לאה ע״ה, און מײַן בן־יחיד, שרגא (פעליקס), אין די בעסקידן אין דער געגנט פון ביליץ־ביאַלאַ, קיין שטשירק, וואָס איז געלעגן ביי דער גרענעץ פון טשעכאָסלאָוואַקיע. אויך אין די בערג האָט מען זיך געפילט נישט היימלעך און יעדער האָט געשפּירט, אַז עס איז ערב־מלחמה. דאָס פּוילישע מיליטער האָט כסדר פאַרפעסטיקט זײַנע גרענעץ־פּאָזיציעס. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט פּוילן אויך אָנגעהויבן דורכפירן אַ שטילע מאָביליזאַציע פון די „פאָלקס־פאַרטיידיקער״ און

דערנאָך אַפילו אַן אָפיציעלע מאָביליזאַציע פון געוויסע מיליטערישע אָפטיילונגען. מיר האָבן באַשלאָסן צוריקצופאָרן אַהיים. עס האָט זיך לייכט גערעדט „פאָרן אַהיים", אָבער עס איז שווער געווען דאָס דורכצופירן. די באַנען זענען פול געווען מיט מאָביליזירטע זעלנער און מיט גרויסע שוועריקייטן האָבן מיר זיך אַריינבאַקומען אין באַן. אין צוג האָט זיך געפילט דער שרעקלעכער אַנטיסעמיטיזם. יידן האָט מען אָפטמאָל אַרויסגעוואָרפן פון די וואַגאָנען. די מלחמה האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן, אָבער די מלחמה קעגן די יידן האָט זיך שוין געפירט אין אַ גרויסן מאַסשטאַב. מיר האָבן אויפן וועג פאַרלוירן אונדזער גאַנצן באַגאַזש און קוים מיטן לעבן אָנגעקומען קיין סאָסנאָוויץ.

קומענדיק אַהיים האָבן מיר געהאַט פאַרשידענע פלענער, אָבער מיר האָבן געטראָפן יידן, וואָס גרייטן זיך צו אַנטלויפן. קיינער האָט נישט געוווסט וווהין? און צו וועמען מען דאַרף זיך בכלל ווענדן? איך בין געפאָרן קיין יענדזשעוו זוכן אַ פּלאַץ פאַר מיין „בני־בית". איך האָב געוווסט, אַז אויב עס וועט אויסברעכן די מלחמה, וועל איך מוזן גיין צום מיליטער און כ׳האָב געוואָלט פאַרזיכערן, אַז זיי זאָלן זיך געפינען צוזאַמען מיט מיין משפחה.

קיין יענדזשעוו בין איך געקומען עטלעכע טעג פאַרן מלחמה־אויסברוך. די שטאָט און אירע יידן זענען נאָך געווען רואיק, ס׳איז נאָך געווען שטיל, דאָס לעבן איז געגאַנגען נאָרמאַל, מען האָט אַפילו מאָביליזירט אַ טייל מענטשן, אָבער דאָס האָט ביי אַלעמען אויסגעזען אַ נאָרמאַלע זאַך, עס האַנדלט זיך דאָך וועגן אַ צייט, ווען מען שטייט פאַר מלחמה־מעגלעכקייטן, עס איז אָבער געווען אַ משונהדיקע שטילקייט און רואיקייט, עס האָט אויסגעזען אַזוי, ווי יעדער איינער פון די יענדזשעווער יידן טראַכט זיך: „וואָס־וואָס, נאָר קיין יענדזשעוו וועט דאָך היטלער נישט קומען"...

אין יענדזשעוו האָב איך זיך געטראָפן מיט מיינע פריינט און משפחה און איך האָב זיך באַזאָרגט מיט אַ דירה. איך האָב געוואָלט פאָרן צוריק קיין סאָסנאָוויץ און דאָ קומט אָן אַ ידיעה, אַז פאַר ציווילע מענטשן איז די באַן דערלויבט נאָר ביז צוועלף אין אָוונט. איך בין אַוועק צו דער באַן און האָב געטראָפן פול־אָנגעפראָפטע וואַגאָנען מיט שכורע סאָלדאַטן און רעזערוויסטן. פאַר יידן איז געווען ממש סכנות־נפשות אַרויפצוגיין אויף די צוגן, ווייל מען האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון די באַנען ווען זיי זענען געווען אין פולן גאַנג. קוים אַ לעבעדיקער בין איך אַרויף אויף אַ צוג. געהאָנגען אויף די טרעפ און אַזוי זיך דערשלאָגן קיין סאָסנאָוויץ!

איך בין אָנגעקומען אין אָוונט, די שטאָט איז געווען איינגעהילט אין אַ טיפער פינצטערניש די עלעקטרישע לאָמפּן זענען שוין געווען פאַרטונקלט, אַלע זענען געווען פאַרמאַכט אין די הייזער און האָבן מורא געהאַט אַרויסצווייזן די פנימער. יידן זענען שוין דאַן געווען הפקר. אין שטאָט האָבן מאַרשירט גרויסע מיליטערישע אָפטיילונגען, וועלכע זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג צו דער דייטשער גרענעץ. אַ גוואַלדיקע נערוועזקייט האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע באַפעלקערונג און בפרט די יידישע.

די דאָזיקע נאַכט איז געווען פאַר אונדז אַ גורלדיקע. מיר האָבן אַלע געוואַרט אויף ידיעות און נישט געוווסט וואָס עס וועט געשען? קיינער איז אָבער נישט געגאַנגען שלאָפן. יעדער איז געווען זיכער, אַז אָט־אָט קומט אָן אַ ידיעה, אַז די מלחמה איז שוין אויסגעבראָכן. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט זיך געהערט דאָס גערויש פון עראָפּלאַנען און מיר זענען געווען זיכער, אַז דאָס זענען פוילישע עראָפּלאַנען צו שיצן די גרענעצן פון פוילן און אירע איינוווינער. די צייט האָט זיך געשלעפּט ביז עס איז געוואָרן דריי אַ זייגער פאַרטאָג.

פּלוצים האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז היטלער איז נאָר־וואָס באַפאַלן פוילן, אַריבער מיט זיינע אַרמייען די גרענעצן און ער זייעט שוין אין דעם מאָמענט טויט איבער פאַרשידענע שטעט און דערפער. מיר האָבן אויך דערהערט דאָס גערויש פון עראָפּלאַנען איבער אונדזערע קעפּ און עס זענען געפאַלן באָמבעס איבער זאַגלעמביע. די דאָמבראָווער קוילן־הוטע האָט שוין געברענט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן כסדרדיקע אַליאַרמען און יעדע האַלבע שעה, כמעט, זענען מיר אַראָפּ אין קעלער, כדי זיך באַשיצן פון די באָמבעס. אַ גרויסער עולם איז געלאָפן צו דער באַן, כדי זיך דערקריגן קיין וואַרשע, אָדער לובלין, אָבער די באַנען זענען מער נישט געגאַנגען. אויך די באַן־סטאַציעס זענען באָמבאַרדירט געוואָרן און די רעלסן זענען אויפגעריסן געוואָרן פון די באָמבעס, אַזוי אַז עס איז אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן דער באַן־פאַרקער אין פוילן אויף דער גרעסטער טייל ליניעס שוין אינעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה.

איך האָב נאָך געהאַט מזל צו כאַפּן אַן אויטאָבוס, וואָס איז געפאָרן קיין קיעלץ און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. מען האָט איבערגעגעבן אַ ידיעה, אַז די פוילישע רעגירונג האָט אַרויס־

געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע וואָס קאָנען, זאָלן אַנטלויפן. אָבער אין דער אמתן איז עס געווען איינס פון די דייטשע מיטלען, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַנוצט, כדי צו צעטומלען די ציווילע באַפעלקערונג, כדי זי צו באַזיגן און פאַרניכטן און לייכטער מאַכן דורך דעם זייער אַריינמאַרש קיין פוילן. דער וועג איז געווען איבערפולט מיט לויפנדיקע מענטשן, פויערים האָבן מיט זיך געפירט זייער לעבעדיקן אינווענטאַר. גאַנץ שנעל, מיטן אָנקומען פון טאָג, האָבן זיך ווידער באַוויזן דייטשע עראָפּלאַנען, וועלכע זענען געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ און געהאַלטן אין איין באַשיסן מיט מאַשין־געווער די ציווילע באַפעלקערונג, וואָס איז געווען אויף די וועגן. טויזנטער מענטשן זענען אומגעקומען פון די שרעקלעכע לופט־אַטאַקעס. מען האָט געזען לענג־אויס דעם גאַנצן וועג, מענטשן מיט אויפגעריסענע בייכער, וואָס זענען צעשמעטערט געוואָרן פון גראַנאַטן און נעבן זיי, זייערע בהמות, אויך מיט אָפענע בייכער. מען האָט געזען צעשאָסענע וועגענער, אויפגעריסן און צעשאָטן בעטגעוואַנט און אויך אויטאָבוסן, וואָס זענען באַשאָסן און צעשמעטערט געוואָרן. עס האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ שוידערלעכער שריפה — חורבן און מגיפה צוזאַמען! דאָס בילד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר די אויגן פון די וואָס זענען געבליבן לעבן און ווייטער געגאַנגען, איז געווען גרויזאַם. אָבער דאָס איז געווען דער אָנהויב — דער ערשטער טאָג פון דער גרויזאַמער מלחמה.

אַרום 4 אַ זייגער נאָכמיטאָג, בין איך קוים אַ לעבעדיקער אָנגעקומען קיין יענדזשעוו. אויך דאָ האָב איך געטראָפן אַ מלחמה־שטימונג אין פולן ברען. די באַן־סטאַציע איז שוין געווען באָמבאַרדירט, די בריקן זענען שוין אויפגעריסן געוואָרן. דער פּוילישער ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן וועגן גרויזאַמע געשעענישן, וואָס קומען איצט פאָר אין פוילן; דער ראַדיאָ האָט דערציילט וועגן גרויסע און בלוטיקע קאַמפן, וואָס קומען פאָר אויף אַלע פראָנטן. מען האָט געמאָלדן, אַז שטשעקאָטשין איז אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן פון די באָמבעס און אַז אַ גאַנצע רייע פּוילישע שטעט ברענען נאָך שווערע באָמבאַרדירונגען, וואַרשע אַליין ווערט אויך אומאויפהערלעך באָמבאַרדירט און בלוט גיסט זיך איבער אַלע שלאַכטפעלדער און אויך איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון פוילן.

איך בין פאַרבליבן ביז איבער שבת. זונטיק, מיטאָגצייט, האָט מען געזען, אַז די פּוילישע שטאָטישע מאַכט־אָרגאַנען פאַרלאָזן יענדזשעוו. מיר האָבן גלייך באַשלאָסן אויך צו פאַרלאָזן מיט זיי צוזאַמען די שטאָט, און מיר זענען אַוועק מיט אַ פּויערישער פור אין דער ריכטונג פון פינטשעוו און בוסק. אין מיטן וועג קיין פינטשעוו, זענען מיר באַשאָסן געוואָרן פון די דייטשע עראָפּלאַנען. צווישן אונדז זענען אויך געווען פּוילישע מיליטערישע פאָרמאַציעס, פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט נישט געפעלט קיין הרוגים און וואָס ווייטער מיר זענען פאָרויסגעגאַנגען, אַלץ גרויזאַמער איז געוואָרן דאָס בילד.

ווען מיר זענען געקומען קיין פינטשעוו, האָט זיך פאַרגלוסט אַ פּאָר פּוילישע סאָלדאַטן שיסן אויף אַ דייטשן עראָפּלאַן; עס איז גלייך אָנגעקומען אַ כמאַרע פון דייטשע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן באַשאָסן די שטאָט מיט ברען־באָמבעס, וואָס האָבן אונטערגעצונדן די גאַנצע שטאָט. מיר איז געלונגען קוים אַ לעבעדיקער אַרויסבאַקומען זיך פון דעם דאָזיקן גהינום און איך האָב זיך געלאָזט קיין בוסק. דער וועג קיין בוסק איז אויך געווען פול מיט פּויליש מיליטער, וואָס איז צוריקגעטרעטן און האָבן אַפילו נישט געשטעלט קיין שום ווידערשטאַנד. זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן, ווי נאָר זיי האָבן געזען דייטשע עראָפּלאַנען. די סאָלדאַטן אַליין האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן שוין יאָרן־לאַנג געווען אויפן פראָנט. זיי זענען געווען אַזוי אָפּגעריסן, כמעט אָן קליידער, אָן שיך און אָן עסן...

אַז מיר זענען אָנגעקומען קיין בוסק, האָבן מיר שוין דאָרט געטראָפן אַן אָפּטיילונג דייטשע זעלנער אויף מאָטאָציקלען באַוואָפנט מיט לייכט געווער. זיי האָבן איינס־און־צוויי, איינגענומען די שטאָט. דאָס זענען געווען דייטשע פאַראַשוטיסטן, וואָס זענען אַראָפּ אויף דער שטאָט היגטערן פראָנט. דאָס האָט גורם־געווען נאָך אַ גרעסערע צעטומלונג צווישן אונדז און אויך צווישן פּוילישן מיליטער. עס האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ געדיכטע שיסעריי פון אַלע זייטן און די ערשטע קרבנות זענען געווען יידן, וואָס זענען געפאַלן ווי פליגן.

די דייטשע פאַראַשוטיסטן האָבן אונדז פאַרנומען און באַפוילן בלייבן שטיין מיט אויפגעהויבענע הענט. מיר זענען אַזוי געשטאַנען אַ שעה צייט, דערנאָך זענען זיי פּלוצים פאַרשוואונדן און עס האָבן זיך ווידער באַוויזן גרופּן פון פּוילישן מיליטער. זיי זענען געווען שטאַרק פאַרוווּנדערט, ווען מיר האָבן זיי דערציילט וועגן די דייטשן, וואָס זענען דאָ געווען און אונדז

געהאַלטן ווי געפאַנגענע אַ שעה צייט. לויפן ווייטער איז שוין נישט געווען מעגלעך, די וועגן זענען געווען געפּערלעך, די פּוילישע דיווערסאַנטן און סתם־באַנדיטן האָבן אָנגעהויבן ראַבירן און הרגענען די ציווילע באַפעלקערונג אויף די וועגן און ספּעציעל יידן.

נאָך צוויי טעג איז קיין בוסק אַריין דער הויפּט־כח פון דער דייטשער אַרמיי און ווידער זענען יידן געווען די ערשטע קרבנות. די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די אַלע, וואָס זענען אַנטלאָפן פון אויבערשלעזיע אָדער פון זאַגלעמביע, קאָנען באַקומען דערלויבענישן צו פאָרן אַהיים. איך האָב זיך מיט מיינע בני־בית געלאָזט אין וועג אַריין; דאָס איז נישט געווען אַזוי פשוט, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו פאָרן, מיר האָבן באַשלאָסן צו קויפן אַ פערד־און־וואָגן. מיר האָבן קוים זיך דערשלעפּט מיטן פגר־פערד קיין יענדזשעוו און געלאָזט דאָרט שטייען דאָס פערד און וואָגן און געדונגען ביי אַ פויער אַ פערד־און־וואָגן, ער זאָל אונדז ברענגען קיין סאָסנאָוויץ.

קיין עסנוואַרג איז שוין נישט מעגלעך געווען צו באַקומען אַפילו פאַר שווער געלט, און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין פשוט הונגעריקע. אופין וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן די פאַרויסגייענדיקע דייטשע אַרמיי און מיר האָבן באַוואונדערט, ווי זיי זענען געווען אויסגעשטאַט מיט די בעסטע און מאָדערנסטע מכשירים צו זייען טויט, אין דער צייט, ווען די פּוילישע אַרמיי האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו קעמפן. אַז מיר זענען אַזוי געפאָרן קיין סאָסנאָוויץ, האָבן מיר געהערט, אַז די ספּעציעלע גרופּן פון דייטשע סאָלדאַטן זוכן יידן און דערמאָרדן זיי אויפן אָרט. מיר האָבן נישט געקאָנט באַגרייפן, אַז אַזוינס קאָן געשען, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר וועלן זיך מאַכן, אַז מיר פאַרשטייען נישט קיין דייטש, אויב מען וועט אונדז פרעגן צי מיר זענען יידן און אַזוי זענען מיר אייניקע מאָל ניצול־געוואָרן פון טויט...

אַז מיר האָבן זיך דערנענטערט צו סלאַווקאָוו, האָבן מיר געטראָפן איינצלנע יידן, וואָס זענען געפאָרן צוריק, מיט גרויס שרעק. זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן, אַז די דייטשן שלעפּן אַרויס די יידן פון די היימען, בינדן זיי און הענגען זיי אָן שווערע שטיינער און וואַרפן זיי אין וואַסער אַריין. דאָס טוען זיי נישט נאָר מיט עלטערע יידן, נאָר אַפילו אויך מיט פרויען און קינדער. מיר זעען, אַז מיר קאָנען ווייטער נישט פאָרן, ווייל מיר וועלן נישט דערפאָרן קיין לעבעדיקע ביז סאָסנאָוויץ. זענען מיר אַריינגעפאָרן אין אַ דאָרף און באַשלאָסן זיך איינצו־האַנדלען צלמים און הייליקע בילדער פון אַלע מינים און אויפהענגען אויף די העלדזער, כדי אַראָפּנעמען פון אונדז דעם חשד, אַז מיר זענען יידן. מיר זענען געפאָרן און אָט דערנענטערן מיר זיך צו אַ גרופּע דייטשע זעלנער. זיי שטעלן אונדז אָפּ און פרעגן צי מיר זענען יידן? מיר ענטפערן נישט קיין וואָרט, מיר מאַכן זיך נישט פאַרשטיין. זיי קוקן זיך איבער און נעמען אָן, אַז מיר פאַרשטייען באמת־נישט קיין דייטש. ווייזט אויס, אַז אַ סך האָבן געענטפערט מיט... נישט ענטפערן. זיי שטעלן דאָך אָפּ אַלעמען, פּאָליאַקן אויך. מיר זענען אַדורך בשלום!

מיר פאָרן ווייטער. די הערצער זענען פאַרווייטיקט. די שרעק און דער הונגער מאַטערן אונדז אויך זייער שטאַרק. מיר דערנענטערן זיך צו בענדין און דאָ זעען מיר ווי בענדין ברענט. ווען מיר קומען צו נענטער זעען מיר, אַז די שול ברענט און אַז עס ברענען פיל יידישע הייזער און יידיש האָב־און־גוטס גייט אַוועק מיטן רויך און דאָס אַרויסגעראַטעוועטע פון פייער ווערט צוראַבירט. און דאָ איז געשען דאָס שוידערלעכסטע: אַ גאַנצע יידישע גאַס ווערט אָפּגעשלאָסן, מען לאָזט קיינעם נישט אַרויס און מען וואַרפט אַריין ברען־באָמבעס, וואָס צינדן אונטער אַלע הייזער. אַ ייד, ווען עס געלונגט אים אַרויסבאַקומען זיך פון פייער, ווערט גלייך דערשאָסן. די דייטשע מערדער שטייען אַרום דער ברענענדיקער גאַס און זייען מאָרד אַרום און אַרום. דאָס איז געווען אַ גרויזאַם בילד. מיט פאַרקלעמטע הערצער פאָרן מיר ווייטער. מיר קומען אָן אין אַ צווייטער געגנט און באַמיען זיך צו פאָרן דורך זייטיקע וועגן. מיר זעען ווידער שוידערלעכע בילדער, וואָס פאַרגליווערן דאָס בלוט.

מיר דערשלאָגן זיך סוף־סוף קיין סאָסנאָוויץ. אויך דאָרט טרעפן מיר דאָס זעלבע שוידער־לעכע בילד: די שול ברענט, יידישע הייזער ברענען, חורבן הערשט אַרום און אַרום.

דערשראָקענע קומען מיר אָן אין אונדזער היים און פאַלן גלייך אַוועק אויף די געלעגערס. מיר שלאָפן גלייך איין, אָבער נאָך אַ קורצער צייט וואַכן מיר אויף. פאַר אונדזערע אויגן שטייען די שוידערלעכע בילדער, וואָס מיר האָבן געזען, די שוידערלעכע סצענעס לאָזן אונדז נישט שלאָפן. מען בעט שוין אויף גאָרנישט, מען וויל שוין מער נישט, ווי נאָר אַ ביסעלע רו. מען

טראַכט, אַז די מערדער קאָנען קומען און צונעמען אַלץ וואָס זיי ווילן, אַבי נאָר זיי זאָלן אונדז צורו לאָזן.

מיר טרעפן זיך מיט באַקאַנטע מענטשן. מיר הערן זיך אָן שוידערלעכע זאַכן פון די געשעע־נישן, וואָס זענען דאָ פאָרגעקומען פאַר דער צייט, וואָס מיר זענען נישט געווען; מען האָט יידן אַרויסגענומען פון זייערע וווינונגען און דערשאָסן, מען האָט אויך דערשאָסן יידן אין די וווינונגען, מען האָט אויך אַ סך מענטשן אַרויסגעפירט הינטערן שטאָט, אין די וועלדער און זיי דאָרט געטויט. מען האָט אויסגעזוכט באַהאַלטענע יידן, זיי אַרויסגעשלעפט פון די קעלערס און דערשאָסן. מען האָט צעראַבירט אַלע יידישע געשעפטן און צוגענומען אַלץ, וואָס עס איז דאָרט געווען. מען האָט צעשטערט יידישע הייזער, צעבראָכן און באַשעדיקט אַלץ, וואָס מען האָט נאָר געפונען. אַלע האָבן געלעבט אין טויט־שרעק, יעדע שעה קומען אָן נייע ידיעות און נייע פאַראָרדענונגען — איינע ערגער פון דער צווייטער. היינט פרי, דאַרפן זיך צושטעלן אַלע יידישע מענער אין דער געביידע פון מאַגיסטראַט, מען פירט אַריין די יידן אין די קעלערן, וואָס האָבן געדינט פאַר „שוץ־ערטער״ קעגן באָמבאַרדירונגען, יידן מוזן שטיין אַ גאַנצן טאָג, דערווייל נישטערט מען צווישן די שטייענדיקע אין קעלער און מען פירט אַרויס די יידישע אינטעליגענץ, וועלכע ווערט אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, מען ווייסט נישט, וואָס מיט זיי איז געשען, מען ווייסט נאָר איין זאַך, — אַז זיי זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען, מיט שוידער שטויסן מיר זיך אָן ווו מען האָט זיי געשיקט...

דערווייל קומען אָן נייע פאַראָרדענונגען, מען פאָדערט פון דער יידישער באַפעלקערונג קאָנ־טריבוציעס: גאָלד, זילבער, בריליאַנטן, וואָלענע וועש און פוטערס. יידן גיבן אַלץ, וואָס מען פאָדערט פון זיי, אַבי מען זאָל זיי לאָזן לעבן.

עס אַנטשטייט אַ יודענראַט, אָרגאַניזירט דורך די דייטשן, ווו יידן ווערן פאַרוואַנדלט אין אַרויסהעלפער פון די מערדער און זייערע מעשים תעתועים. עס קומען אָן גזירות נאָך גזירות, די באַוועגונג פון די יידן ווערט באַגרענעצט סיי אין צייט ווי אויך אין אָרט. דערנאָך קומט אָן אַ נייע גזירה: מען נעמט צונויף יידן און מען שיקט זיי אַרויס מיט אויטאָס כלומרשט צו דער אַרבעט, אָבער אין דער אמתן ווערן זיי אַוועקגעשיקט אין די געביטן, וואָס זענען באַזעצט דורך די סאָוויעטן. דאָרט לאָזט מען זיי אַראָפּ אין אַ וואַלד און מען שיסט אויף זיי, סיי מיטן צוועק צו טויטן ווי אויך כדי איבערצושרעקן. יידן לויפן אין דער ריכטונג פון דער סאָוויעטישער גרענעץ, מען דאַרף איבערשווימען אַ טייך און אַ סך מענטשן ווערן דאָרט דערטרונקען. די יעניקע, וואָס קומען אַריבער בשלום אויף דער צווייטער זייט האָבן אויך דאָרט אויסצושטיין אָן אַ שיעור פאַרפאָלגונגען.

די צייט שטייט נישט און מיט איר ווערט וואָס אַמאָל שיטערער די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט. אַ גרויסער טייל יידן איז אומגעבראַכט געוואָרן אין די ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע, אַ צווייטער — איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די סאָוויעטישע געביטן און אַן אַנדער טייל איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. יידן זוכן וועגן ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. אונדזערע „פאַרזאָרגערס״ פון דער „יידישער געמיינדע״, מיטן טרויעריק־באַרימטן מאָניעק מערין בראָש, העלפן צו די דייטשן אונדז צו פאַרניכטן. זייער אָפּט האַלטן זיי פאַר אונדז דרשות מיט פאַרזיכערונגען, אַז אויב מיר וועלן זיך אויפפירן גוט און אַרבעטן מיט מסירות־נפש פאַר דער דייטשער קריגס־אינדוסטרי, וועלן מיר בלייבן לעבן. דאָס זענען אָבער געווען פאַלשע פאַרזיכע־רונגען. זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ ליגן, פאַקטיש האָבן זיי געטאָן נאָר איין זאַך — זיי האָבן געהאָלפן די דייטשן אונדז פירן צו דער שחיטה! זיי שטעלן אויף אונטערנעמונגען פון פאַרשידענעם כאַראַקטער, ווו די יידן גייען אַרבעטן, אָבער דאָס העלפט קיינעם נישט. אויף אַ רעגו־לערן אופן ווערן מענטשן אַרויסגעשיקט צו דער אַרבעט אָדער צו פאַרניכטונג.

יעדן פרימאָרגן ווערן יידן אָפּגעשיקט קיין קאַטאָוויץ מיטן טראַמוויי צו קערן דאָרט דאָס שניי, רייניקן די גאַסן און בכלל פירן זיי דאָרט אויס אַלערליי שווערע אַרבעטן. יעדן פאַרנאַכט קומען זיי צוריק דערשעפטע, הונגעריקע און אָפטמאָל קומט מען שוין בכלל נישט צוריק און מען ווייסט אַפילו נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען. אויף זייער אָרט זענען דאָ נייע קרבנות, וואָס מען שיקט אויסצופילן די רייען פון די, וואָס זענען שוין מער נישטאָ. מען אַרבעט ווידער און אַזוי לויפט די צייט און מען לעבט אומאויפהערלעך אין טויט־שרעק.

עס זענען אָבער אויך פאַראַן אַנדערע יידן. דערווייל מאַכן זיי אַ גוט לעבן, און ווי עס זעט אויס זענען זיי דערווייל אויך זיכער מיטן לעבן. די אַלע, וואָס אַרבעטן אין דער „יידישער קולטוס־געמיינדע״ מיט מאָניעק מערין בראש לעבן דאָרט רואיק, אָן זאָרגן... די גמינע־לייט נעמען

ביי די גבירים און סתם־יידן געלט־קאָנטריבוציעס און יידן, אויס מורא, צאָלן וויפל מען פאָדערט פון זיי, אַבי בלייבן לעבן.

זומער 1942 איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, אַלט און יונג, פרויען און קינדער, דאַרפן זיך צושטעלן אויפן ספאָרט־פּלאַץ צום זאַמלפונקט. דער זעלבער באַפעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן גלייכצייטיק פאַר די יידן אין סאָסנאָוויץ, בענדין און דאָמבראָווע. מיט אַמאָל האָבן זיך אויסגעליי־דיקט אַלע יידישע הייזער און די גאַסן זענען איבערפולט געוואָרן מיט גייענדיקע יידן, אַלע אין דער ריכטונג פון זאַמלפונקט. מאַמעס האָבן געטראָגן זייערע פּיצלעך קינדער איין די אָרעמס. אַלע קלאָגן אויפן אַכזריותדיקן גורל, אַ טיפער טרויער האָט אַרומגענומען אַלע יידן. איך, מיין פרוי, לאה ע״ה און מיין קינד, פעליקס, זענען געגאַנגען צווישן אַלע. מען גייט האַפענונגסלאָז צו דער שחיטה...

מיר קומען אָן צום ספאָרט־פּלאַץ, מיר ווערן אַרומגערינגלט פון ס.ס.־לייט און מיליטער. דער טאָג איז אַ שיינער, פול מיט זון, עס ווילט זיך אַזוי לעבן און די נאַטור פאַרכישופט און רופט צום לעבן. אָבער מיר ווייסן גוט, אַז מיר זענען אַלע פאַרמשפט צום אונטערגאַנג. די דייטשן גייען אַרום צופרידענע מיט צעשמייכלטע פּרצופים. זיי האָבן די גרעסטע הנאה פון זייער „שטיקל אַרבעט״, וואָס זיי האָבן אָפּגעטון די יידן. דער אויסרייד צו רופן אַלע יידן, זיי זאָלן זיך פאַרזאַמ־לען אויפן אָנגעגעבענעם פונקט, איז געווען, אַז מען האָט כלומרשט געדאַרפט אַרויסגעבן יעדן ייד אַ שטעמפל אויף זיין ־„יידן־פּאַס״, וואָס די געסטאַפּאָ האָט באַשטימט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אין דער אמתן איז דאָס אָבער געווען אַ באַפעל פון אויסזידלונג פאַר אַלע יידן. מיר האָבן אויך געהאַט אַן אָנזאָג, אַז מיר זאָלן מיט זיך מיטנעמען דאָס גאַנצע געלט, אַלע ווערט־זאַכן, צירינג אד״גל. מיר זענען אַלע געווען אָנגעטאָן אין ריינע וועש און אין די בעסטע מלבושים אַזוי ווי דער באַפעל האָט געפאָדערט.די דייטשן דרייען זיך אַרום רואיק, שמייכלען מיט איראָניע, רויכערן געשמאַק זייערע ציגאַרעטלעך און שפּרודלען ממש מיט זייער טיפער צופרידנקייט און מיר שטאַרבן פאַר שרעק. ווי נאָר מיר האָבן דערזען אונדזערע פאַרזאָרגערס פון דער „קולטוס־געמיינדע״ מיט מאָניעק מערין בראש, צוזאַמען מיט דער געסטאַפּאָ, שטעכט עס יעדן איינעם אין האַרץ. עס ווערט אַ בהלה, ווייל מען דערוווסט זיך וועגן באַפעל פון אויסזידלונג. עס ברעכט אויס אַן אַלגעמיין געוויין. אַלע זענען צעטומלט, צעמישט. מיר שטייען דערווייל שוין לאַנגע שעהן, די זון און די היץ ברענט ווי אַ פייער און עס איז נישטאָ קיין טראָפּן וואַסער אַפילו פאַר די פּיצלעך קינדער. מאַמעס ווערן פשוט משוגע פאַר צער, זעענדיק ווי זייערע עופהלעך מאַטערן זיך און נישט ביי איין מוטער קומט אויף דאָס געפיל, אַז עס איז שוין בעסער דער טויט פאַר די עופהלעך, איידער דאָס שרעקלעכע מאַטערן זיך אין אַזעלכע יסורים. אַנדערע ווערן ממש דערשיטערט פון פּיין און הילפלאָזיקייט, עפּעס צו טון, כדי צו שטילן דעם שוידערלעכן דורשט.

אין צווישנצייט האָבן מיר זיך דערוווסט וועגן דער אויסווייזונג דורך די לייטער פון די דייטשע פאַבריקן, וועלכע האָבן באַשעפטיקט אַ סך יידן אין זייערע פאַבריקן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דער קריגס־אינדוסטרי. זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט בערלין און געפאָדערט מען זאָל באַפרייען זייערע נייטיקע אַרבעטס־כוחות, כדי זייערע פאַבריקן זאָלן קאָנען ווייטער אַרבעטן נאָרמאַל די פּראָדוקציע, וואָס זיי דאַרפן צושטעלן. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען געלונגט זיי צו באַפרייען אַ ריי מענטשן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די וויכטיקע אַרבעטס־כוחות. דאָס אָפּראַטעווען אַ טייל פון די פאַרמשפּטע אויף אויסזידלונג שאַפט אַ נייע טראַגעדיע; ווען עס ווערט באַשטימט די „חלוקה״ וועגן דער אויסזידלונג, ווערן משפחות צעריסן. טאַטעס און יונגע מענטשן ווערן צוגע־נומען פון זייערע מאַמעס און זייערע ייגנערע קינדער, שטאַרקע מענער און געזונטע פרויען ווערן געשוינט, בעת קראַנקע און עלטערע מענטשן ווערן גלייך געשיקט צום טויט...

ווידער שטעלן זיך אַלע אין די רייען צו דער קאָנטראָל. יעדער האַלט די „זאָנדערקאַרטע״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער „זאָנדערבאַאויפטראַגטע״, כדי פעסטצושטעלן זיין נוצלעכ־קייט פאַר דער דייטשער קריגס־אינדוסטרי. גראָבבייכיקע דייטשן זיצן ביי אַ טישל און נעבן זיי שטייען זייערע יידישע משרתים. יעדער גייט דורך די סעלעקציע. עס ווערט אויספאָרמירט דריי גרופּן: „איינס״ — ווייזט דער הענקער מיטן שטעקעלע אין דער ריכטונג צום אַרויסגאַנג־טירל, „צוויי״ — אַוועק אין אַ זייט, „דריי״ — אַוועקשטעלן זיך ביי דער זייט אַנטקעגן.

עס דערנענטערט זיך אונדזער ריי. איך, מיין פרוי ע״ה און קינד ווייזן אונדזערע „זאָנדער־קאַרטן״ פון אַ וויכטיקן אַרבעטס־פּלאַץ פון אַ דייטשער דרוקערייי, וואָס אַרבעט פאַר מלחמה־צוועקן. מיר באַקומען דעם באַפעל „איינס״, שנעל לויפן מיר צום אויסגאַנג, אָבער אין מיטן וועג

מוזן מיר נאָכאַמאָל דורכגיין די קאָנטראָל פון דער דאָרט שטייענדיקער קרימינאַל־פּאָליציי, וואָס זוכט אין די ביכער צי מיר זענען חלילה נישט פאַרדעכטיקט אָדער באַשולדיקט אין וועלכן עס איז קרימינעל פאַרברעכן, ווי, למשל, קויפן ברויט ביי די פּאָליאַקן. עס „גליקט" אונדז, מיר זענען „כשרע מענטשן". דער פּאָליציי־אָפיציר גיט אַ געשריי „שנעל פאַרשווינדן" און מיר פאַרשווינדן דורכן קליינעם טירל. מיר זענען געראַטעוועט!

מיר לויפן גיך אַהיים. איך געפין דאָרט נישט מיינע שוויגער־עלטערן, זייער גורל איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף אויסזידלונג, עס איז בכלל נישטאָ אין שטאָט קיין איינציקע שטוב אין וועלכער אַלע זאָלן האָבן צוריקגעקומען, נאָר איינצלנע פון אַ משפחה זענען פאַרבליבן, עס זענען פאַראַן משפחות, וואָס קיין איינער פון זיי איז נישט באַפרייט געוואָרן!

דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז מענטשן וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן האָבן געוואָלט זיך אַרויסרייסן און אַנטלויפן, זיי האָבן זיך קעגנגעשטעלט מיט כוח און אַלע מענטשן זענען במשך פון אַ גאַנצער נאַכט געלעגן אויפן פּלאַץ אויף די שטיינער, עס האָט גערעגנט, מענטשן זענען דורכגעווייקט געוואָרן פון דער נעץ, די קעלט האָט זיך אַריינגעריסן אין די ביינער און די יסורים זענען געווען אומבאַשרייבלעך און קיין שום האָפענונג איז נישט געווען.

צומאָרגנס אין דער פרי, נאָך אונדזער סעלעקציע, ווערן פאַרצוימט צוויי גאַסן און שטאַרק באַוואַכט. אַלע, וואָס האָבן געוווינט אויף די גאַסן טאַרגאָווא און דעמבלינסקאַ ווערן אַרויסגענומען, צוגעפירט צו דער באַן און ווערן גלייך אַרויסגעשיקט צום אומקום. אויפן אָרט פון די, וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן, ווערן אַריינגעטריבן די יעניקע, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן ספּאָרט־פּלאַץ און זיי ווערן באַוואַכט פון די געסטאַפּאָ־לייט און פון דער פּאָליציי. דאָס איז נאָר אַ צייטווייליק מיטל, כדי בעסער באַוואַכן די פאַרמשפּטע צום אומקום. אין די הייזער פון די שוין פאַרשיקטע, וואַרט מען נאָר אויף טראַנספּאָרט־מיטלען, ווי נאָר עס וועלן באַפרייט ווערן די נייטיקע וואַגאָנעס, וועט דער גורל פון די, וואָס געפינען זיך אין די הייזער אויף דער טאַרגאָווא גאַס און אויף דעמבלינסקאַ, זיין דער זעלבער!...

אין צווישנצייט געלונגט מיר מיט דער הילף פון אַ יידישן פּאָליציי־מאַן זיך צו דערוויסן ווו עס געפינען זיך מיינע שוויגער־עלטערן. עס געלונגט מיר אויך זיך צו פאַרשטענדיקן מיט זיי. מיר רעדן זיך אָפּ, אַז אין מיטן דער נאַכט וועלן זיי אַרויף אויפן דאַך און מיר וועלן וואַרטן אויף זיי אין אַ דערבייאיק הויז, וואָס גרענעצט זיך מיט דער מאָנדזשעווער גאַס נומער 18. עס איז מיר געלונגען זיי פון דאָרט אַרויסצובאַקומען און באַפרייען. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיך אויך געראַטעוועט אַ פּאָר מענטשן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס אַלץ איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע ריזיקאָ, ווייל די סכנה איז געווען גאָר גרויס.

צומאָרגנס איז דער גאַנצער טראַנספּאָרט אַוועקגעשיקט געוואָרן צום אומקום. אין אַ צוויי־דריי וואָכן אַרום איז געקומען אין דער יידישער געמיינדע אַ פּאָליאַק, וואָס זאָל כלומרשט האָבן אַנט־לאָפן פון אוישוויץ און האָט דערציילט, אַז „אַלע אַרבעטן דאָרט און עס גייט זיי גאַנץ גוט". ער האָט „פאַרזיכערט", אַז זיי וועלן שוין אַזוי דאָרט פאַרבלייבן ביזן סוף פון דער מלחמה. אַלס באַווייז, אַז אַלץ וואָס ער זאָגט איז אמת, האָט ער געוויזן אויף „פּערזענלעכע סימנים" פון די, וועלכע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן מיטן טראַנספּאָרט. דאָס איז בלי ספק געווען אַ צוגעגרייטער מאַנעוור פון די דייטשן צו פאַרבלענדן די יידן און זיי אָפּנאַרן, כדי זיי זאָלן קאָנען לייכטער פירן צו דער שחיטה...

אין באַשטימטן טאָג זענען אַלע יידן געווען אויפן פּלאַץ. זיי זענען געשטאַנען מיט צעבראָכענע שטאָט. זיי זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אויף אייניקע טעג. פּלוצים ווערט איבערגעגעבן דער קהלה אַ נאַצישע פאַראָדענונג, אַז אין דעם און דעם טאָג וועלן אויפגעהאָנגען ווערן צען יידן אין צענטער פון שטאָט, אויף דער מאָנדזשעווער גאַס, נעבן דער פּויל־ישער „האַלע טאַרגאָווע", אויף די פּרוכט־ביימער אין גאָרטן פון גראַף רענאַרד. דער באַפעל איז געווען, אַז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג מוז זיין אַנוועזנדיק ביי דער עקזעקוציע. פאַר נישט צושטעלן זיך צום פּלאַץ דראָט טויט־שטראָף...

אין אַ געוויסן פרימאָרגן ווערן פּלוצים אַרעסטירט די אָנגעזעענסטע יידן און סוחרים פון הערצער. דאָס וואָס מען האָט געצוווּנגען ביי־צוזיין ביים אויספירן די טויט־אורטיילן, איז געווען אַ שוידערלעכע זאַך, ווייל יעדער האָט געפילט די גרויזאַמקייט פון אומקום פון אומשולדיקע מענטשן. אויך די פּאָליאַקן זענען צוזאַמענגעקומען, אַ טייל אויס נייגיר, אָבער דער גרעסטער טייל האָט זיך ממש געפרייט, וואָס זיי קאָנען זען ווי מען הענגט זשידעס...

עס איז אָנגעקומען דער אויטאָ מיט די פאַרמשפּטע, באַגלייט פון הענקער און אַ שטאַרקע וואַך

פון ס.ס.־לייט. די פאַרמשפּטע זענען שוין געווען אַזוי דערשלאָגן און דערשעפּט, ווי זיי וואָלטן שוין געווען טויטע. עס האָט זיך אָנגעהויבן די טראַגישע צערעמאָניע. דער ערשטער איז געווען דער סוחר, כהן, פון דער מאַנדזשעווער גאַס, דערנאָך האָט מען געהאָנגען ליבערמאַנען און אַזוי אויך די איבעריקע. די געהאָנגענע שרייען אויס „שמע ישראל" און עס פאַרציִען זיך צען שטריק איבער צען יידישע לעבנס. די פאַרחושכטע יידן גייען צוריק פון פּלאַץ און דאָס בלוט רינט אין די הערצער, יעדער גייט אַ פאַרוויינטער. די מורא אין שטאָט איז גוואַלדיק. די פּאָליאַקן ווידער קאָנען זיך נישט אָפּוואונדערן פון די „אויפטוען" פון די נאַציס לגבי דער יידן־פאַרניכטונג.

די דערמאָנטע קרבנות זענען געהאָנגען 24 שעה. ערשט צומאָרגנס זענען די רוצחים געקומען מיט אַן אויטאָ און איבערגעשניטן די שטריק. די צען קדושים ווערן אַוועקגעפירט. דאָס איז געווען אַ ווייטערדיקע וואָרענונג פון די נאַצישע מערדער, אַז די יידן זאָלן נישט פּרווון שטעלן קיין ווידערשטאַנד און זיך לאָזן פירן ווי שעפּסן צו דער שחיטה...

טראָץ דעם איז דער ווידערשטאַנד־גייסט פון דער יידישער יוגנט אין שטאָט געקומען צום אויסדרוק אין אַ ספּעציעלער פאָרעם. אַ גרופּע יוגנטלעכע פון „הנוער הציוני" האָט געאַרבעט אין דער אונטערגרונט־באַוועגונג. זיי האָבן באַשלאָסן אַריינלייגן אין די שיך, וואָס ווערן אויסגעפּאַרטיקט אין דער אָרטיקער פאַבריק, פאַר די דייטשע סאָלדאַטן און געשיקט אויפן פראָנט — אויפרופן אין דער דייטשער שפּראַך, אין וועלכע די דייטשע סאָלדאַטן ווערן גערופן אַוועקצוואַרפן דאָס געווער און אויסראָטן יעדן שפּראָץ פון נאַציזם, וואָס טראָגט פאַר דייטשן פאָלק און פאַר דער גאַנצער וועלט נאָר הורבן. זיי האָבן דאָרט אויך געשריבן, אַז עס האָט נישט קיין צוועק צו פירן ווייטער די מלחמה, ווייל מען ווייסט שוין, אַז זי איז אַ פאַרשפּילטע. די יידישע פּאָליציי האָט אַנטדעקט די טעטיקייט פון די יוגנטלעכע און האָט זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. זייער לעבן איז פאַרענדיקט געוואָרן דורך שוידערלעכע פּיין און ליידן אין אוישוויץ. די יונגע בחורים זענען געווען פון די בעסטע יידישע משפחות אין סאָסנאָוויץ און זייערע עלטערן זענען געווען די אָנגעזעענסטע עסקנים און ציוניסטישע כלל־טוער.

עס איז געקומען די צייט, ווען אויך די „נוצלעכע" יידן האָבן געדאַרפט גיין דעם אַזוי שרעקלעכן וועג. מיך האָט מען אַרויסגעשיקט קיין מאַרקשטאַט אין דייטשלאַנד צו דער אַרבעט. איך האָב דאָרט געאַרבעט עבודת־פּרך, אַזוי ווי די יידן אין מצרים און אפשר נאָך שווערער און שוידערלעכער ווי זיי. מיין טייערע פרוי ע"ה און מיין זון, זענען פאַרבליבן אין דער היים, מיר האָבן אַפילו נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך צו געזעגענען... ווען מען האָט מיך אַוועקגענומען פון זיי, האָט מיין האַרץ געבלוטיקט פון צער און ווייטיק. אַזוי איז געווען דער דרך פון די נאַצי־היות, פריער האָט מען אַוועקגענומען די אַזוי גערופענע „שטאַרקע", כדי לייכטער מאַכן זיך די מלאכה פון פאַרניכטן די שוואַכערע — די פרויען, קינדער און אַלטע לייט.

מיך האָט מען באַשעפטיקט ביי די שרעקלעכסטע באַדינגונגען און געצוווּנגען אויסצופירן טאָג געוויינטשן דעם טויט, אָבער צו באַגיין זעלבסטמאָרד איז געווען שווער זיך צו דעצידירן. גאָר די שווערסטע אַרבעטן. הונגער נויט, פּיין, קלעפּ און זידלערייען זענען געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. מען האָט דערנידעריקט דעם ייד אויף יעדן טריט און שריט. מיר האָבן זיך יעדן איינגיכן האָט מען בכלל אויפגעהערט טראַכטן מיט נאָרמאַלע מענטשלעכע קאַטעגאָריעס, מען האָט אינגאַנצן פאַרלוירן דעם חוש פון פאַרשטענדעניש פאַר די נאָענטסטע, אַפילו פאַר דער אייגענער משפחה. אויך איך בין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חיה, וואָס האָט נאָר געטראַכט ווי אַזוי אויפצוהאַלטן דאָס חיות, געפינען עפּעס צום עסן — אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל גרינס, אַדער וואָס עס זאָל נאָר נישט זיין, אַבי אָנצופילן דעם מאָגן. מיר האָבן אויפגעהערט צו זיין מענטשן. עס איז נישט פאַראַן אויף דער וועלט קיין מענטש, וואָס זאָל דאָס קאָנען באַגרייפן אויב ער אַליין האָט דאָס נישט מיטגעמאַכט, און ווען ער האָט דאָס שוין יאָ מיטגעמאַכט, ווי מיר, פאַרשטייט ער ערשט נישט, וואָס איז געשען מיט אונדז און פאַרוואָס זענען מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַזעלכע משונהדיקע מענטשלעך און שוידערלעך איבערצוגעבן פּרטים וועגן די שרעקלעכע זאַכן, וואָס זענען דאָרט צוזאָג פון „אַ ביסל וואַרעמס", האָט איין ייד פאַראַטן דעם צווייטן... עס איז אפשר נישט ריכטיק עס אָנצורופן פאַראַט, ווייל ווי קאָנען חיות פאַראַטן איינע די צווייטע? עס וואָלט געוועז אומבאַשעפעניש. פאַר אַ שטיקל ברויט האָט אַ זון געקאָנט מסרן זיין אייגענעם פאָטער און פאַר אַ פאַרגעקומען, ווייל זיי גייען אינגאַנצן אַרויס פון די קאַטעגאָריעס פון די געפילן, עטיק און מאָראַל, וואָס מיר אַלע האָבן פאַרמאָגט, ווי אַ טייל פון אונדזער לעבן און דענקען. דאָס באַמיען זיך צו

געפינען אַ ביסל עסן האָט געקאָנט פון אונדז מאַכן די גרעסטע פאַרברעכער. דאָס איז געווען דער גאַנצער תוך — אויב מען קאָן אַזוי זאָגן — און אינהאַלט פון אונדזער לעבן אין די לאַגערן.

איך בין אָנגעקומען אין לאַגער אין אַ תקופה ווען דער מצב איז נאָך נישט געווען אַזוי שרעקלעך. עס האָבן נאָך עקזיסטירט די אַזוי גערופענע „אַרבעטס־לאַגערן". מיר זענען נאָך אַרומגעגאַנגען אין די ציווילע קליידער, וואָס מיר האָבן מיט זיך געהאַט מיטגעבראַכט פון דער היים, אָבער מען האָט געמאַכט אַן אויסשניט פון פאָרנט און היטן און אויפן בגד גופא איז געווען אָנגענייט אַ געלע לאַטע מיטן אויפשריפט „יודע". די באַדינגונגען אין יענער ערשטער תקופה זענען נאָך געווען ווי עס איז צו דערליידן; דער רעזשים איז געווען אַ שטרענג־פּאָליציייִשער און מיר זענען געווען באַוואַכט פון דער ווערמאַכט. אין לאַגער גופא זענען געווען די מושלים די יידן אַליין און די „קאַפּאָס" האָבן זיך בכלל נישט אָפּגעהאַלטן פון שלאָגן זייערע אייגענע ברידער, ווען ס'איז געווען נייטיק און אַפילו ווען עס איז נישט געווען אַזוי נייטיק. די פאַרצוימונג אַרום דעם אַרבעטס־לאַגער איז געווען פון שטאַכלדראָט, אָבער עס איז נישט דורכגעגאַנגען דורך זיי קיין עלעקטרישער שטראָם און קיין וואַך־טורעמס מיט מאַשין־געווער זענען דאָרט אויך נישט געווען. אַרום דער צוימונג האָבן זיך טאָג און נאַכט אַרומגעדרייט וועכטער און געהיטן, אַז קיינער זאָל חלילה פון דאָרטן נישט אַנטלויפן. ווי געזאָגט, איז דאָס לעבן און די באַדינגונגען אין מאַרקשטאָט נאָך געווען צו דערליידן. דאָס איז געווען מיין ערשטער לאַגער. אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז געקומען דער באַפעל צו ליקווידירן דעם לאַגער, מיר זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, וווּ אַלע האָבן שוין געמוזט זיך אָנטאָן געשטרייפטע מונדירן, הילצערנע שיך און די באַדינגונגען זענען געוואָרן שרעקלעך שווערע. אין דעם זעלבן לאַגער איז געווען אַ צווייטער געשלאָסענער כרויען־לאַגער. זיי האָבן געאַרבעט אין דער אַדמיניסטראַציע און אין דער קיך, זיי זענען נישט געקומען אין באַרירונג מיט די מענער אין לאַגער, עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן זיך דערנענטערן צו זיי, אַריינגיין אין זייער לאַגער האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף.

אָנהייב ווינטער איז געקומען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון ס.ס.־לייט צו מאַכן אַ סעלעקציע ווער ס'זאָל פאַרשיקט ווערן קיין אוישוויץ און ווער ס'זאָל ווייטער פאַרבלייבן ביי דער אַרבעט. מען האָט אויסגערוימט אַ באַראַק פאַר דער ס.ס.־קאָמיסיע, און זיי האָבן אָנגעהויבן דורכצופירן די שרעקלעכע פּראָצעדור פון צעטיילן — ווער צום לעבן און ווער צום טויט! עס איז געווען אַ שווערער ווינטער־טאָג, עס האָט געבלאָזן אַ בלוט־פאַרגליווערנדיקער ווינט, דאָך האָט מען באַפוילן אַ פּאָר טויזנט יידן זיך אויסטאָן מוטער־נאַקעט און זיך שטעלן אין אַ ריי צו דער סעלעקציע. די פּראָצעדור האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג, דער שניי און דער רעגן האָבן פאַרפרירט אַלע שטייענדיקע אין דרויסן און יעדער האָט אָפּגעוואַרט זיין פּסק־דין — וועט ער פאַרמשפּט ווערן צום טויט, אָדער ווייטער צו לעבן און אַרבעטן? ווי מאָדנע עס זאָל נישט אויסזען, האָט יעדער איינער געציטערט פאַר זיין לעבן און דווקא געוואָלט בלייבן לעבן אַפילו ביי די אומדערהערטע, אוממענטשלעכע באַדינגונגען!...

ווען איך בין סוף־כל־סוף אַריין צו דער סעלעקציע, איז דאָרט געשטאַנען מצד די קאַצעטלער דאָקטאָר גוטענטאַג פון כשאַנאָוו (גאַליציע), וואָס איז געווען אַ משומד. דאָך האָט ער זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן, וואָס ער האָט נאָר געהאַט, צו שיצן יידן און זיי אָפּראַטעווען פון טויט. ווען איך בין צוגעקומען און זיך אַוועקגעשטעלט פאַר זיי, האָבן די דייטשן מיך געוואָלט אַוועקשיקן קיין אוישוויץ, אָבער דאָ האָט זיך דער דאָקטאָר אָנגערופן, אַז איך זע נאָך גוט אויס און בין נאָך פעיק צו דער אַרבעט. ער האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן, אָבער ער אַליין האָט פאַר זיין „דיאַגנאָז" באַקומען צוויי פייערדיקע פּעטש פון איינעם פון די ס.ס.־לייט, אַז ער האָט דערביי פאַרלוירן אַ פּאָר ציין פון מויל...

בעת דער סעלעקציע זענען זייער פיל מענטשן קראַנק געוואָרן און זייער פיל זענען אויך אַוועק אין דער אייביקייט, זייענדיק דערשעפּט און נישט קאָנענדיק אויסהאַלטן מער די צרות און ליידן. דאָס איז געשען פאַר דעם, ווי מען האָט אונדז איבערטראַנספּאָרטירט אין „פינף טייכן" אין ערשטן קאַצעט, ווו די ליידן און צרות זענען איבערגעשטיגן אַלע מענטשלעכע באַגריפן פון פיין און דערנידערונג.

*

איך בין אָנגעקומען מיט אַ גרויסן טראַנספּאָרט אין ערשטן פון מיינע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אונטערן נאָמען „פינף טייכן", ווו איך האָב פאַרבראַכט די גאַנצע מלחמה. מען פירט אונדז צופוס

נאָך צען קילאָמעטער אין קעלט און אין הונגער, באַגלייט דורך ס.ס.־לייט מיט זייערע פירפיסיקע הינט, מען זשאַלעוועט נישט קיין קלעפּ, אָבער דאָס איז נישט מער ווי דער אָנהייב. ווען מיר זענען אָנגעקומען אין קאַצעט, זענען מיר דאָרט אָפּגעוואַרט געוואָרן פון שוין אויסגעשולטע „קאַפּאָס" און זיי האַלטן פאַר אונדז לאַנגע רעדעס; וואָס מיר דאַרפן טאָן, ווי אַזוי מיר דאַרפן זיך נוהג־זיין, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט, און דאָס אַלץ איז באַגלייט מיט שרעקלעכע דראָונגען. דאָ באַקו־מען מיר געשטרייפטע קליידער און הילצערנע שיך. יעדן פון אונדז כאַפּט אָן אַ ציטער ווען מיר זען די נייע מלבושים. מיר טוען זיך איבער און יעדער באַקומט אַ נומער — אויס נאָמען, אויס מענטש, פון היינט אָן ביסטו נישט מער ווי אַ „נומער", פון היינט אָן בין איך נומער 24184 און מען מוז זייער גוט געדענקען דעם נומער, ווייל אויפן אַפּעל, אין ביוראָ און אומעטום רופט מען דיך נאָר מיטן „נומער", פאַרגעסטו דיין נומער ביסטו תיכף ומיד אַ קאַנדידאַט פאַר דער קרעמאַ־טאָריע!

נייע צרות, נייע גזירות. עס קומען אָן נאָך ערגערע הונגער־טעג און נאָך שרעקלעכערע קראַנקייטן. יעדער פון אונדז ווערט געטראָפן מיט עפּעס אַ מחלה. ווען מען באַקומט אָן „אַפּצעס" אויפן לייב, שניידט דער דאָקטאָר מיט אַ פּשוט מעסער. מענטשן גייען פון דער וועלט אין די שווערע טויזנטער. יעדער „קאַפּאָ" האָט אַ באַפעל צוצושטעלן יעדן טאָג אַ געוויסע צאָל קרבנות פון זיין בלאָק. מיר האָבן באַקומען אַ בלאָקפירער, אַ פּאָליאַק, מיט אַ קרימינעלער פאַרגאַנגענהייט. ער שלאָגט מיט אַ שטיק האָלץ און באַלד נאָכן ערשטן זעץ, הויכט דער קרבן אויס די נשמה. די גרעסטע צאָל קרבנות פאַלן די יידן, רוסן, ציגיינער און ווייניקער — פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. דער הונגער מאַטערט מוראדיק און מען פאַלט פון די כוחות. די שווערסטע מערכה האָבן די, וואָס רייכערן; פאַר אַ ביסל מאַכאָרקע גיבן זיי אַוועק זייער פּאָרציע ברויט. מענטשן גייען אויס ווי ליכט, אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן איז שרעקלעך. פיר פאַרטאָג וועקט מען אונדז אויף און מיר מוזן מאַכן דאָס אַזוי גערופענע „בעט", מ׳יר דאַרפן גרינטלעך אויסרייניקן אויך אונטערן בעט, דערנאָך באַקומט מען די פּאָרציע ברויט און אַ ביסל וואַרעם שוואַרץ וואַסער. זעקס אַ זייגער אין דער פרי מאַרשירן מיר אַרויס צו דער אַרבעט. מיר זענען דאָ מער ווי צען טויזנט מענטשן. מיר ווערן אויסגעשטעלט אין אַ ריי צו אַכט, די „קאַפּאָס" פירן די קאָמאַנדע פון „לינקס אום לינקס", אַלע מוזן דורכמאַרשירן צום טאַקט פאַר די אָנפירער פון לאַגער, די ס.ס.־לייט, מען ציילט אונדז צו טויזנטער. אַלץ ווערט יעדן פרימאָרגן דורכגעפירט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פייער־לעכער דעפילאַדע. די וואַך שטייט און ציילט אונדז זאָרגפעליק ווי מיר וואָלטן כאָטש געווען בריליאַנטן. מיט אַזאַ דעפילאַדע־צערעמאָניע קומען מיר אויך צוריק אין לאַגער אַריין, אַחוץ די „צווייפיסיקע הינט" באַגלייטן אונדז אויך פירפיסיקע, וואָס זענען אויסגעשולט צו רייסן שטיקער פלייש פון יעדן ביים ערשטן באַפעל פון ס.ס.־מאַן, וועלכער איז זיין באַפעלגעבער.

יעדן טאָג, כמעט יעדע שעה, פאַלן קרבנות. ווען אין אַ געוויסן טאָג איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן אַ גרופּע פון פיר הונדערט יידן „מוסולמענער" (דאָס זענען מענטשן, וואָס זענען שוין מער נישט פעיק צו קיין אַרבעט) קיין אוישוויץ צו פאַרניכטונג, בין איך אויך געווען איינער פון זיי. עס איז געווען אַ שיינער זונטיקדיקער טאָג, מען האָט אונדז אַלע צונויפגענומען און פאַרשלאָסן אין אַ באַראַק גרייט צום טראַנספּאָרט, מען האָט אונדז געגעבן אין וועג אַריין יעדן צו אַ האַלב ברויט מיט אַ בלעכענער כלי מיט שוואַרץ וואַסער, וואָס האָט געהייסן „קאַווע". מען האָט אונדז אַריינגעשטופּט אין אַ וואַגאָן צוזאַמענגעדריקט ווי הערינג, מיטן ציל, אַז מיר זאָלן אומקומען נאָך אויפן וועג דורך דעם, וואָס מיר וועלן דערדריקט ווערן צום טויט. די קרעכצן אין די וואַגאָנען זענען געווען אין לשער, דער צוג איז געגאַנגען פאָרויס און אונדז געפירט אין דער ריכטונג פון זיכערן אומקום. מיר האָבן געוווסט וווהין מען פאַרשלעפּט אונדז. למען האמת, האָט שוין יעדער פון אונדז געבעטן אין האַרצן, אַז עס זאָל שוין אַ סוף נעמען צו אַזאַ לעבן. אָבער דאָ איז געשען עפּעס אַ נס: אין מיטן וועג איז געקומען אַ באַפעל, אַז מען זאָל אונדז נישט פירן קיין אוישוויץ, נאָר אין אַ נייעם לאַגער, קיין גערליץ. דאָרט זענען פאַרניכטעט געוואָרן רוסישע געפאַנ־גענע און מען האָט שנעל זיך גענייטיקט אין פרישע אַרבעטס־כוחות. אין יענער צייט האָט שוין אויסגעפעלט מענטשן־מאַטעריאַל, ווייל עס זענען שוין ליקווידירט געוואָרן אַלע גרויסע יידישע צענטערן אין פּוילן. מען האָט, ווייזט אויס, באַשלאָסן, אַז מיר וועלן טוען די נייטיקע אַרבעט. מיר זענען אָנגעקומען אויפן פּלאַץ און מען האָט געעפנט די וואַגאָנען, אונדז באַגעגנט מיט דעזינפעקציע־מיטלען און דערנאָך האָט מען אונדז אַרויסגעוואָרפן פון די וואַגאָנען. מיר זענען געווען צוויי קאַטעגאָריעס, אַזוי צו זאָגן: טויטע און האַלב־טויטע. מער ווי אַ העלפט פון אונדז איז אומגעקו־

מען אויף דער רייזע. מען האָט אונדז געצוואונגען אַרויפצולאַדעווען די טויטע אויף וועגענער און מיטנעמען מיט אונדז, כדי זיי צו פאַרברענען אין קרעמאַטאָריע.

די יעניקע, וואָס האָבן זוכה געווען צו בלייבן האַלב לעבן האָט מען אויסגעטאָן נאַקעט, יעדן געגעבן אַ קאַלדרע זיך אַרומצוּוויקלען און אונדזערע קליידער האָט מען באַגראָבן אין דער ערד. מיר האָבן זיך אַזוי אַרומגעדרייט מיט די קאָלדרעס אויף די לייבער, גאַנצע פערצן טעג. דאָס משונהדיקע דערביי איז געווען, וואָס מען האָט אונדז במשך די פערצן טעג געגעבן עסן צו דער זעט מיר זאָלן קומען צו די כוחות און קאָנען ווייטער אַרבעטן פאַר דער דייטשער מאָרד־מאַשין. עס איז ממש געווען אומגלויבלעך, ווען מיר האָבן נאָך אַזוי פיל חדשים און יאָרן, צום ערשטן מאָל דערזען פוטער פאַר אונדזערע אויגן. צוויי מאָל טעגלעך האָבן מיר באַקומען געקעכץ, יעדער האָט באַקומען אַ ליטער קאַרטאָפל־זופּ. דער עולם האָט געמיינט, אַז עס זענען שוין געקומען משיחס צייטן. יעדער פון אונדז איז געווען איבערצייגט, אַז עס איז געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכס און מיר קאָנען נישט באַגרייפן די סיבה דערפון.

אַז עס זענען אַריבער די פערצן טעג, האָט מען צוריק אויסגעגראָבן אונדזערע בגדים און מען האָט באַפוילן זיי אויפסניי אָנטאָן, ווי אויך נעמען די הילצערנע שיך און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַלץ אויפסניי: ווידעראַמאָל זענען געקומען גרויליקע הונגער־טעג, פּיין און צרות. מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער אַרבעט מיט אַ הונגער־פּאָרציע און די אַרבעטס־צייט האָט זיך געצויגן פון 4 פאַרטאָג ביז 12 ביינאַכט. יעדן טאָג זענען מיר 4 אַ זייגער פאַרטאָג שוין געשטאַנען אויף די פיס און אויסגעשטאַנען גענוג צרות און קלעפּ פון די „קאַפּאָס", וועלכע האָבן פון אונדז געפאָדערט איינצוואָרדענען דעם בלאָק און ברענגען אין אָרדענונג די בעטן ווי אויך ריין־האַלטן דעם פּלאַץ. 6 אַ זייגער אינדערפרי האָבן מיר אַרויסמאַרשירט מיט מוזיק צו דער אַרבעט אין דער באַגלייטונג פון באַוואָפנטע ס.ס.־לייט, זיי האָבן אויך געפירט מיט זיך הינט, וואָס זענען אַרומגעלאָפן כסדר אַרום אונדז און געהיטן. עס איז גענוג געווען אַ באַפעל פון אַן ס.ס.־מאַן, אַז דער הונט זאָל זיך וואַרפן אויף אַ ייד און רייסן פון אים שטיקער פלייש...



מיט אַ סאַדיזם־שמייכל קוקט דער רוצח ווי זיינע יידישע קרבנות ראנגלן זיך מיטן טויט...

אַזוי זענען געגאַנגען די טעג און וואָכן. אַלעמאָל איז געוואָרן וויניקער מענטשן, אונדזערע רייען שיטערער, קיינער פון אונדז האָט נישט געהאַט די מינדסטע האָפענונג, אַז ער וועט בלייבן לעבן, אונדזערע כוחות זענען אויסגעגאַנגען, יעדער פון אונדז האָט געהאַט דאָס באַוווסטזיין וועגן דעם סוף וואָס דערוואַרט אים. מיט אַמאָל האָבן מיר אין אַ געוויסן טאָג דערפילט אַ פאַרלייכטערונג אין דעם שרעקלעכן רעזשים. די וואַכלייט האָבן אויפגעהערט שלאָגן אַזוי שטאַרק. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מסתמא האָט זיי אָנגעהויבן גיין „מיט דער פוטער אַראָפּ״. מען האָט געפילט בחוש, אַז זיי האָבן שוין פאַרלוירן דעם גלויבן אין נצחון און אויך די אמונה אין דער נישט־פעלערהאַפטיקייט פון זייער פירער, היטלער, ימח שמו! די מורא פאַר די ס.ס.־לייט איז אָבער נאָך געווען גענוג גרויס. דורך פֿאַרשידענע אופנים האָבן מיר באַקומען אַ שטיקל צייטונג און דערשנאַפּט דעם אמת, אַז די דייטשן האָבן שוין גרויסע צרות אויף אַלע פראָנטן. אומעטום זענען זיי צוריקגעטרעטן און אַלע זייערע „נצחונות״ לאָזן זיך אויס מיט גאָרנישט. צוליב דעם מצב האָט מען אונדז פאַרלייכטערט די באַדינגונגען, הגם דער הונגער איז נאָך אַלץ געווען גרויס, ממש אין לשער, נאָך ערגער און שטאַרקער ווי פריער.

אונדזער אַרבעט ביינאַכט גייט שוין נישט נאָרמאַל, מיר מוזן זי אַלעמאָל איבעררייסן, ווייל מען הערט כסדר אַן אַליאַרם נאָך אַן אַליאַרם צוליב דעם אָנקומען פון די באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען. אויך די פאַבריק ווו מיר האָבן געאַרבעט איז פיל מאָל באָמבאַרדירט געוואָרן. אָפטמאָל האָט מען דערנאָך בכלל נישט געקאָנט אַרבעטן. ווען עס פלעגט קומען אַזאַ אַליאַרם און אַ באָמבאַרדירונג, פלעגן אונדזערע „באַשיצער״ אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין שוץ־קעלערן קעגן באָמבאַרדירונגען און מיר פלעגן פאַרבלייבן אויפן פרייען פעלד. דאָס איז געווען אונדזער גרעסטע פרייד, מיר זענען אויף אַ ווייל געבליבן די בעלי־בתים איבער אונדזערע לעבנס, מיר פלעגן זיך דאַן לאָזן זוכן עסן, פשוט אַ קערנדל עסן, ווי עס זוכן די פרייע פייגל. אין דעם מאָמענט זענען מיר געווען געגליכן צו זיי, דאָס איז געווען אַ שטיקל נחמה און גלייכצייטיק אויך דערלעבט אַ נקמה, ווען מיר האָבן געזען ווי עס פאַלן די באָמבעס און זיי רייסן אויף מיט אַ שטאַרקן געפילדער, האָט יעדער יעך פון אַ באָמבע געהויבן ביי יעדן פון אונדז דעם מאָראַל און אויפסניי דערוועקט אַ פונק פון האָפענונג, אַז די דייטשן וועלן דאָך באַזיגט ווערן און מיר וועלן באַפרייט ווערן.

דערוויילי האָבן זיך אָבער ווייטער געצויגן לאַנגע גרויע און ביטערע טעג, עס איז נאָך נישט געקומען די דערוואַרטע גאולה און אַפילו נישט קיין לייכטער איבעררייס פון די צרות אוןליידן זינט מיר זענען אָנגעקומען אין לאַגער.

ווען מיר פלעגן אין דער פרי אַרויסגיין צו דער אַרבעט אין דער פאַבריק, פלעגן מיר אויפהייבן יעדעס שטיקל אָפּפאַל, וואָס מענטשן האָבן אַוועקגעוואָרפן, ווי, למשל, אַן ארומגעבייסענעם עפל, שאָלעכץ אד״גל. יעדע זאַך, יעדעס קרישקעלע עסן איז כדאי געווען. ווען מיר פלעגן אַדורכגיין איבער פעלדער, פלעגן מיר שנעל אַרויסרייסן, בגניבה, אַ קאַרטאָפל, אַ ציבעלע, אַ מייער און אַנדערע גרינוואַרג, הגם דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט שווערע קלעפּ און אַפילו אויך מיטן טויט. מיר האָבן אָבער קיין ברירה נישט געהאַט — מען האָט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן אַבי צו געפינען עפּעס צום עסן.

די באָמבאַרדירונגען זענען געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ אָפטער. פּלוצים זענען אָנגעקומען אין לאַגער קאַצעטלער פון אַנדערע לאַגערן, וואָס זענען עוואַקואירט געוואָרן פון זייערע מקומות, זיי זענען בלויז דורכגעגאַנגען אונדזער לאַגער און מאַרשירט צו אַנדערע פלעצער וווהין זיי זענען באַשטימט געוואָרן. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווסט „נייעסן״ וועגן דעם, וואָס עס געשעט איצט אין פוילן און ווי עס האַלט מיט דער מלחמה? מאַנכע פון זיי האָבן אויך דערציילט וועגן די שוידערלעכקייטן אין די פֿאַרשידענע לאַגערן. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז געווען פאַר אונדז, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעהויבן איבערצייגן, אַז די מלחמה האָט געביטן איר גאַנג און אַז די דייטשן האַלטן אין איין צוריקטרעטן און צו זייער חלום וועגן באַהערשן די וועלט איז געקומען אַ סוף.. דאָס האָט אונדז געגעבן אַזויפיל מוט, אָבער גלייכצייטיק איז ביי אונדז אויפגעקומען דער שוידערלעכער געדאַנק, אַז עס קומט אויך אונדזער סוף.

זיי האָבן באַשלאָסן אונדז צו פאַרניכטן. עס איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידישע קאַצעטלער מוזן עוואַקואירט און איבערגעפירט ווערן קיין מיטענוואַלד. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז דאָרט געווען אַ פאַרניכטונגס־פלאַץ. מען האָט דאָרט אויסגעשאָסן די אַלע, וואָס מען האָט אַהינצו איבערגעפירט און אָפטמאָל פלעגט מען דאָרט אַפילו באַגראָבן לעבעדיקערהייט די אַלע, וואָס זענען נישט אומגעקומען דורך די שיסערייען.

עס איז געקומען דער טאָג, ווען אויך אונדזער לאַגער האָט געדאַרפט עוואַקואירט ווערן. עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די אַרבעט, מען האָט אויפגעהערט אונדז צו געבן אַפילו דאָס ביסל עסן, וואָס מען האָט אונדז ביז איצט צוגעטיילט. די עראָפּלאַנען פון די אַליאירטע מלוכות זענען געפלויגן טאָג און נאַכט, אומאויפהערלעך באַמבאַרדירט און מיר האָבן געזען, אַז די דייטשן זענען הילפלאָז, ווייל זיי האָבן שוין פשוט נישט געהאַט מיט וואָס צו רעאַגירן. מיר האָבן געפילט, אַז עס קומט דער סוף פון דער מלחמה, אָבער מיר האָבן מורא געהאַט, אַז עס קומט גלייכצייטיק אויך אונדזער סוף...



אַזוי זענען די רוצחים געשטאַנען נעבן זייערע קרבנות, געקוקט און געקוואָלן פון „נחת״ זעענדיק די יסורים, וואָס זיי האָבן פאַרשאַפט יידישע קינדער...

איך בין געווען אינגאַנצן דערשעפט, אָן כוחות, אָן מוט און אָן האָפענונג. איך בין געווען באַפריינדעט מיט אַ דאָקטאָר, אַן אונגאַרישן ייד, האָט ער מיר געראַטן, אַז איך זאָל אַריינגיין אין „רעוויר״ און זיך אָנגעבן פאַר אַ קראַנקן, דער דאָקטאָר האָט מיר אויך איבערגעגעבן בסוד, אַז איבערמאָרגן וועלן אַלע אַרויסגעשיקט ווערן קיין מיטענוואַלד און אַז דער לאַגער וועט ענדגילטיק ליקווידירט, ער האָט מיר אויך פאַרזיכערט, אַז דעם „רעוויר״ מיט די קראַנקע וועט מען איבער־לאָזן אויפן אָרט און מיט זיי וועט אויך בלייבן אַ דאָקטאָר און אַ קראַנקנברודער. ער האָט דערביי צוגעגעבן, אַז ווען עס זענען נישט פאַראַן די מינימאַלסטע מעדיקאַמענטן, צו וואָס לאָזט מען איבער מיט די קראַנקע אויך אַ דאָקטאָר ? אָבער אַזוי איז געווען די פאַראָרדענונג. היות אין לאַגער איז שוין בכלל נישט געווען קיין שום שפייז, האָב איך באמת נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן און איך האָב געפאָלגט די עצה פונעם דאָקטאָר. ער האָט אויך געהאַלטן, אַז אויב מען וועט באַפרייט ווערן, וועלן די, וואָס וועלן בלייבן אויפן פלאַץ באַפרייט ווערן די ערשטע, ווייל מיר זענען נענטער צום קאַמפּס־פראָנט.

צום ערשטן מאָל האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן אַ פונק פון האָפענונג, אַז אפשר וועט מיר צוגעטיילט ווערן דאָס גליק צו בלייבן לעבן און אַרויס פון דעם שוידערלעכן לעבן אין לאַגער. דער געדאַנק, אַז איך שטיי פאַר אַ מעגלעכקייט פון באַפרייאונג, האָט אין מיר אויפגעוועקט פאַרבאָרגענע חלומות, אָנגעצונדן אין מיין האַרץ די האָפענונג. איך האָב שוין געוואָלט זוכה זיין דערלעבן דעם סוף פון אונדזער שרעקלעכן שונא און זען מיט מיינע אויגן ווי ער ליגט אַ געשלאָגענער באַזיגט און דערנידעריקט, ווי מיר דאָ אין לאַגער. מיין פאַנטאַזיע האָט מיך געטראָגן ווייטער. אָט נעם איך

אַ מעסער, כדי צו רעאַגירן אויף די אַלע יסורים, ליידן, פּיין און מײַן פּערזענלעכע דערנידערונג אַלס מענטש און ייד, און נעם נקמה פאַר אַלע יאָרן, וואָס מען האָט מיר צוגערויבט אַזוי גרויזאַם, און פאַר די טײַערע מײַנע, וואָס מען האָט אומגעבראַכט. איך האָב געפילט, אַז איך בין בכוח צו דערמאָרדן די אַלע, וואָס האָבן אונדזער בלוט פאַרגאָסן און אונדזערע לעבנס פאַרניכטעט.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג און דער גאַנצער לאַגער פון גערליץ איז אַוועק זײַן לעצטן וועג, נאָר מיר געציילטע, צוואַנציק קראַנקע יידן, זענען פאַרבליבן אויפן אָרט, הגם אונדזער לעבן איז געווען הפקר און מיר האָבן יעדע מינוט געלעבט אין שרעקלעכער מורא, אַז אָט־אָט קומט מען אונדז אומברענגען, ווי עס איז תמיד געשען מיט פאַרבליבענע קראַנקע. די ווערסיע איז אויך דאָ אַרומגעגאַנגען פון מויל צו מויל. מיר זענען געלעגן אויף די ברעטער און געטראַכט, ווי לאַנג נאָך וועלן דויערן אונדזערע יסורים, ווי לאַנג נאָך וועלן מיר שטיין אַזוי כסדר אויף דער שוועל פון טויט? יעדער פון אונדז האָט אין אַזעלכע מינוטן געבעטן גאָט, געזוכט זכות־אָבות און רחמים. יעדער האָט עס געטון אויף זײַן שטייגער און דערווייל זענען די שעהן געקראָכן פּאַמעלעך און זיך געצויגן אָן אַ סוף. עס איז אַוועק אַ טאָג, אָט ענדיקט זיך שוין באַלד דער צווייטער טאָג און מיר זענען נאָך אַלץ אַליין. יעדער האָפט, אַז ער וועט אפשר דאָך מצליח זײַן און בלײַבן לעבן. אין אַזאַ מאָמענט ווילט זיך אַזוי שטאַרק לעבן, יעדער איינער זעט בחוש, אַז די ישועה איז שוין נאָענט, ער האָפט, אַז ער וועט אפשר נאָך זוכה זײַן צו זען זײַן פרוי, זײַנע קינדער, ברידער, שוועסטער און אַנדערע משפּחה־קרובים.

פּלוצים באַווײַזט זיך דער לאַגער־עלטעסטער מיט אַ גרופּע ס.ס.־לייט מיט שטעקנס אין די הענט און זיי האָבן אָנגעהויבן אונדז אַרויסטרײַבן אין דרויסן, מיר קאָנען קוים שטעלן די פיס, אָבער ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן, יעדער פון אונדז האָט געוווּסט, אַז אויב ער וויל בלײַבן לעבן מוז ער מאַכן די איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג און אַרויסגיין. זיי האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן איבערגעפירט אין אַ דײַטשן שפּיטאָל, וווּ מיר וועלן שוין פאַרבלײַבן ביז דער באַפרייאונג. דערווייל יאָגט מען אונדז מיט שרעקלעכע קלעפּ און מען צווינגט אונדז גיין וואָס גיכער. עס איז אונדז געלונגען צו דעריאָגן אונדזער לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דאָרט, ווייל ער איז אָפּגעגאַנגען נאָר עטלעכע קילאָמעטער. די מענטשן זענען געלעגן אין שטאַלן פון בהמות. אויף זייער מיסט. די בהמות האָט מען פריער אַרויסגעפירט, כדי זיי זאָלן נישט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון די רוסן און מיר זענען געקומען אויף זייער אָרט...

מיר זענען אָנגעקומען האַלב־טויטע, ווייטער גיין האָבן מיר שוין נישט געקאָנט, נישט נאָר, ווייל אונדז האָבן אויסגעפעלט כוחות, נאָר אויך דערפאַר, וואָס אַלע וועגן אַרום אונדז זענען שוין געווען אָפּגעשלאָסן דורך דער פאָרויסגייענדיקער רוסישער אַרמיי. דער ציל פון אונדזער מאַרשרוט איז געווען דער זאַמלפּונקט פון מיטענוואַלד, ווו מען האָט אונדז געדאַרפט פאַרניכטן. אָבער אַזוי ווי די וועגן זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן איז געשען דער גרויסער נס. מיר זענען געראַטעוועט געוואָרן פון אַ פאָרויס פּלאַנירטן טויט.

דערווייל ווערט די אָרדענונג אין לאַגער דעזאָרגאַניזירט: מען גיט אונדז נאָר איין מאָל אין טאָג עסן אַ ביסל וואַסער־זופּ און מיר הונגערן נאָך ערגער און שרעקלעכער ווי ביז איצט. די כוחות שעפּן זיך פולקאָם אויס, מען קאָן זיך שוין כמעט נישט רירן, דער טויט האָט אָנגעהויבן בושעווען „נאַטירלעך”, אָן דער הילף פון די מע׳דער, מענטשן שטאַרבן אויס אין די צענדליקער יעדער שעה און זיי בלײַבן ליגן אויפן אָרט. ס׳איז נישטאָ קיינער וואָס זאָל זיי באַגראָבן, ס׳איז אויך נישטאָ קיינער, וואָס זאָל באַגראָבן, ס׳איז אויך נישטאָ קיינער, וואָס זאָל כאַראָרדענען מען זאָל באַגראָבן די טויטע, אויס סכנה פאַר אַן עפּידעמיע. די וועכטער פון לאַגער ווערן נעלם, די ס.ס.־לייט זענען אויך מער נישטאָ. זייער אָרט האָט איבערגענומען די „קאָמאַנדאָ„ אַן אַנדערע גרופּע, געקליידט אין ס.ס.־מונדירן, אָבער דאָס זענען גאָר מאָדנע ס.ס.־לייט, זיי רעדן אוקראַיניש. מיר פאַרשטייען באַלד, אַז דאָס זענען די בלוטדורשטיקע חיות, די וולאַסאָווצעס, וואָס האָבן איבערגענומען אונדזער גורל אין זייערע לאַפּעס, עס ווערט טאַקע נאָך ערגער און שרעקלעכער: די גייע וועכטער האָבן אָנגעהויבן שיסן אין אונדז פאַר יעדער קלייניקייט און אויך אָן שום סיבה.

אין דרויסן, נישט ווייט פון אונדזערע שטאַלן, ליגן עטלעכע געפּגרטע דײַטשע פערד. בײַנאַכט, זענען פאַראַן נישט ווייניקע פון אונדז, וואָס שטעלן זיך איין דאָס לעבן, כדי אָפּצושניידן אַ שטיק פון אַזאַ פּגר און עס אויפעסן אויפן אָרט, רויערהייט. די ס.ס.־לייט האָבן אָבער דאָס באַלד דערשנאַפּט און זייער פיל פון די ריזיקאַנטן ווערן דערשאָסן אויפן אָרט. אין דער פרי זעען מיר

צוזאַמען מיט די פערד־פּגרים, אויך מענטשלעכע אויסגעדאַרטע גופים, וואָס זענען דאָרט געלעגן מיט זייער אָפּגעריסן שטיק פלייש אין דער האַנט.

די אוקראַינישע ס.ס.־לייט זוכן גאָר אָריגינעלע המצאות ווי אַזוי אונדז אומצובורענגען. זיי האָבן געבראַכט צוויי חזירים, אָפּגעקאָכט אין אַ קעסל, און יעדן געגעבן אַ ביסל זופּ און אַ שטיקל פלייש, די יעניקע, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט באַהערשן און האָבן געגעסן פון דעם קעסל און פון דעם פלייש, זענען גלייך געשטאָרבן, זיי האָבן באַקומען אַ שרעקלעכן שלשול און מען האָט באַלד געזען ווי צענדליקער מענטשן פאַלן ווי די פליגן...

איך האָב אין זיך גובר געווען דעם פייניקנדיקן הונגער און נישט געגעסן פון וואַרעמען עסן, דאָס מזל האָט מיר צוגעשפּילט און עס איז מיר גאָרנישט געשען.

אין צווישנצייט איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז מען זאָל אונדז צוריקפירן אין אַלטן לאַגער פון וואַנען מען האָט אונדז געבראַכט, עס איז אונדז אַלע געוואָרן ביטער אויפן האַרצן. מיטאַמאָל האָבן מיר פאַרלוירן די האָפענונג אויף באַפרייאונג און מוטלאָז האָבן מיר זיך געגרייט אויפסניי אין וועג אַריין.

ווי איבעראַשט זענען מיר אָבער געוואָרן, ווען מען האָט אונדז געמאָלדן, אַז פאַר די קראַנקע שטעלט מען צו דיספּאָזיציע צוויי אויטאָבוסן. איך האָב געדאַרפט פאָרן מיט אַן אויטאָבוס אין לאַגער אַריין, הגם איך האָב נישט געהאַט קיין גרויס צוטרוי, אַז זיי מיינען אונדזער טובה, אָבער איך האָב קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט. די קעלט איז גראָד געווען זייער אַ שטאַרקע, עס איז געווען סוף ווינטער פון יאָר 1945. אין דאָזיקן יאָר האָט דער ווינטער, ווי אויף להכעיס, לאַנג געהאַלטן. ווען מען איז אַרויס פון בלאָק איז געווען פראָסטיק, אַז ס'האָט געשניטן דאָס לייב. עס האָט נאָר געהאַט איין „מעלה", וואָס כדי צו שטילן אַ ביסל דעם שרעקלעכן דורשט, פלעגן מיר האַלטן אָפּן ברייט די מיילער און אַזוי אַרום אָפּגעקילט די טרוקנקייט פון גימען און האַלדז...

מיר האָבן זיך אויפגעזעצט אויף די צוויי אויטאָבוסן און אַוועק אין אונדזער אַלטן לאַגער. דער ערשטער אויטאָבוס האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון באַרג אין אַן אָפּגרונט און ניינציק פּראָצענט פון די פאָרנדיקע זענען אומגעקומען. מיר האָבן געהאַט מזל און זענען אָנגעקומען אין לאַגער בשלום. די יעניקע וואָס זענען געגאַנגען צופוס איז כמעט אַ העלפט פון זיי אויסגעשטאָרבן אויפן וועג, און דער רעשט זענען האַלב טויטע אָנגעקומען אין לאַגער.

מיר האָבן אויפסניי אָנגעהויבן אַרבעטן, אָבער שוין נישט אין דער פאַבריק, נאָר ביים בעטאָנירן שטרויכלונגען אויף די וועגן וואָס פירן צו דער שטאָט, מיטן צוועק צו שטערן די רוסן דאָס אַריינקומען. עס איז ווידער אַוועק אַ וואָך צייט פון שווערער אַרבעט.

שבת אינדערפרי האָט מען צוריקגערופן אַלע פון דער אַרבעט. מען האָט אונדז דערקלערט, אַז מען גייט שוין מער נישט אַרויס אַרבעטן. באַלד האָט זיך געהערט אַ פייפן פון די „קאַפּאָס" און אַלע זענען גערופן געוואָרן אויפן „אַפּעל" פון די ס.ס.־לייט. מיר האָבן געזען ווי מען ברענגט אַרויס אַ טישל מיט בענקלעך, מיר זענען געווען זיכער, אַז עמעצער האָט זיך פאַרזינדיקט און מען גייט אים שלאָגן מלקות, ווי דער שטייגער איז. דאָ איז אָבער דערשינען דער לאַגער־פירער בכבודו ובעצמו מיט זיינע משרתים, אָבער שוין נישט אוקראַינער, נאָר „כשרע" דייטשע ס.ס. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז די מלחמה האָט זיך היינט געענדיקט און נאָר־וואָס איז פאָרגעקומען די קאַפּיטולאַציע פון דייטשלאַנד, ער האָט ווייטער גערעדט און אונדז געזאָגט, אַז דאָ וועלן באַלד אָנקומען די רוסן, זיי אַליין גייען אַוועק צו די אַמעריקאַנער, ווער עס וויל מיטגיין קאָן עס טון, ער גיט אונדז גאַראַנטיעס, אַז עס וועט אונדז גאָרנישט פאַסירן, ער האָט נאָך געהאַט די אומדערהערטע חוצפה צו דערקלערן, אַז ער וועט אונדז שיצן צוזאַמען מיט זיינע ס.ס.־לייט. ער האָט געמאָלדן אַז אַלע „קאַפּאָס" האָבן באַשלאָסן מיטגיין מיט זיי אויף דער אַמעריקאַנער זייט.

אַז מיר האָבן דערהערט, אַז מיר זענען פריי און אַז די מלחמה איז געענדיקט, האָט זיך דער גאַנצער עולם צעוויינט פון שמחה, מען האָט געטאַנצט ווי קליינע קינדער און איינער האָט דעם צווייטן געווונטשן „מזל־טוב", אָבער אויך אַפילו דאָ האָט דער מלאך־המות געשניטן זיין בלוטיקן שניט. מענטשן זענען פון גרויס שמחה אַוועק פון דער וועלט, דאָס האַרץ האָט נישט אויסגעהאַלטן דאָס גליק פון דער פריילעכער בשורה און עס האָט געפּלאַצט...

נאָך דעם ערשטן פרייד־אויסברוך האָבן מיר דערזען, אַז מיר שטייען אויף אַן אינדזל פון חורבות און טויט. עס איז ווידער נישטאָ קיין עסן, קיין וואַסער. אַלץ וואָס עס איז נאָך פאַרבליבן איז באָמבאַרדירט געוואָרן און דאָס וואָס עס האָט געדאַרפט זיין, איז אַוועקגענומען געוואָרן פון לאַגער אין די לעצטע טעג. דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויפן לאַגער און גענומען זוכן עפּעס

צום עסן, אַפילו אַ גרעזל. באַלד איז פאַרשווונדן געוואָרן אויך דאָס ביסל גראָז, וואָס איז דאָרט געווען. מיר זענען געווען אָן כוחות, מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אויף די פּריטשעס און גענומען אַרומרעדן דעם מצב אין וועלכן מיר האָבן זיך געפונען, מיר האָבן זיך געפרעגט: צי וועלן מיר ענדלעך שוין דערזען די ליכטיקע שיין פון פרייהייט. קיינער האָט עס נישט געגלייבט!

אַזוי איז אַדורך דער טאָג. עס איז ווידער אָנגעקומען אַ פינצטערער אָוונט און אַ שווערע נאַכט, עס הערט זיך אַ העפטיקע קאַנאָנאַדע, אַלע מלחמה־מכשירים הילכן מי׳ט זייערע ווילדע קולות און לאָזן נישט רוען קיין רגע. מען וואַרט, מען וואַכט און מען קאָן זיך נישט דערוואַרטן אויפן באַפרייער. מיר פרעגן זיך אַלע פאַרוואָס דויערט עס אַזוי לאַנג? עס פּלאַצט דאָס געדולד און מענטשן שיטן מיט שרעקלעכע קללות אויף דער גאַנצער וועלט, אַלע מלוכות און אַלע רעזשימען צוזאַמען, וואָס זאָרגן נישט פאַר אונדז און לאָזן אונדז אויסגיין, ווען מיר געפינען זיך שוין אויפן שוועל פון דער באַגערטער און אַזוי לאַנג דערוואַרטער פרייהייט. מיר פילן, אַז קיין ערגערע זאַך קאָן שוין גאָר נישט זיין ווי גראָד איצט, אין דער שעה פון באַפרייאונג, נישט אויסהאַלטן און נישט דערלעבן די ישועה. אָבער אויך דאָס שרעקלעכסטע געשעט: צענדליקער מענטשן שטאַרבן אויס אויך אין דער גרויסער שעה, וואָס רוקט זיך אָן פאַר אונדז.

אין דער פרי, ווערט אויך אונדזער לאַגער באַמבאַרדירט און עס פאַלן פון אונדז נייע קרבנות, מיר ווערן אַלע מאָל ווייניקער און עס ווערט אויך ביי אונדז געמינערט די האָפענונג צו בלייבן לעבן און צו דערזען די באַפרייאונג. ווידעראַמאָל רוקט זיך אָן אַ קריטישע נאַכט. מיר הערן ווי עס טראָגן זיך טעמפּע און שווערע אָפּהילכן, ווי שווערער וועגענער וואָלטן מאַרשירט.

עס רוקט זיך אָן דער באַגינען. דערווייל איז נאָך אָבער די נאַכט שווער און דראָענדיק. אין דער פינצטערניש דאַכט זיך אונדז, אַז עפּעס אַ שווערע לאַסט האָט זיך אַ לאָז געטון צום לאַגער, אַריבער די צוים־דראָטן און אַלץ צעשמעטערט. מיר קריכן אַרויס און קוקן אין דרויסן, אָבער מיר זען גאָרנישט, עס ווייזט אויס, אַז ס׳איז געווען נאָר אַ חלום...

עס איז ווידער אויפגעקומען דער טאָג. איך קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן. איך באַשליס צו פאַרלאָזן דעם לאַגער אַפילו עס זאָל מיך קאָסטן מיין לעבן, איך גיי דאָ אויס פון הונגער. איך טראַכט, אַז ווען איך וועל זיך אַ לאָז טאָן אין שטאָט אַריין, וועל איך מסתמא עפּעס געפינען צום עסן און אַזוי אַרום דערהאַלטן די נשמה.

איך דערצייל מיין חבר, אַז איך גיי אַוועק, און מיר ביידע באַשליסן אַרויסצוגיין פון לאַגער. מיר דערנענטערן זיך צום טויער און זענען זיכער, אַז אַ וואַכמאַן שטייט נאָך דאָרט און היט. מיר האָבן זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט, אַז עס וועט אונדז געלונגען אַרויסצוגיין פון לאַגער און זיך געפינען אויף דער פרייער וועלט. מיר קומען ביידע צו צום טויער, מיר האָבן נישט די דרייסטקייט צו עפענען דעם ריגל, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען דער סימבאָל פון אונדזער פאַר־קנעכטונג. איך מיט מיין חבר דינגען זיך ווער עס זאָל דער ערשטער וואַגן אויפצועפענען דאָס טויער, איך קאָן זיך שוין מער נישט איינהאַלטן, איך גיי צו צום טויער און מיטן פוס גיב איך אַ שטויס, ס׳טויער איז אָפן. איך זע, אַז מיר שטייען פון דער צווייטער זייט טויער, אויף דער פריי, מיר שטייען אויסערהאַלב דעם טרערן־אינדזל און מיר גלייבן נישט אונדזערע אייגענע אויגן, מיר קאָנען דאָס נישט באַגרייפן, אַז מיר האָבן זוכה געווען צו זיין די ערשטע צום אַרויסגיין. מיר זענען צעטומלט און מיר פרעגן זיך אַליין — „איז דאָס אמת?...״

אַ פּאָר מינוט זענען מיר אַזוי געשטאַנען באַרוישט און פאַרטראַכט, אָבער מיר זענען שנעל געקומען צו זיך און געלאָזט זיך אין וועג אַריין אין דער ריכטונג פון דער שטאָט. אויפן וועג האָבן מיר נישט געזען קיין לעבעדיק נפש, מיר גייען מיט לאַנגזאַמע טריט, ווי מיר זענען געווינט געווען אין לאַגער, מיר זענען נאָך אַלץ באַרוישט, מיר גלייבן נאָך אַלץ נישט, אַז דאָס איז טאַקע די ווירקלעכקייט — מיר האָבן דערלעבט דעם דאָזיקן מאָמענט!

מיר קומען אָן צום ערשטן הויז אין גערליץ. פאַרן הויז שטייט אַ קליין ווענעלע מיט באַגאַזש און אַ קליין קינד, וואָס האָט געהיטן די זאַכן און געוואַרט אויף דער מוטער. ווי נאָר דאָס קינד האָט אונדז דערזען, האָט עס זיך שרעקלעך דערשראָקן און מיט אַ געוויין אַנטלאָפן צו דער מוטער. זי איז באַלד אַרויס און דערזעענדיק אונדז, האָט זי זיך איבערגעצלמט און צוריק אַנטלאָפן אין שטוב אַריין. מיר האָבן, ווייזט אויס, אויסגעזען שרעקלעך, נישט ווי מענטשן, און מיר האָבן אַנגעוואָרפן אַ פחד אויף די, וואָס האָבן אונדז געזען. מיר האָבן ווייטער געוואַנדערט ביז מיר זענען אַריינגעקומען אין צענטער פון שטאָט. עס איז געווען אַ גאַנץ גרויסע שטאָט. דאָס, וואָס מיר האָבן געזען האָט אויף אונדז אָנגעוואָרפן אַ גרויסן פחד: דייטשע סאָלדאַטן זענען אַרומגע־

לאָפן נאָך אין זייערע אוניפֿאָרמען, זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן דאָס געווער אין מיטן גאַס און געזוכט ציווילע מלבושים. מיר האָבן געציטערט פאַר אונדזער גורל און מיר האָבן שוין באַדויערט פאַרוואָס מיר האָבן פאַרלאָזט דעם לאַגער און זיך געלאָזט אין שטאָט. אויפן גאַס זענען געלעגן ביקסן, פאַר־שידענע אַמוניציע, מיליטערישע מלבושים, אָבער נישט קיין ברויט. איין סאָלדאַט איז צו צו אונדז און געפרעגט פון וואַנען מיר קומען אַהער. מיר האָבן אים דערציילט, אַז די סס.ס־לייט זענען אַוועק און איבערגעלאָזט דעם לאַגער אויף גאָטס באַראָט. ער האָט אונדז געגעבן אַ לאַבן ברויט און איז פאַרשוונדן, אָבער מיר האָבן זיך געפילט אַזוי משונהדיק און שרעקלעך טרויעריק, אַז מיר האָבן דעם ביסן נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען. מיר האָבן געקוקט אויפן ברויט און עס באַטראַכט ווי אַן אבן־טוב, עס האָט זיך אונדז אויסגעדאַכט ווי אַ גרויסער בריליאַנט וואָלט אונדז אַרייגעפאַלן אין די הענט אַריין...

מיר האָבן זיך דערנענטערט צו אַ צווייט הויז. דאָרט איז געשטאַנען אַ פרוי מיט אַ קינד, וואָס האָט געוויינט. אויך זי האָט געציטערט פאַר דעם וואָס עס דערוואַרט זי פון אונדז אַציגד. מיר האָבן אָבער בלויז אויסגעבעטלט ביי איר אַ ביסל וואַרעם וואַסער. מיר האָבן זיך דערפילט, מיט איין מאָל, ווי מיר וואָלטן געווען די גליקלעכסטע פון אַלע גליקלעכע, עס איז אונדז צוגעקו־מען אַ ביסל כוח. דערווייל האָבן מיר זיך דורכגעשמועסט מיט דער דייטשקע, זי האָט אונדז געשאָנקען מלבושים, וואָס זענען געווען — ווי זי האָט אונדז דערציילט — פון איר פאַרשטאָרבע־נעם מאַן און מיר האָבן באַקומען אַ גאַנצן אויסשטייער, פון אַ העמד ביז אַ שיך, דערמיט זענען מיר אַוועק אין לאַגער אָנזאָגן די ×ַנדערע באַפרייטע און זיי אויך אַרויסשיקן אין שטאָט אַריין.

גייענדיק אויפן וועג, האָבן מיר זיך איבערגעטאָן און אַוועקגעוואָרפן די לאַגער־מלבושים און דעם גאַנצן שמוץ, וואָס איז אויף זיי געווען. אין לאַגער האָבן מיר, ליידער, געטראָפן מער טויטע ווי לעבעדיקע און ווען מיר זענען אָנגעקומען האָבן זיי זיך פאַר אונדז דערשראָקן, ווייל זיי האָבן אונדז נישט דערקענט. אָבער באַלד איז די שמחה געוואָרן גרויס, דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין שטאָט אַריין. פאַר דער צייט, וואָס זיי זענען אָנגעקומען אין שטאָט איז זי נאָכ־אַמאָל באָמבאַרדירט געוואָרן און אַ גרויסער טייל פון די, וואָס זענען דאָרט געגאַנגען זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען...

*

די נאַכט פון 7טן אויפן 8טן מאי 1945 איז געווען אַ דעצידירנדיקע. עס האָט זיך געהערט אַ שטאַרקע מיליטערישע באַוועגונג און מיר זענען נישט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג האָט איינער דערזען אַ גרויסן טאַנק ווי ער ברעכט דורך די דראָטן, ער האָט זיך געלאָזט אויף אונדז און געוואָלט עפענען די טיר פון בלאָק. עס האָט זיך געהערט אַ געשריי און אַ קנאַק און מיר האָבן דערזען פאַר זיך אַ טאַנק מיט אַ „מגן־דוד" — אַזוי האָבן מיר אויסגעטייטשט דעם סאָוויעטישן שטערן — און געוואָלט גלייבן, אַז יידיש מיליטער האָט אונדז באַפרייט. מיר זענען אָבער געקו־מען צו זיך און דערזען, אַז דאָס איז אַ סאָוויעטישער טאַנק מיט אַ רויטן שטערן. מיט שמחה האָבן מיר אָנגעהויבן לויפן צום טאַנק, אָבער באַלד האָט זיך געהערט אַן אויסגעשריי „ניע פאָדכאָדי"... (גיי נישט צו). מיר זענען אַלע געווען באַגאָסן מיט טרערן פון שמחה, מען איז געפאַלן צו דער ערד און געקושט דאָס אָרט, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען די טאַנקן. ווען די זעלנער וואָלטן געשטאַנען נענטער און מיר וואָלטן געמעגט צו זיי צוקומען, וואָלטן מיר אויך געקושט די פיס פון אונדזערע באַפרייער !...

אַ ביסל שפּעטער זענען אָנגעקומען נאָך טאַנקן און די קאָמאַנדירן האָבן אונדז געבעטן מיר זאָלן פאַרבלייבן אויף אונדזער אָרט, מען ברענגט באַלד עסן און עס קומט אַ דאָקטאָר, וואָס וועט אונדז אונטערזוכן און די קראַנקע נעמען אין שפּיטאָל אַריין. באַלד איז אָנגעקומען די פעלד־קיך, מען האָט אונדז געגעבן אַ לייכטע זופּ, וואָס האָט געהאַט דעם טעם גן־עדן. ביז היינט פיל איך דעם טייערן טעם פון דער ערשטער מענטשלעכער זופּ, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געקריגן פון די סאָוויעטישע זעלנער. מיט אייניקע טעג שפּעטער זענען מיר אַרויס פון לאַגער און אַוועק אין שטאָט און אַריין אין די דירות, וואָס זענען געבליבן ליידיק פון די דייטשן, וואָס זענען אַנטלאָפן און זיי איבערגעלאָזט מיט אַלע שטוב־זאַכן.

צו אונדזערע צרות האָט אָבער נאָך אַלץ נישט גענומען קיין סוף. עס זענען געווען פיל קרבנות, וואָס זענען אומגעקומען פון צופיל עסן. אונדזער טראַגעדיע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן.

מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון ווו מיר זענען אין דער וועלט, מיר האָבן דערזען די ביטערע ווירקלעכקייט נאָכן נצחון. קיינער פון אונדזערע נאָענטע איז מער נישטאָ, מיר דרייען זיך אַרום קראַנקע און צעבראָכענע אויף דער וועלט, אָן אַ היינט און אָן אַ מאָרגן, אַוועק איז די אַמאָליקע היים, נישטאָ מער די טייערסטע

*

במשך פון עטלעכע וואָכן האָבן איך געלעבט — מער געלעגן צו בעט ווי אַרומגעגאַנגען — אין די דירות, וואָס זענען פאַרלאָזט געוואָרן פון די דייטשן. צוביסלעך האָט מען זיך צוריק צוגעווינט צום נאָרמאַלן עסן און צוגענומען אַ ביסל כוחות, עס איז אָבער שווער געווען זיך צוריקצוקערן צום נאָרמאַלן לעבן ווי אַמאָל. איך האָב זיך געהיילט ביי אַ דייטשן דאָקטאָר, אָבער קיין שום רעצעפּט האָט נישט געגעבן די געווונטשענע רעזולטאַטן. ליידער איז נאָך נישט געווען קיין באַן־קאָמוניקאַציע, אַנדערש וואָלטן מיר זיכער געוואָלט צוריקפאָרן אין אונדזער אַלטער היים. מיר האָבן געשטרעבט צוריקצופאָרן, גלייבנדיק אַז אפשר איז געשען אַ נס און עמעצער פון די טייערסטע האָט זיך דאָך אָפּגעראַטעוועט, מען האָט געטראַכט אַז אפשר וואָלט מען זיך גאָר אַ לאָז געטאָן אין וועג אַריין צופוס, אָבער מען האָט זיך באַלד אָפּגעזאָגט פון דעם געדאַנק, ווייל דער וועג איז געווען זייער אַ ווייטער און אַ שווערער. דאָס געוויסן האָט אָבער געמאַטערט און מיך נישט געלאָזט רוען, מיין פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט און מיר אומאויפהערלעך אונטערגעזאָגט, אַז דאָרטן, אין דער אַלטער היים, וואַרט אויף מיר מיין פרוי און מיין קינד, משפחה און נאָענטע. עס איז אוממעגלעך געווען ווייטער צו בלייבן אויף אַן אָרט און גאָרנישט טון.

אַ גרופּע יידן און איך צווישן זיי, האָבן זיך אָפּגעשמועסט צו לאָזן זיך אין וועג אַריין, צופוס, מיר האָבן זיך אַרומגעשלעפּט און געוואַנדערט אויף די וועגן וואָכנלאַנג. ווו מען האָט זיך נאָר אַ קער געטון האָבן מענטשן געהאַלטן אין איין גיין, ממש אַ פעלקער־וואַנדערונג, וואָס רייסן זיך צו זייער אַלטער היים. אַ סך מענטשן האָבן מיט זיך מיטגענומען זייער פיל זאַכן פון די דירות, וואָס זיי האָבן אויסגעפּלינדערט, דער עיקר האָט מען גענומען בגדים, אָבער אויך אַלץ, וואָס מען האָט נאָר געקאָנט מיט זיך מיטשלעפּן. די רוסישע סאָלדאַטן האָבן אַרויפגעפּאַקט אויף זייערע אויטאָס אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געזען און געווען ביכולת צו נעמען. צווישן די וואַנדערער האָבן מיר באַגעגנט אויך יידישע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אין דייטשלאַנד און דאָרט אָנגעגאַנגען אַלס פּאָליאַקן און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט, ווי נאָר זיי האָבן אונדז דערקענט איז די שמחה געווען זייער גרויס און מען האָט זיך באַפריינדעט און אויך דערציילט איינער דעם צווייטן די איבערלעבונגען.

נאָך אַ לאַנגער וואַנדערונג בין איך אָנגעקומען אין אַן אָרט אין שלעזיע, ווו די באַן איז שוין געגאַנגען נאָרמאַל, איך בין אַרויף אויף דער באַן און געפאָרן קיין קאַטאָוויץ. ווען איך בין אַראָפּ אין שטאָט און דערזען, אַז אַלץ איז דאָרט ווי געווען און עס איז גאָרנישט צעשטערט אָדער באַשעדיקט, האָט עס ביי מיר אויסגעקוקט ווי אַחלום, עס האָט זיך ביי מיר געשטאַרקט די האָפענונג, אַז אפשר וועל איך אויך מיין היים טרעפן גאַנץ און דאָרט געפינען אויך מיינע טייערסטע און נאָענטסטע.

פאַרטאָג בין איך פון קאַטאָוויץ אַרויסגעפאָרן קיין סאָסנאָוויץ. ווען איך האָב דערזען די שטאָט פון מיין אַלטער היים, האָב איך זיך שטאַרק צעוויינט פאַר שמחה. די שטאָט איז געשטאַנען כמעט גאַנץ. די זעלבע גאַסן, די זעלבע שטיינער, די מאָנדזשעווער גאַס איז די זעלבע שמאָלע גאַס מיט די זעלבע געשעפטן, וואָס ציט זיך אַזוי לאַנג און שלענגלט זיך ביז צו דער ערשטער מאַי־גאַס, אַמאָל איז דאָ געווען אַזוי לעבעדיק, די גאַס האָט ממש געקאָכט און געצאַפּלט מיט מאַסן יידן, אָבער ווו זענען אַציּנד די דאָזיקע יידן ? מען זעט דאָ נישט קיין זכר פון קיין ייד, עס גלייבט זיך גאָרנישט, אַז די יידן זענען שוין טאַקע מער נישטאָ. ווו זענען אַהינגעקומען די בחורים מיט די לאַנגע פיאות, וואָס פלעגן לערנען אין דער ישיבה פון ראַדאָמסקער רבין ? ווו זענען די פריילעכע חסידים מיט זייערע טענץ און געזאַנגען און זייערע שטריימלעך ? ווו איז דאָס פאָלק ישראל, ווו איז דאָס אַלץ אַהינגעקומען ?

איך הייב אָן שפּאַצירן איבער די גאַסן, זוכן אומעטום און געפין ליידער קיינעם נישט, איך וויל זען די פנימער פון די אַמאָליקע סוחרים, וואָס זענען געשטאַנען אין זייערע געשעפטן, נישטאָ קיינער ד געשעפטן זענען פאַרבליבן, עס זענען דאָ די זעלבע שויפענצטער, אָבער אין די טירן

פון די געשעפטן זעט מען גאַנץ אַנדערע פנימער און גאַנץ אַנדערע סחורות אויף די פּאַליצעס, די פנימער זענען נישט קיין יידישע און אין די געשעפטן קאָן מען קריגן וורשט, פּוטער, ברויט א.א.וו. אַלץ האָט זיך אַזוי משונהדיק געענדערט. אין די געשעפטן שטייען געוועזענע פּויערים פון די ווייטסטע דערפער אין אונדזער געגנט, זיי זענען עס געקומען פאַרטרעטן די יידישע סוחרים. וואָס פאַראַ משונהדיק בילד!

איך גיי ווייטער און דערנענטער זיך צו מיין היים. איך באַגעגן דעם סטרוזש פון אונדזער הויז, ער און זיינע קינדער לעבן. מיין ערשטע פראַגע איז — צי מיין פרוי און קינד לעבן? זיין תשובה איז, אַז קיינער איז נישט פאַרבליבן און קיינער איז דאָ מער נישטאָ פון די יידן, וואָס האָבן דאָ געוווינט פאַר דער מלחמה. איך קאָן זיך מער נישט באַהערשן און איך צעוויין זיך, ווי אַ קליין קינד. דער נאַקעטער און שרעקלעכער אמת שטייט איצט פאַר מיר און מאַכט אַ סוף צו מיינע אילוזיעס און האָפענונגען. זאָל דאָס טאַקע זיין די שרעקלעכע ווירקלעכקייט? מיינע טייערסטע זענען שוין טאַקע נישטאָ? איז שוין טאַקע פאַרלוירן געגאַנגען דער לעצטער פונק פון האָפענונג? איך זעץ זיך אַוועק אויף אַ שטיין. דער סטרוזש רופט אַרויס זיין פרוי און קינדער, ער זאָגט זיי ווער איך בין. זיי קוקן זיך צו, צלמען זיך איבער, אָבער זיי דערקענען מיך נישט. אָט דאָס איז עס, וואָס די נאַציישע מערדער האָבן געמאַכט פון אונדז! זיי האָבן אַוועקגערויבט אונדזער צורה און איצט דערקענען אונדז שוין נישט קיין מענטשן, אַפילו די, וואָס זענען טאָג־טעגלעך געווען אַזוי נאָענט צו אונדז!

ווען איך באַרואיק זיך אַ ביסל, דערציילן זיי מיר, מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער, וואָס עס איז געווען דער גורל פון אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע, ווען זיי זענען אַוועק אויף זייער לעצטן וועג. עס איז פשוט משוגע צו ווערן פאַר יסורים, ווען מען הערט זייערע ווערטער. דאָס זענען פשוטע פּויערישע ווערטער, וואָס דערציילן וועגן דער שרעקלעכסטער טראַגעדיע פון אונדזער דור.

איך הייב אויף מיין קאָפּ און קוק אַרויף צום באַלקאָן פון מיין געוועזענער דירה, דאָרט פלעגן מיר, מיין פרוי און מיין קינד, זיצן צוזאַמען און פאַרברענגען געמיטלעך אין די פרידלעכע צייטן. עס כאַפּט מיך אַרום אַ שרעקלעך קלעמעניש ביים האַרץ, איך קאָן זיך נישט שענקען, וואָס דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל און היינט איז עס שוין פאַרביי און וועט שוין מער קיינמאָל נישט צוריק־קומען. עס ווערט מיר נישט גוט, שוואַרצע פונקען לויפן מיר פאַר מיינע אויגן, מיר דאַכט זיך פּלוצים, אַז עס איז גאָרנישט געשען, אַז אַלץ איז נאָך ווי געווען. אָט זע איך זיי, מיינע טייערסטע, שטיין ווי אַמאָל אָט אָ דאָ, נישט ווייט פון מיר, עס ווילט זיך דאָ פאַרבלייבן און אַזוי בלייבן שטיין אַ לעבן־לאַנג. אָט וועל איך זיי כסדר אַזוי זען ווי איך זע זיי איצט אין דער פאַרטונקלטקייט פון מיינע פאַרפינצטערטע אויגן...

*

עס גייט אַוועק אַ ביסל צייט און איך קום צו זיך ביסלעכוויַיז, איך ווער וואַך צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אַרום מיר. איך האָב זיך מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט און בין געוואָרן ניכטער, איך שטיי אויף און רייס זיך אַרויס פון מיין פאַרגליווערטקייט און אַנטלויף פונעם פּלאַץ, פון מיין פאַרגאַנגענ־הייט, פון מיין רואיקער זיסער היים און פון אַלץ וואָס איז מיר געווען אַזוי ליב און טייער.

אויף צומאָרגנס פאַרלאָז איך די שטאָט. פאַר מיר איז עס מער נישט קיין שטאָט, נאָר אַ בית־הקברות, איך האָבן געזוכט מיינע יידן, איך האָב געזוכט מיינע נאָענטע, מיינע קרובים, מיין משפחה און עס איז אוממעגלעך עמעצן פון זיי צו געפינען, קיינער איז נישטאָ, אַ טויטקייט הענגט איבער דער שטאָט... אָבער נישט נאָר די טויטקייט, וואָס איז געווען און אַלץ צוגענומען, נאָר אויך דער נייער טויט, וואָס דראָט דאָ יעדן ייד. אָט זענען צוריקגעקומען אייניקע צעבראָכענע יידן און שוין הערשט אין סאָסנאָוויץ אַ פּאָגראָם־שטימונג. די פּאָליאַקן האָבן מורא טאָמער וועלן די יידן, חלילה, צוריקפאָדערן זייערע היימען און דאָס פאַרנומענע, צעראַבירטע האָב־און־גוטס, וואָס איז פאַרבליבן אין זייערע הענט. נישטאָ קיין בעסער „מיטל” ווי אויסהרגענען אויך די פּאָר יידן און אַזוי אַרום וועט שוין קיין יורש נישט פאַרבלייבן פון די אַלע פאַרמעגנס, הייזער, מעבל און וועש, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו זיי...

איך בין אַרויס אין וועג און געוואַנדערט צוריק אויף מערב און בין אַריין קיין טשעכיע. איך האָב געוואַנדערט איבערן סודעטן־לאַנד און פון דאָרט צוריק קיין דייטשלאַנד. איך וואַרט אויף אַ מאָדנעם נס, אַז אָט אָט, וועט זיך מיר אָנטרעפן אויפן וועג עמעצער פון מיינע נאָענטע אָדער

גוטע באַקאַנטע פון פאַר דער מלחמה. איך געפין אָבער קיינעם נישט, איך האָב געזוכט דורכן ראַדיאָ אין אַ ספּעציעלער דינסט, וואָס האָט זיך דאַן איינגעשטעלט, אָפּצוגעפינען איינער דעם צווייטן. איך זוך דורך דער פאַרמיטלונג פון רויטן קרייץ, אָבער אַלץ איז אומזיסט, קיינער רופט זיך נישט אָפּ, קיינער איז נישט פאַרבליבן, די דייטשע מערדער האָבן אַלע אומגעבראַכט.



גערעַטעוועטע יידן — וואַנדערנדיק צו זייער חרובער היימען — באַזוכן אויך די קרעמאַטאָריומס, וו זייערע טייערסטע זענען דורך די ווילדע חיות פאַרברענט געוואָרן. זיי ספּאַזמירן, רייסן זיך די האָר פון קאָפּ פון פאַרצווייפלונג!

איך האָב באַשלאָסן אָנצוהייבן זוכן די יידישע בריגאַדע, מיט זייער הילף וויל איך קומען קיין ארץ־ישראל, אין דער היים פון מיינע עלטערן און שוועסטער און ברידער. איך וויל גלייבן, אַז עס וועט מיר געלונגען אָנהייבן אין ארץ־ישראל אַ ניי לעבן. ווי שרעקלעך איז דאָס בילד — פון אַלע אונדזערע קרובים און משפחה בין איך דער איינציקער, וואָס איז געראַטעוועט געוואָרן.

איך האָב זיך דערשלאָגן קיין פּראָג. דאָרטן האָב איך געטראָפן אַ סך יידן. יעדער האָט געזוכט זיינע נאָענטע. ערשט אין פּראָג איז מיר געלונגען, צום ערשטן מאָל, זיך צו פאַרבינדן מיט דער גרויסער וועלט. איך האָב אַרויסגעשיקט צוויי טעלעגראַמעס, איינע קיין ארץ־ישראל צו מיינע עלטערן, און איינע קיין אַמעריקע צו מיין ברודער. איך האָב געוואַרט אויף אַ תשובה, אָבער זי איז ליידער נישט געקומען. שוואַרצע מחשבות קומען ווידעראַמאָל אַרויף אויפן געדאַנק, אפשר איז אין צווישנצייט געשען דאָס ערגסטע, אין די יאָרן פון דער מלחמה זענען מיינע נאָענטע געשטאָרבן און איך בין געבליבן איינער אַליין אויף דער וועלט.

איך בין ווידער אַרויס אין וואַנדער־וועג. אין דייטשלאַנד פאָר איך דורך אַ סך שטעט, וואָס זענען צעשטערט, פאַרברענט און חרוב, אַלס רעזולטאַט פון דער מלחמה און די שווערע באָמבאַר־דירונגען. אָט זע איך ווייטער רעגענסבורג אין רואינען און א סך אַנדערע שטעט און דאָס האַרץ קוועלט פון נקמה. אָבער דאָ זע איך, ווי די דייטשן האָבן אָנגעהויבן ווייטער לעבן זייער נאָרמאַל לעבן, טאַקע צווישן די חורבות, אָבער לעבעדיקע, געזונטע, גאַנצע, מיט זייערע משפחות. דאָס זענען דאָך די זעלבע דייטשן, וועלכע האָבן אונדז געפירט צו דער שרעקלעכסטער שחיטה אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. עס כאַפּט מיך אָן אַ שרעקלעכער כעס און עס וואָלט זיך אַזוי געוואָלט נעמען אַ מאַשין־געווער אין האַנט און דערשיסן יעדן דייטשן מערדער, יעדן געווע־זענעם פייניקער. דאָס האַרץ בלוטיקט מיר, ווען איך זע די קליינע, פריילעכע, שפּילנדיקע קינדער, זיי האָבן רעכט צו לעבן, נאָר מיין קינד נישט! אַ פאַרשאָלטענע וועלט!

*

פיר יאָר צייט האָב איך זיך אַרומגעוואַלגערט אין דייטשלאַנד, ביז איך האָב זוכה געווען צו קומען אַהיים קיין ארץ־ישראל. פאַר דער צייט האָב איך געשאַפן אַ פאַרבינדונג מיט מיינע עלטערן. איך האָב זיך אויך פאַרבונדן מיט מיין משפחה אין ארץ־ישראל און אין אַמעריקע. דער ערשטער בריוו פון מיין פאָטער איז געווען דורכגעווייקט מיט טרערן, וואָס ער האָט געוויינט ביים שרייבן און פון מיר וואָס האָב געוויינט ביים לייענען. דער פאָטער מיינער, אין זיין גוטסקייט, האָט מיך געטרייסט אין מיינע צרות, אָבער ער האָט נישט באַגריפן, אַז איך קאָן נישט פאַרטראָגן, ממש נישט פאַרדייען קיין טרייסט־ווערטער. דער פאָטער בעט מיך, איך זאָל קומען קיין ארץ־ישראל און דאָרט, פאַרזיכערט ער מיך, וועל איך קומען צו זיך. ער האָט מיר אויך געשריבן, אַז איך מוז פאַרגעסן מיינע צרות און ליידן, ווייל די צרה איז אַן אַלגעמיינע. איך קאָן זיך אָבער דערמיט נישט טרייסטן, איך קאָן נאָר לעבן מיטן ביטערן אמת.

עס גייען אַוועק וואָכן און חדשים און אויך יאָרן. מען ווערט מיטגעריסן מיטן לעבן, מען העלפט צו שטורעמען די וועלט, מען זאָל אונדז באַוויליקן צו געבן אַ יידישע מדינה, אַ היים פאַר אונדזערע פאַרוויסטע נשמות און צעבראָכענע גופים. מען פירט דורך דעמאָנסטראַציעס קעגן די ענגלישע קאָנסולן אין דייטשלאַנד, מען גרויסט און לויבט די אַמעריקאַנער, מען לאָזט נישט רוען קיין איין טאָג די עפנטלעכע מיינונג, ביז עס קומט דאָס יאָר 1947. עס פאַלט דער באַשלוס פון די פאַראייניקטע פעלקער צו גרינדן אַ יידישע מדינה. באַלד הייבן זיך אָן די קאַמפן אין ישראל, יידיש בלוט גיסט זיך ווידער, אונדזערע געראַטעוועטע פון היטלער־גיהנום לאָזן זיך אין וועג אַריין, העלפן דעם ישוב אין זיין העראָישן קאַמף. דורך אַלע וועגן פאָרט מען און מען רייסט זיך אין לאַנד און אַ סך גיבן אַוועק זייערע אָפגעראַטעוועטע לעבנס פאַר מדינת ישראל.

אין יאַנואַר 1949 איז אָנגעקומען פאַר מיר דער גליקלעכער מאָמענט אין מיין לעבן, איך באַקום אַ ידיעה פון דער סוכנות אין מינכען, אַז מאָרגן פרי קאָן איך פליען קיין ישראל. אַ גליקלעכער לאָז איך מיך אין וועג אַריין, און עלף אַ זייגער אין אָוונט, שטייג איך איין אין עראָפּלאַן.

צומאָרגנס, צען אינדערפרי בין איך אין תל־אביב, איך לאָז זיך גלייך אַוועק צו מיינע עלטערן. אונדזער צוזאַמענטרעף איז אַ מאָדנער, פון איין זייט איז עס אַ גרויסע פרייד און גליקצייטיק עפנט זיך אויפסניי די גרויסע טיפע וואונד, וואָס איך טראָג אין האַרץ. מען פרייט זיך, און אין מיטן דער שמחה קומט אויף אַ טיפער טרויער. עס זענען אַוועק לאַנגע טעג ביז איך האָב אָנגעהויבן קומען צו זיך. איך האָב פאַר זיך געזען אַ נייע וועלט, אַ יידישע וועלט און איך טראַכט זיך: נאָך אַלע ליידן און שרעקלעכע צרות האָב איך דאָך דערלעבט צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן אַ יידישע מדינה!

איך האָב אָנגעהויבן אַ נייַ באַשיידן לעבן, אָבער די טראַגעדיע לאָזט מיך נישט אָפּ, זי לאָזט נישט פאַרגעסן די אַלע, וואָס זענען אַוועק פון אונדז און וועלן שוין מער קיינמאָל נישט צוריק קומען!...

לייבוש עדעליסט
טאָראָנטאָ

# וואס האבן מיר געטון פאר אונדזערע ברידער נאך דער צווייטער וועלט־מלחמה

### (אויסצוג פון אַ בריוו פון קאַנאַדע)



איר האָט מיך געבעטן שרייבן מיינע זכרונות וועגן יענדזשעוו, ס׳איז אַ ביסל שווער דאָס צו טון.

זינט 1928 בין איך שוין אין קאַנאַדע. כ׳געדענק, אַז כ׳בין געבוירן אין יענדזשעוו, דאָרט האָבן געלעבט מיינע גאָטזעליקע עלטערן — מיין פאָטער יעקל עדעליסט ז״ל און מיין מאַמע חנה פייגל ז״ל. מיר זענען געווען אַ גרויסע משפחה אָן עין־הרע, אַ שטוב מיט אַ סך קינדער, ברידער און שוועסטער (היטלער, ימח שמו האָט אַ גרויסן טייל פון זיי אומגעבראַכט).

פון מיינע קינדער־יאָרן געדענק איך צוויי זאַכן. מיין טאַטע, זכרונו לברכה, האָט מיך געוואָלט מאַכן פאַר אַ רב, אַזוי ווייט איז עס נישט דערגאַנגען. אָבער אין אַ ישיבה האָב איך יאָ געלערנט. מיין רבי איז געווען ר׳ יאָסעלע כעלעמער, אַן איידעם פון ר׳ יחיאל שיינפעלד פון קעלץ און אַן אייניקל פון ר׳ יודל קאָמינער פון פּאַדזאַמטשע דעם גערער רבינס — דעם „שפת אמת" — שווער).

ר׳ יאָסעלע כעלעמער איז אויך געווען דער שטענדיקער בעל־מוסף אין די ימים נוראים אין גערער הויף. זיינע ניגונים זינגט מען ביז היינט אין אַלע גערער שטיבלעך אויף דער גאַנצער וועלט.

די צווייטע זאַך, וואָס איך געדענק איז (מ׳זאָגט, אַז אַ „נאַרישקייט" געדענקט זיך) דאָס וואָס מיר, בית־המדרש־בחורים, האָבן דאַן אָפּגעטון. עס איז באמת געווען אַ גרויס נאַרישקייט, צוליב וועלכן כ׳האָב נאָך ביז היינט חרטה, און אפשר האָבן אַלע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם, חרטה גלייך מיט מיר?

כ׳ תמוז, אינעם ערשטן יאָרצייט־טאָג פון ד״ר בנימין זאב הערצל ז״ל, האָבן די יענדזשעווער ציוניסטן געוואָלט מאַכן אַן אזכרה אין בית־המדרש. „ציוניזם" איז דאַן געווען טריף ביי די פרומע לייט, און די גאַנצע גרופּע בית־המדרש־בחורים האָט אָנגעהויבן לערנען אויפן קול, כדי צו שטערן און פאַרטויבן דאָס קול פונעם חזן, וואָס האָט געמאַכט די אזכרה, און זיי האָבן געזיגט!...

כ׳מיין, אַז עס איז כדאי דעם דאָזיקן קוריאָז צו דערמאָנען אין „יזכור־בוך". זאָלן אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער וויסן, וואָס אין זייער עלטערנס שטעטל האָט געקאָנט געשען.

און איצט עטלעכע שורות וועגן דעם, ווי אַזוי מיר האָבן רעאַגירט אויף דעם גרויסן אומגליק פון פּוילישן יידנטום און פון אונדזערע יענדזשעווער קדושים בתוכם. דערוויסנדיק זיך, אַז ס׳איז געבליבן לעבן אַ קליינע צאָל יענדזשעווער יידן, וואָס געפינען זיך אין דייטשלאַנד, האָבן מיר באַלד אָרגאַניזירט אַ „יענדזשעווער הילפס־פאַראיין"

און הגם אונדזער צאָל איז זייער אַ קליינע, האָבן מיר — מיין ברודער חיים, אברהם פּלעשאָווסקי, זיין שוועסטער ביילע, רובינשטיין, גאָלדע זערניצקי און איך, געטון איבער די כוחות, געשיקט שפּיז־פּעקלעך קיין דייטשלאַנד, וויפל מיר האָבן נאָר געקאָנט.

מיר האָבן זיך אויך פאַרבונדן מיט די יענדזשעווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, וועלכע האָבן צו אונדז דעלעגירט די חברים משה בענטשינסקי און בער"ל מאָרדקאָוויץ. מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ געמיינזאַמען פּלאַן פאַר אַ הילפס־אַקציע פאַר די יענדזשעווער לאַנדסלייט און אַלץ געטון, זיי זאָלן קאָנען וואָס שנעלער פאַרלאָזן דאָס פאַרשאָלטענע דייטשלאַנד און געפינען אַ מקום־מנוחה אין ישראל אָדער אין אַנדערע לענדער, ווו יידן קאָנען פריי לעבן.

מיט פרייד און צופרידנקייט האָבן מיר אויפגענומען אייער באַשלוס אַרויסצוגעבן אַ „יזכור־בוך", געווידמעט אונדזער חרובער קהילה און אונדזערע קדושים, און זיך באַמיט מיטצוהעלפן צו דער פאַרווירקלעכונג פון אַזאַ וויכטיקע זאַך. אַ באַזונדערן דאַנק קומט דעם ניו־יאָרקער „יענדזשעווער פאַראיין" פאַר זיין גרויסע הילף ביים אָרגאַניזירן די דאָזיקע הייליקע אַרבעט אויך אין קאַנאַדע.

מיט יראת־הכבוד וועט יעדער פון אונדז, וואָס שטאַמט פון יענדזשעוו, אויפנעמען דאָס „יזכור־בוך" און בענטשן די איניציאַטאָרן פאַרן פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן היסטאָרישן דענקמאָל פאַר אונדזער שטאָט!

יעקב עלבוים ז"ל

**תל־אביב**

## פון מיינע איבערלעבענישן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה

**(זכרונות)**

### דאָס אַנטלויפן פון יענדזשעוו אין יאָר 1939

ביזן מלחמה־אויסברוך האָב איך געוווינט אין יענדזשעוו. אונדזער שטעטל איז בכלל געווען אַ רואיק, שטיל אָרט, ווו יידן האָבן זיך געלעבט נישט שלעכט. עס איז דאָרט אויך געווען אַ רואיק געזעלשאַפטלעך לעבן און אַלע פּאַרטייען האָבן זיך דאָרט, ביזן מלחמה־אויסברוך, זייער פיין אַנטוויקלט.

זונטיק, דעם 3טן סעפּטעמבער 1939, איז אין אונדזער רואיק שטעטל אויסגעבראָכן אַ גרויסע מהומה, בפרט צווישן די יידן, וועלכע האָבן אינסטינקטיוו דערפילט, אַז זיי שטייען פאַר אַ גרויסן בלוט־מבול, וואָס וועט זיי אַראָפּשווענקען פון האָריזאָנט.

פון איין זייט מאַרשירן פון אַלע זייטן די העלדישע היטלעריסטישע מחנות, שטאָלצע מיט זייער לייכטן נצחון, און פון דער צווייטער זייט לאָזן זיך דערשלאָגענע יידישע קהלות מיטן וואַנדער־שטעקן אין האַנט, דורך אַלע וועגן, זוכן נייע ערטער פאַר זיך און פאַר זייערע פיצלעך קינדער.

מען לויפט. ווער מיט אַ פערד־און־וואָגן, אָבער דער גרעסטער טייל גייט צופוס, מיט די פעקלעך אויף די פּלייצעס און מיט אַלטע עלטערן, ווייבער און קליינע קינדער אַרום זיך.

די וואַנדערנדיקע מחנות ווערן מיט דער „דייטשער פּינקטלעכקייט״ באַגלייט דורך זייערע עראָפּלאַנען, וואָס וואַרפן אַן אויפהער און אָן שום רחמנות באָמבעס אויף די אומבאַשיצטער הילפלאָזער מענטשן־מאַסע. אַלץ ציטערט. הייזער שפּרינגען אין דער לופטן. עס פעלן אויך נישט קיין קרבנות צווישן די אַנטלויפנדיקע.

אַלע מלוכהשע אינסטיטוציעס ווערן עוואַקואירט, אַלץ ווערט שנעל געפּאַקט און אַלע רעגירונגס־באַאַמטע זענען צעטומלט און לויפן צוזאַמען מיט די מאַסן, נישט וויסנ־דיק וווהין...

די ציווילע באַפעלקערונג איז פאַרצווייפלט, זיי זעען, אַז זיי זענען שוצלאָז, נישטאָ קיין רעגירונגס־מאַכט, נישטאָ קיין מיליטער, נישטאָ קיין געווער. זיי זעען, ווי זייערע וווינונגען און שטוב־זאַכע ווערן צעבראָכן, פאַרברענט, און זיי ווייסן אַפילו נישט, וואָס דער מאָרגן וועט זיי ברענגען...

דעם שרעקלעכן זונטיק פון 3טן סעפּטעמבער 1939, וועל איך מיין גאַנץ לעבן נישט פאַרגעסן!

## דער געפערלעכער מאַרש איבער פּוילן

פאַרלאָזנדיק מיין יוגנט־היים שלעפּ איך זיך שוין אויטאָמאַטיש מיטן גרויסן שטראָם פון די מחנות היימלאָזע, וועלכע ווערן אָן רחמנות באַגלייט דורך די אַכזריותדיקע דייטשע פליער, וואָס וואַרפן אָן אויפהער ברען־באָמבעס און די צאָל מענטשלעכע קרבנות וואַקסט און וואַקסט...

עלטערן לאָזן איבער די צעשמעטערטע קינדער, וואָס זענען געפאַלן קרבנות פון די אויפרייסנדיקע באָמבעס און גייען ווייטער... דאָס זעלבע טוען אויך קינדער, וואָס האָבן פאַרלוירן דורך דער באָמבאַרדירונג זייערע עלטערן.

קומענדיק אין דאָרף מניכאָוו (ביי יענדזשעוו) האָב איך דאָרט געטראָפן אַ באַ־קאַנטן קריסט, אַ גרויסער חשוב, אַ מיטגליד פון פּוילישן סענאַט, וואָס איז אויך „געלאָפן״. איך פרעג אים: „וווהין לויפן מיר?״ און ער ענטפערט מיר מיט דער גאַנ־צער זיכערקייט: „מיר מוזן צולויפן ביזן טייך נידאַ, דאָרט וועט די העלדישע פּוילישע אַרמיי שטעלן דעם ערשטן ווידערשטאַנד און פון דאָרט וועלן מיר אַהיימפאָרן״...

קומענדיק צום טייך נידאַ, האָבן מיר דאָרט נישט געפונען קיין אָנצייכעניש פון וועלכן ס׳איז פּוילישן סאָלדאַט... אָבער עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אַפילו די הויכע פּוילישע מלוכה־מענער, ווי דער דאָזיקער סענאַטאָר, האָב נאַיוו געגלייבט, אַז פּוילן איז אימשטאַנד צו פירן מלחמה און שטעלן וועלכן ס׳איז ווידערשטאַנד די היטלעריס־טישע מיליטערישע כוחות. דאָס באַווייזט, אַז די פּוילישע רעגירונג האָט באַהאַלטן, אַפילו פאַר אירע מלוכה־מענער און פאַר די געוויילטע פאָרשטייער פון פּוילישן פאָלק, דעם אמתדיקן מצב פון איר אַרמיי.

אין מניכאָוו האָב איך געטראָפן פיל באַקאַנטע יענדזשעווער יידן, ווי אויך יידן פון אַנדערע שטעט, וועלכע האָבן זיך נעבעך געשלעפּט מיט זייערע וואַליזקעס און רוקזעק, נישט וויסנדיק אַפילו וווהין צו לויפן...

כ׳האָב דאָרט אויך געטראָפן אונדזער חשובן בן־עיר, דעם גרויסן חסידישן עסקן און שטאָט־גביר ר׳ מרדכי יוסף ווערדיגער ז״ל מיטן טלית און תפילין אין האַנט און אויף מיין פראַגע: „ר׳ מרדכי יוסף, וווהין גייען מיר?״ האָט ער פאַרצווייפלט געענטפערט: „איך גיי אָפּריכטן גלות צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן פאָלק!״ און אַזוי זענען מיר ווייטער געגאַנגען ביז כמעלניק, וווּ כ׳וויל זיך אַ ביסל אָפּרוען.

אָבער עס איז נישט געווען באַשערט. פּלוצים ווערט אַ מהומה און אַלע כמעלניקער יידן הייבן אָן לויפן מיט אונדז...

מיר וואַנדערן ווייטער. מיר זענען געווען אין בוסק, סטאָפּניץ, סטאַשעוו און זיך דערשלעפּט ביזן קליינעם שטעטעלע באָגריע.

אָבער אויך דאָ באַוויזן מיר זיך נישט אָפּצורוען אַפילו קיין איין מינוט. עס ווערט ווידער אַ גרויסע פּאַניק. אַ גרויסע מחנה דייטשע עראָפּלאַנען, פּרוווט „אָפּרוימען״ אויך דעם וויכטיקן סטראַטעגישן פּונקט באָגריע פון גאָטס ערד און זיי האָבן אויך די דאָזיקע „גבורה״ באַוויזן!...

די לעבנגעבליבענע נאָכן לופט־אָנגריף אויף באָגריע, וואַנדערן ווייטער. אָט זענען מיר שוין אין אָזשאַראָוו, שפּעטער אין ראַכעוו, אָפּט (אָפּאַטאָוו), זאַוויכוואָסט און ביי־נאַכט זענען מיר שוין אין סאַנדאָמיערזש, וווּ מיר ווילן אַריבער אויף דער צווייטער זייט פון דער ווייסל. אָבער אויך די בריק ווערט באָמבאַרדירט און איז געשלאָסן פאַר די אומגליקלעכע וואַנדערנדיקע מאַסן — מען לאָזט אַדורך נאָר די „העלדישע״ פּוילישע אַרמיי, וואָס לויפט אַלץ ווייטער און ווייטער פון שונא...

די יידן זענען פאַרצווייפלט. דאָס יאָמערלעכע געוויין פון אַלע, יונג און אַלט, איז גאָרנישט צו שילדערן. אַלע אָן אויסנאַם זאָגן: „לאָמיר זיך בעסער וואַרפן אין דער ווייסל, איידער אַריינצופאַלן אין די הענט פון די היטלעריסטישע רוצחים!״...

פּלוצים באַוויַיזט זיך אַ פּוילישער אָפיציר און שרייט אויס: „לויפט וואָס שנעלער אַריבער די בריק!״ עס איז געוואָרן אַן אומבאַשרייבלעכער טומל. מענטשן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חיות. מען איז געלאָפן ווי משוגעים, טרעטנדיק אויף אַלטע לייט, קראַנקע, פרויען און קינדער. יעדער האָט געוואָלט וואָס שנעלער אַריבער די בריק.

מיר זענען נאָכדעם געלאָפן נאָך עטלעכע קילאָמעטער, ביז צום ערשטן פּוילישן דאָרף. דאָרט האָבן מיר זיך אַ ביסל אָפּגערוט און זיך געלאָזט ווייטער קיין ראָזוואַדאָוו אין גאַליציע.

## דער מאַסן־מאָרד דורך דייטשע פּליער

דאָרט האָבן מיר איבערגעלעבט אַ גרויזאַמען מאָמענט, וואָס כ׳וועל מיין גאַנץ לעבן נישט פאַרגעסן. אויף דער באַן־סטאַציע זענען געשטאַנען דריי פּאַסאַזשיר־צוגן, פול מיט היימלאָזע מענטשן. פּלוצים איז אָנגעקומען אַ גרויסע צאָל דייטשע עראָפּלאַנען און באַוואָרפן די צוגן מיט ברען־באָמבעס. די לאָקאָמאָטיוון און וואַגאָנען זענען געוואָרן צעשמעטערט און אַלע היימלאָזע מענטשן זענען דאָרט פאַרברענט געוואָרן. די דייטשע רוצחים האָבן געפייערט זייער נצחון. זיי האָבן זיך געפרייט קוקנדיק אויף די לעבעדיק־ברענענדיקע פאַקעלן — אויף די אומגליקלעכע אומשולדיקע קרבנות... אויך דער שטן איז געווען מלא שמחה, ער האָט באַוויזן זיין קראַפט — פאַרוואַנדלען די שיין־מונדירטע דייטשע פּליער אין נאַקעטע חיות!

לייבוש פייגענבוים
יפו

# פאקטן

מיר גיבן דאַ אַ קיצור פון לייבוש פייגענבוימס אַ בריוו צום ארגון עולי יעדזשיוב בישראל, געשריבן נאָך פון פוילן (זשעלאַזאַ גורא, נידערשלעזיע) דעם 1טן יאַנואר 1959.

...„כ׳וויל אייך שרייבן וועגן אייניקע, וואָס האָבן, לויט מיין מיינונג, זיך פאַרדינט זיי זאָלן פאַראייביקט ווערן אין אונדזער יענדזשעוווער יזכור־בוך.

אויפן ערשטן אָרט דאַרפן דערמאָנט ווערן אונדזערע ערשטע דריי קרבנות, וואָס זענען אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע רוצחים באַלד ביים מלחמה־אויסברוך: מרדכי שלאר, הי״ד (אַן איידעם פון חיימאָוויץ), קאכען (אַן אייניקל פון דוד העלבערג ז״ל) און אַ זון פון ראובן פעלדמאַן (דער גאָלדשמיד). זיי אַלע האָבן געוווינט אין ראָג פינטשעווער גאַס און שטאָט־מאַרק. זייער ביטערער סוף האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טרויער און אומרו צווישן דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג און פאַרפינצטערט זייער לעבן.

אַ בכבודיקן פלאַץ אין יזכור־בוך״ דאַרף אויך אָפּגעגעבן ווערן דעם זכרון פון משה זילבערשטיין, הי״ד. זייענדיק אין יודענראַט האָט ער תמיד געפילט, אַז זיין הייליקע אויפגאַבע איז צו העלפן יידן און זיי ראַטעווען פון טויט. זילבערשטיין האָט זיך מקריב געווען פאַר זיינע ברידער און תמיד זיך באַמיט זיי באַצייטנס צו וויסן טון וועגן די געפאַרן, וואָס דראָען, און אַ דאַנק אים האָבן זיך פיל יידן געראַטעוועט פון טויט. ער האָט פאַר זיין גוטסקייט באַצאָלט מיט זיין לעבן.

שוין אין יאָר 1940 האָט מען אים אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט אין פאַרניכטונגס־לאַגער דאַכאַו, ווו ער איז געפאַלן על קידוש השם, אַלס דער באַשיצער פון זיינע הילפלאָזע ברידער.

עס דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן די צוויי ברידער הערשל און משה טרייסטער, הי״ד.ביידע פשוטע יידן, וועלכע האָבן פאַרמאָגט אמתדיקע יידישע הערצער און שטענדיק געווען גרייט צו העלפן יעדן מענטש אין זיין נויט — מיט געלט, לעבנסמיטל און אי־בערהויפּט האָבן זיי זיך אויסגעצייכנט מיט זייער מאַטעריעלער און מאָראַלישער הילף פאַר קראַנקע.

אויך זיי זענען אין יאָר 1940 אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ און פאַר־שיקט געוואָרן אויף אַ זיכערן טויט.

אַ זעלטנהייט אין יענער פינצטערער און ביטערער צייט איז געווען ר׳ יעקב קויפמאַן מיט זיינע דריי זין: זיסמאַן, אברהם און יצחק, הי״ד. זיי האָבן זייער מענטשלעכן כבוד נישט פאַרלוירן און האָבן געהאַט גענוג מוט פוגע בכבוד זיין די יודענראַטלער, דערמאָנענדיק זיי וועגן זייער פליכט פאַר זייערע יידישע ברידער.

ווען מען האָט אין 1940 צונויפגענומען 300 יונגעלייט און זיי אַוועקגעשיקט קיין בעלזשעץ אויף אַרבעט, האָט ר׳ יעקב קויפמאַן ז״ל אָרגאַניזירט די עלטערן פון די פאַרשיקטע צו פּראָטעסטירן קעגן דעם און דער יודענראַט האט דאָך עפּעס געטאָן פאַר זיי.

כ׳וויל אויך דערמאָנען די שיינע אויפפירונג פון מאיר שאַפּשאָוויץ, וועלכער האָט אין די שווערסטע צייטן, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אין געטאָ, ווען מיר האָבן גע־

ליטן פון הונגער און קעלט, האָט ער געהאַט דעם מוט אונדז צו טרייסטן און פריילעך מאַכן מיט זיינע לידער פון מוט און האָפענונג, שאַפנדיק אַליין געטאָ־לידער, און תמיד זיך באַמיט אונדז משמח זיין.

אונדזער שארית הפליטה, וואָס האָבן מיטגעמאַכט די ביטערע געטאָ־יאָרן אין יענדזשעוו, געדענקען געוויס די שיינע התנהגות פון פעלטשער לייבל סאָבקאָווסקי ז״ל, וואָס האָט גאַנץ אומזיסט געגעבן מעדיצינישע הילף און אויך געהאָלפן יעדן מאַטעריעל, ווייט איבער זיינע כוחות און מעגלעכקייטן.

מיט גרויס יראת־הכבוד דאַרף דערמאָנט ווערן דאָס התנהגות פון אונדזער רב הגאון רבי יחיאל ישעיהו וויינבערג, הי״ד, אינעם טאָג פון דער אויסזידלונג פון די יענדזשעווער יידן־קדושים, דעם 17טן סעפּטעמבער 1942.

שטאָלץ, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ האָט אונדזער רב זצ״ל מאַרשירט צו דער באַן צוזאַמען מיט זיין עדה קדושה, האַלטנדיק פעסט צוגעדריקט צום האַרץ אַ ספר־תורה.

די געסטאַפּאָ־רוצחים האָבן אים מערדערלעך געשלאָגן, צווינגענדיק אים אָוועקצו־וואַרפן די הייליקע תורה און נאָך דעם אויך געצוווּנגען די מאַרשירנדיקע יידן צו טרעטן אויף דער געשענדעטער ספר־תורה.

אַפילו אונדזערע בלוטיקע שונאים — די שטאָטישע פּאָליאַקן — דערמאָנען נאָך איצט דאָס גרויזאַמע בילד.

אַ שוידער האָט אָנגעכאַפּט יעדן, וואָס האָט געזען, דער שעף פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע, אין יענדזשעוו, פאָן־דע־ברילע, האָט אַרויסגעריסן פון דער מוטערס אָרעם די צוויי קליינע אייניקלעך פון קצב שלמה וויעליצקאָווסקי און זיי דערשאָסן נישט ווייט פון זייער וווינונג.

די דערשאָסענע קינדער



די מוטער



דוד אפּעלשטיין הי״ד



דוד אפּעלשטיין (דאָס בילד לינקס) — אַ זון פון אלימלך אפּעלשטיין הי״ד — איז געפאַלן העלדיש, קעמפענדיג געגען די היטלער־רוצחים.

צוויי קינדערלעך (אַ צווילינג) מיט זייער מו־טער, די שנור פון קצב שלמה וויעליצ׳קאָווסקי ז״ל זענען דערשאָסן געוואָרן דורכן זשאַנ־דאַרמעריי־שעף פאָן דע ברילע, פאַר דער אויס־זידלונג, אין געגענוואַרט פון זייער מוטער הי״ד.

זאָלן אויך דערמאָנט ווערן די העלדישע מעשים פון יוסף ב״ר זוסמאַן קויפמאַן און דוד ב״ר אלימלך אַפּעלשטיין הי״ד, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין יענדזשעוו אין מיטן יאָר 1943 (נאָך דער לעצטער אויסזידלונג פון יענדזשעוו), און זיך געשיצט מיט שטיינער, נישט וועלנדיק אַריינפאַלן לעבעדיקע אין די הענט פון די רוצחים, וועלכע האָבן זיי צום סוף „באַזיגט" און דערשאָסן אין מיטן גאַס.

אין אַ דאָרף אין פּינטשעווער געגנט האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ גרופּע יידישע פּאַר־טיזאַנער, דערינטער אויך די צוויי יענדזשעווער יידן קלמן פּאָטאַשינסקי און און יוסף באָרקאָווסקי, הי״ד. ענדע יאָר 1943 האָט די געסטאַפּאָ זיך דערוווסט וועגן דעם און געפּרווט זיי אַרעסטירן. זיי האָבן געשטעלט אַ העלדישן ווידערשטאַנד מיט געווער אין האַנט. די נאַצישע מערדער האָבן געפונען אַן „עצה". זיי האָבן אונטערגעצונדן דאָס הויז און די יידישע גבורים זענען אומגעקומען אין די פלאַמען צוזאַמען מיט דער פּויע־רישער משפחה, ווו זיי זענען געווען באַהאַלטן.

זומער 1944 זענען געפאַלן אין די וועלדער אַרום יענדזשעוו די יענדזשעווער פּאַר־טיזאַנער: שמואל זיינוול וויעליצקאָווסקי, יעקב אָבאַרזשאַנעק און זיין ברודערן־זון שלמה אָבאַרזשאַנעק, הי״ד. די דריי העלדישע קעמפער האָבן פיל מאָל ריזיקירט זייער לעבן, אַבי צו העלפן יידן אין זייער נויט און זיי היטן פון לעבנגעפאַר.

צום סוף וויל איך אויך דערמאָנען די העלדישקייט פון מיינע חברים פון ליידן און פּיין אין די שרעקלעכסטע צייטן פון אונדזער צוזאַמענלעבן אין די וועלדער פון יענ־דזשעווער געגנט.

די צוויי ברידער גאָלדמאַן, הערשל לאַנדנער, דוד בעסענדאָרף, סטאָביעצקי און נאָך איינער מיטן פאַמיליע־נאָמען לאַנדנער, וועלכער איז אויך געווען אַ קרוב פון סטאָביעצקין, ווי אויך מיינע צוויי ברידער דוד און ישראל פייגענבוים, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אויף אַ דייטשן פּאָליציאַנט און אים פאַרוווּנדעט מיט זייערע מעסערס, באַצאָלנדיק דערפאַר מיט זייערע יונגע לעבנס.

זאָלן די נעמען פון אונדזערע קדושים, קיינמאָל דורך אונדז נישט פאַרגעסן ווערן!



קליינע יידישע, באָרוועסע און האַלב־נאַקעטע קינדערלעך „שפּילן" זיך הונגעריקע אויף די „פּיאַסקעס" פון יענדזשעווער „געטאָ", אין יאָר 1942.
אויפן בילד -- ישראל גורטמאַנס טעכטערל -- לושיא הי״ד, וואָס האָט אויך געפונען איר טויט אין די גאַז־אויוונס פון טרעבלינקע.

יעקב פינקעלשטיין
**לאָס־אַנזשעלעס**

# מיין שטעטעלע יענזדשעוו

שוין אַזוי פיל יאָרן זענען פאַרביי זינט מיר האָבן פאַרלאָזט אונדזער טייער שטעטעלע. אָבער, די צוגעבונדנקייט און סענטימענטן פאַר אונדזערע לאַנדסלייט ווערן נישט שוואַכער. פאַרקערט — שטאַרקן זיך פון יאָר צו יאָר.

מיר האָבן דאָך מיט זיי צוזאַמען פאַרבראַכט אונדזערע קינדער־יאָרן. פריער זיך געשפּילט צוזאַמען, אַ ביסל שפּעטער געלערנט מיט זיי אין חדר אָדער שולע און נאָך שפּעטער — צוזאַמען געחלומט, געלייענט השכלה־ביכער, גלייך ווי זיי פאַרשוואַרצט געוואָרן און שפּאַצירט אויף די זעלבע וועגן און געטראַכט וועגן דער אומבאַקאַנטער צוקונפט.

הערנדיק, אַז מען וויל פאַראייביקן דאָס שוין מער נישט עקזיסטירנדיקע יידישע יענדזשעוו, ווילט זיך אַזוי אויפוועקן די אַמאָליקע זכרונות, די ליבע חברים.

אָט שטייט פאַר מיר ווי לעבעדיק דאָס געשטאַלט פון נתן בער כענטשינסקי דער אַזוי באַקאַנטער אויך מיט זיין פּסעוודאָנים נב״ח, אַ ייד אַ משכּיל מיט זיינע פילאָ־זאָפישע אָנשויאונגען, מיט זיין אָפּלאַכן פון דער גאַנצער וועלט, זייענדיק גלייכצייטיק אַ „פּאַן־בראַט״ מיט יעדן יענדזשעווער ייד, ליב האָבנדיק דאָס גאַנצע שטעטל, אַפילו די, וואָס האָבן אים פאַרשאַפט געברענטע צרות...

עס פליען איבער די זכרונות וועגן משה ווארגאַן, ישעיהו פייגענבוים, אברהם פּראָבאָלאָווסקי, ישראל וואָליער, לייבל סאָבקאָווסקי, ישעיהו קשעפקע, וועלכע פלעגן תמיד דערציילן וועגן די ערשטע שטראַלן פון פּראָגרעס, וואָס האָבן שוין דערגרייכט אַזש ביז יענדזשעוו... וועגן זייער „אַקטיוון״ אָנטייל אין די רעוואָלוציאָנערע צייטן פון יאָר 1905.

דו זעסט פאַר זיך די ליכטיקע געשטאַלטן פון זכריה בעלפער מיט זיין ווייבל,ביידע גאָלדענע מענטשן, ווי מ׳זאָגט, אָן אַ גאַל. תמיד גרייט צו העלפן ווי מען האָט נאָר געדאַרפט און אין אַלע הינזיכטן.

עס אַנטפּלעקט זיך פאַר דיר די שיינע געשטאַלט פון שלמה דוד בעלפער מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל און שטאַרקן רצון און ליבע צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

קאָן מען דען פאַרגעסן אַזאַ ייד, ווי, למשל, זכריה בעקער איז געווען? ווער געדענקט נישט וויפל מי ער האָט זיך געגעבן, כדי צו שאַפן די נייטיקע צאָל פּאָליצעיקע בירגער, כדי אונטערצושרייבן די ביטע וועגן אַ דערלויבעניש צו עפענען די „מוזע״ אין יענ־דזשעוו? און זיין ווייב, וואָס האָט שטענדיק געהאַט די גרעסטע סומע אין איר „קרן־קיימת״־פּושקע און דערמיט אַזוי שטאָלצירט. ווער פון אונדז אַלטע יענדזשעווער מענטשן, געדענקט עס נישט?

איך דערמאָן זיך אויך אָן עפּיזאָד, ווי אָט די פרוי, וועלכע האָט אַזוי פיל ביכער געלייענט און זיך באַמיט, אַז יענדזשעווער בחורים און מיידלעך זאָלן זיי לייענען. זי האָט מיך אויך אַמאָל עקזאַמינירט, זאָגנדיק צו מיר:

„יעקב, זאָג דעם אמת, האָסט שוין דורכגעלייענט די אינטערעסאַנטע געשיכטע פון דעם הייליקן „שפּאָלער זיידן״? אדרבא, דערצייל מיר וואָס האָסטו דאָרט געלייענט?״

און איך האָב מיר באַגראָבן דאָס פּנים פון חרפה, ווייל כ׳האָב די געשיכטע נישט געז׳ענקט.

יענע געשיכטע האָב איך נישט געדענקט, אָבער די אַלע ליכטיקע געשטאַלטן פון מיין שטעטעלע יענדזשעוו געדענק איך גוט און מיט יראת־הכבוד דערמאָן איך די, וואָס זענען, ליידער נישטאָ. און מיט וואַרעמער ליבע רעד איך צו מיינע טייערע ברידער און שוועסטער, צו דער שארית הפליטה פון אונדזער שטעטעלע יענדזשעוו!

פעלאַ קויפמאַן-שניטליך
קרית מוצקין

## פון מיינע זכרונות



היינט, אין טאָג פון דעם גרויסן היסטאָרישן פּראָצעס פון שרעקלעכסטן מערדער פון יידישן פאָלק, וואָס די גאַנצע וועלט פאָלגט נאָך מיט גרויס אינטערעס, פיל איך אַן אי־נערלעכן דראַנג אַראָפּצורעדן זיך פון האַרצן, אפשר וועט דאָס מיר ברענגען אַ ביסל רו און דערלייכטערונג.

איך בין איינע פון די קרבנות פון דער שרעקלעכער מל־חמה. איך מיט מיין קינד האָבן מיר זיך אַרויסגעריסן פון די נעגל פון די היטלער־מערדער.

איך וויל נאָר פאַרצייכענען אייניקע פאַקטן פון מיינע איבערלעבענישן, וואָס איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אין מיר שפּורן ביזן סוף פון מיין לעבן...

בעת דער מלחמה האָב איך געוווינט אין קעלץ. ווען די היטלער־מערדער זענען אַריין אין שטאָט, האָבן זיי אַרעסטירט מיין מאַן, אונטערן אויסרייד, אַז ער האָט באַ־האַלטן סחורה, און אים געבראַכט אין „האָטעל פּאָלסקי". דאָרט האָט מען אים געשלאָגן און געפּייניקט און ממש אַ האַלב־טויטן אַרויסגעוואָרפן אויפן הויף, פּאָדערנ־דיק 10 טויזנט זלאָטעס אויסקויף־געלט. היות מיר האָבן אַזאַ גרויסע סומע נישט פאַרמאָגט, האָבן זיי אַרעסטירט אויך מיין שווער און שוויגער. מיין שווער האָט געטיילט דעם זעלבן גורל ווי מיין מאַן, מ׳האָט אים מערדערלעך געשלאָגן, אַרויסגע־ריסן די באָרד און אים אָפּגעשיקט אַהיים. נאָכדעם זענען זיי צוריקגעקומען און געהייסן אויך מיך מיטגיין מיט זיי אַלס אַרעסטירטע. איך האָב געהאַלטן מיין מיידעלע אויף די הענט. זיי האָבן עס מיר אַרויסגעריסן און אָנגעהויבן קאָפּען דאָס קינד מיט די פיס. איך האָב אָנגעהויבן שרעקלעך וויינען און שרייען, אַרומנעמענדיק מיין קינד. איינער פון די סאַדיסטן האָט מיך אָנגעקוקט און געפרעגט: „ביסט אַ יידישקע?" בליץ שנעל איז מיר איינגעפאַלן עפּעס און איך האָב געענטפערט: „יאָ, איך בין אַ יידישקע, אָבער מיין באָבע איז נישט געווען קיין יידישע". „דעריבער ביסטו נישט ענלעך צו

זיי" — האָט ער געזאָגט און אונדז אָפּגעלאָזט. דאָס איז אָבער געווען נאָר דער אָנהייב. גלייך נאָך דעם האָט מען איינגעפּירט דאָס געטאָ אין קעלץ .מיר האָבן באַשלאָסן, מיט דער גאַנצער משפּחה, אַנטלויפן קיין יענדזשעוו. נאָך גרויסע וואָגלענישן און מאַטער־נישן זענען מיר אַהינצו אָנגעקומען.

דאָס איז געווען אין יאָר 1940.

אַ שטיקל צייט איז דאָרט געווען שטיל. מיר האָבן געוווינט צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן. יידן זענען דאָרט געווען ווינציק. פון צייט צו צייט פלעגן די דייטשן אַריינ־פאַלן, שלאָגן און ראַבעווען. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז 1942. דאָס דאָזיקע יאָר וועט בלייבן פאַרשריבן מיט בלוטיקע אותיות אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. מיר האָבן אַלע געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך אונדזער סוף. מענטשן זענען אַרומ־געגאַנגען בלאַסע ווי די מתים. מיין לאַגע איז נאָך געווען ערגער, ווייל איך האָב פאַרשוואַנגערט און פאַר אַזאַ זאַך האָט געדראָט טויט־שטראָף. כ'האָב נישט געקענט פאַרויסזען, אַז דווקא דער צושטאַנד מיינער, וועט מיך ראַטעווען פון טויט. אין יענער צייט האָט יעדער פון אונדז געזוכט אַן אַרבעטס־פּלאַץ. דאָס — האָט מען געזאָגט — קאָן ראַטעווען פון אַרויסגעשיקט ווערן צום טויט. איך בין שוין געווען אין ניינטן חודש און קיינער האָט מיך צו דער אַרבעט נישט געוואָלט נעמען. פאַר יום כיפור האָבן די דייטשן און די אוקראַינער אַרומגערינגלט דאָס געטאָ. איך האָב פונקט דעמאָלט באַקומען ווייען — און איך האָב געבוירן אַ זון. מיין „אַקושערקע" זענען געווען מיין מאַן און מיין ברודער סיאַמאַ. די געשרייען און די שיסערייען פון דרויסן האָבן פאַר־טויבט מיין געוויין... מיין מאַן האָט געפונען אַ פּאָליאַק מיט אַ וואָגן, וואָס האָט געוואַרט אויף מיר. איך בין אַראָפּ פון בעט, גענומען מיין ניי־געבוירן עופהלע אין די אָרעמס און מיין מיידעלע סאַבציע ביי דער האַנט, און אַזוי בין איך געגאַנגען צופוס צוויי קילאָ־מעטער, ביז איך האָב זיך דערשלעפּט קיין טשיניץ.

אַלע יידן האָט מען דערווייל אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע. איך בין דאָרט געבליבן אַליין מיט מיינע צוויי פּיצלעך קינדער. ביינאַכט האָב איך זיך צוגעהערט ווי דער פּאָליאַק באַראַט זיך מיט זיין משפּחה ווי אַזוי פון מיר פּטור צו ווערן. ער האָט געוווּסט, אַז איך האָב נאָך עפּעס געלט. פאַר זיין הילף האָט מען אים, פאַרשטייט זיך, גאַנץ גוט באַצאָלט.

ביינאַכט האָב איך זיך מיט מיין מיידעלע שטילערהייט אַרויסגעגנבעט פון דער וווינונג. דאָס קליינע קינד האָב איך דערווייל איבערגעלאָזט. איך האָב זיך געשלעפּט דורכן וואַלד און אָנגעקומען קיין סענדזישאָוו. דאָרט האָב איך געטראָפן אַ קליינע גרופּע ייִדן, וועלכע זענען געווען באַהאַלטן אין צוויי צימערן.

צומאָרגנס האָט מיר דער פּאָליאַק בלאַשקעוויטש געבראַכט דאָס קינד און איך בין געזעסן מיט מיינע צוויי קינדער, אָן וואַסער און אָן ברויט, אונטערן פרייען הימל און געבעטן אויף זיך דעם טויט. מען האָט מיר געראָטן איך זאָל אַוועק צוריק קיין יענדזשעוו. איך האָב איבערגעלאָזט דאָס קליינטשיקע קינד ביים פּרעזעס שידלאָווסקי. אַ דאַנק מיין אַרישן אויסזען האָב איך זיך געקאָנט אַריינקריגן אין דער באַן און איך מיט מיין מיידעלע זענען בשלום אָנגעקומען קיין יענדזשעוו. איך האָב זיך אַריינגע־גנבעט אין דעם קליינעם געטאָ, ווייל דאָס גרויסע איז שוין געווען ליקווידירט. דאָס קליינע געטאָ איז געווען אויפן מאַרק, אין דער אַמאָליקער שול־געביידע. דאָרט זענען נאָך געווען אַרום זיבעציק יידן, צווישן זיי מיינע קוזינען שמחה און יוסף קויפמאַן און

מיין טייערער ברודער סיאָמאַ, וועלכער איז דער איינציקער געבליבן פון מיין גאַנצער משפחה.

אויף צומאָרגנס, אַרום פינף אַ זייגער פאַרטאָג, האָט אונדז אויפגעוועקט אַן אַליאַרם און שיסערייען און דער דייטשער געשריי: „אַרויס!" איך האָב געכאַפּט סאַבאַציען און אַרויס פון געטאָ און דורכן טייכל בין איך דערלאָפן ביז צו מיין זיידנס, משה מאיר קויפמאַנס הויז. איך בין אַריין אינעווייניק. די דירה איז געווען פּוסט. קליידער, כלים און פאָטאָגראַפיעס האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד. אַ צעשניטן ברויט איז געלעגן אויפן טיש, ווי עס וואָלט געוואַרט אויף זיינע בעלי־בתים זיי זאָלן זיך אומקערן. איך בין געבליבן זיצן אויף דער ערד מיט מיין קינד ביז אין אָוונט. איך האָב זיך צוגעהערט צו דער געטאָ־שטילקייט און זיך אומגעקערט אַהין. ווי פון אונטער דער ערד איז פּלוצים אויסגעוואַקסן דער פאַרטרעטער פון פרעזעס פון יודענ־ראַט, זיין נאָמען געדענק איך נישט. ער האָט מיך מיט סאַבאַציען אַ כאַפּ געטאָן און אַריינגעפירט אין אַ צימער צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע „אומלעגאַלע" יידן, וועלכע זענען איבערגעבליבן.

אויף צומאָרגנס האָט געדאַרפט פאַרקומען די אויסזידלונג און ליקווידאַציע פון כינטשעווער ראַיאָן און מיר איבערגעבליבענע האָבן אויך געדאַרפט טיילן זייער גורל. ווי די בהמות האָט מען אונדז געטריבן צום מאַרק. אויפן וועג האָט מען אונדז געשלאָגן מיט נאַגייקעס, אַ סך זענען געשטאָרבן אויפן אָרט. אין מאַרק זענען מיר געזעסן אַ גאַנצן טאָג אויף דער ערד, נישט געטאָרט זיך רירן. די אוקראַאינער האָבן געהיטן פון אַלע זייטן. דער רעגן האָט געגאָסן און מיר זענען געזעסן און געוואַרט אויפן טויט. אַן ס"ס־מאַן איז דורכגעגאַנגען, אָנגעקוקט מיך און מיין מיידעלע, וואָס איז נאָך קיין פיר יאָר נישט אַלט געווען. אָנגעקוקט אונדז נאָכאַמאָל און איז אַוועק.

פאַרנאַכט האָט מען אונדז אָנגעהויבן שלאָגן און יאָגן צו דער באַן־סטאַציע. די וואַגאָנען האָבן שוין געוואַרט אויף אונדז... פּלוצלונג איז פאַר מיר געשטאַנען דער זעלבער ס.ס.מאַן און אַ געשריי געטאָן אויף מיר: „אַרויס פאַרשאָלטענע, אָבער, שנעל!" איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. איך האָב געמיינט, אַז ער פירט אונדז אונטער דער בריק צו דערשיסן. ער האָט אונדז אַוועקגעפירט אויף דער צווייטער זייט, אַ קוק געטאָן אויף מיין סאַבטשען און אַ זאָג געטאָן: „ווי שיין דו ביסט" און איז אַוועק. איך בין געבליבן זיצן באַהאַלטן צווישן די ביימלעך ביז אין אָוונט און דורך די באַן־רעלסן צוריק אַריינמאַרשירט אין געטאָ. ווען מיין „סיאמא" האָט מיך דערזען האָט ער געחלשט. אין צווישנצייט, האָט מיר אַ פּוילישע פרוי געבראַכט דאָס קליינע קינד און איך האָב זיך מיטביידע קינדער אויסבאַהאַלטן ביי אַ שוסטער אויפן בוידעם, פאַרשטייט זיך, אָן דעם וויסן פון דעם בעל־הבית. דאָס קינד האָט געוויינט און איך פלעג אים פאַרשטופּן דאָס מויל מיט מיינע הענט, פאַר מורא, מ'זאָל אונדז נישט געפינען. מיין ברודער סיאמא פלעגט אונדז ברענגען עסן און אַזוי האָבן מיר, אין באַהעלטעניש, געלעבט צוויי וואָכן. ס'איז געווען ווינטער און אויפן בוידעם איז די קעלט געווען גרויס. מיין ברודער האָט מיר צוגערעדט איך זאָל אַראָפּגיין אין געטאָ, כדי זיך אָנוואַרעמען אַביסל. פּלוצלינג, ווידער די זעלבע קולות, געוואַלדן, שיסערייען. ס'איז געווען אַן אַקציע נאָר אויף פרויען מיט קינדער. מ'האָט אונדז אַרויפ־געזעצט אויף וועגענער, כדי אַרויסצופירן קיין שידלאָוויעץ אין יודענראַט. איך האָב

זער גוט געוווּסט, וואָס דאָס מיינט און אין האַרצן באַשלאָסן זיך ראַטעווען. די פּאָליאַקן און אוקראַינער האָבן אויף אונדז געקוקט, ווי אויף אַ בייז ווונדער...

איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן מיט סאַבטשען און אָנגעהויבן שנעל גיין אין דער ריכטונג פון פוילישן צמענטאַזש. איך האָב זיך פאַרהאַלטן ביי אַ קבר, כדי אָפּצו־כאַפּן דעם אָטעם און איך האָב דערהערט געשרייען:

„אַנטלויפט, די דייטשן יאָגן אייך!"

איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון בערגל און אָנגעהויבן לויפן צו דער גאַס. קוילן זענען געפלויגן איבער מיין קאָפּ. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט. צוויי דייטשן מיט רעוואָל־ווערן האָבן זיך דערנענטערט צו מיר:

„פאַרוואָס ביסטו אַראָפּגעשפּרונגען?"

„איך בין נאָך אַזוי יונג, איך וויל נאָך לעבן".

„ביסטו אַ ידישע?"

„יאָ, אָבער מיין באָבע איז געווען אַן „אַריערין".

„דו זעסט טאַקע אויס ווי אַן „אַריערין, אָבער מען וועט דיך דערשיסן".

זיי האָבן מיך צוריקגעפירט צום צמענטאַזש. איך האָב צוגעדריקט סאַבטשען צום האַרצן און אין דער שטיל געזאָגט „שמע ישראל". מיטאַמאָל, האָט איינער פון זיי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַ זאָג געטאָן צו מיר „קום!" זיי האָבן מיך צוריק־געפירט צו די וועגענער און מיר זענען אָפּגעפירט געוואָרן קיין שידלאָוויעץ. דאָרט, אין די חורבות פון די צעראַבירטע יידישע הייזער, האָט מען אויפגעזאַמלט אַלע אַנטלאָ־פענע פון די וועלדער און בונקערס און די פערציק חורבות האָט מען אָנגעפילט מיט פרויען און קינדער. מיר זענען געלעגן אין דרויסן אין דער קעלט. דאָס קליינע קינד איז קראַנק געווען און כסדר געוויינט. ס'איז נישט געווען קיין טראָפּן וואַסער און נישט קיין עסן. אַ נס איז געשען, וואָס איינער פון די ידישע פּאָליציאַנטן האָט מיך מיט די קינדער אַריינגעלאָזט צו זיך אין צימער. ס'איז אויך געווען אַ חורבה, אָבער ס'איז דאָך געווען אַ דאַך איבערן קאָפּ און וואַרעמער ווי אין דרויסן.

ליגנדיק אַזוי אויף דער ערד, האָב איך געפרעגט דעם פּאָליציאַנט, צי ס'איז נאָך דאָ אַ מעגלעכקייט פון דאַנעט צו אַנטלויפן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז פאַר פינף טויזנט זלאָטעס קען מען זיך אַרויסקריגן. מיר האָבן זיך צונויפגענומען מיט נאָך אַ משפחה, קייזער מיט זיין פרוי און קינד און 3 אַ זייגער פאַרטאָג זענען מיר אַרויס פון געטאָ. די שרעקלעכע נאַכט וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. די קוילן זענען געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ. נעבן מיר איז קייזער געפאַלן פון אַ קויל, און איך מיט אַ קליין קינד אין די אָרעמס, און סאַבטשע ביי דער האַנט, בין געלאָפן ווייטער אָן אָטעם, ביז איך בין אָנגעקומען אויף דער אַרישער זייט. דאָרט האָט געוואַרט אויף אונדז אַ טאַקסי מיט אַ „פאָלקסדייטש". מיר האָבן באַצאָלט די געפאָדערטע סומע מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און מיט ספקות, אפשר האָט מען אונדז אָפּגענאַרט. מיר זענען אַריין אין אויטאָמאָביל. מיר זענען נאָכאַמאָל אָנגעקומען אין געטאָ פון יענדזשעוו. מיין ברודער, וועלכער האָט געאַרבעט ביים לאָדן קוילן, און נאָך געווען צווישן די לעבן־פאַרבליבענע און ער האָט צוגענומען דאָס פיצל קינד פון מיר. מיר האָבן זיך געמוזט גוט אויסבאַהאַלטן, ווייל אין געטאָ זענען שוין דעמאָלט כמעט קיין קינדער נישט געווען.

נאָכאַמאָל בין איך אָפּגעזעסן, מיט די קינדער, אויפן בוידעם דריי וואָכן צייט. איך האָב זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן פילן שלעכט און איך מיט מיין ברודער האָבן באַ־

שלאָסן אָפּצוגעבן דאָס קליינע קינד צו אַ פּוילישע פרוי. זי האָט געהייסן יוזעפאַ קאָט און האָט געוווינט אויף 3־טע מאַי גאַס. איך בין קראַנק געוואָרן אויף פלעק־טיפוס. איך בין געלעגן אין פּראָוויזאָרישן שפּיטאָל פון ד״ר בער. צוויי וואָכן צייט האָב איך געקעמפט מיטן טויט און געבליבן לעבן. איך וועל נישט פאַרגעסן דעם מאָמענט, ווען איך האָב, נאָכן קריזיס, צוריקגעקריגן דאָס באַוווסטזיין און דערזען מיין ברודער נעבן מיר, וויינענדיק און זאָגנדיק תהילים. איך האָב זיך אַרויסגעקריגן פון די נעגל פון טויט און אַ שוואַכע, האַלב בלינד און האַלב טויב פון דער קראַנקהייט, האָב איך זיך אַרויסגעשלעפּט פון שפּיטאָל. און דאָ האָט מען ווייטער אַלעמען צונויפגעזאַמלט אויפן מאַרק־פּלאַץ, אַרויסגעפירט אַלע קראַנקע פון שפּיטאָל. ווער ס׳האָט נישט געקענט שטיין אויף די פיס, האָט מען גלייך דערשאָסן אויפן אָרט. לעדערמאַנען האָט מען פאַר מיינע אויגן דערשאָסן.

מ׳האָט אונדז אַרויפגעפּאַקט אויף לאַסט־אויטאָמאָבילן און אָפּגעפירט קיין סקאַר־זשיסק. דאָרט האָב איך, ליידנדיק הונגער און קעלט, געאַרבעט צוויי יאָר צייט. דאָ איז געשטאָרבן מיין טייערער ברודער סיאמא אויף אַ טיפוס. ביזן היינטיקן טאָג, האָב איך דאָס געפיל, אַז מ׳האָט אים אָפּגעסמט אין שפּיטאָל. דאָס וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין דעם לאַגער פון סקאַרזשיסק, בין איך נישט אומשטאַנד צו באַשרייבן. סאַבטשע איז דורך נסים אַ סך מאָל ניצול געוואָרן פון טויט. איינמאָל, צוריקקומענדיק פון דער אַרבעט, האָבן מיר דערזען, אַז מ׳האָט אַלע קינדער צונויפגעזאַמלט אויפן פּלאַץ, אויסערן לאַגער. אַלע מאַמעס זענען דערציטערט געוואָרן. מיר האָבן זייער גוט געוווסט, וואָס דאָס הייסט... מיר האָבן פאַרצווייפלטע זיך געריסן די האָר פון קאָפּ... איך בין געווען אַ צעבראָכענע און קראַנקע און זיך קיין אָרט נישט געפונען — און אין דעם עפּנט זיך אויף די טיר און אַ יידישער פּאָליציאַנט פירט אַריין מיין סאַבטשען. איך האָב זי אַרומגעכאַפּט, צוגעדריקט צו זיך און אַזוי וויינענדיק, אַרומגענומען, זענען מיר געזעסן ביז פאַרטאָג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווען מ׳האָט אַלע קינדער צונויפגע־זאַמלט, האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט און אַריין צווישן צוויי באַראַקן און דאָרט איז זי אַנטשלאָפן געוואָרן. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי בשום אופן נישט געקענט אַרויסקריכן פון צווישן די באַראַקן און זי האָט אָנגעהויבן וויינען. דער יידישער פּאָלי־ציאַנט האָט דערהערט דאָס געוויין און זי געבראַכט צו מיר.

קיין קינדער זענען שוין אין דעם לאַגער מער נישט געווען. די אומגליקלעכע מאַמעס האָבן געקוקט מיט ווייטיק און קנאה אויף סאַבציען. איך האָב נישט געהאַט ווו זי צו באַהאַלטן. דערוויילו איז אָנגעקומען אַ פרישער טראַנספּאָרט מענער, פרויען און אויך קינדער און איך האָב פרייער אָפּגעעטעמט.

נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען אונדז אַרויסגעפירט אויף אַרבעט קיין טשענסטאָ־כאָוו אין אַן אַמוניציע־פאַבריק. נאָענט פאַר דער באַפרייאונג, ווען דער רוסישער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָט מען אונדז אַריינגעזעצט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען און אונדז געהאַלטן באַרוועס און נאַקעט, אָן וואַסער, זעקס טעג און זעקס נעכט, און אַזוי האָט מען אונדז געבראַכט קיין בערגען־בעלזען. ווען מ׳האָט געעפנט די וואַגאָנען אין בערגען־בעלזען, זענען אַ העלפט פון זיי געווען פול מיט טויטע.

בערגען־בעלזען דער טויטן־לאַגער! פול מיט טויטע קערפּערס אַרום און אַרום, און באַראַקן. אינדרויסן זענען געוואַקסן פאַרפלאַנצט בלומען... סאַבציע האָט אָנגעהויבן קרענקען, זי איז געלעגן די מערסטע צייט מיט הויכער היץ. איך האָב זיך געהאַלטן

מימז אַלע כוחות אויף די פיס, געשלעפּט הונדערט־ליטערדיקע קעסלען זופּ, כדי צו קריגן דערפאַר אַ ביסעלע מער זופּ פאַר מיין קינד און זי דערהאַלטן ביים לעבן. דורך דער גאַנצער צייט האָב איך געהאַט אַ מאָדנע געפיל, אַז איך וועל די מלחמה איבערלעבן!

ביז מיין טויט וועל איך געדענקען די לעצטע צוויי וואָכן פאַר דער באַפרייאונג. קיין עסן האָט מען שוין בכלל נישט געגעבן. אַלע קינדער זענען געלעגן אומבאַוווסט־זיניק, מיט שטאַרקער היץ, אָן אַ טראָפּן וואַסער... די אַעראָפּלאַנען האָבן גערוישט איבער די קעפּ, מיר זענען געזעסן און געקוקט אויף די קינדער און געוויינט. מיר האָבן גע־ווּוסט, אַז די מלחמה ענדיקט זיך, אָבער מיר האָבן גערעכנט, אַז עס דערנענטערט זיך אויך אונדזער סוף, ווייל דער גאַנצער לאַגער איז געווען אַרומגעצוימט מיט מינעס. אין לאַגער איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז די ענגלענדער זענען דאָ. קיינער האָט דערין נישט געגלייבט. פּלוצים האָב איך דערזען נעבן מיין פענצטער זעלנער אין מונדירן. זיי האָבן געפרעגט וויפל קינדער זענען דאָ אין לאַגער? איך האָב זיי דערציילט, אַז די קינדער גוססן... זיי זענען אַריין דורכן פענצטער, ווייל דער אַריינגאַנג איז געווען פאַרשטעלט מיט טויטע, און ווען זיי האָבן דערזען די קינדערלעך האָבן זיי זיך צעוויינט... זיי האָבן דערנאָך געמאָלדן אַלעמען אין לאַגער:

„איר זענט פריי! שטאַרקט זיך, ס׳איז דאָ ברויט און מילך פאַר אַלע!״.

די מערהייט פון די לאַגער־מענטשן האָבן זיך, ליידער, נישט דערוואַרט אויף דער באַפרייאונג. די ענגלענדער האָבן אָרגאַניזירט אויפן אָרט אַ שפּיטאָל און אָנגעהויבן אַ רעטונגס־אַרבעט. ס׳איז געווען שווער זיך דורכצוקריגן דורך די בלאָקן. טויזנטער קערפּערס פון טויטע האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פיס... מ׳האָט סאַבציען אַריינגענומען אין שפּיטאָל, וווּ זי איז געלעגן אַנדערהאַלבן יאָר. די גרעסטע שוויי־צאַרישע ספּעציאַליסטן האָבן זי געראַטעוועט און, גאָט צו דאַנקען, מיר זענען ביידע געבליבן לעבן.

די קליינע סאַבציע איז שוין היינט אַ מאַמע פון צוויי קינדער. מיין האַרץ בלוטיקט אָבער וועגן מיין זון, וואָס איז שוין היינט אַלט אַכצן יאָר און געפינט זיך, ווייזט אויס, אין פּוילן, אין קעלץ, ביי אַ קריסטלעכער משפּחה. איך קען זיין אַדרעס נישט געפינען, טראָץ אַלע זוכענישן און באַמיאונגען. איך האָב נאָך אַלץ נישט פאַר־לוירן די האָפענונג, אַז אויך ער וועט נאָך צוריקקומען צו מיר. זעכצן יאָר זענען פאַרביי און מיינעליידן האָבן זיך נאָך נישט געענדיקט. ווי קען איך רואיק לעבן, ווען מיין קינד איז נישט מיט מיר? אָבער מיין געפיל טרייסט מיך אויך איצטער, אַז דער גורל וועט נאָך שמייכלען צו מיר און מיין קינד וועט זיך צוריקקערן — און אַזוי אַרום וועלן דערפילט ווערן מיינע פאַרבאָרגנסטע באַגערן און האָפענונגען!

אייזיק קייזער
**תל־אביב**

# מיינע זכרונות וועגן יענדזשעוו



אונדזער שארית הפליטה געדענקט מסתמא דעם זייער סימפּאַטישן פעלדשער לייבל סאָבקאָווסקי, וועמען מ׳האָט צוליב זיין פאָלקסטימלעכקייט געקרוינט מיטן צונאָמען „פּראָפעסאָר לייבל״, וואָס ער האָט גוטמוטיק און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן אָנגענומען.

יענדזשעוווער יידן האָבן צו אים געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי, און ווען עמעצער אין שטוב איז געווען „נישט מיט אַלעמען״, האָט מען זיך קודם־כל געווענדט צו אים. ער פלעגט פעסטשטעלן דעם דיאַגנאָז, פאַרשרייבן אַ רעצעפּט און דער קראַנקער האָט געהאַט די רפואה.

אויב אַ ייד אַ פּחדן האָט מורא געהאַט, אָדער ביי אַן ערנסטער קראַנקייט גערופן דעם שטאָט־דאָקטאָר פּזשיפּקאָווסקי, האָט ער נאָכן אונטערזוכן דעם קראַנקן תמיד מסכים געווען צום פעלדשערס דיאַגנאָז, און האַלב־ערנסט, האַלב אין געלעכטער, צוגעגעבן: „אויב פּראָפעסאָר סאָבקאָווסקי האָט דאָס פאַרשריבן, דאַרף מען פאָלגן און טוען אַלץ, וואָס ער הייסט״.

ל. סאָבקאָווסקי האָט זיך דערוואָרבן דעם זעלבן צוטרוי אויך מצד דער נישט־יידישער באַפעלקערונג און די צאָל פון זיינע פּאַציענטן איז כסדר געוואַקסן.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז לייבל סאָבקאָווסקי זאָל זיין צווישן די לעצטע, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט אין יענדזשעוו נאָך דער ערשטער אויסזידלונג און זיי אַריינגע־פּאַקט אין סקזשיפּציקס הויז, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַלס ווין־אָרט פאַר דעם קליינעם געטאָ. באַשטימענדיק אים, סאָבקאָווסקין, אַלס דעם מעדיצינישן פאַכמאַן פאַר דעם ביסל יידן, וואָס איז דאָרט פאַרבליבן...

אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז מיר בלייבן דאָרט, כדי צו „ליקווידירן״ די יידישע פאַרמעגנס פון די יענדזשעוווער פאַרשיקטע יידן קיין טרעבלינקע. אָדער ריכטיקער געזאָגט, צו העלפן פאַרפּאַקן און טראַנספּאָרטירן דאָס אַלץ אין „דריטן רייך״ פאַר די משפחות פון די רוצחים פון יידישן פאָלק. אָבער שוין צומאָרגנס האָבן זיך באַוויזן געסטאַפּאָ־לייט אין קליינעם געטאָ און געפאָדערט 40 יידן צו דער אַרבעט אויף דער נאָענטער באַן־סטאַציע סענדזישעוו.

איך בין געווען איינער פון די 40 יידן, וואָס מ׳האָט געשיקט טאָג־טעגלעך צו דער אַרבעט קיין סענדזישעוו.

דאָרט האָט מען אונדז מכבד געווען מיט אויסלאָדענען קוילן פון די לאַסט־וואַגאָ־נען, וואָס זענען כסדר געקומען פון זאַגלעמביע און אָבערשלעזיע. מיר האָבן דאָרט זייער שווער געאַרבעט אונטער דער שטרענגער אויפזיכט פון דעם געסטאַפּאָ־מאַן מילער, וועלכער האָט אונדז חוקר־ודורש געווען וועגן אונדזער באַשעפטיקונג פאַרן קריג.

כ׳האָב באַמערקט, אַז ער האָט אויף מיר געוואָרפן אַן אויג, מיך מער ווי אַנדערע קאָנטראָלירט און כ׳האָב דערפילט, אַז ער גלייבט מיר נישט, אַז כ׳בין פאַרן קריג אויך

געווען אַן אַרבעטער און כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז כדאי פאַר מיר זיך פון דאָרט אָפּצוטראָגן...

אַ דאַנק אַ ידישן פּאָליציאַנט, וואָס האָט מיך באַזאָרגט מיט אַ באַן־בילעט, האָב איך פון דאָרט עוקר געווען און צוריק אַוועק צום קליינעם הייפעלע יענדזשעווער יידן, וואָס האָבן זיך נאָך געפינען אין יענדזשעווער קליינעם געטאָ.

אַלע האָבן זיך מיט מיר דאָרט זייער דערפרייט און מיך זייער וואַרעם מקבל־פּנים געווען, הגם זיי האָבן מיך כמעט נישט דערקענט, ווייל די צוויי וואָכן שווערע אַרבעט אין סענדזשישעוו האָבן פון מיר געמאַכט אַ תל.

די שומרים אונדזערע האָבן מיך געוואָלט צוריקשיקן קיין סענדזישעוו צו דער קאַטאָרגע־אַרבעט. אָבער אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון לייבל סאָבקאָווסקי און ד״ר בער, האָט מען מיך איבערגעלאָזט אין קליינעם געטאָ.

אַ געוויסן מאָנטיק ביינאַכט — פעברואַר 1943 — איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשע זשאַנדאַרן, פּוילישע פּאָליציאַנטן און אַ באַנדע פאָלקס־דייטשן און מען האָט אונדז אַריבערגעפירט צו דער טאַרגאָווויסקאָ.

פּילנדיק די לעבנס־געפאַר, האָט אַ טייל פון אונדז געפּרוווט אַנטלויפן. עטלעכע איז געלונגען זיך צו ראַטעווען, צווישן זיי שמואל וואַרגאַן, וועלכער וווינט איצט אין אויסטראַליע (ער איז געווען צווישן די קראַנקע פון שפּיטאָל).

שפּעטער האָבן מיר געזען ווי זיי האָבן דערשאָסן בערך 20 קראַנקע יידן, וואָס זענען געווען אין שפּיטאָל. נאָך דעם האָט מען זיך גענומען צו אונדז.

מען האָט אונדז געטריבן צו דער ליסאַקאָווער גאַס פון וואַנעט מען האָט בערך מיט 4 חדשים צוריק געמאַכט די ערשטע גרויסע אויסזידלונג.

אויפן וועג זענען ווידער עטלעכע פון אונדז דערשאָסן געוואָרן, פאַר אַ פּרווו צו אַנטלויפן פון טראַנספּאָרט.

עס זענען אָנגעקומען לאַסט־אויטאָס אויף וועלכע מ׳האָט אונדז אַוועקגעשיקט קיין סקאַרזשיסקאָ.

קומענדיק צו די כענטשינער וועלדער, האָב איך, משה פּרייס, ברייטבאַרט און ראַקאָווסקי אונטערגעקויפט אַ פאָלקס־דייטש, וואָס האָט אונדז געהיטן און אים געבעטן ער זאָל פאָרן לאַנגזאַם, כדי מיר זאָלן קאָנען אַראָפּשפּרינגען.

די ערשטע זענען אַראָפּגעשפּרונגען משה פּרייס, ברייטבאַרד און ראַקאָווסקי, אָבער ווען נאָך עטלעכע יידן האָבן געוואָלט אַראָפּשפּרינגען האָט דער „פאָלקס־דייטש" אָנגעהויבן שיסן און איך בין שוין נישט געשפּרינגען...

דער פאָלקס־דייטש האָט אונדז געמאָלדן, אַז פאַר יעדן ייד, וואָס איז אַנטלאָפן וועט מען אין סקאַרזשיסקאָ שיסן 10 יידן. עס האָט אונדז אַלע אָנגעכאַפּט אַ טויט־שרעק, פילנדיק וואָס אונדז דערוואַרט. אָבער, צו אונדזער גליק, האָבן דאָס מאָל די דייטשן זייער דראָונג נישט מקיים געווען.

עס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אונדז אַ תקופה פון שווערער, איבערמענטשלעכער צוואַנגס־אַרבעט, דערצו האָבן מיר דאָרט ממש געהונגערט.

אַריינקומענדיק אין לאַגער, האָט מען פון אונדז געפאָדערט, אַז מיר זאָלן זיי איבערגעבן אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן מיט זיך, אָבער לייבל סאָבקאָווסקי האָט אונדז געראַטן דאָס נישט צו טון. מיר האָבן אים געפאָלגט און מיר האָבן נאָכדעם געלעבט

צוזאַמען און יעדער פון אונדז האָט געהאָלפן דעם צווייטן מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט.

כ׳פיל פאַר מיין הייליקן חוב צו דערמאָנען, אַז מיין לעבן האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם גוטהאַרציקן, איידעלן לייבל סאָבקאָווסקי ז״ל.

קראַנק זייענדיק אויף פלעק־טיפוס, ביי אַ טעמפּעראַטור פון העכער 40 גראַד, בין איך געגאַנגען צו דער אַרבעט (ווייל בלייבן אין לאַגער האָט געשמעקט מיט באַל־דיקן טויט... און גיין אין לאַגער־שפּיטאָל הייסט, זיך לאָזן אין גהינום לעבעדיקערהייט). אָבער דער טייערער סאָבקאָווסקי האָט, ריזיקירנדיק מיט זיין לעבן, מיך באַזאָרגט מיט אַלע נייטיקע מעדיקאַמענטן און פלעגע און מיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

ווען די רוסן האָבן זיך דערנענטערט קיין פּוילן האָט מען דעם סקאַרזשיסקער לאַ־גער ליקווידירט. מען האָט אונדז צעשיקט אין פאַרשידענע ערטער. מיך קיין בוכענ־וואַלד און סאָבקאָווסקין קיין שליבען, ווו ער איז נעבעך אומגעקומען פאַר דער באַ־פרייאונג.

פון בוכענוואַלד האָט מען אונדז געשיקט קיין דאַכאַו. מיר זענען געווען 600 יידן און אונדזערע שומרים האָבן פּלאַנירט אונדז צו ליקווידירן. אָבער עס איז מיט אונדז געשען אַ גרויסער נס. די אַמעריקאַנער אַרמיי איז פּלוצים אָנגעקומען און מיר זענען באַפרייט געוואָרן פון אונדזערע ליידן און פּיין. מיר האָבן געוואָנדערט איבער דייטש־לאַנד, ביז מיר האָבן אין פראַנקפורט געשאַפן אַן הילפס־קאָמיטעט און מיט דער הילף פון דזשאָינט האָבן מיר זוכה געווען צו קומען קיין ישראל, ווו מיר לעבן ווי פרייע מענטשן אין אונדזער אייגן לאַנד.

יצחק ריטערבאַנד
טאָראָנטאָ

# א באזוך אין מיין חרובער היים

## (איינדרוקן)



אין אַ פינצטערער, רעגנדיקער נאַכט, האַרבסט 1945, האָט מיך די באַן געבראַכט אין מיין געבוירן־שטאָט יענ־דזשעוו, צו וועלכער מיין האַרץ איז פול געווען מיט בענק־שאַפט, שמאַכטנדיק, אַלס פאַרשיקטער אין די סיבירער וועלדער, אין דעם הייסן אַזיע.

כ׳בין געוואָרן דערצימערט, דערהערנדיק דעם אויס־רוף פון באַן־קאָנדוקטאָר „סטאַציאַ יענדזשעיוו" און כ׳בין אַראָפּ פון דער באַן און אַריין אין וואָקזאַל. עס האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין אַ געדיכטע שטיקנדיקע פאַרע. דער טונקל־באַלויכטענער וואָקזאַל איז געווען איבערפולט מיט שמוגלער און שמוגלערינס. אַלע מיט גרויסע קוישן און זעק הינער, גענדז, פּוטער, קעז און אייער, וואָס האָבן געוואַרט אויפן צוג קיין זאַגלעמביע. כ׳האָב זיך פאַרגעסן און אָנגעהויבן

זוכן צווישן דעם גרויסן עולם, אויך אַ יידישן פּאַסאַזשיר אויף אַ רפואה... און ליידער קיינעם נישט געפונען...

כ׳בין אַרויס פון וואָקזאַל און אָנגעהויבן זוכן מיט מיינע אויגן משה דעם בעל־עגלה אָדער זוסמאַן דראָזשקאַזש, וועלכע פלעגן טאָג־איין טאָג־אויס פירן יידן צו דער באַן אָדער פון איר. אָבער, ליידער, קיינעם פון זיי נישט געפונען. כ׳בין אַוועק צופוס אין שטאָט אַריין און זיך געלאָזט צו מיין קרובֿ בנימין גוטמאַן, וועלכער האָט געוווינט אין אַ האָטעל.

כ׳האָב לאַנג געקלאַפּט אין דער טיר פון זיין צימער און קיינער האָט נישט געענטפערט. ערשט רופנדיק אים ביי זיין נאָמען און זאָגנדיק אויך, ווער עס קלאַפּט, האָט ער מיר געעפנט די טיר. מיר האָבן זיך הייס צעקושט און ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז ער האָט מורא געהאַט צו עפענען, ווייל פּוילישע מערדער־באַנדעס זוכן „זשידעס" אין די האָטעלן, כדי זיי צו באַראַבעווען און דערמאָרדן... ער האָט מיר אויך געוויזן אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער, וואָס ער האַלט שטענדיק אונטערן קישן...

כ׳בין אַפילו געווען טויט־מיד און זייער געוואָלט שלאָפן, אָבער מיר זענען געזעסן ביז טאָג און זיך דערציילט וועגן אונדזערע איבערלעבונגען אין די פינצטערע מלחמה־יאָרן...

ס׳איז שוין, ברוך השם, טאָג און איך אייל זיך צו מיין טאַטנס הויז. ווי געיאָגט דורך אַ שטורעם, לויף איך אַדורך די קלויסטער־גאַס ביז צו דער פינטשעווער גאַס צום הויז, ווו כ׳בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן.

אומעטום איז נאָך פאַרמאַכט. אַלע שלאָפן נאָך. כ׳בין אַריין אין הויף. טרערן שטיקן מיך אין האַלדז. כ׳דערמאָן זיך, אַז אין יאָר 1939, ווען כ׳האָב פאַרלאָזט מיין היים איז דאָס הויז געווען באַוווינט פון יידן. אַלע שכנים זענען צווישן זיך געווען אַזוי נאָענט, אַזוי היימיש; וואָסער פרעמדקייט און קאַלטקייט שלאָגט איצט פון יעדן ווינקעלע.

פלוצים עפנט זיך אַ לאָדן. אַן אַלטע גויע האָט זיך באַוויזן, מיך גוט אָבסערווירט פון אַלע זייטן און געזאָגט: „זשידעק, קום אַריין! כ׳פאַרשטיי, — זאָגט זי — אַז דו האָסט דאָ אַמאָל געוווינט, אָבער מיר זענען נישט שולדיק. אַלץ האָבן געמאַכט די דייטשן"...

זי האָט מיך געוואָלט מכבד זיין מיט אַ גלאָז טיי דערציילנדיק, וואָסערע גרויסע טובות זי האָט געטאָן די יענדזשעווער יידן. כ׳האָב איר קיין וואָרט נישט געענטפערט, נאָר געדאַנקט און אַרויס פון דאָרט...

אַקעגן איר איז געווען די וווינונג פון מיין פאָטער ז״ל. דאָ זענען שוין אַלע וואָך. דאָרט וווינט איצט דער פּוילישער שוסטער דודעק. ער האָט מיך דערקענט און אויסגעשריגן: „אוי, דו לעבסט נאָך!" און, ווייזט אויס, מורא געהאַט, אַז כ׳בין צו אים געקומען מאָנען מיין ירושה!

כ׳האָב מיך אַרומגעדרייט איבער מיין טאַטנס צימערן, געזען פיל מעבל־שטיקער פון מיין טאַטנס דירה און דערונטער אויך זיין ספרים־שענקל.

אויך דאָ האָב איך נישט גערעדט קיין וואָרט און שנעל אַרויס דורך דער פראָנט־טיר. קעגנאיבער האָט געוווינט דער פּאַליאַק טשאַפּער. אויך ער האָט מיך גלייך דערקענט און איינגעלאַדנט צו זיך. זיין ווייב האָט מיך מכבד געווען מיט אַ גלאָז וואַרעמע מילך און אויך זיינע טעכטער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום מיר און גענומען דער־

ציילן, ווי מ׳האָט די יענדזשעווער יידן געטריבן דורכן סקראָניעווער וועג צו דער טאַר־גאָווויסקאָ, וועמען און וויפל מ׳האָט אויפן וועג געשאָסן. כ׳האָב מער נישט געוואָלט הערן, זיך געזעגנט אויך מיט זיי און אַוועק...

כ׳האָב זיך געטראַכט, אַז אויב עס זענען אַפילו געווען אין יענדזשעוו אַ פּאָר „גוטע" פּאָליאַקן, וועלכע האָבן נישט געמאָרדעט קיין יידן, אָבער דאָס יידישע פאַר־מעגן האָבן זיי אַלע געראַבעוועט...

פון דאָרט בין איך אַרויס אויפן גאַס. עס איז געווען אַ טריבער, וויינענדיקער טאָג. אַ דראָבנע רעגן האָט מיר געפּאַטשט אין פּנים. כ׳בין געשטאַנען ווי פאַרשטיינערט אין ראָג פון מאַרק. עס עפנען זיך די געוועלבער. אַלץ וואָס איז אַמאָל געווען יידיש פאַר־מעגן איז שוין מער נישטאָ. נייע „סוחרים", וועלכע זענען אָנגעלאָפן פון די אַרומיקע דערפער האָבן אַלץ געירשנט...

אין די פענצטער — צלמים און הייליקע בילדער, וואָס מ׳האָט אַריינגעשטעלט אין דער צייט פון דער נאַצישער הערשאַפט, כדי צו באַווייזן, אַז עס איז שוין נישט יידיש.

יענדזשעוו האָט קיינמאָל נישט געהאַט אַזויפיל שענקן ווי היינט. אומעטום איז פול מיט זיי. שוין 9 אַ זייגער אין דער פרי זענען די טישן באַזעצט מיט שקצים און שיקסעס, שמוגלערס און שמוגלערינס, זיי שיכורן און פרעסן פעטע שטיקער חזיר און דאָס שמאַלץ רינט זיי איבער די פּיסקעס. דער גרויסער צלם אין מיטן דער קראָם שטערט זיי נישט צו זייער ניוול־פּה, וואָס אַפילו קאָזאַקן וואָלטן רויט געוואָרן, הערנ־דיק דאָס...

כ׳דערמאָן זיך — דאָס איז דאָך די קלייט פון אַ יענדזשעווער ייד, אַ גרויסער למדן און ירא־שמים, וואָס האָט שטענדיק דאָ געלערנט אַ בלאַט גמרא, אָדער מעיין געווען אין אַ חסידיש ספר!

כ׳לאָז מיך אין די אונטער־גאַסן און קום ביז צום קעלצער שאָסיי. כ׳דערמאָן זיך מיינע יוגנט־יאָרן. דאָ האָט אונדזער יוגנט שפּאַצירט, געטרוימט, דיסקוטירט וועגן ציוניזם, נאַציאָנאַליזם, קאָמוניזם און די אַנדערע „איזמען". דאָ האָט יעדער פון אונדז געחלומט וועגן אַ נייער וועלט פון אידעאַליזם, יושר און גערעכטיקייט. ווו זענען זיי אַלע? כ׳לאָז מיך צוריק אין שטעטל. כ׳קום צו ביז דער ליסאַקאָווער גאַס. כ׳בלייב שטיין ווי פאַרשטיינערט... אָט דאָ איז דאָך געווען די גזעלשאַפט „די מוזע". אָט אין דעם הייזל איז געווען די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, דער דראַמאַטישער קרייז. וויפל מי האָט יעדער פון אונדז דאָ אַריינגעלייגט? ווי גרויס איז געווען אונדזער שמחה, ווען מיר האָבן שוין געהאַט צוויי טויזנט ביכער אין דער ביבליאָטעק! וואָסער צוציאונגס־קראַפט איז דאָס געווען פאַר יענדזשעווער יוגנט פון פאַרשידענע קרייזן? אַלץ איז איצט פּוסט. דער גרויזאַמער בלוט־מבול האָט אַלץ אָפּגעוואַשן, נישט געלאָזט קיין שפּור. דאָס האַרץ קלעמט פון צער און ווייטיק!

כ׳גיי ווייטער. כ׳קום צו צו דער בית־המדרש־גאַס, נאָכדעם, צום הויף פון אַמאָליקן גרויסן אייזן־סוחר, דעם יענדזשעווער שטאָט־גביר דוד ריטערבאַנד ז״ל. כ׳זע זיין איייניקל, מיינס אַ קרוב, וועלכער איז נאָכן חורבן געקומען אָפּנעמען זיין זיידנס פאַר־מעגן. אָבער די אַלע סקלאַדעס, וואָס זענען תמיד געווען פול געפּאַקט מיט סחורות זענען ליידיק. עס וואַלגערן זיך דאָרט אַלטע שמאַטעס און אַ ביסל פאַרזשאַווערט אייזן...

פלוצלינג האָב איך באַמערקט אין איינעם פון די סקלאַדעס אַ באַרג מיט שבת־

דיקע לייכטערס אין אַ גרויסער צאָל, איבערצייַלנדיק זיי וואָלט מען געקאָנט באַשטי־מען, וויפל ייִדישע משפּחות יענדזשעוו האָט געהאַט...

עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז אַרום יעדן לייכטער שוועבט אַ הייליקע ייִדישע נשמה, וואָס פֿאָדערט נקמה פֿאַר זייער לעבן, וואָס איז פֿאַרשניטן געוואָרן פֿאַר דער צייט און אויף אַזאַ אכזריותדיקן אופֿן!

כ׳האָב מורא געהאַט אָנצורירן די לייכטערס, כ׳האָב זיך דערמאָנט וויפל טרערן האָבן ייִדישע מאַמעס פֿאַרגאָסן, בענטשנדיק ליכט יעדן ערב שבת און יעדן ערב יום־טוב.

כ׳בין אַרויס פֿון הויף און געבליבן נעבן בית־המדרש, וואָס איז געווען פֿאַרשלאָסן מיט אַ גרויסן שלאָס. כ׳האָב מיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויף אַ פֿענצטערל פֿון קליינעם בית־המדרש און אַרייַנגעקוקט... כ׳האָב דערזען דאָרט אַ וויסטע חורבה, אָן אַ דאַך, די ווענט אָפּגעריסן, דער גרויסער אויוון, וווּ יענדזשעווער ייִדן האָבן זיך געוואַרעמט אין די קאַלטע ווינטער־טעג און נעכט, איז צעוואָרפֿן...

אַ פּוילישער קאָאָפּעראַטיוו האָט דאָס בית־מדרש פֿאַרוואַנדלט אין אַ נאַפֿט־מאַגאַזין און דער שיינער הימל האָט באַלויכטן דאָס געשענדעטע בית־מדרש!...

אַרויסגייענדיק פֿון דאָרט, קומט מיר אַנטקעגן אַ ייִדיש פּנים — ס׳איז געווען אַ יענדזשעווער בחור, פֿרידבערג, זייַן פֿאָטער איז געווען אַ קוילן־סוחר. מיר האָבן זיך ביידע דערפֿרייט — צוויי ייִדן אין זייער חרובער ייִדישער היים.

ער האָט מיר דערציילט וועגן זייַן לעבן אין אַ בונקער מיט נאָך פֿיר ייִדן. זיי האָבן געגרינדעט אַ ייִדישע גמינע און אַז זיי באַשעפֿטיקן זיך מיט אויפֿזוכן ייִדישע מתים אַרום שטאָט און אין די נאָענטע דערפֿער און ברענגען זיי צו קבורה.

כ׳האָב אים געפֿרעגט, ווי אַזוי קאָן ער בלייבן צווישן אַזויפֿיל שונאים. האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער פֿירט אַ פּראָצעס קעגן אַ גוי, וועלכער האָט צוגענומען פֿון זייַן פֿאָטערס קוילן־סקלאַד אַ וואָגן. נאָכן ענדיקן דעם פּראָצעס וועט ער אַוועק.

דער נאַיִווער בחור האָט דעם פּראָצעס געוווּנען, אָבער ער האָט זייַן לעבן פֿאַר־שפּילט... פֿרידבערג האָט זיך אָפּגעראַטעוועט פֿון די נאַציס און געפֿאַלן אַ קרבן פֿון זיינס אַ פּוילישן שכן!

כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז אויפֿן יענדזשעווער ייִדישן בית־הקברות איז נאָר מייַן פֿאָטערס מצבה געבליבן גאַנץ. כ׳האָב מיך איינגעשטעלט און אויך דאָרט אַוועק. דער גאַנצער בית־הקברות איז געווען פֿאַראַקערט און דאָרט האָבן זיך געפּאַשעט פֿערד און קי...

מייַן פֿאָטער ז״ל האָט געהאַט דאָס גליק צו שטאַרבן קורץ פֿאַר דער אויסזידלונג. איז ער דעריבער נאָך געקומען צו קבר ישראל און מען האָט אים אויך נאָך געשטעלט אַ מצבה, באַפֿעסטיקט מיט צעמענט און אויפֿגעגעבן זייַן נאָמען און דעם טאָג פֿון זייַן פּטירה.

כ׳בין געשטאַנען ווי פֿאַרשטיינערט און פֿאַרגאָסן הייסע טרערן ביז נאַכט. כ׳בין צוריקגעקומען צו מייַן קרוב, וועלכער האָט מיך ממש מיט געוואַלט געוואָלט נעמען אין קינאָ, וווּ מען האָט געגעבן אַ סאָוויעטיש בילד. אַרייַנקומענדיק אין זאַל האָב איך פֿאַרגעסן ווו איך האַלט אין דער וועלט און אָנגעהויבן זוכן די באַקאַנטע ייִדישע בחורים און מיידלעך, וועלכע פֿלעגן תּמיד פֿול מאַכן דעם זאַל. קיינער פֿון זיי איז דאָ נישט געווען...

דער קינאָ־אייגנטימער יאַניקאָווסקי האָט מיך דערקענט און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן מיך באַגריסט. כ׳האָב געקוקט אויפן עקראַן אָבער גאָרנישט געזען. מיינע אויגן און געדאַנקען זענען געווען אין אַמאָליקן יענדזשעוו. כ׳האָב געזען די פאָרשטעלונגען פון אונדזער דראַמאַטישער סעקציע און געהערט די שטימע פון די פאַרשידענע פרעלעגענטן, וואָס פלעגן קומען קיין יענדזשעוו רעפערירן אויף ליטעראַרישע און פּאָליטישע טעמעס.

דערנאָך האָב איך מיט מיין קרוב זיך נאָך אַרומגעשלעפּט איבער די יידנלאָזע יענדזשעווער גאַסן, זיך מיט אים שנעל געזעגנט, געגעבן דעם לעצטן בליק אויף מיין געבורט־שטאָט און אָנגעהויבן אַנטלויפן, ווי פון אַ מגפה און זיך געטראַכט — יענדזשעוו, איך זע דיך איצט דאָס לעצטע מאָל, מיינע פיס טרעטן אויף דיי ערד דאָס לעצטע מאָל! מיין אַמאָליק יענדזשעוו איז מער נישטאָ!...

מרדכי שלעדזשיק
רמת־חן

# פון מיינע איבערלעבענישן אין היטלערס צייטן

## די ערשטע מלחמה־טעג



ווען כ׳בין אין יאָר 1939 צוריקגעקומען פון פוילישן מיליטער איז יענדזשעוו שוין געווען באַזעצט דורך די נאַציישע מחנות און כ׳האָב פון מיינע קרובים און פריינט זיך פיל אָנגעהערט, וועגן די גרויזאַמעליידן, וואָס זיי האָבן מיטגעמאַכט בעת די רעוויזיעס און רעקוויזיציעס און ביים כאַפּן צו דער אַרבעט.

אָבער, באַלד בין איך געוואָרן אַן „עד־ראיה" פון די נאַצישע מערדערייען און דערפילט זייער שווערע האַנט, אויך אויף מיינע אייגענע פּלייצעס...

כ׳האָב אָבער נאָך מער געליטן מאָראַליש, זעענדיק די אויפפירונג פון די פוילישע „שכנים", וועלכע זענען ביז דער מלחמה געווען די כלומרשטע „יידן־פריינט", מיט זיי געפירט געשעפטן און געהאַט מיט זיי אַ טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט און באַלד, אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע, אַרויסגעוויזן זייער אמתן פּרצוף...

כ׳וועל אָלסביישפּיל, דערמאָנען די האַנדלונג פון דעם „פוילישן פּאַטריאָט" יאַאַכים באַנק, וועלכער איז ביזן מלחמה־אויסברוך, געווען אַ באַאַמטער אין „קרייז־סיימיק" און אַלס אַזעלכער, געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט יידן או זיך דעקלאַרירט אַלס זייער בעסטער פריינט, אָבער, גלייך מיטן אָנקומען פון די דייטשן, האָט זיך אַרויסגעוויזן — אַז ער איז געווען אַ „דייטשער" אַגענט!

יאַכים באַנק האָט באלד זיך אָפּן געשטעלט צו זייער דינסט, מיט זיין צייטונג „נייע צייטן“ און דאָרט געפירט אַן אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע און געזונגען לויב־געזאַנגען פאַר די דייטשן, וועלכע וועלן באַפרייען פוילן פון די „פאַרשאָלטענע זשידעס“... די דייטשן זענען אים נישט געבליבן שולדיק זייער „דאַנקבאַרקייט“, און אים באַשטימט אַלס זייער „קאָמיסאַר“, אין די גרעסטע יידישע אינדוסטריעלע אונ־טערנעמונגען...

אָבער, ליידער, איז ער נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַנטדעקט זיין פּרצוף. כמעט, אַלע יענדזשעווער פּאָליאַקן האָבן זיך נישט געפירט בעסער פון אים. זיי פלעגן אָפּקויפן יידיש האָב־און־גוטס ממש פאַר גראָשנס, און זיך אפילו נישט אָפּגעהאַלטן פון צונויפצוזאַמלען די פאַרבלוטיקטע מלבושים פון דערשאָסענע יידן און אויך גלייכגילטיק, זיך צוקוקן צו די עקזעקוציעס פון די אומשולדיקע יידישע קרבנות — זייערע לאַנגיעריקע שכנים און פריינט...

## פאַרטריבן אין געטאָ

אין אַ געוויסער פינסטערער (באמת, פינסטערער נאַכט), האָבן די דייטשן אַרויס־געטריבן אַלע יענדזשעווער יידן פון זייערע דירות, נישט דערלויבנדיק זיי מיטצונעמען וואָס עס איז מיט זיך, און זיי אַריינגעשטופּט אין דעם ענגן, פאַרצוימטן שטח פון דער „יידישער געטאָ“, וואָס האָט אַרומגענומען דעם מאַרק, די פינטשעווער און ליסאַקאָווסקאַ גאַסן, ביז צו דער גאַס פון „דריטן מאַי“.

די דייטשן האָבן, ווי אומעטום, אויך אין אונדזער שטאָט, באַשטימט אַ „יודענראַט“, וועלכער האָט זיי געדאַרפט העלפןביים אויסטיילן די „שפּייז־צעטלען“ פאַר יידן, אָרגאַניזירן די צוואַנגס־אַרבעט, דורכפירן פאַרשידענע רעקוויזיציעס, וועלכע די דייטשן האָבן אַרויפגעלייגט אויף דער יידישער באַפעלקערונג, און ביים אַרויסשיקן יידישע יונגעלייט אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין סענדזשישעוו, בעלזשעץ און אַנדערע ערטער.

די דייטשע „הערשער“ האָבן זער אָפט געמאַכט רעוויזיעס ביי די „אָפּגעשלאָסענע“ יידן און ביי זיי צוגענומען אַלע ווערטפולע זאַכן.

אויך ביי מיר האָבן זיי, דעם 16 יולי 1941, צוגענומען די גאַנצע וועש און מלבושים, אַ ווערטפולע זאַמלונג פון פּאָסט־מאַרקן, אַ פוטער און נאָך אַנדערע שטוב־זאַכן.

## יענדזשעוו — „יידן־ריין“

די דייטשע רוצחים האָבן זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיט די צרות, וואָס זיי האָבן פאַרשאַפט די יענדזשעווער יידן אין דעם ענגן „געטאָ“ און האָבן באַשלאָסן זיי אין גאַנצן אומברענגען.

אַ פּאָר טעג פריער האָט מען שוין געפילט אין דער לופט, אַז עס גייט אויף אונ־דזערע יענדזשעווער ברידער אַ גרויסע צרה. מענטשן האָבן געזוכט ווו זיך אויסבאַ־האַלטן, אָבער ליידער, זענען אַלע טויערן געווען פאַר אונדז פאַרשלאָסן...

עס זענען געווען קלאַנגען, אַז מען וועט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אַוועק־שיקן צו דער רוסישער גרעניץ, דאָרט צו בויען „אָקאָפּעס“, אָבער קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז מען וועט אַלע שיקן אין די גאַז־קאַמערן.

ווער עס האָט נאָר געקאָנט, האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון דער געטאָ, זיך באַהאַלטן אין די דערפער, ביי באַקאַנטע פויערים, אָדער אין די געדיכטע וועלדער אַרום יענדזשעוו. קיינער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די „באַשיצער" און כסדר געטוישט די פּלעצער, ווו זיי האָבן זיך געפונען. זייער פּחד איז געווען באַגרינדעט...

עס זענען געווען פיל טרויעריקע פאַקטן, וואָס פּאָליאַקן, כלומרשטע „גוטע פריינט", האָבן איבערגעגעבן די באַהאַלטענע ביי זיי יידן אין די דייטשע לאַפּעס און זיי האָבן זיי אומגעבראַכט... אַזוי זענען געפאַלן אַלס קרבנות: אַדעלאַ צוקער, יולעק ברוינער, יודענהערץ און נאָך פיל אַנדערע.

## די ערשטע אויסזידלונג

אַז מען האָט זיך דערוווסט, אַז די גאַנצע פּוילישע פּאָליציי איז דורך דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע מאָביליזירט געוואָרן אויף 4 פאַרטאָגס, פון דעם דאָזיקן אומגליקלעכן טאָג, פון 16 סעפּטעמבער 1942, זענען אַלע יידישע הערצער געוואָרן פאַרציטערט און שוין 5 פאַרטאָגס, האָט זיך אָנגעהויבן די שוידערלעכע טראַגעדיע — דער אָנהויב פון דעם סוף — פון די יענדזשעווער יידן...

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ווילדער אַלאַרם, דורך דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע און פּוילישע פּאָליציי: „שנעל, שנעל, הערויס, הערויס!" און במשך פון מינוטן, זענען שוין אויפן גאַס געשטאַנען הונדערטער יידן, מיט זייערע ווייבער און קינדער, און מען האָט אַלע געיאָגט און געטריבן דורך דער ליסאַקאָווסקא גאַס צו דער טאַרגאָוויסקאַ. עס האָט געדויערט אַן האַלבע שעה און אַלע יענדזשעווער יידן, יונג און אַלט, זענען שוין געווען אויפן „טאַרגאָוויסקאַ"־פּלאַץ...



...אַזוי האָט מען זיי געפירט צו דער שחיטה!

די פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין גאַס, האָט מען צוריקגעטריבן אין זייערע וווינונגען, מורא האָבנדיק, אַז זיי זאָלן, חלילה, נישט מיטנעמען וועלכן עס איז ייד אָדער ידענע, כדי באַהאַלטן ביי זיך...

אָבער די מורא איז געווען אַן אומזיסטע, ווייל דער גרעסטער טייל פון אונדזערע פּוילישע שכנים האָבן אונדז באַגלייט מיט אַ באַהאַלטענער שמחה... „מען טרייבט אַרויס די פאַרשאָלטענע זשידעס — באַלד וועלן מיר ירשנען זייער האָב און גוטס״... עס זענען אפשר געווען געציילטע פּאָליאַקן, וואָס האָבן אונדז מיטגעפילט און עס האָט זיך, אפשר, ביי וועמען פון זיי אויך דערוועקט אַ רחמנות־געפיל...

ספּעציעלע זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונגען האָבן קאָנטראָלירט אַלע וווינונגען אין געטאָ און געזוכט באַהאַלטענע קרבנות און די, וואָס זענען אַנטדעקט געוואָרן, האָט מען געשלאָגן „מכות־רצח״.

דעם סאָבקאָווער רבין ר׳ שלמה שפּירא (אַן איידעם פון כענטשינער רבין זצ״ל), האָבן זיי געפונען אין שטוב, איינגעהילט אין טלית און תפילין דאַווענען, האָבן זיי אים דערשאָסן אויפן אָרט, צוזאַמען מיט זיין פרוי, די רביצין.

דעם זעלבן ביטערן גורל האָט אויך געהאַט די פרוי ראָזאַ גאָטפריד ז״ל, וועלכע איז אַרויס פון שטוב אַ ביסל שפּעטער ווי די אַנדערע, מיט אַ שטיקל ברויט און מעל, אויף זי האָבן די סאַדיסטן, דערמאָרדעט אויפן אָרט...



יידישע יונגעלייט אין יענדזשעווער געטאָ מיט די „מגן־דוד״ בענדער אויף די הענט. פון רעכט: בזשעזשינסקי, רובינעק, יעקב לעדערמאַן, סאַקאָווסקי און בנימין כענטשינסקי הי״ד.



דאָס „בריקל״ איז געווען די גרענעץ צווישן דער „געטאָ״ און „גויאישן״ יענדזשעוו. אויפן בילד 2 יידישע קינדער — ברזשעזשינסקי און סלאָבענדסקי —ביידע אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים.

נאָכן אַרויסטרייבן אַלע יידן פון דער געטאָ און פון דער נאָענטער אַרומגעגנט, זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די „געסטאַפּאָ“־לייט, זשאַנדאַרמעריע, פּוילישע פּאָליציי און די מענטשן, פון די „אָרדענונגס־דינסט“, און נאָך באַראַטונגען, מיטן פאַר־שטייער פון דער ס.ס.־פּאָליציי אין קיעלץ, אבער־שטורם־פירער, טהומאַס, און מיטן סעקרעטאַר פון דער „קרייז־קאָמאַנדע“, פּרעז, איז מען צוגעטראָטן צו דער „סעלעקציע“ פון די מענטשן, וואָס זענען נויטיק געווען צום ליקווידירן דאָס יידישע פאַרמעגן פון דער „געטאָ“...

זיי האָבן אויסגעקליבן 210 מאַן, צווישן זיי אויך איך מיט מיין זון, נתן, און די רעשט — האָט מען געטריבן, דורך אַן אונטערגאַס פון דער „ליסאַקאָווסקאָ“, צום וואָקזאַל, וועלכער געפינט זיך 2 קילאָמעטער פון שטאָט, צו דער „שחיטה“ אין טרעבלינקאַ...

אויף דער באַן־סטאַציע האָט שוין געוואַרט אַ לאַנגער לאַסט־צוג און מען האָט, נעבעך, זיי אַריינגעפּאַקט, 70—80 פּערזאָן אין יעדן וואַגאָן.

מען האָט זיי געזאָגט, אַז מען פירט זיי קיין קיעלץ, אָבער, באמת, האָט מען דעם צוג טראַנספּאָרטירט קיין טרעבלינקאַ...

עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן זייער ביטערן סוף — דער „טרויעריקער מאַרש“ פון די יענדזשעווער קדושים, האָט זיך געענדיקט אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקער קרעמאַטאָריום!..

איך האָב דאָרט פאַרלוירן מיין פרוי העלאַ און מיינע קינדער: צוויי טעכטער, נעמי און דינה און אַ זון: יעקב.

## דאָס קליינע געטאָ

אונדז, די 210 יידן, וואָס מען האָט איבערגעלאָזט, כדי „צו ליקווידירן דאָס יידישע פאַרמעגן אין דעם געטאָ“ (אַזוי האָט מען אונדז, אָפיציעל, טיטולירט) האָט מען אַריינ־געפּאַקט אין סקרזשיפּציקס אַ הויז, אויף קעלצער גאַס (די אַלטע טאַרגאָווויסקאַ) צו 5—6 פּערזאָן אין אַ צימער.

די ערשטע טעג זענען מיר אַלע געווען צוטומלט, מיר האָבן פאַרשאָלטן די שעה וואָס מיר לעבן און באַווייִנט אונדזערע נאָענטסטע, וועלכע מען האָט ביי אונדז צוגעג־נומען. מיר האָבן זיי פּשוט מקנא געווען, וואָס זיי האָבן שוין פאַרענדיקט זייער פינצטער לעבן, אונטער דעם שווערן יאָך פון די דייטשע רוצחים און זייערע פּוילישע מיטהעלפער...

אָבער אונדזערע פּייניקער האָבן אונדז נישט געלאָזט אפילו וויינען און דערמאָנען אונדזערע ווייבער און קינדער, ברידער און שוועסטער, קרובים און גוטע פריינט, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן... די דייטשן האָבן געהאַט זייער סיסטעם — פּייניקן אָן אויפהער! נישט לאָזן צורו, שטענדיק יאָגן. אַרבעטן — צי עס איז יאָ נויטיק, צי נישט — אבי פּייניקן!

די 210 אומגליקלעכע יידן פון דעם קליינעם „געטאָ“, האָבן געמוזט אויספירן אַלע שווערסטע און שמוציקסטע אַרבעטן; רייניקן די גאַסן, אויסהאַקן דאָס אייז פון טייך, אָפּקערן דעם שניי, רוימען די דירות פון דער „געסטאַפּאָ“ און דער זשאַנדאַרמעריע, דערפילן אַלע זייערע קאַפּריזן, פאַרשאַפן פאַר זיי אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט, און אויך קובר צו זיין זייערע קרבנות.

און דערביי — דעם מינימאַלסטן צוטייל פון לעבנס־פּראָדוקטן, אַפילו קיין שטיקל צוקער — יידן קאָנען יוצא־זיין מיט „סאכארין“. אַזוי האָבן מיר זיך דאָרט געמוטשעט

ביז דער צווייטער אויסזידלונג און דער ליקווידאַציע פון קליינעם געטאָ — דעם 17 פעברואַר 1943.

## די צווייטע אויסזידלונג

דעם 17טן פעברואַר 1943, 5 אַ זייגער פאַרטאָג, האָט זיך באַוויזן די זשאַנדאַרמעריע און געסטאַפּאָ, אויפגעוועקט אַלע יידן, וואָס זענען געווען אין געטאָ, זיי קאָנטראָלירט לויט די רשימות, און אַרומגעשטעלט נעבן זיי אַ שטאַרקע וואַך.

דער זשאַנדאַרמעריע־קאָמענדאַנט — פאָן־ברילל (קיין אַנדער „ערן־טיטל" פּאַסט אים נישט...), האָט באַפוילן אַרויסיאָגן די טיפוס־קראַנקע, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ צימער — דאָס אַזוי גערופענע „עפּידעמיע־שפּיטאָל" — מען האָט זיי אַלע אַרויס־גענומען, נאַקעטע און באָרוועסע,און אויפן באַפעל פון קאָמענדאַנט „פאָן־ברילל" אַלע דערשאָסן, אויסער דעם יונגן וואַרגאַן, וואָס איז, בדרך־נס, ניצול געוואָרן פון די קוילן, וועלכע מען האָט אים נאָכגעשאָסן און האָט באַוויזן צו אַנטלויפן, געבליבן לעבן און וווינט יעצט אין אויסטראַליע.

מ'האָט אונדז אָפּגעשיקט אין דער גרויסער אַמוניציע־פאַבריק אין סקאַרזשיסקאָ, ווו עס האָבן זיך געפונען ביז 8000 מענטשן־קנעכט. דער גרעסטער טייל — יידן פון גאַנץ פוילן — לאָדזש, וואַרשע, ראַדעם, קיעלץ א.א.וו.

די ס.ס.־לייט האָבן געפאָדערט, אַז יעדער זאָל אָפּגעבן דאָס געלט און ווערט־זאַכן וואָס ער האָט ביי זיך. מען האָט אונדז אַלע אויסגעטאָן נאַקעט, גענישטערט אין אונדזערע קליידער, און נאָכן באָדן זיך, האָט מען אונדז אַריינגעטריבן אין פערד־שטאַלן. בסך־הכל זענען מיר דאָרט געווען ביז 300 מאַן. אונדזער „מקום־מנוחה" איז אין לאַגער געווען באַוווסט מיטן נאָמען — „פּערדס־באַראַק"... דעם צווייטן טאָג, האָט מען אונדז געשיקט צו דער אַרבעט — פאַבריצירן טיילן פון געווער.

מ'האָט אונדז געצוווּנגען אַרבעטן 12 שעה אין מעת־לעת. דערפאַר, האָבן מיר באַקומען יעדן טאָג 200 גראַם ברויט אין דער פרי, אַ ביסל זופּ (כמעט ריין וואַסער) אויף מיטאָג און אַ טעפּל קאַווע — אויף אָוונט־ברויט.

די פּאָליאַקן וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט, זענען נאָך דער אַרבעט געווען פריי אַהיים צו גיין נעכטיקן, און דורך זיי האָבן מיר זיך געקויפט לעבנסמיטלען; אַנדערש וואָלטן מיר געשטאָרבן פון הונגער... די „האַנדלס טראַנזאַקציעס" זענען געווען פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות, ווייל מיר האָבן דאָך געדאַרפט דאָס געלט אָפּגעבן ביים קומען אין באַראַק־לאַגער. מיר האָבן ריזיקירט מיטן לעבן, אויסאַרבעטנדיק פון די מעטאַל־אָפּ־פאַלן פינגערלעך, שערלעך און קייטעלעך, וואָס די פּוילישע אַרבעטער האָבן באַקומען פאַרן ברויט, וואָס זיי האָבן אונדז פאַרזאָרגט...

יעדער פרייטיק איז געווען פאַר אונדז אַ „יום־הדין". די דייטשע רוצחים האָבן דורכגעפירט אַ סעלעקציע און די שוואַכע און קראַנקע דערשאָסן אויפן אָרט. די דער־שאָסענע האָט מען באַגראָבן אין וואַלד, ביי דער פאַבריק.

מאַנכעס מאָל האָט מען געהערט אַ שיסעריי אויך אין מיטן דער נאַכט. דאָס האָבן אונדזערע „שומרים" דערשאָסן די יעניקע, וואָס האָבן געוואָגט אַרויסצוגיין פון באַראַק. אַזוי אַרום זענען אויך דערשאָסן געוואָרן די ברידער העלבערג פון יענדזשעוו, וועלכע האָבן, באַקומענדיק לייב־שמערצן, אַרויס אין קלאָזעט — זיי האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט זייערע יונגע לעבנס!

### אין טשענסטאָכאָװ

דער גרעסטער רוצח פון די געסטאַפּאָװצעס אין דער אַמוניציע־פאַבריק „האַסאַג", איז געװען דער סאַדיסט קינעמאַן, אַליין אַ קאַליקע, אַ האַרבאַטער, האָט ער זיך אַרומגע־דרייט מיט אַ גרויסן הונט, דורך אים טערעסירט, אַזוי, אַז װענדנדיק זיך צום הונט מיט די װערטער: „מענטש פּאַס דען הונט!" האָט זיך דער הונט געװאָרפן אויף די אומגליק־לעכע קרבנות פון דעם מענטשן־שונא און זיי צעביסן... דער װילדער רוצח האָט גע־שמייכלט פון צופרידנקייט און צוגעגעבן אַ פּאָר שמיץ מיט זיין נאַהייקע דעם קרבן פון װעלכן עס האָט נאָך געטריפט דאָס בלוט...

קראַנקע (און אַ קראַנקער האָט געהייסן דער, װאָס איז אַרויס מיט 39 גראַד היץ), װאָס האָבן נישט באַקומען קיין באַשטעטיקונג פון לאַגער־דאָקטאָר, זענען דערשאָסן געװאָרן אויפן אָרט.

די פאַבריק האָט געהאַט צװיי אָפּטיילונגען: „פּעלצעריי" און „װאַרטאַ" און די װאַרשטאַטן זענען געװען געטיילט אויף „אַ" „בע" און „צע". איך האָב געאַרבעט ביי די מאַשינען און טראַנספּאָרט. די ערגסטע אָפּטיילונג איז געװען „צע" — דאָרט האָט מען אָנגעפילט די רערן מיט טראָטיל — דאָס איז געװען אַ זייער שאַרף כעמיש מיטל, און אַלע, װאָס האָבן דערביי געאַרבעט, האָבן באַקומען װוּנדן אויפן גאַנצן קערפּער און געװאָרן געל. ביים טראָטיל האָט מען נישט געקאָנט אַרבעטן מער װי 6 װאָכן. עס האָט פּשוט פאַרברענט די לונגען. די אומגליקלעכע האָט מען אַלס „דאַנקבאַרקייט", נאָכן פאַרלירן זייער געזונט, דערשאָסן בעת דער סעלעקציע. די דערשאָסענע האָט מען פאַרברענט אין די װעלדער אַרום טשענסטאָכאָװ.

### די לעצטע טעג אין לאַגער

דאָס רוסישע מיליטער האָט כסדר אָפּגעהאַלטן נצחונות. װעגן דעם האָבן מיר זיך דערװוּסט דורכן געהיימען ראַדיאָ, װאָס איינער פון אונדז, אַ ראַדיאָ־טעכניקער, האָט באַװיזן צונויפמאָנטירן. אָבער אַפילו אָן ראַדיאָ האָבן מיר אויך געקאָנט פאַרשטיין, אַז היטלערס מפּלה און אונדזער באַפרייאונג איז נאָענט (אויב מיר װעלן דאָס דערלעבן). די „שטאָלצע" דייטשן האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, כסדר זיך געסודעט, אַ ביסל פאַר־לייכטערט דעם רעזשים...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען שוין געהערט די קאַנאָנאַדע אויך אין דעם לאַגער. אַמאָל האָט מען אַ גאַנצע נאַכט געהערט די שיסעריי.

די ס.ס.־לייט זענען אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ. פּלוצלינג פאַראָרדנט מען: — „אַרבייטען 36 שטונדען אָהנע איבעררייס!" מען ברענגט שוין נישט קיין ברויט און מען שיקט שוין נישט צו דער אַרבעט. עס טומלט זיך. מיר פילן, אַז די באַפרייאונג איז נאָענט. אָבער גלייכצייטיק טראַכטן מיר: „װוּהין װעלן מיר גיין?" די אַנטלויפנדיקע היטלע־ריסטן װעלן דאָך אונדז, אַלס נקמה, אומעטום, דערמאָרדן? אונדז באַהערשט פרייד און שרעק צוזאַמען!...

### די באַפרייאונג

מיר זעען שוין די רוסישע עראָפּלאַנען, זיי באַשיסן די שטאָט. מיר הערן די חורבות פון הייזער און פאַבריקן. אונדזער לאַגער װערט נישט באָמבאַרדירט.

די דייטשן אַנטלויפן, פאַרלאָזן דעם לאַגער און די גאַנצע שטאָט ווי פאַרסמטע מיז. זיי ר״יסן זיך אַלע אַ „היים״, קיין דייטשלאַנד — אין זייער חרובדיק פאָטערלאַנד... און מיר, פאַרמוטשעטע, דענערווירטע, וויסן נישט, צי וועלן זיי אויך אונדז מיטשלעפּן מיט זיך, אָדער לאָזן צורו?

אָבער די גליקלעכע שעה איז געקומען. די רוסן זענען אין טשענסטאָכאָוו. מיר זענען באַפרייט!

עס ווילט זיך נישט גלייבן, אַז נאָך אַזעלכע שרעקלעכע יאָרן פון ליידן און פּיין, פון פיזישע און גייסטיקע דערנידערונגען, הונגער און קעלט, שטענדיקע טויט־שרעק, זענען מיר ווידער פרייע מענטשן, מיט אַן אייגענעם ווילן!

מיט איבערמענטשלעכע כוחות וואַרפן זיך די קראַנקע צעבראָכענע מענטשן צו די טויערן, וואָס פאַלן איין ווי די מויערן פון יריחו, און מיר זענען פריי! אין די אויערן קלינגט אַן אויפהער אַ קול, וואָס שרייט:

„שקלאַפן, איר זענט פריי!״ איר האָט צוריק באַקומען אייער צלם־אלהים! דער גרויסער היסטאָרישער נס איז געשען דעם 16טן יאַנואַר 1945, האַלב עלף ביינאַכט!

אַ ליכטיקע נאַכט אין אונדזער פינצטער לעבן!

## דער געהיימער שאָס

כ׳בין אַוועק אין מיין אַלטער חרובער היים — קיין יענדזשעוו. נאָך פיל מי האָב איך צוריק באַקומען מיין וווינונג, וואָס איז געווען באַזעצט דורך אַ פּאָליאַק פון פויזן. זעלבפאַרשטענדלעך, איז אַלץ געווען צעפּלינדערט.

דעם זעלביקן טאָג איז אַרויס פון שפּיטאָל מיין איינציקער לעבנגעבליבענער זון, נתן, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע טיפוס־קראַנקייט און געלעגן אין שפּיטאָל 61 טעג. מיין פרייד איז געווען זייער גרויס.

אַרום 8 אַ זייגער אָוונט קלאַפּט מען אין דער טיר. כ׳האָב נישט געוואָלט עפענען, ווייל די פוילישע באַנדיטן האָבן געלויערט אויף די צוריקגעקומענע 60 יידן און זיי געוואָלט אומברענגען. די רוצחים האָבן אויפגעריסן אַ לאָדן און געשאָסן. כ׳בין געפאַלן אַ פאַרוווּנדעטער אין דער לינקער זייט פון מיין מויל, די קויל איז געבליבן שטעקן. אויף דער שיסעריי איז אָנגעקומען אַ רוסישער מיליטערישער פּאַטרול, אָבער די באַנ־דיטן זענען אַנטלאָפן. מען האָט מיך גענומען אין שפּיטאָל און אָפּערירט.

אַלע 60 יידן, וואָס זענען דאַן געווען אין יענדזשעוו, זענען זיך צעלאָפן. געבליבן זענען: איך מיט מיין זון און אַ געוויסער פרידבערג, וועלכער האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן, וועלנדיק אָפּנעמען דאָס פאַרמעגן פון זיין פאָטער ז״ל, וועלכער איז פאַרברענט געוואָרן אין די טרעבלינקער גאַז־אויוונס.

נאָכן אַרויסגיין פון שפּיטאָל בין איך מיט מיין צווייטער פרוי און זון אַוועק קיין וואָראָצלאַוו.

אין יאָר 1947 האָבן איך באַשלאָסן נאָכאַמאָל באַזוכן יענדזשעוו, כדי זיך געזעגענען מיט די קברים פון מיינע עלטערן, מיין שוועסטער פעסעלע ברעסלער און מיט די קדושים פון דער ערשטער און צווייטער אויסזידלונג, וואָס כ׳האָב מיך באַטייליקט ביים ברענגען זיי צו קבר ישראל.

ד״ר פּשיפּקאָווסקי האָט מיך נישט געלאָזט גיין צום בית־הקברות, מיך אַרויפגע־

פירט אויפן דאַך פון זיין הויז און מיט זיין טעלעסקאָפּ מיר געוויזן, אַז דער בית־הקברות עקזיסטירט שוין מער נישט. דער גדר איז צענומען, מיט די מצבות האָט מען געבויט אַ שאָסיי אויף דער פינטשעווער גאַס. אויפן פּלאַץ פון אונדזער בית־הקברות, פּאַשען די אַרומיקע פּויערים זייערע בהמות און חזירים. אין יענדזשעוו איז מער נישטאָ קיין איין ייד, אַלע זייערע וווינונגען זענען פאַרנומען דורך די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע זענען אויך געוואָרן סוחרים...

אַ צעבראָכענער האָב איך פאַרלאָזט מיין היימשטאָט יענדזשעוו אויף אייביק.

אין יאָר 1957 בין איך מיט מיין פאַמיליע געקומען קיין ישראל און זוכה געווען צו זען די פאַרווירקלעכונג פון מיינע יוגנט־חלומות — דעם אויפבוי פון מדינת ישראל. מיר זענען אירע טרייע בירגער און דאָס איז אונדזער פרייד.

## אסתר שרף
**בת־גלים**

# מיין ביטערער כוס אינעם ים טרערן



דער גרויסער, טיפער ים פון בלוטיקע טרערן, וואָס מיר האָבן פאַרגאָסן און פאַרגיסן וויטער אויף אונדזער גרויסן אומ־גליק איז נאָך נישט פול... קיינמאָל וועט ער נישט פול ווערן!

יעדעס יזכור־בוך פאַר אונדזערע חרובע קהילות אין פוילן און אין גאַנץ מזרח־אייראָפּע, איז אַ פרישע קאַלוזשע פון בלוט און טרערן אין דעם דאָזיקן גרויסן ים פון אונדזערע צרות...

זאָל־זשע אויך מיר, דער געבוירענער יענדזשעווער ייִדישער טאָכטער, וועלכע האָט נאָך מיט 40 יאָר צוריק — אין יאָר 1925 — געהאַט די זכיה צו פאַרלאָזן דעם פינצטערן גלות און עולה זיין קיין ארץ־ישראל, כדי מיטצוהעלפן צום אויפבוי פון אונדזער לאַנד, הערלויבט זיין אַריינצוגיסן אויך מײַן ביטערן כוס טרערן אין דעם יזכור־בוך פון אונדזערע טייערסטע און ליבסטע!

ווער פון אייך, מיינע ברידער און שוועסטער פון יענדזשעווער שארית־הפליטה, געדענקט נישט מײַן גאָטזעליקן פאָטער ר׳ משה פרידבערג, זיין צווייטע פרוי גיטל, וואָס איז פאַר מיר געווען ווי אַ געטרייע מוטער, מיין שוועסטער פייגעלע און איר מאַן הירש וואָלף טייכנער, מיט זייערע דריי טייערע קינדערלעך? אַלע, אַלע זענען זיי פאַרשוווּנדן פון גאָטס וועלט פאַר דער צייט. מיין טייערער פאָטער, וועלכער האָט געשמט מיט זיין גוטהאַרציקייט, וואָס איז שטענדיק גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאַר יעדן ייד, וואָס איז געווען אַ סימבאָל פון ערלעכקייט און יושר אין זיינע מסחרים און אין זיינע באַ־ציאונגען מיט יעדן ייד, צי קריסט, האָט אויף זיך גענומען דעם ביטערן גזר־דין, נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין שטאָט, זאָגנדיק: „כ׳וועל גיין מיין וואַנדער־וועג צוזאַמען מיט אַלע יענדזשעווער יידן״.

**עס זענען שוין פאַרלאָפן אַזויפיל יאָרן זינט מיין אָפּפאָר קיין ישראל, אָבער עס שטייען נאָך פאַר מיינע אויגן די הייליקע פּנימלעך פון די טייערע יידישע קינדערלעך, ווי זיי לויפן מיט שמחה אין זייערע „חדרים", לערנען תורה און יידישקייט.**

**כ'דערמאָן מיך, ווי טאַטעס און מאַמעס האָבן מיט פרייד געפירט זייערע יינגלעך און מיידלעך אין „חדר" אַריין, האָפנדיק פון זיי צו האָבן נחת, שטאָלצירנדיק פון זייער התמדה ביים לערנען.**

**אַלץ איז נעבעך אַוועק און פאַרברענט געוואָרן אין דער גרויסער שריפה פון אַ גאַנץ יידיש פאָלק!**

**זאָלן מיר, די געציילטע, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן, זיי תמיד געדענקען און מיט יראת־הכבוד היטן זייער אָנדענק טיף אין אונדזערע צעבראָכענע הערצער.**

די גרויסע ווונד פון יידישן פאָלק איז אומהיילבאַר!



אָט זענען זיי די קינדערלעך וועגן וועלכע אסתר שרף שרייבט מיט אַזויפיל ליבע.
זי געדענקט זיי נאָך פון יאָר 1918 — פון פאַר איר עליה קיין ארץ־ישראל. דאָס זענען — שילערינס פון אַ ציוניסטישן בית־ספר אין יענדזשעוו. אין צענטער — דער מנהל פון בית־ספר יעקב דעמבינא ז"ל.

משה אַפּעלשטיין
(תל־אביב)

## נישט נאָר טרערן!



כ׳מיין, אַז עס איז כדאי, אַז אין יענדזשעווער יזכור־בוך — דאָס בוך פון בלוט און טרערן, פון לייד און פּײַן, זאָל אויך דערמאָנט ווערן אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד, וואָס האָט פאַרשאַפט גליק און שמחה צוויי יענדזשעווער יידישע משפחות פון אונדזער שארית־הפליטה.

מיט 6 יאָר צוריק — אין יאָר 1959 — בין איך געפאָרן מיט מיין פרוי קיין חיפה, כדי צו באַגלייטן אונדזערס אַ פריינד, וואָס איז פון חיפהער פּאָרט אַהיימגעפאָרן.

וואַרטנדיק צווישן די אַפּרייזנדיקע און זייערע באַגלייטער, האָב איך באַמערקט אַ יונגנמאַן, וואָס הערט נישט אויף צו קוקן אויף מיר... זיין פנים האָט מיר אויסגעזען באַקאַנט און כ׳האָב מיר דערלויבט אים פרעגן ווער ער איז און פאַרוואָס ער קוקט אויף מיר די גאַנצע צייט.

ער האָט זיך פאַר מיר פאַרגעשטעלט מיטן נאָמען האָפמאַן פון יענדזשעוו און דערציילט, אַז ער פאָרט אָפּ מיט זיין פרוי און קינד קיין קאַנאַדע, ווייל דאָ האָט ער קיינעם נישט. ער איז געבליבן דער איינציקער פון זיין גאַנצער משפחה, ער האָט אויף מיר געקוקט, ווייל מיין פנים האָט אים אויסגעזען קענטיק.

די זאַך האָט מיך זייער פאַרוואונדערט, ווייל כ׳האָב געוווסט, אַז נעבן חיפה וווינט אַ יענדזשעווער מיטן נאָמען האָפמאַן. כ׳האָב אים דאָס דערציילט און ער איז ממש פאַרציטערט געוואָרן. צום גליק, איז נאָך געבליבן גענוג צייט ביזן אָפּגאַנג פון דער שיף און כ׳בין צוזאַמען מיט אים אַרויס זוכן דעם ברודער, וועמען ער האָט נישט געזען 18 יאָר און נישט געוווסט, אַז ער לעבט.

אין לשכת המס פון דער הסתדרות האָט מען וועגן אים גאָרנישט געוווּסט. מיר זענען אַוועק צום אַלטן תושב פון חיפה יעקב שרף, וועלכער האָט גראָד געוווסט דעם אַרבעטס־פּלאַץ פון צווייטן ברודער האָפמאַן.

קומענדיק צו אים האָט שרף אים געפרעגט, צי ער קען עמעצן פון די אַנוועזנדיקע, ביי אים. ער האָט זיך אומגעקוקט און ביידע זענען געבליבן ווי פאַרגליווערט פון איבעראַשונג — זיי האָבן זיך דערקענט...

די שמחה איז געווען אומבאַשרייבלעך, אָבער די צייט איז געווען קורץ. ביידע משפחות האָבן זיך געפרייט צוזאַמען אַ זייער קורצע צייט און מיר האָבן זיך געלאָזט צוריק צום פּאָרט, זיך הייס געזעגנט און זיך צעשיידט...

כ׳בין גליקלעך, וואָס כ׳האָב געהאַט דאָס גרויסע גליק צו שאַפן דעם קאָנטאַקט צווישן די ביידע ברידער, וואָס יעדער פון זיי האָט געהאַלטן דעם צווייטן פאַר פאַרלוירן... און איך האַלט, אַז אַלע יענדזשעווער וועלן זיך פרייען צוגלייך מיט מיר...

יחזקאל פוקסהענדלער
**ניו־דזשערסי**

## גיט א נדבה פאר א נצרך...

### (אַן עפּיזאָד פון אַמאָליקן לעבנס־שטייגער אין יענדזשעוו)



מיין מאַמע ע״ה, וועלכע מען האָט גערופן מלכהלע יאָסל־יחזקאל־ליבעס, האָט מיר דערציילט פאָלגנדיקע געשיכטע, וואָס באַווייזט דאָס נדיבות פון די אַמאָליקע יענדזשעווער יידן און ווי זיי האָבן מקיים געווען דעם „אשרי משכיל אל דל״.

פון דעם עפּיזאָד קאָן מען אַרויסנעמען אַ מוסר השכל, ווי מען דאַרף זיך נוהג זיין ווען מ׳דאַרף און מען וויל העלפן אַ בכבודיקן ייד, וואָס איז לאַ־עלינו אַ יורד (אין מאַטעריעלן זין).

עטלעכע וואָכן פאַר פורים זענען צו מיין גאָטזעליקער מוטער געקומען צוויי יענדזשעווער חשובע בעלי־בתים זיך שואל עצה זיין ביי איר, ווי אַזוי צו העלפן אַ זייער בכבודיקן יענדזשעווער ייד, וואָס מען האָלט אים אין שטאָט פאַר אַ גרויסן נגיד און אין דער אמתן איז ער אַ גרויסער נצרך, ווייל ער האָט זיין פאַרמעגן פאַרלוירן...

מיין מוטער האָט געזאָגט: „מיר וועלן זיך אַלע דריי משתתף זיין אין דער גרויסער מצווה, אָבער בתנאי, אַז קיינער טאָר נישט וויסן פאַר וועמען מיר זאַמלען דאָס געלט״.

פורים זענען זיי אַלע דריי אַרויס אין שטאָט און באַזוכט אַלע נגידים און בעלי־צדקה, נישט דורכלאָזנדיק אויך דעם געפאַלענעם נגיד (מיט דער כוונה, אַז קיינער זאָל זיך נישט אָנשטויסן, אַז מען זאַמלט פאַר דעם דאָזיקן יורד). ער האָט זיי, נעבעך, אויך געגעבן אַ שיינע נדבה (אפשר דאָס לעצטע, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך...).

זיי האָבן געזאַמלט אַ באַדייטנדיקע סומע און אין אַן איידעלער פאָרם אים עס איבערגעגעבן, שטעלנדיק אים אַזוי אַרום אויף די פיס.

עס זענען שוין אַריבער 60 יאָר, זינט מיין מאַמע האָט מיר דאָס דערציילט און איך קאָן עס נישט פאַרגעסן.

יענדזשעווער יידן האָבן זיך תמיד אויסגעצייכנט מיט זייער ברייטער האַנט אויף צדקה־צוועקן, איבערהויפּט אין דער מצוה פון מתן־בסתר.

איך מיין, אַז דעם פאַקט וואָס כ׳האָב באַשריבן, דאַרף דינען אַלס אַ מוסר־השכל פאַר אַלע צייטן, אַפילו אויך פאַר אונדזער תקופה.

עס זענען תמיד פאַראַן ברידער און שוועסטער, וועלכע מען דאַרף העלפן אין אַן עת־צרה. זאָל די שארית־הפליטה פון דער יענדזשעווער קהילה היטן אונדזער שיינע טראַדיציע פון אַמאָל און דערמיט אויך פאַרשאַפן אַ נחת־רוח אונדזערע פאַרשטאָרבענע עלטערן, וואָס האָבן אונדז דערצויגן אין דעם גייסט, און דערמיט אויך פאַראייביקן דעם זכרון פון אונדזערע קדושים!

משה קאַסיער
**בוענאָס־איירעס**

## צוויי וואסערטרעגער
### (פון די יענדזשעווער טיפן)



עס איז שוין געוואָרן אַזאַ אָנגענומענער מנהג אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור, אַז באַשרייבן און שטעלן אין אויבנאָן, טוט מען תמיד די מענטשן, וואָס האָבן געהערט צו דער מזרח־וואַנט פון שטעטל, דאַקעגן לאָזט מען אין גאַנצן אַרויס פונעם אויג דעם פּאָליש־ייִד פון שטעטל. אַזוי אַרום באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז אין שטעטל האָבן געלעבט בלויז „שיינע „ייִדן״.

מיט מיינע פּאָר פאַרשוינען, וועלכע איך ברענג דאָ אַרויס, וויל איך, אין אַ געוויסער מאָס, מתקן זיין דעם פּאָליש פון אונדזער שטעטל. זאָלן מיינע ווערטער זיין אַ מצבה פאַר דעם פּשוטן און ערלעכן האַרעפּאַשניק פון אונדזער יענדזשעוו.

צוויי זענען זיי געווען, צוויי יידישע וואַסערטרעגער אין שטעטל. ביידע האָבן געהייסן מיט דעם זעלבן נאָמען, שלמהלע. אָבער כדי זיי אונטערצושיידן האָט מען איינעם גערופן „שלמהלע מיט דער באָרד״. ער איז געווען אַ הויכער, מגושמדיקער ייִד מיט אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד, וואָס איז געווען צעוואַקסן איבערן גאַנצן פּנים. ער איז געווען אַ ייִד אַ שווייגער, זעלטן ווען מיט וועמען אַ וואָרט אַרויסגערעדט. ווער ער איז און פונוואַנען ער שטאַמט, האָב איך קיינמאָל נישט געוווּסט. לויט זיין אויפפירן זיך און לויט אַלע סימנים, איז ער אין מיינע אויגן געווען אַ למד־וואָווניק. זינט איך געדענק אים איז ער תמיד געווען באַלאָדנט מיט אַ נאָסידלע און צוויי עמער וואַסער.

פיל מער קאָן מען דערציילן וועגן דעם צווייטן יידישן וואַסערטרעגער פון אונדזער שטעטל. גערופן האָט מען אים ״שלמהלע יאָסל מלמדס״. אַלע אין שטעטל האָבן אים געקענט, ער איז געווען יאָסל מלמדס ייִנגסטער זון. ר׳ יאָסל דער גמרא־מלמד האָט געהאַט פיר זין, וועלכע מ׳האָט אין שטעטל געקרוינט מיט אַ הייליקן נאָמען אַזש פון דער הגדה — „די אַרבעה בנים״. דער עלטסטער, וועמענס נאָמען איך געדענק שוין נישט, איז געווען אַ שניידער, אַ לאַטוטניק משׁשת ימי בראשית. ער איז געווען אַ הויכער מיט אַ שוואַרץ קאָזע־בערדל. ער האָט דאָס געזאָלט זיין דער ״חכם״; דער צווייטער האָט געהייסן יאַנקל און איז אויך געווען אַ שניידער, אַ טאַנדייט־שניידער. ער איז געווען אַ גאַנצע „שישקע״ ביי די „חברה נושאים״. אים האָט מען גערופן דער „רשע״, זיין גאַנצע רשעות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט פיינט געהאַט שנאת־מוות די גבירים און תקיפים פון שטעטל, און ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט האָט ער זיי געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ נאָר מיטן מויל...

דער דריטער זון האָט געהייסן בנימין, אָבער גערופן האָט מען אים ״יאָמעלע דעם מלמדס״, אָבער מער באַקאַנט איז ער געווען ביי אַלע מיטן זיין צונאָמען „יאָמעלע

צאַץ". פאַרוואָס מען האָט אים אַזוי גערופן, ווייס איך נישט. ער איז געווען אַ דרדקי־מלמד, געוווינט האָט ער אויף ליסאַקאָווער גאַס, נישט ווייט פון דער „מוזע". געהאַט האָט ער בסך הכל איין שטוב ווו עס איז געווען די קיך, דאָס עסצימער און אויך דאָס שלאָפצימער. אין דעם זעלביקן „צימער" איז אויך געווען דער חדר, ווו ייִנגלעך און מיידלעך האָבן זיך געלערנט עברי און ועל כולם איז נאָך אין דעם צימער אויך געווען אַן איינבינדעריי, ווייל אונדזער ר' יאָמעלע מלמד האָט זיך פאַרנומען אַחוץ מיט קנעלן מיט זיינע תלמידים און תלמידות. אויך מיט איינבינדן ביכער.

אגב איז ער אויך געווען דער איינבינדער פון דער „מוזע". צי ער האָט געהאַט פון זיינע צוויי מלאכות אויך פּרנסה, בין איך שטאַרק מסופּק...

געווען איז ער אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ תמיד שמייכלדיק פּנים. דאָס גאַנצע גוטסקייט פון דער וועלט איז געווען קאָנצענטרירט אין אים. ער האָט מורא געהאַט אַראָפּצוּיאָגן אַ פליג פון זיין פּנים, טאָמער וועט ער דער פליג פאַרשאַפן יסורים... ער איז געווען שטאַרק קורצזיכטיק, אויך די פיס זענען ביי אים נישט געווען אין אָרדענונג. ער איז נישט געגאַנגען נאָרמאַל, נאָר געשלעפּט די פיס. פאַר למדנים און אינטעליגענטן האָט ער געהאַט שטאַרק דרך־ארץ. אַלע ביכער, וואָס די „מוזע" האָט אים געגעבן איינצובינדן, האָט ער פריער אַדורכגעלייענט און געוויס דערפון געהאַט גרויס הנאה, אָבער ער האָט עס געמאַכט אין געהיים, ווי ער וואָלט זיך דערמיט געשעמט. ווען מיר האָבן אים אַ געוויסע צייט נישט געגעבן איינצובינדן קיין ביכער, האָט ער אונדז אין דעם דערמאָנט און אונדז תמימותדיק געפרעגט, צי מיר האָבן נישט אַמאָל איינצובינדן ביכער פון „אַ געוויסן" שרייבער שלום־עליכם, דערביי האָט ער געזאָגט: „כ'האָב זייער ליב איינצובינדן שלום־עליכמס ביכער". אים האָט אונדזער שטעטל באַצייכנט אַלס דעם „תם" פון דער הגדה.

שלמהלע האָט געהייסן „שאינו יודע לשאול". ער איז דאָס געווען איינער פון די הויפּט־וואַסערטרעגער פון שטעטל. נישט מיט איינמאָל איז שלמהלע געוואָרן וואַסער־טרעגער. געווען איז ער פריער ביי זיין טאַטן אַ בעלפער, אָבער ער איז געווען אַ צו גוטער צו דעם דאַזיקן פאַך און די קינדער זענען אים איינפאַך ארומגעקראָכן אויפן קאָפּ. און ווייל ער האָט זיך נישט אויסגעטויגט אַלס בעלפער, האָט עמעצער פאַר אים באַשלאָסן, אַז ער זאָל ווערן... אַ בעקער.

איך ווייס נישט צי עמעצער האָט אים אָנגעצויגן, צי ער האָט זיך אַליין איבער־געטראָגן צו זיין נייעם פאַך, אָבער אַ פאַקט איז — ער איז געוואָרן פריער אַ לערניונג ביי זכריה בעקער, וועלכער האָט געהאַט זיין בעקעריי אויפן ראָג פון דער וואָידיסלאַ־ווער און בית־המדרש־גאַס (פונקט אַקעגנאיבער דעם מאַרק). וואָס טוט אַ לערניונג אין אַ בעקעריי? — ער טראָגט וואַסער און הייצט דעם אויוון. קיין וואַסער־לייטונג איז אין יענדזשעוו נאָך נישט געווען, אויך ברונעמער און פּלומפּן זענען געווען זייער וויניק אין שטעטל. איך ווייס נישט צי אין גאַנצן שטעטל זענען געווען צוואַנציק פּלימפּן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געטראָגן וואַסער פון מאַרק, ווו עס זענען געווען צוויי שטאָ־טישע פּלומפּן איינער איז געווען קעגנאיבער יונה קאַטשקעס אייזנגעשעפט און דער צווייטער — קעגנאיבער דעם סקלאַד אַפּטעטשנע. פון אָט די פּלומפּן האָט שלמהלע געטראָגן וואַסער פאַר זכריהס בעקעריי. קיין בעקער איז שלמהלע קיינמאָל נישט געוואָרן, דערפאַר איז ער אָבער געוואָרן אַ זעלבשטענדיקער וואַסערטרעגער און באַ־זאָרגט דאָס שטעטל מיט וואַסער. קיין גביר איז ער דערפון נישט געוואָרן, אָבער אַן „עושר" יאָ (איזה עשיר השמח בחלקו).

איך האָב קיינמאָל נישט געהערט, אַז ער זאָל זיך באַקלאָגן, איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער איז באמת געווען גליקלעך. איך ווייס נישט וויפל „מאָל" וואַסער ער האָט געטראָגן אַ טאָג, איך ווייס נאָר, אַז מען האָט אים געצאָלט גאַנצע 10 גראָשן פאַר אַ „מאָל" וואַסער. „אַמאָל וואַסער הייסט צוויי וויאַדרעס. זומער איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה, ווינטער אָבער האָבן זיך אַרום די צוויי פּלומפּן געשאַפן גאַנצע בערגער אייז אַזוי, אז מען האָט געדאַרפט זיין ממש אַן אַקראָבאַט אַוועקצוטראָגן פון דאָרטן בשלום צוויי פולע עמערס וואַסער און דערביי נישט פאַלן און צעברעכן הענט און פיס.

איצט, נאָך דעם חורבן פון יידישן יענדזשעוו, ווען איך פאַרמאַך די אויגן, זע איך אין מיין דמיון אים, דעם יענדזשעווער מאַרק פאַרטאָג. דער מאַרק איז ליידיק, נאָר צוויי יידן זעט מען. זיי זענען ביידע באַוואָפנט, זייער „געווער" באַשטייט פון צוויי נאָשידלעס, ביי וועלכע עס הענגען נאָך פיר וויאַדרעס פול מיט וואַסער.

ביידע האָבן זיי געהייסן שלמהלע, ביידע האָבן זיי געטראָגן וואַסער ביז די היט־לעריסטישע רוצחים האָבן זיי אומגעבראַכט!

דאָס וואַסער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בלוט — דאָס בלוט פון אונדזערע טייערסטע, וועלכע מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן! טאָרן נישט פאַרגעסן!



אונדזערע יענדזשעווער פריינט אין בוענאָס־איירעס, ביי דער ערשטער הזכרה פאַר די יענדזשעווער קדושים — ביים דענקמאָל וואָס אַרגענטינער יידן האָבן געשטעלט צום זכר פון די 6 מיליאָן יידישע קרבנות פון דער היטלער־שחיטה.

ישראל גורטמאַן
קרית ביאַליסטאָק

## מ״ר מאריס טשינסקי (משה בענטשינסקי)

צווישן די ערשטע און וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע קולטור־ און פּאַרטיי־טוער אין יענדזשעוו, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געווען משה בענטשינסקי. ביז ער האָט פאַרלאָזט יענדזשעוו, אויסוואַנדערנדיק אין די פאַרייניקטע שטאַטן, האָט ער פאַרשריבן אַ שיין קאַפּיטל אינעם רענעסאַנס פון געזעלשאַפטלעכן און פּאַרטיי־לעבן אין יענדזשעוו.

אָבער כ׳וויל קודם־כל איבערגעבן אַ פּאָר פּרטים פון זיין ביאָגראַפיע.

ווי דער גרעסטער טייל פון יידישע קינדער אין יענער תקופה, איז זיין „אוניווער־סיטעט״ געווען דער „חדר״ און דער בית־המדרש. אַן אייניקל פון דעם יענדזשעווער שוחט, „דעם גרויסן ר׳ אלתר״ און אַ זון פון ר׳ נתן־בער בענטשינסקי, האָט מען אים געגעבן אַ טראַדיציאָנעלע און רעליגיעזע דערציאונג. אַ צייט האָט אים געלערנט תורה דער זיידע אַליין, נאָכן ענדיקן ביי די מלמדים ר׳ מאיר־יחיאל, ר׳ דוד אפרימס, ר׳ שלמה וואָליער, ר׳ מענדל נתלס און ר׳ יאָסעלע ברענער.



נאָכן ענדיקן די לימודים אין די חדרים האָט ער געלערנט אין בית־המדרש צוזאַמען מיט די בית־מדרש־בחורים אהרן קאַצקער, חיים־יהושע ווילאָגע, הירש־בער מרדכי ראובנס און אַנדערע. חוץ גמרא האָט דער יונגער משה געהאַט שוין דאַן אַן אינטערעס פאַר דער יידישער ליטעראַטור און פרעסע. „דער פריינד״, וואָס איז דער־שינען אין פּעטערבורג און איז אָנגעקומען אויך צו זייך פאַטער אין שטוב, פלעגט ער נישט נאָר אַליין לייענען, נאָר פאָרלייענען אים אויך פאַר אַנדערע.

אין 1905 האָט ער, בשתיקה, מיטגעאַרבעט מיט דער גרופּע רעוואָלוציאָנערן פון

יענער צייט אין וועמענס שפּיץ ס׳איז געשטאַנען לייבל סאָבקאָווסקי, באַהאַלטנדיק רעוואָלווערן און רעוואָליוציאָנערע ליטעראַטור. ער האָט צוגעהאָלפן זיין פאָטער אין צייטונגס־פאַרקויף, צווישן זיי אויך רוסישע צייטונגען.

אין יאָר 1909 פאָרט ער קיין לאָדזש און לערנט זיך דאָרט דאָס וועבעריי־פאַך ביי ר׳ חיים־לייב האַמבורגערס טאָכטער.

דאָ האָט ער באַקומען די מעגלעכקייט, אין דער פרייער צייט, פאַר די אָפּגעשפּאַרטע גראָשנס זיך קויפן יידישע ביכער און צייטונגען. דאָ הייבט זיך אויך אָן די מאָדערנע תקופה, וואָס האָט געלייגט איר חותם אויף דער ווייטערדיקער געשטאַלטיקונג פון דעם שפּעטערדיקן ערנסטן געזעלשאַפטלעכן עסקן און פּאַרטיי־טוער. ער שרייבט קאָרעספּאָנדענציעס אין „היינט" און אין „מאָמענט".

אין יאָר 1911 ווערט ער מאָביליזירט אין דער רוסישע אַרמיי. ווען עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה איז ער נאָך אין דער אַרמיי, גייט אויפן פראָנט און פאַלט אַריין אין דייטשער געפאַנגענשאַפט, שמאַכט איבער 4 יאָר אין דייטשער געפאַנגענשאַפט, און ערשט אין יאָר 1918, נאָכן פאַרענדיקן זיך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, קומט ער צוריק קיין יענדזשעוו.

דאָ האָט ער געטראָפן אַ פעלד פאַר ציוניסטישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער וואַרפט זיך אַריין מיט פולן ברען צו אָרגאַניזירן די „צעירי־ציון"־אָרגאַניזאַציע און ווערט איר סעקרעטאַר. ער ווערט דעלעגירט צו דער ראַיאָן־קאָנפערענץ אין קעלץ און באַקענט זיך מיט די דעמאָלטיקע „צעירי־ציון"־טוער: ישראל מערעמינסקי, די ברידער גראַוויצקי און אַנדערע.

ער ווערט אויך געוויילט אַלס סעקרעטאַר פון ציוניסטישן „ועד־העיר", וואָס נעמט אַרום די אַלגעמיינע ציוניסטן, „צעירי־ציון" און „בנות־ציון".

האָבנדיק אַ חוש פאַר יידיש טעאַטער, אָרגאַניזירט ער אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס פירט אויף יידישע פּיעסן, צווישן זיי: „קרייצער סאָנאַטע" פון יעקב גאָרדין. ער רעזשיסירט און שפּילט אויך אַליין מיט.

אין יאָר 1920 פאַרלאָזט ער יענדזשעוו און דורך דייטשלאַנד, בעלגיע און קאַנאַדע דערשלאָגט ער זיך קיין אַמעריקע. ער רייסט נישט איבער זיין געזעלשאַפטלעכע און פּאַרטיי־טעטיקייט — אויך אין אַמעריקע. ער ווערט אַ מיטגליד אינעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד — ווי אַ פאַרזעצונג פון „צעירי־ציון" (ווי באַקאַנט, איז דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד אַ מפא״י־אָרגאַניזאַציע). ער ווערט סעקרעטאַר אין איינעם פון די צווייגן פון דער אויבנדערמאָנטער אָרגאַניזאַציע ווו ער איז טעטיק ביזן היינטיקן טאָג. ער האָט אויך נישט איבערגעריסן מיט דער אַלטער היים און ספּעציעל מיט יענדזשעוו. ער אינטערעסירט זיך מיט אַלעם, וואָס עס קומט פאָר אין יענדזשעוו. ער שאַפט די „יענדזשעווער לאַנדסמאַנשאַפט" אין אַמעריקע און איז ביזן היינטיקן טאָג איינער פון די וויכטיקסטע טוער און איר סעקרעטאַר.

באַלד ווי ס׳האָט זיך געענדיקט די צווייטע וועלט־מלחמה, אָרגאַניזירט ער די הילף פאַר די, וואָס זענען על־פּי־נס געראַטעוועט. צו דעם צוועק פאָרט ער אויך קיין קאַנאַדע, כדי אויך דאָרט צו אָרגאַניזירן די „יענדזשעווער" — פאַר די, וואָס זענען געראַטעוועט פון די לאַגערן, האָט די דאָזיקע הילף, וואָס איז געקומען פון אַמעריקע נישט נאָר פאַרלייכטערט אין שווערע טעג, נאָר אויך דערמוטיקט.

ווי אַ פריינט פון ישראל באַזוכט ער אין יאָר 1950 דאָס לאַנד און אינעם יאָר 1963 באַזוכט ער ישראל צוזאַמען מיט זיין פרוי, און זיין נאָענטן פריינט און טוער פון דער יענדזשעווער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע, חיים־יהושע ווילאָגע ז״ל.

ווען מ׳האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דאָס יענדזשעווער „יזכור־בוך״, האָבן מיר געוווּסט, אַז מר. משה כענטשינסקי וועט אַלץ טוען, אַז די יענדזשעווער אין אַמעריקע זאָלן ביישטייערן מאַטעריעל און מאָראַליש צום דערשיינען פון „יזכור־בוך״, ווייל ס׳איז אונדז געווען קלאָר, אַז אָן דער דאָזיקער הילף וועלן מיר נישט אימשטאַנד זיין דאָס דאָזיקע בוך אַרויסצוגעבן. מיר האָבן זיך נישט אַנטוישט. פריינט משה כענטשינסקי האָט געזאַמלט הילף פאַרן בוך ביי אַנדערע און אַליין זיך פיין באַשטייערט און אויך געשריבן פאַרן „יזכור־בוך״ וועגן אַמאָליקן יענדזשעוו.

משה טשינסקי (כענטשינסקי)
**ניו־יאָרק**

## מ״ר זעליג (סאלי) לעהמאַן

**(שטריכן צו זיין פערזענלעכקייט)**

יידן זענען בדרך כלל אַ פאָלק פון מאמינים בני מאמינים — אַזוי ווערן זיי טיטולירט. אין דער אמתן אָבער „גלויבן״ זיי נישט אין קיין שום זאַך, איבערהויפּט ווען זיי הערן וועגן די „אַמעריקאַנער גליקן״. ווייס איך וואָס — טענהען זיי מיט ביטול — אַ נייער אַמעריקאַנער בלאָף...

כ׳וויל, דערפאַר, דאָס מאָל דערציילן מיינע יענדזשעווער לאַנדסלייט, אַ מעשה, וואָס איז שווער צו גלייבן אין איר, אָבער זי איז דאָך אמת!

אונדזערע יענדזשעווער זקנים (זאָלן זיי מאריך־ימים זיין ביז 120 און אַפילו מער יאָרן שאַדט אויך נישט!) וועלן זיך געוויס דערמאָנען דעם פאַקט, וואָס כ׳וועל דאָ דערציילן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן — עס איז שוין אַ־יבער אַ היפּשע צייט — געווען איז עס אין אָנהייב פון די ניינציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט, איז יענדזשעוו געגאַנגען כאַדאָראַם. עפּעס אַ קלייניקייט, ס׳האָט זיך באַוויזן אין שטעטל אַ ליטוואַק — ממש אַ ליטוואַק און נישט אַליין, נאָר טאַקע מיט אַ ווייב מיט קינדער אָן עין־הרע. אַ גאַנץ היפּשע משפחה יינגלעך און מיידלעך. געקומען זענען זיי בסך־הכל פונעם קליינעם שטעטעלע מאַלאַגאָשץ (קעלצער גוב.). געהייסן האָט ער אָשר (ס׳ווייב האָט אים גערופן אָסער״). זי האָט געהייסן אסתר (דער מאַן האָט זי גערופן „עשטער״...).

אונדזער ר׳ אָשר לעהמאַן האָט באַקומען אַ שטעלע ביי דער פירמע „ווערטהיים״, זייער אַן אַסימילירטע אָבער אויך אינטעליגענטע משפחה, וואָס האָט אויף דער יענדזשעווער באַן־סטאַציע געפירט גאָר גרויסע געשעפטן פון וואָס איר ווילט נאָר הערן און געדענקען: נאַפט, מינעראַל־איילן, זאַלץ, קוילן און דערצו אויך גרויסע לאַגער־מאַגאַזינען און באַן־עקספּעדיציעס.

לעהמאַן איז נאָמינירט געוואָרן אַלס בוכהאַלטער פון דער דאָזיקער פירמע און די קליינע ליטוואַקלעך און ליטוואַטשקעס האָבן אָנגעהויבן זיך אַסימילירן צווישן די יענדזשעווער קינדער. אַמבולטסטן פון דער דאָזיקער ליטווישער משפחה האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן דער צען־יאָריקער זעליגל. דאָס איז געווען אַ יונג אַ מזיק, שיין אַנטוויקלט פיזיש, גאָרנישט לויט זיינע יאָרן, אַ פיסק אַ פייער, אומעטום דער ערשטער, מיט אַמביציע אומעטום צו דאָמינירן — זיין דער הערשער. דערביי האָט ער אויך פאַרמאָגט אַ זעלטענעם גוטן כאַראַקטער, געווען גרייט זיך צו טיילן מיטן לעצטן ביסן. די פאָר גראָשן, וואָס די מוטער האָט אים געגעבן אויף נאַשוואַרג איז ביי אים געגאַנגען פאַר אַלע, אָן אויסנאָם.



מ״ר זעליג (סאַלי) לעהמאַן

אָבער פּלוצלינג איז זעליג פאַרשוווּנדן פון האָריזאָנט. ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז זיך זעליגל אַוועק, אָן די עלטערנס הסכמה, אין גאַלדמאַנס דרוקעריי, כדי זיך צו לערנען דאָס דרוקעריי־פאַך. שפּעטער איז ער אַריבער קיין קעלץ אין ר׳ יצחק קאַמינערס דרוקעריי, זיך דאָרט פאַרפולקאָמט אין דרוקער־פאַך און דאָס 15יאָריקע בחורל האָט געמאָלדן די עלטערן, אַז זיין פעסטער באַשלוס איז צו פאָרן קיין אַמעריקע וואָס שנעלער. די עלטערן זענען ממש דערציטערט געוואָרן: „וואָס הייסט? אַזוי יונג אַוועק פו דער היים, ווו וועסטו נעמען געלט אויף הוצאות?" „נישט געזאָרגט, מאַמע" — האָט געענטפערט דער יונגער פּראַלעטאַריער — „כ׳האָב שוין אָפּגעשפּאָרט אויף הוצאות און זאָרגט נישט וועגן דעם". די עלטערן האָבן מסכים געווען און ווען ער איז אין יאָר 1905, אין אַ פינצטערער נאַכט אַוועק פון יענדזשעוו, האָט אים זיין מאַמע באַגלייט מיט די ווערטער:

„געדענק, מיין קינד, פון וואַנעט דו שטאַמסט, דיין גוטהאַרציקייט פון די קינדער־יאָרן, זאָל דיך באַגלייטן ביז דיין לעצטן טאָג. פאָר געזונט!".

ער האָט זיך געלאָזט אין זיין ווייטן וועג. דאָס געלט האָט נישט געקלעקט אויף הוצאות ביז אַמעריקע. זעליג האָט געוואַנדערט איבער פאַרשידענע לענדער און ערשט אין יאָר 1906 איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקע. פול מיט האָפענונג און ענערגיע, האָט ער שווער געאַרבעט און אין די אָוונטן זיך געלערנט די לאַנד־שפּראַך.

דאָס מזל, אָדער ריכטיקער געזאָגט, זיין ענערגיע, אויסערגעוויינלעכער ווילנס־קראַפט, אינטעליגענץ און פאַך־קענטעניש, האָבן אים געבראַכט צו אַ גאַנץ הויכער מדרגה אין דער דרוקעריי־ און ליטאָגראַפיע־אינדוסטרי. ער האָט גליקלעך חתונה געהאַט, געבויט אַ שיינע היים פאַר זיין פיינער משפחה, אַנטוויקלט די ליטאָגראַפישע בראַנזשע אין אַמעריקע און ער האָט היינט־צו־טאָג איינע פון די גאָר גרויסע ליטאָגראַפישע דרוקערייען אין ניו־יאָרק.

מר. זעליג לעהמאַן היט אָפּ דער מוטערס בקשה. ער האָט זיך נישט געענדערט. גוט־האַרציקייט און פשטות זענען די הויפּט־שטריכן אין זיין אינדוסטריעלן און געזעל־שאַפטלעכן לעבן.

ער איז זייער אָנגעזען אין די אַמעריקאַנער קרייזן (פאַר זיינע לייסטונגען אין דער צייט פון רוזוועלטס פּרעזידענטשאַפט האָט לעהמאַן אויפגעבויט אַ ריי דרוקערייען פאַר בלינדע (ברייל־סיסטעם) און דערפאַר באַקומען אַ פּערזענלעכן דאַנק־בריוו פון פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט רוזוועלט). ער „בלאָזט" נישט פון זיך, פילט זיך אַלס יענדזשעווער און די יענדזשעווער סאָסייטי־עסקנים האָבן ממש ביי אים אַן אָפענע טיר. אַ מעלדונג ביי זיין סעקרעטאַר וועגן זייערס אַ באַזוך ביי אים, ווערט באַלד אַקצעפּטירט. יעדער באַזוך ביי אים איז פשוט אַ נחת־רוח. מיט אַ שמייכל אויפן פּנים און טאָקע מיט אַ ביסל משקה אַ „לחיים" פאַר די שארית הפליטה פון די יענדזשעווער — נעמט ער אונדז אויף און באַגלייט אונדז פון זיין גרויסן אָפּיס.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פאַרן יזכור־בוך פאַרנעמט זיין באַשטייערונג דעם אויבנאָן.

זאָלן מיר, דאָס רעשטל פון אונדזער קהילה, זיך טרייסטן דערמיט, וואָס מיר האָבן אַזאַ פריינט ווי דאָס אַמאָליקע ליטווישע יינגעלע זעליגל לעהמאַן, וואָס איז היינט פון די וויכטיקסטע יידן אין ניו־יאָרק.

משה טשינסקי (כענטשינסקי)
**ניו־יאָרק**

# מ"ר נטע נתן קאהן

**(דער ערשטער יידישער רעוואָלוציאָנער אין יענדזשעוו)**

נטע קאָהן, אָדער ווי מ'האָט אים גערופן ביי אונדז אין שטעטל — נטע קאכען, איז געווען דער ערשטער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט שוין אין יאָר 1905, צוזאַמען מיט לייבל סאָבקאָווסקי און דעם יונגן ווערטהיים, אונטער דער השפעה פון דעם ענערגישן ראָדעמער יונגערמאַן, כוואַט, וועלכער האָט געאַרבעט ביי דער פירמע ווערטהיים, געשאַפן אַ „רעוואָלוציאָנערע גרופּע" אונטערן נאָמען „אַחדות", וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַראָפּצוּוואַרפן דעם רוסישן צאַר פון טראָן און איינפירן אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג, נישט נאָר אינעם גרויסן רוסלאַנד, נאָר אַפילו אינעם קליינעם יענדזשעוו...



נטע נתן קאָהן, פּרעזידענט פון אַמעריקאַנער־רעליעף פון דער יענדזשעווער לאַנדסמאַנשאַפט.

זייענדיק דעמאָלט נאָך אַ 15 יאָריקער בחור, איז נטע קאכען, אַ זון פון אַ פרומען ייד, אַן איינבינדער, אַוועק פון פאָטערס דרכים און זיך גענומען אָרגאַניזירן די יידישע „אַרבעטנדיקע מאַסן" פון שטאָט: שוסטער־ און שניידער־געזעלן לערניינגלעך ביי די פאַרשידענע בעלי־מלאכות און דינסטמיידלעך, און געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפגעהאָנגען די רויטע פאָן, וואָס האָט געפלאַטערט אַזוי לאַנג, ביז די רוסישע פּאָלי־ציאַנטן האָבן זי אַראָפּגענומען און צעריסן אויף שטיקלעך, צעמזיקט די דעמאָנסטראַנטן און זיי צעטריבן... אָבער נטע איז ביי זיך נישט געפאַלן, און ווען דער פאָטער איז

שבת אַוועק דאַוונען אין בית־המדרש, האָט ער זיך געלאָזט צו זיינע פאַרבאָרגענע ערטער, ווו ער האָט גערעדט פאַר די פאַרזאַמלטע אַרבעטער וועגן די אַקטועלע פּראָבּלעמען פון יענער שטורעמדיקער צייט.

די געשאַפענע אומלעגאַלע „אחדות"־אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן אַרויסשטעלן פאָדערונגען, געדראָט און אויך דורכגעפירט שטרייקן, און די גאַנצע שטאָט האָט געוווּסט, אַז סכסוכים צווישן אַרבעטער און זייערע ברויטגעבער קאָנען קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג בלויז, אויב נטע קאַהן וועט דערצו מסכים זיין...

מיט זיין שטאַרקער האַנט האָט ער ממש אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויפן שטעטל. ס'טייטש — האָט מען געטענהט — וואָס הייסט, אַזעלכע יונגע בחורים וועלן זיך מישן אין אונדזערע געשעפטן, באַשטימען וויפל שעה מען דאַרף אַרבעטן, וואָסער אַרבעטס־לוין מיר דאַרפן צאָלן? וואָס מעגן מיר פאָדערן פון די לערניינגלעך און וואָס נישט? זיי וועלן שטערן אונדזערע ווייבער זיך צו „שאַפן" מיט די לערניינגלעך, נישט לאָזן זיי אויסגיסן די שיסל, וואַשן דאָס געפעס, אָדער גיין אַ שליחות פאַר זיי?

אויך די דינסטמיידלעך, וועלכע האָבן קיין מאָל נישט געהאַט קיין פרייע שעה פאַר זיך, זענען דורך נטען אָרגאַניזירט געוואָרן. זייערע פאָדערונגען זענען געווען גאַנץ באַשיידענע: עטלעכע פרייע שעהען אין די פרייטיקצונאַכטסן און שבתים פאַר זיך און אַ מענטשלעכע באַציאונג מצד דער באַלעבאָסטע און אירע קינדער.

די „אחדות"־אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויך געמישט אין די קהלישע ענינים, און ווען ס'איז אַמאָל אויסגעבראָכן אַ סכסוך צווישן רב און די שוחטים און די קהלה האָט באַשלאָסן אָפּשטעלן די שטאָטישע שחיטה און ברענגען פלייש פון אַנדערע שטעט, האָבן די „אחדותניקעס", מיט נטען בראש, אָפּגעוואַרט דעם וואָגן, וואָס האָט געבראַכט פלייש פון קעלץ און פון אים געפאָדערט דאָס פלייש צוריקפירן. און ווען ער האָט די פאָדערונג נישט געוואָלט דערפילן, זענען ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעשפרינגען אַ חברה „אחדותניקעס" מיט באַנקעס נאָפט און באַגאָסן דאָס פלייש אַזוי, אַז די שטאָט איז געבליבן אָן פלייש אויף שבת...

די דאָזיקע רעפּרעסיע האָט געווירקט און דער סכסוך איז אויסגעגליכט געוואָרן, און דווקא מיט דער הילף פון דער „טרויקאַ" — נטע קאָכען, לייבל סאָבקאָווסקי און ישראל דער בעקער, אָדער ישראל גראַזש — ווי מ'האָט אים גערופן.

אין יאָר 1913 האָט נטע פאַרלאָזט יענדזשעוו און איז אַוועק קיין אַמעריקע, זיך דאָרט געלאָזט אויף אַנדערע דרכים און וווינט ביז איצט אין ברוקלין.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די יענדזשעווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן געשאַפן אַ הילפס־אַקציע פאַר דער שארית הפליטה פון אונדזער שטאָט, איז נתן נטע כהן אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון פאַראיין און צוזאַמען מיט זיין חשובער פרוי, האָבן זיי פיל געלייסטעט ביי די געלט־זאַמלונגען און זעלבפאַרשטענדלעך, אויך זיך באַשטייערט מיט אַ ברייטער האַנט.

אויך פאַר דער אויסגאַבע פון אונדזער „יזכור־בוך" האָט די פאַמיליע קאָהן זיך שיין באַשטייערט, אָנערקענענדיק די וויכטיקייט פון פאַראייביקן דעם זכרון פון אונדזערע קדושים.

די פאַמיליע קאָהן האָט זיך צוריקגעצויגן פון יעטוועדער אַרבעט און שטרעבט בקרוב מאַכן אַ רייזע קיין ישראל, באַזוכן דאָס לאַנד און זיך טרעפן מיט זייערע לאַנדסלייט, וועגן וועלכע מיר און די פאַמיליע קאָהן רעדן תמיד מיט פיל ליבע און בענקשאַפט.

יצחק אברהמי
**ירושלים**

## אביגדור בלפר ז״ל



אביגדור בלפר ז״ל היה בן למשפחה, שנתברכה בהרבה בנים ובנות.
הוא החליט לעלות ארצה והגשים את שאיפתו זו בשנת 1920.
בבואו ארצה, החל לעבוד במרחביה, חלה בקדחת, בצורה קשה, וסבל הרבה.

בני־משפחתו רצו שיעזוב את הארץ ויחזור לפולין, או, שינדוד לקרוביו אשר בבלגיה ובארצות־הברית. אבל, בלפר, בהיותו נאמן לרעיון החלוצי וחובת בנין הארץ דחה בתוקף את כל הצעותיהם ולא נשמע גם להפצרת אביו, שבקרו בשנת 1926.

אם כי כל ימיו חי חיי דוחק ומחסור וגם מחלת הקדחת לא הרפתה ממנו, הוסיף לסבול ולעבוד.

אחרי כמה שנים שוב נפגשתי אתו, בעברו דרך ירושלים — הוא סיפר לי על הצלחותיו — על העבודה הקבועה, שיש לו במחצבה, המספקת אבנים לבנין הנמל בחיפה ועד כמה שהוא שמח בחלקו.

היתה זאת פגישתנו האחרונה ומה כאב לבי, כאשר לאחר זמן נפגשתי, עם חברנו המנוח יעקב קנמון ז״ל וממנו שמעתי את הידיעה המעציבה, כי אביגדור בלפר ז״ל נהרג בתאונה בעת פיצוץ אבנים במחצבה שבה עבד.

אביגדור ז״ל, היה אחד מיחידי־הסגולה שבתוכנו, שראה לפניו רק דרך אחת ויחידה לפתרון בעיית העם היהודי והוא — בנין הארץ בזעת אפם ובעמלם של כל אחד מאתנו.
„חיים־קלים״ בבלגיה או בארצות־הברית קרצו אליו עינים, אבל, הוא לא נשמע ליצר־הרע. הוא היה נאמן לעצמו ולשאיפותיו עד שהמות האכזרי נטלו מאתנו לפני זמנו, בהשאירו לאנחות את אשתו ובתו וכל אלה שהכירוהו והוקירוהו.
זכרו יהיה שמור אצלנו לעולמים!

יצחק אברהמי
**ירושלים**

## יעקב צרגר הי״ד



יעקב ברגר ז״ל נולד בחדש יוני 1907 בעיירתנו ינדז׳יוב (פלך קילץ) בפולין. הוא היה בן למשפחה אמידה. למד עד גיל ה„בר מצוה" בחדרים ואצל מורים פרטיים שהכינוהו לבחינות כניסה לגימנסיה העירונית הפולנית. באותו זמן היו ידיעותיו בעברית מועטות. היה מטבעו מעורב בין הבריות ואהוב על כל חבריו, יהודים כפולנים. ואם כי רכש תמיד יחס של כבוד לעצמו, לא מצא, בכל זאת, סיפוק נפשי ואישי בחוג חבריו. ברגר שאף לפעילות ציבורית והרוח הלאומית פעמה בקרבו מילדותו. הוא שנא תכלית שנאה את ההתבוללות והחיקוי ל„מעשי הגויים". כשהתבגר, מצא את דרכו לתנועה החלוצית המגשימה ובהיותו כבן 16 עבר לקילץ ושם התקשר עם חוגי הנוער שבתנועת „השומר הצעיר" ובשובו לינדז׳יוב „החיה" את קיומו של קן „השומר הצעיר" במקום, שנתרוקן מחבריו הפעילים, עם עליית שכבת הבוגרים הראשונים שלו, ארצה, בשנים הראשונות לעצמאותה של פולין.

יעקב ברגר היה הרוח החיה שב„קן" הנזכר והוא הוא שאירגן את כל פעולותיו והפעיל גם את קבוצת החברים הבוגרים לפעילות הראויה לשמה.

הנהלת הגימנסיה הפולנית ראתה, כמובן, בעין רעה את פעולותיו אלו ודרשה ממנו לעזוב את „השומר־הצעיר", אבל הוא לא היסס אף רגע ועזב את לימודיו בגימנסיה ומאז הקדיש את כל חייו למפעל החלוצי וההגשמה, וגם השפיע על חלק מחבריו שיעשו כמוהו — שיעזבו את ספסל־הלימודים ושיצאו להכשרה.

בשנת 1925 יסדנו, חברי יעקב ברגר ואנכי, מקום להכשרה חלוצית בכפר סנדזיוביצ׳ה. היתה זאת נקודת־ההכשרה הראשונה בסביבתנו, שבה התרכזו 10 חברים שלנו ואחר כך הצטרפו אלינו עוד 6 חברים מעיירה חמילניק הסמוכה.

עברנו שם את „הכשרתנו" בתנאים קשים עד מאד. נמצאנו במצב של חוסר מזון ולפעמים רעבנו אפילו ללחם.

ברגר היה תמיד משתדל לקבל על עצמו, את העבודות הקשות ביותר, על מנת לחזק אותנו על ידי כך ברוחנו ולהגביר בנו את רוח ההקרבה והעקשנות החלוצית. ואמנם נעשה ברגר לאיש־המרכזי והכח־המניע בשביל כלנו וממנו שאבנו כח ואמונה להמשיך ולהתמיד.

ב־22 ליוני 1926 עזב ברגר את פולין ועלה ארצה. עמדתי לעלות אתו יחד, אבל מסיבת מחלתי נתעכבה עלייתי. בהפרדו ממני, הבטיחני שהוא יחכה לי בארץ ותמיד נעבוד יחד, גם בארץ.

את ימיו הראשונים עשה בתל־אביב והיתה זאת תקופת המשבר הגדול בעליה הרביעית. בארץ שרר חוסר־עבודה נורא ומספר הזקוקים לסיוע הלך הלוך וגדל.

ברגר, אם כי היה מחוסר אמצעים, נמנע מלהזדקק לסיוע צבורי.

בינתיים הגעתי גם אני ארצה ויצאנו יחד לחפש עבודה כל שהיא.

במשך שבועיים עשינו את לילותינו על שפת הים, תחת כיפת השמים. אחרי כך „גילינו" בקצה העיר אורוות־פרדות ועם ערוב היום, נכנסנו שם בהיחבא ונשארנו בהן עד אור הבוקר. מכיון, שעבודה לא מצאנו החלטנו להכיר את הארץ על ידי טיול ברגל.

בדרך הצטרפנו לקיבוץ „השומר הצעיר", אבל שנינו חלינו. ברגר — בצהבת ואני — בקדחת. אחרי ששכבנו ימים מספר בבית־חולים הגענו לירושלים, ללא פרוטה בכיסנו, וכל „רכושנו" בלבנים ובבגדים היו בתרמילים שעל גבנו...

יעקב לא נכנע, הוא התחיל לעבוד בסבלות, בסלילת כבישים ובכל עבודה שנזדמנה. עמד לו גופו החסון, השופע מרץ וכוח־עלומים.

נרשמנו, אז, כחברים ב„ארגון ההגנה", שנעשה למפעל־חייו עד יומו האחרון. לשנינו היה רק זוג נעלים אחד, הראוי לשימוש, ומשום כך לא יצאנו אף פעם בצוותא לפגישות. שמרנו זאת כ„סוד" כמוס בינינו, אבל, לבסוף נתגלה הדבר.

במשך הזמן, הצלחנו להשתרש בירושלים. קבלנו עבודה במחלקת־הטלפון וכל אחד מאתנו קיבל בשכר עבודתו 15 גרוש ליום!

ברגר נרשם לשיעורי־ערב והשתלם בשפות: אנגלית וערבית. הוא נתחבב על כל מכיריו וחבריו לעבודה. השתלמותו עזרה לו להתקבל כעובד קבוע ב„חברת החשמל" בירושלים. מצבו הכלכלי הוטב. הוא המשיך בלימודיו וגם רכש לו ספרי־מדע בשטחים שונים.

בשנת 1929, כאשר פרצו מאורעות־הדמים בירושלים, עזב את עבודתו והתמסר כולו, ימים ולילות, להגנת ירושלים. מעמדת־ההגנה שלו על יד „שער ציון" הצליח להדוף כנופיות של פורעים ערביים ולהציל יהודים רבים מידי אויביהם הערביים.

הוא הביט בבוז ושאט־נפש על אותם מצעירי ישראל, שהתחמקו ממילוי חובתם להגנה והגביר ביתר־שאת את פעולותיו בשטח ההגנה.

בשנת 1930 יצא לבקר את הוריו בפולין וראה שם במו עיניו את התנוונותה של יהדות פולין וחייהם הגלותיים האפורים ואז החליט, להציל את הוריו ולהעלותם ארצה ומשימה קשה זו, ביצע כעבור שנה.

שוב נכנס יעקב, בראשו ורובו, לעניני ההגנה והיה אחראי על השמירה, בעיקר, בשכונות, הגובלות עם משכנות הערבים — „תלפיות" ו„רמת־רחל".

באותו זמן עבר בתל־מונד קורס מיוחד לאילוף כלבי־שמירה.

עם התגברות הפעולות של עליה ב׳, הוטל על ברגר תפקיד מיוחד, אשר למענו, ביקר גם בחוץ־לארץ.



המונים המונים מלוים את יעקב ברגר ז"ל שנפל במאבק על המולדת למקום מנוחתו. (התמונות מימין לשמאל): נשיא הועד הלאומי ונשיאה השני של מדינת ישראל, יצחק בן־צבי ז"ל, מספיד את המנוח. הקהל הרב, שהשתתף בהלוויה. מימין (למטה) הוריו ובני משפחתו. ובמרכז — תמונתו של יעקב ברגר ז"ל.

אחרי כך נשלח כ„מפקד" על השמירה באדמת „החולה", אבל שם חלה בקדחת ואנוס היה לחזור ירושלימה.

כשפרצו מאורעות 1936 הסתכן ברגב ויצא לשמירה למקומות שונים המסוכנים ביותר. הוא היה אז הממונה על השמירה במערבה של ירושלים.

כל שוכני הסביבה חיבבוהו והוקירוהו בעד מסירותו ודאגתו להם ולרכושם.

באחת הפעולות המוצלחות שלו, חיסל כנופית פורעים ערבים, כשהתכנסה ב„בית־קפה" ערבי ברוממה.

החוליה האחרונה (ולצערנו, גם הסופית) בשרשרת המסירות, הגבורה והנאמנות שלו למולדת היתה השתתפותו בעלייה לחניתה.

ברגר היה שם בתפקיד של מפקד־מקשר ובעברו מנקודה לנקודה, לבדוק את המצב, נפצע קשה והיה הכרח לקטוע מיד את רגלו המרוסקת, אבל, גם ניתוח זה לא הציל את חייו ובאותו לילה מת מות־גבורים!

הוא הובא לקבורות ב„רמת־רחל" ואנשי ירושלים וכל יושבי השכונות שמסביבה השתתפו בהלויתו.

במלאות 25 שנה לנפילתו ערכו חברי ההגנה בירושלים אספת־אבל שבה הספידוהו יו"ר ההנהלה הציונית וראש הממשלה לשעבר משה שרת, שסיפר על גבורתו ואומץ־רוחו.

זכרו וזכר פעולותיו, יישמר בלב כל יודעיו ומוקיריו עד עולמי־עד!

## מנחם גוטליב הי"ד



בנם של משה ולאה גוטליב מינדז׳יוב.

נולד בשנת 1922 והיה פעיל מנעוריו בתנועה הרביזיוניסטית בעירנו.

עלה ארצה באפריל 1939 בעליה ב׳ של ברית הציונים הרביזיוניסטיים והתגייס לנוטרות במשק נוה־איתן בעמק בית־שאן.

מסיבות משפחתיות עזב את הנוטרות ועבד בגן־הירקות של אותו משק.

ביום ב׳ באדר ת"ש (1940) נהרג במקום עבודתו.

**ת. נ. צ. ב. ה.**

ו. ה.

## רעיה הורביץ — הי״ד



טאָכטער פון משה און צפורה הורביץ. געבוירן אין זאַוויערציע, אין יאָר 1912, זיך דערצויגן אין יענדזשעוו. געענדיקט דאָרט די „תרבות״־גימנאַזיע, געווען אַקטיוו אין „השומר הצעיר״.

עולה געווען אין יאָר תרצ״ז, די ערשטע צייט געאַרבעט אין חיפה אַלס פועלת בנין. שפּעטער אַריבער קיין ירושלים און געוווינט ביי איר שוועסטער, מרים, אַ חברה אין קיבוץ רמת־רחל, געווען אַקטיוו אין דער „הגנה״ ביי שמירה אויפן הר־הצופים. שפּע־טער באַקומען אַרבעט אין „הדסה״־שפּיטאָל אויפן הר־הצופים און פיל געהאָלפן ביים אַריבערפירן קראַנקע און פאַרוווּנדעטע ביים אָנהייב פון מלחמת השחרור.

דעם 13טן אַפּריל 1948 פאַרמיטאָג, איז זי געפאָרן מיט דער באַרימטער שיירה פון פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים, ״הדסה״־שוועסטער און סאַניטאַרן. די שיירה איז דאַן באַפאַלן געוואָרן דורך אַ באַנדע אַראַבישע רוצחים, וועלכע האָבן באַשאָסן און פאַרברענט די אַמבולאַנסן כמעט פאַר די אויגן פון די ענגלישע באַשיצער״, וועלכע זענען געווען זייער פּאַסיוו.

פאַר איר ליבע צו ישראל האָט רעיה הורוביץ באַצאָלט מיט איר יונג לעבן. זי איז פאַרברענט געוואָרן, זייענדיק אַלט בלויז 36 יאָר! געקומען צו קבר־ישראל אין ירושלים (ד׳ ניסן תש״ח), אויפן בית־הקברות אין סנהדריה.

ו. ה.

# מרדכי ב"ר אברהם חנצ'ינסקי ז"ל



המנוח ז"ל הגיע ארצה כאחד מחיילי הגנרל אנדרס בה שירת ונלחם בקלגסי היטלר ברוסיה הסובייטית, תחת הפיקוד הרוסי־פולני.

בהיותו חניך התנועה הציונית והלאומית, עזב חיש מהר את הצבא הפולני וביצע את משאת־נפשו מימי נעוריו — השתקע בארץ. הוא זכה להתקבל כחבר בקיבוץ „אשדות יעקב", להצטרף לשורות הפלמ"ח ולהקדיש את ידיעותיו הצבאיות הרבות להדרכת הנוער שזרם אז לפלמ"ח להתכוננות צבאית.

בפעולותיו אלו מצא סיפוק נפשי וראה בהן הגשמת חלום נעוריו.

בגלל סבות משפחתיות עזב את הקיבוץ, לאחר ששהה בו שנתיים, ועבר לתל־אביב. כאן נרשם בין פועלי־הבנין ועסק במקצועו החדש הזה.

יחד עם כמה מחבריו שכר דירה ביפו ועד מהרה נתחבב על שותפיו לדירה. בהיותו אדם נוח לבריות, חביב עליהן ומסוגל תמיד להיטיב לזולתו, מתוך חדוה ורצון טוב.

בהיותו קרוב משפחתי שלנו שהה גם אצלנו לעתים קרובות וניתנה לנו על ידי כך האפשרות להכירו מקרוב ולעמוד על סגולותיו האישיות הנעלות.

בשנת 1946 חלה לפתע במחלת הטיפוס וכעבור שבוע הוציא את נשמתו למגינת לב כל מכיריו ומוקיריו ובני־משפחתו.

הובא למנוחת־עולמים בבית הקברות שבנחלת יצחק והוצבה מצבה על קברו הרענן של חייל יהודי, שמת במיטב שנות חייו.

ת. נ. צ. ב. ה.

א. ויגניינסקי

# צבי לנצ'נר הי"ד



צבי נולד לאביו דוד ולאמו נחמה ביום י' אייר, תרצ"ז (21.4.37) ונפל במבצע סיני בקרב על המיטלה, ביום כ"ו בחשון, תשי"ז (31.10.1956) ונקבר בבית־הקברות הצבאי שב„הר־הרצל".

הוא קיבל את חינוכו ב„גן־הילדים" ואחרי כך בבית־הספר העממי „תחכמוני" ולבסוף — בבית הספר התיכון מקצועי ע"ש מכס פיין, שלא הספיק לגמרו, בגלל כניסתו לנח"ל, בגרעין של „השומר־הצעיר", בו התמסר למילוי תפקידיו, באופן יוצא מן הכלל.

והנה קטע מה שכתבה עליו אחת מחברותיו ל„גרעין", שפורסמו ע"י קיבוץ „השומר הצעיר" בזיקים.

...„הגעת לגרעין ונכנסת כל כולך לחיינו. לראשונה, נחבאת מעט אל הכלים כי ביישן היית וממעט בדיבור, אולם, כשראית צורך לומר דבר, שנראה חשוב בעיניך — אמרת. ואכן דבריך תמיד היו דבר־טעם, בד־בבד עם הכניסה לחיים החברה נרתמת גם בעול העבודה, ובעול קשה יותר — הוא הענף. בחרת בענף חקלאי — מטעים, שנוסף ליום העבודה הקדשת לו חלק גדול מזמנך הפנוי. ...כשהיינו בקורס, חלית בדלקת־ריאה קשה ונאלצת לשכב בבית־חולים. סרבת לאחר־מכן לצאת לשבוע החלמה בבית־הבראה. לא רצית להפסיד יותר לימודים, כי חבל היה לך שלא לנצל את הקורס עד תומו. כשהגעת חזרה, מיד למדת והשלמת את החסר ע"י שעות־שקידה רבות. בתקופת היותנו בנח"ל, התקבלת לחברות בגרעין ומיד הוטל עליך סדור העבודה. לעתים היינו אומרים לך: „אל תהיה כל כך אדיש" אך אתה היית משיב לנו: „חבל להצטער על דברים שכבר קרו, צריך לקבל כל דבר כמו שהוא ולא לקלקל את החיים בהלקאה עצמית". אהבת את החיים ולכן רצית לראות בהם אך את הטוב והיפה, לכן לא רצית להרבות בחיטוט בשחור ובאפל שבחיים. הודות לגשתך זו, הצלחת להתגבר על המכה הקשה שהונחתה עלינו עם נפילת בן־דודך, שהיה גם רעך הטוב".

„כותבת אני עליך ובזכרוני עולים פרטים רבים מתקופת חייך אתנו. ואינני מאמינה, שלא אראך יותר.

מה אכזר הגורל הלוקח אתכם מאתנו, ואמנם ארורות המלחמות!

מי יתן ולא תהיינה עוד מלחמות הטבולות „בדמי הטובים שבנו" ויבוא שלום שלמענו נפלתם כלכם — אשר שנאתם את המלחמה!

והנה מה שכתבה אמו באותה חוברת־זכרון, שקיבוץ „השומר הצעיר" בזיקים, הוציא לזכר ארבעת חבריו שנפלו בחזיתות שונות במלחמת־השחרור.

„...מאז האסון הנורא אינני יכולה להשתלט על עצמי ולמצוא מרגוע לנפשי. מתהלכת אני שבורה ורצוצה ואינני יכולה להשלים עם פני הדברים, שאכן ככה זה, שהוא איננו. לפעמים חושבת אני, שכל זה אינו אלא תעתוע־שוא. והאמת היא אחרת לגמרי. כל רגע נדמה לי, שהנה הוא בא לקראתי, בקומתו הזקופה, בחיוכו המלבב ובבלוריתו המתנודדת. אולם לא... והלב נצבט!

כשאני משתטחת על קברו הרענן והמלים „צבי לנצ׳נר" נבטות בעדו, אזי הלב נשבר.

ברגעים אלה משתקפות לפני תמונות מימי ילדותו. תקופת ילדותו, כניסתו לגן־הילדים וההליכה לבית־הספר"...

וכך מסיים החבר, שהספידו באספת־האזכרה „ביום השלושים" לנפילתו במשמר־השבעה, את דבריו „על צביקה שנעקר מתוכנו".

...רק האיש, ששיכל את הטוב ברעיו הוא יבין לנפשנו.

אם היית מדבר עם צביקה זה, היית מרגיש מיד רגש מיוחד, הרגשת שיש לפניך אדם שלא מגלה לפניך כלום ועם זאת כולו גלוי. מעטים האנשים, שאתה מאבד אותם ואתה קרוב אליהם, כאילו אבדת משהו משווי משקלך. היית חברו וכשאבדת אותו נתרוקנת כאילו מכל חפץ לדבר, מכל חפץ להביע את רחשי לבך.

זה היה אדם, שהבין אותך לכל ענייניך, אדם שיכולת לדבר אתו על כל הדברים שבעולם, אך אדם, שסבל כל השנים בהיותו במקום שלא התאים לאפיו, הוא התחיל את חייו בתקוה, שהנה הוא יגיע אל הנחלה וכאן יתחיל את החיים אליהם שאף, הוא נכנס לחברה, במלוא המרץ, מתוך תקוה לעשות בחיים מה שלא הצליח עד כה.

והנה כשהגיע כמעט יום שחרורו, נלקח מהחיים ואיננו!"

נ. ה.

מיט פרנסה איז געגאַנגען אַ ביסל שווערלעך. דער תבואה־האַנדל, וואָס איז אין יענע יאָרן געווען כמעט דער איינציקער מקור, פון וועלכן יידן אין אַזאַ שטעטל ווי יענדזשעוו, וואָלטן אפשר געקאָנט מפרנס זיין בכבוד עטלעכע אָדער אַפילו צענדליקער יידישע משפחות, אָבער דער רבונו של עולם האָט, ווייזט אויס, גוזר געווען, אַז אַלע „ניי־געבוירענע" בעלי־ביתלעך זאָל באַלד נאָך דער חתונה זיך נעמען צום... תבואה־האַנדל דער גזר־דין איז געווען — „לכו והתפרנסו זה מזה!" און דעריבער האָט אַזאַ משפחה, וועלכע איז דערצו געווען געבענטשט מיט אַ היפש ביסל קינדערלעך, זיך גאַנץ גוט געמוטשעט, כדי אַרויסצוציען פרנסה פון דאָזיקן האַנדל.

אָבער סיי איר פאָטער און סיי די מוטער האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף זיך אַפילו אָפּשפּאָרן פון לעצטן ביסן, אַבי צו שיקן די קינדער צו די בעסטע מלמדים, און זיי האָבן טאַקע אַזוי געטאָן און דערפאַר זוכה געווען, אז איינער פון זייערע זון, ר' הירשל, איז געוועןן אַ גרויסער למדן פון וועמען זיי האָבן געשעפּט פיל נחת.

אויך די טאָכטער אסתר ז"ל, איז געווען דאָס „שיינדל" פון שטוב. מיט אייגענע כוחות האָט זי זיך געלערנט, פיל געלייענט און אויך געהאַט אַ שטאַרקן באַגריף אין תבואה־האַנדל, אַזוי, אַז נישט נאָר די עלטערן, נאָר אויך די אַנדערע תבואה־סוחרים האָבן זיך מיט איר באַראַטן אין פאַרשידענע פאַרוויקלטע ענינים פון תבואה־האַנדל, און על פי רוב, געהאַנדלט לויט אירע עצות.

די משפחה גאָלדבערג האָט פיל געליטן פון צער גידול בנים — פון צוועלף קינדער זענען געבליבן נאָר צוויי — זי און איר ברודער דוד ז"ל (וועגן וועלכן מיר שרייבן אויף אַן אַנדער אָרט).

ביי די אַלע אָפּטע און שווערע אומגליקן איז די פאַרשטאָרבענע געווען די „טרייס־טערין" פון די עלטערן און זיי נישט געלאָזן פאַלן אין מוט.

אסתר האָט אויך געפונען צייט פאַר ציוניסטישער אַרבעט. זי איז געווען אַ גרויסע אָנהענגערין פונעם מנהיג פון פוילישן יידנטום, יצחק גרינבוים, און האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער ציוניסטישער אַרבעט, איבערהויפּט בעת די וואַלן צום סיים.

אין יאָר 1932 האָט זי מסכים געווען צו בלייבן „דערוויל" אין יענדזשעוו מיט אירע צוויי קינדער, אַבי איר מאַן, נחום רייזמאַן, זאָל עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

ער איז געקומען אומלעגאַל און איז עטלעכע מאָל אַרעסטירט געוואָרן אַלס אומלע־גאַלער עולה און דאָ שווער געאַרבעט ביזן יאָר 1938 אַלס „טאַבאַרשטשיק".

ווען די בייזע ווינטן פון היטלערס גייסט האָבן זיך שוין אַזוי געפילט אין פוילן, האָט זי באַשלאָסן עולה צו זיין מיט איר יונגערן זון, יצחק.

אַ דאַנק איר ענערגיע האָט איר מאַן געקאָנט פאַרלאָזן די שווערע פיזישע אַרבעט און זיך געמאַכט אַ געשעפט פון וועלכן ער האָט געצויגן זיין פרנסה בכבוד.

אָבער עס ווייזט אויס, אַז זיי איז נישט באַשערט געווען קיין רואיק לעבן. זי האָט זיך אַנטוישט אין דער פירונג פון די ציוניסטישע אָפיציעלע מנהיגים קעגנאיבער דער פיינטלעכער האַנדלונג פון דער ענגלישער רעגירונג צום ישוב, און איז אַריבער אין די רעוויזיאָניסטישע רייען. איר זון, יצחק, איז אַריין אין אצ"ל און זיך אַקטיוו באַטייליקט אין זיין קאָנספּיראַטיוויער אַרבעט. ער איז עטלעכע מאָל אַרעסטירט געוואָרן, אָבער אסתר רייזמאַן ז"ל האָט דערביי פון צייט צו צייט ביי זיך באַהאַלטן אצ"ל־לייט, וואָס זענען געווען גערודפט געוואָרן דורך די ענגלענדער.

אין יאָר 1948 איז איר עלטערער זון געקומען קיין ישראל. נאָכדעם, ווי ער האָט

אין יענדזשעוו איבערגעלעבט דעם גאַנצן חורבן פון די דאָרטיקע יידן, לעבנדיק אַלס „אַריער" און וואַנדערנדיק פון דאָרף צו דאָרף צוזאַמען מיט זיין פעטער, דוד גאָלדבערג ז״ל, וועלכער איז געקומען קיין ישראל אין יאָר 1950 מיט זיין צווייטער פרוי און קליין קינד.

אסתר רייזמאַן ז״ל איז געווען איבערגליקלעך! צוריק באַקומען דעם צווייטן זון און דעם איינציקן ברודער ז״ל. זי האָט אים און זיין משפחה, געהאַלטן ביי זיך אַ לענגערע צייט, ביז זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט.

אַזאַ באַציונג האָט די פאַרשטאָרבענע געהאַט צו אַלע יענדזשעווער, וואָס זענען ניצול געוואָרן פון דעם גרויסן בלוט־מבול, וואָס האָט אָפּגעווישט דאָס יידישע פאָלק אין פוילן און אין מזרח־אייראָפּע. אַלע האָבן ביי איר געפונען אַ וואַרעמע היים און די נויטיקע הילף!

אָבער, ליידער האָט איר שיין און ערלעך לעבן, וואָס איז געווען, ווי מ׳זאָגט, „צו גאָט און צו לייט" — אַ שטרענג רעליגיעז לעבן פון איין זייט און אַ מאָדערנעם קוק אויפן לעבן פון דער צווייטער זייט, — נישט געהאַט קיין אריכת ימים... די שווערע און אומבאַהיילבאַרע קרענק האָט דערצו געמאַכט אַ סוף...

כ״ג אלול תשכ״ד, פונקט אינעם טאָג פון ערשטן יאָרצייט פון איר ברודער דוד גאָלדבערג ז״ל, האָט זי אויסגעהויכט איר איידעלע נשמה!

איר משפחה האָט געפונען אַ טרייסט אין דעם, וואָס זי האָט נאָך זוכה געווען זיין ביי דער חופה פון איר יינגערן זון יצחק, וועלכע איז געווען ביי איר בעט...

אירע אויגן האָבן געשטראַלט פון שמחה, אָבער איר קערפּער איז שוין געווען אין די הענט פון מלאך־המות!..

אַלע וואָס האָבן זי געקענט, וועלן תמיד דערמאָנען איר נאָמען מיט יראת־הכבוד.

ו. ה.



די „קרן קיימת" קאָמיסיע אין יענדזשעוו אין יאָר 1925.

אויפן בילד: יצחק אַבראַמאָוויטש, שמעון פרוכט, נטע רעכט, ישראל דוב ברייטבאַרד, משה פערענס, דוד ליפּמאַנאָוויטש, מרדכי שלעדזשיק, ישראל גורטמאַן און משה פיש.

# אנשי תורה וחכמה, סופרים, עסקנים, מחנכים וחלוצים שהלכו לעולמם

## בחוץ־לארץ:

קלמן חנצ׳ינסקי*
חולון

## אשר ברין ז״ל

אשר ברין ז״ל היה אחד מעשרת בניו ובנותיו של ר׳ משה׳ל ברין ז״ל, אחד הטיפוסים המיוחדים שהיו בעירנו ינדז׳יוב.

אם כי ר׳ משה׳ל הקפיד על מצוה קלה כבחמורה, הרי, ביחס לחינוך בניו, היתה לו שיטה מיוחדת במינה. הוא שאף, כמובן, שבניו ובנותיו (שמספרם הגיע ב״ה ל„מנין" שלם) ילכו בדרכיו, אבל, לאחר שראה, שדבריו אינם נשמעים עוד על ידם, נתן, לכל אחד מהם יד חפשית, לנהוג לפי רוחו וכך קרה, שבניו ובנותיו נתחלקו לשומרי־מצוות מצד אחד ולעומתם — פורקי עולה של תורה ונסחפים עם ה„זרם", ששרר כבר אז בעם ישראל וינדז׳יוב בתוכו וכך קרה — שאחד מבניו, אשר ז״ל, נתפס לציונות ולפעולה אקטיבית למענה.

במרוצת הזמן עזב אשר ברין את ינדז׳יוב, נשא אשה, השתקע בקטוביץ שבשלזיה העילית ויסד שם יחד עם גיסו הירשל טייטלבוים (הנמצא כיום בארץ) עסק גדול, הוליד בנים וחי חיים טובים וכדרך אביו ז״ל, גם ידו היתה פתוחה להושיט עזרה לכל מי שפנה אליו וביחוד לבני ינדז׳יוב, אפילו לאלה שלא הכירם מעולם.

עם פרוץ מלחמת העולם השניה, היה אשר־אוסקר ברין, בין הראשונים, שקלגסי היטלר ימ״ש, הרסו את עולמם והשמידו את חייהם. הוא נשלח לאושביץ יחד עם אשתו ובניהם ב„משלוח הראשון", שיצא מקטוביץ וב„מחנה־מות" זה איבד את משפחתו, מחוץ לבן אחד, נחמן, שנשאר בחיים גם לאחר השחרור.

אחד הניצולים מן המחנה הארור הזה סיפר לי מה שעבר על המנוח בשנים 1942—1945 ועל סבלו הרב ודוקא בימי־מצוקה אלה הבחינו אחיו לסבל את נפשו העדינה ומדותיו התרומיות. לא פעם, אלא כמעט יום־יום, סיכן את חייו, חסך מלחמו הצר ומסרו לאנשים הרעבים, אף שהיו לו זרים לגמרי ומבלי להתחשב בכך, שאם יראהו אחד השומרים האכזריים הרי דמו בנפשו!

פרק מיוחד במינו בחייו במחנה אושביץ ההל מזמן שהופיעו במחנה אנשי הס.ס. והכריזו „מי שיודע תלמוד וחסידות יצא מן השורה ויופיע בפני מפקד המחנה!" ואם כי באותה תקופה התאמצו הצוררים הנאציים להכחיד ולהשמיד את האינטליגנציה היהודית והפולנית כאחת, היה לאשר ברין האומץ לצאת מן השורה ולהודיע כי בקי הוא בתלמוד ובספרות התורנית.

הוא נצטווה להופיע למחרת בלשכת המפקד וכל הנוכחים במיפקד, חרדו לחייו. אבל, מה רבה היתה שמחתם, כאשר חזר בערב בריא ושלם!

אשר סיפר, כי הכניסוהו לחדרים מלאים ספרי־קודש יקרי־המציאות, שהנאצים הוציאו מכל הספריות התורניות ומבתי הרבנים ולומדי־התורה. הוא נצטווה לציין את

* המאמר, לזכרו של אשר ברין ז״ל, נכתב על ידי קלמן חנצ׳ינסקי ותורגם ע״י יצחק אברהמי מירושלים, תוך תוספת פרטים על משפחת המנוח.

חשיבותו של כל ספר וספר וכל יקרי־המציאות שביניהם נלקחו והועברו לברלין לספריה הממשלתית.

הוא שמח על העבודה שניתנה לו כי על ידי כך העשיר גם את ידיעותיו בעיון בספרי תורה ומחקר ושוחרר מעבודת־הפרך, שהיתה מנת חלקם של יושבי המחנות.

בריין הוזהר, כי מחוסר אמון ב„רבנים אנשי המירמה״, נבדקים ספרים אלה גם על ידי אנשים הנאמנים עליהם ואחת דתו למות, אם יכשילם בהערכת ערך הספרים.

*

נפגשתי אתו באזכרה הראשונה שנערכה לקדושינו הי״ד אחרי השחרור במינכן ולא אשכח לעולם את ה„קדיש״ שלו אחרי התפילה ואמירת „אל מלא רחמים״. כל הנוכחים באזכרה רעדו ועיניהם זלגו דמעות.

אחרי האזכרה נגש אלי (ואחרי כך גם לאחרים) פתח את ארנקו ואמר לי: „קלמן! קח לך כסף כמה שאתה צריך, כי לי יש ב״ה כסף רב!״ הודיתי לו ואמרתי, שאינני זקוק לכספו.

הוא נדד עם בנו לפילדלפיה ופתח לו שם עסק. אבל, אבדן אשתו ובניו בתנורי הגאזים שבאושביץ הרסו את בריאותו והוא הוציא את נשמתו הטהורה על אדמת־נכר!

## ר׳ חיים ברסלאור הי״ד



ר׳ חיים יהודה ברסלאור ז״ל נולד ביום 16 למארס 1877.

עוד משחר ימי נעוריו, התמסר לעבודה צבורית, שהתבטאה בימים ההם בעיקר, בעזרה סוציאלית לנזקקים, שמספרם לא היה קטן בכלל ושגדל, במיוחד, בימי מלחמת העולם הראשונה, כשהחזית נמצאה ממש על גבול ינדז׳יוב (הרוסים התבצרו אז על גדות הנהר „נידה״ ולעומתם — עמדו מעבר השני, במשך זמן רב, צבאות אוסטריה ואנשי הלגיון הפולני, שהוקם ע״י המרשל יוזף פילסודסקי).

באותו זמן, נפתח בעירנו „מטבח צבורי זול״, שחילק כמה מאות ארוחות ליום ושלח

מנות־מזון לבתיהם של „היורדים" מנכסיהם, שכלפיהם צריכים היו לנהוג בצורת „מתן־בסתר"...

הודות לעזרתו הכספית של ה„ג'וינט" האמריקאי, אפשר היה לבצע מפעל רב־ערך זה ור' חיים ברסלאור ז"ל, היה בין העושים והמעשים, שהצטיינו במסירותם לענין.

המנוח היה גם מראשוני־הראשונים שבתנועה הציונית הכללית ומטובי פעיליה ונציגיה במוסדות הצבוריים שבעירנו.

עם תחייתה של פולין, נוסדה גם בעירנו „מועצה לאומית מחוזית", שבה השתתפו נציגי כל ההסתדרויות הציוניות והלאומיות שבעיר וגם המנוח היה אחד מחבריה הפעילים, כנציג הציונים הכלליים, במשך כל ימי קיומה.

הוא היה גם אחד המייסדים של הגימנסיה היהודית שבינדז'יוב, בהנהלתו של המהנדס משה טננבוים ז"ל וסייע להתפתחותה ושגשוגה.

במשך שנים רבות, ייצג את ההסתדרות הציונית הכללית ב„ועד־הקהלה" וכן ב„מועצה העירונית", מקודם כחבר העיריה ואחרי־כך — כחבר הנהלת העיר („לאווניק").

כן השתתף באיסוף הכספים לבנין ההסתדרות הציונית הכללית, כיושב־ראש שלה. (באותה התקופה היה סגנו — מר פנחס שטרנפלד ז"ל).

בשנים 1922—1928 ייצג בועידות הארציות של ההסתדרות הציונית בפולין את סייעת „עת לבנות" שהוא היה בין חבריה הנאמנים.

הנאצים הארורים, שמו קץ לחייו הפוריים והמבורכים, עוד לפני גירוש יהודי עירנו, והוא נפל חלל ע"י יד טמאה של אחד הצוררים שירה בו. ד' ינקום דמו!

י. ב.

שלום גנאט
**חולון**

## הורי, ר' מאיר יחיאל ורבקה צירל גנאט, זכרונם לברכה

**(בן יכבד הורים)**



לדאבוני הגדול, אין באפשרותי לספר הרבה על אבי ז"ל — הוא נלקח ממני בהיותי בן שנתיים וחצי בלבד — ועלי להסתפק רק בסיפורי אמא ז"ל עליו, וגם במה ששמעתי אודותיו מאלה אשר הכירוהו והוקירוהו, ושהרבו לספר בשבחו.

אבי ז"ל, היה מלמד תורה לילדי ישראל בינדז'יוב, זה היה „מקצועו" וממנו הוציא את פרנסתו (בימיו, נקראה גם זאת „פרנסה"...).

באחד החדרים שבדירתנו — מקודם ברחוב ה„פינטשובי" ואחרי־כך ברחוב הכנסיה (קלויסטער־גאס, בלע"ז) נמצא ה„חדר" של אבא. מובן, שיעדו לו את החדר הכי־גדול שבדירתנו, שהיה תפוס, למטרה זו, כל ימות השבוע ובאותו

„חדר" קיבלו את חינוכם התורני רוב בחורי ינדז׳יוב, ששאבו את ידיעותיהם מפי ר׳ מאיר יחיאל מלמד (כך נקרא אבא ז״ל, בפי כל בני עירנו).

אם כי פרנסתו היתה מצומצמת מאד, לא נמנע אבא ז״ל מלספח ל„חדרו" גם בני־העניים, שידם לא השיגה לשלם את „שכר־הלימוד" הקבוע והיו אפילו כאלה, שלימדם לגמרי שלא על מנת לקבל פרס.

ב„חדר" שלנו „השתכן" גם „שטיבעל־חסידי", (של חסידי ראדומסק) על ידי כך שהכניסו בו „ארון־קודש" עם שני ספרי־תורה, שמו „פרוכת" נאה וציורית על דלת „ארון הקודש", תלו „וילון" להפריד בין „קודש־לחול" כלומר, בין „חדר רגיל" ו„מקום־תפלה".

מובן, ש„השטיבל" מילא את תפקידו רק בשבתות ומועדים כשרבים נהרו להתפלל בצותא, עם ר׳ מאיר יחיאל המלמד, שמצאו בו תלמיד־חכם גדול ויירא־שמים למופת.

מימי נעוריו, היה קשור ודבוק באדמו״רי ראדומסק והיה מבקר אצלם, לעתים קרובות.



ה„חדר" של ר׳ מאיר יחיאל גנאט ז״ל בשנת 1922. במרכז בנו, ר׳ יצחק הי״ד, שניהל „חדר" זה.

אבי המנוח ז״ל הצטיין גם במדת הכנסת־האורחים שלו. בעליית ביתו, נשתמרו תמיד „שקי־שינה", ממולאים קש ובכל לילה היה בעצמו מורידם ל„חדר" ומסדר את מקומות־הלינה לעניים, שביקרו בעירנו ומכבדם, קודם־כל בכוסות־תה ולחם לשובע.

בכל מוצאי־שבת היו עורכים ב„שטיבל" הראדומסקאי סעודת „מלוה מלכה" של המתפללים שאליה צורפו כמובן גם העניים ש„התאכסנו" באותה שבת ב„חדר" — „הכנסת האורחים".

אבא ז״ל היה משמיע דברי־תורה וחסידות והיו שרים מזמורי־תפלה מתאימים ושירים חסידיים, שחסידי ראדומסק היו מצטיינים בנגינתם, הידועה לשבח. גם בשבת האחרונה לימי חייו, כאשר היה עליו לעבור בפני התיבה וגם לברך את „ברכת החודש"

לחדש שבט וקור גדול שרר באותו יום, החליט להיטבל לפני התפלה במקוה. אמי ז״ל התחננה לפניו, שלא יצא החוצה בקור כזה וכאשר אני — אם כי הייתי רק בן שנתים וחצי — שמעתי את הפצרותיה של אמא, תפסתיו גם כן בשולי בגדיו, בכדי למנוע את יציאתו מן הבית. אבל, אבא ז״ל עמד על שלו — הלך למקוה, טיהר את עצמו ועבר בפני התיבה וגם בירך את „ברכת־החודש״.

באותו יום חלה בדלקת־הריאה וביום ו׳ בשבט נפטר והלך לעולמו.

סיפרו שיהודי ירא וחרד בעירנו, בשם ר׳ ראובן גולדשמידט ז״ל קנה מיד מ„חברה קדישא״ את המקום הסמוך לקברו של אבא ז״ל, באמרו כי רצונו העז להיקבר אחרי פטירתו על יד קברו של אותו צדיק וירא ד׳.

גם אמי רבקה צירל ז״ל הצטיינה במדותיה הטובות וביראת ד׳ שלה. אם כי נתאלמנה בימי נעוריה ונשארה עם שלשה ילדים לא הרהרה ח״ו אחרי מדותיו של הקב״ה, התאוששה ובעזרת שני אחי, יצחק ואברהם ז״ל, המשיכה להחזיק ב„חדר״ ומזה התפרנסנו.

זכורני, כי בימי־מצוקה, כאשר התעוררו בה רגשי־יאוש היתה מתגברת ולוחשת לעצמה: „כן, רבונו של עולם! אסור להרהר אחרי מדותיך. תמיד הצדק אתך ואם אורח חיי הנוכחים ערבים לך, הדבר ניחא גם לי״, כי תמיד ראתה את יד ד׳ בכל אשר קרה לה בימי חייה!

גורלה המר הוסיף לה מכה על מכה. אחי אברהם ז״ל — בהיותו בן עשרים — חלה במחלה אנושה וסבל יסורים כבדים מנשוא במשך שלשה חדשים. ב„אסתר תענית״ ביקשה אמי ז״ל להעביר את מיטת אחי החולה ולהעמידה על יד „ארון־הקודש״ והוא אמנם נפטר באותו המקום. אמי הצדקת ז״ל צידקה את הדין ואמרה: „ד׳ נתן וד׳ לקח! יהי שם ד׳ מבורך!״

גם האסון הכבד הזה ומצבה החומרי הקשה לא שיברו את רוחה. היא הבליגה על צערה בדומיה ולא הפריעה בעדי — אם כי היתה אדוקה ושומרת מצוה קלה כחמורה — להצטרף לתנועת „השומר הצעיר״ ו„החלוץ״ ולהגשים את שאיפותי לעלות ארצה.

מר היה גורלה ולא ידעה מנוח לנפשה בחייה, אבל, היא לא זכתה, אפילו, למות כמות כל האדם. החיה ההיטלריסטית פגעה גם בה, ויחד עם כל בני עירנו נשלחה לטרבלינקה ושם מצאה את מותה הטרגי. ד׳ ינקום את נקמתה.

כבוד ויקר להורי הצדיקים והתמימים, נשמתם עדן!



מתלמידיו של אותו החדר (מאיר שלום נידזויצקי, קוזלובסקי ויוסף ריטרבנד)

שאול גרינברג
**חולון**

## ר׳ צבי הירש ב״ר יחזקאל גרינברג הי״ד



אבי המנוח ז״ל היה מאותו הסוג של עסקני הציבור שבעיר ינדז׳יוב שעליהם נאמרת התפלה „וכל מי שעוסקים בצרכי ציבור באמונה, הקדוש ברוך הוא ישלם שכרם״.

אם כי פרנסתו לא היתה ברוכה בשפע־רב, מסר, בכל זאת, את מיטב זמנו לעבודה צבורית וכל זאת — שלא על מנת לקבל פרס.

הוא עשה ממש ימים כלילות על מנת לעזור לאחינו שבעירנו כחבר ועד „התאחדות הסוחרים״, „לינת־הצדק״, „חברת תהילים״ ובעיקר — כאחד ממייסדי וגבאי חברת החברה קדישא — „חסד של אמת״.

עד לשואה האיומה פעל ועשה להקמת „בית־כנסת של החברה וכתיבת „ספר־תורה״ על שם החברה הנ״ל.

חגיגת סיום כתיבת הספר נעשתה בביתו ולאסוננו הגדול, צעד עם „ספר תורה״ זה גם את דרכו האחרונה, למחנה ההשמדה בטריבלינקה...

בימי נעוריו השתייך להסתדרות „המזרחי״ אבל אחרי כן, התרחק מכל מפלגה שהיא, אולם נשאר נאמן לשאיפתו הציונית ולגעגועיו לארצנו הקדושה.

בבחירות לועד הקהלה ולמועצה העירונית הוא ייצג את הסוחרים שבמקום, חברת „חסד של אמת״ וכל אלה הנקראים „עמך״, ובבחירות האחרונות שמלפני השואה היה אחד מארבעת הנציגים היהודיים, שנבחרו למועצת העיריה המקומית וכיהן בתפקיד צבורי חשוב זה, עד לכיבוש העיר על ידי הנאצים.

בשנת 1938 הצליח לקבל רשיון־עליה, אבל לא זכה להגשים את שאיפת חייו. שני בניו וכלתו זכו לעלות ארצה ועל כך היתה גאוותו, באמרו, הנה תקעתי יתד נאמן בבית ישראל.

הוא תקע אמנם יתד, אבל, לא זכה לבנות את ביתו בישראל וכשעלה הכורת על יהדות ינדז׳יוב, היה אבא־מורי ז״ל, בין אלה שנשלחו למחנה־ההשמדה.

הוא התבלט ביותר, משום שהחזיק, צמוד ללבו, את ספר התורה שבידיו ושפתותיו נעות בתפלת יהודי, המתייחד עם בוראו ברגעיו האחרונים.

זכרו לא ימוש מתוכנו לעולמים!

## שלמה דוטקעוויטש ז״ל



ר׳ שלמה דוטקעוויטש ז״ל איז געבוירן אין יענדזשעוו, אין יאָר 1888. אין יאָר 1906 האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין פרוי, גיטל ז״ל.

פון זיינע יינגסטע יאָרן אָן האָט ער געהאַט גרויס פאַרשטענדעניש פאַר געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט, זעלבסטפאַרשטענדלעך אין נאַציאָנאַל־רעליגיעזן זין, וויל אין דעם גייסט איז ער אויך דערצויגן געוואָרן אין זיין טאַטנס היים.

דער דאָזיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט האָט ער געווידמעט נישט נאָר זיין פריי־צייט, נאָר גאַנץ אָפט האָט ער מוותר געווען אויך אויף זיין רו־צייט, און ווען ער האָט עס געפונען פאַר נייטיק, — אַפילו אויפן חשבון פון זיינע פריוואַטע געשעפטן.

ר׳ שלמה דוטקעוויטש ז״ל האָט גוט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון דער רעליגיעז־נאַציאָנאַלער דערציאונג און איז דעריבער געווען איינער פון די גרינדער פון דער יידי־שער מיידל־שול אין יענדזשעוו. שפּעטער האָט ער אויך זייער פיל מיטגעהאָלפן ביי דער גרינדונג פון דער העברעישער שול „יבנה״ און אויך פיל געזאָרגט, כדי צו פאַרזיכער איר מאַטעריעלע עקזיסטענץ.

די יידישע באַפעלקערונג אין יענדזשעוו, האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אָפּצושאַצן זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און אים אויסגעוויילט אַלס דאָזאָר אין דער יידישער קהלה. דעם דאָזיקן אַמט האָט ער באַדינט לאַנגע יאָרן.

שלמה דוטקעוויטש ז״ל האָט אויך אַ סך יאָרן פאַרטרעטן די יענדזשעווער יידן אין שטאָט־ראַט און צום סוף אויך אַלס זייער „לאַווניק״ אין מאַגיסטראַט.

זייענדיק אַ גרויסער בר־דעת און האָבנדיק דעם פולן צוטרוי מצד דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג (אַפילו פון די פּאָליטישע קעגנער פון „מזרחי״, צו וועלכער דער נפטר האָט אַלע יאָרן געהערט), האָבן אַלע אין אים געזען דעם ערלעכסטן יידישן פאַר־שטייער, וועלכער זאָרגט פאַר אַלעמענס אינטערעסן.

אַלס פאָרשטייער פון די יידן אין די קאָמיסיעס פון מלוכהשן שטייער־אַמט,

האָט ער דאָרט געקעמפט און נישט דערלאָזט באַוועלן די יידישע סוחרים און האַנט־ווערקער.

זייענדיק פון די ערשטע חובבי־ציון, האָט ער אויך געשענקט פיל צייט פאַר די נאַציאָנאַלע קרנות. ער איז געווען איינער פון די אַקטיוווסטע עסקנים פון „קרן היסוד".

ליידער, איז דאָס רייכע געזעלשאַפטלעכע לעבן פון שלמה דוטקעוויטש זייער פרי איבערגעשניטן געוואָרן. — י"ח כסלו תרצ"ה איז ער פּלוצלינג געשטאָרבן אינעם בליען־דיקן עלטער פון 47 יאָר, איבערלאָזנדיק זיין פרוי גיטל ז"ל, אַלס יונגע אַלמנה מיט אירע 4 קינדער: אסתר, יחיאל, ישראל און ריבה.

זיי אַלע, חוץ זיין זון ישראל, וואָס איז געבליבן לעבן און וווינט אין נאָרוועגיע, — זענען אומגעקומען דורך די מערדערישע היטלעריסטישע רוצחים.

דער פריצייטיקער טויט פון שלמה דוטקעוויטש ז"ל האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טרויער נישט נאָר ביים יידישן יענדזשעוו, נאָר אויך ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס האָט אים זייער געשעצט אַלס ייד און בירגער.

אַלע האָבן געפילט, אַז אונדזער שטאָט האָט פאַרלוירן, פאַר דער צייט, איינעם פון אירע שענסטע און ערלעכסטע עסקנים. כמעט די גאַנצע שטאָט האָט געטרויערט אויף זיין פריצייטיקן טויט און אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו אויפן יענדזשעווער בית־הקברות.

אייביקער כבוד זיין אָנדענק!

י—ל ד—ש

## הלל דוטקעוויטש ז"ל



זייענדיק נאָך אַ גאַנץ יונגער בחור, אַפילו נאָך קיין 16 יאָר נישט אַלט געווען, האָט הלל דוטקעוויטש פאַרלאָזט זיין וואַרעמע קינדערהיים אין יענדזשעוו און באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1918, זיך געלאָזט קיין ארץ־ישראל, אָן אַ רייזע־

דערלויבעניש (סערטיפיקאַט פון דער ענגלישער מאַנדאַט־רעגירונג) זאָגנדיק, פונקט ווי זיינע יענדזשעווער חברים, „אין לך דבר העומד בפני רצון". ער האָט פעסט געגלייבט, אַז בלויז מיט זיין שטאַרקן ווילן וועט ער זיך, צוזאַמען מיט זיינע חברים, אַריינבאַקומען קיין ארץ־ישראל.

זיי זענען טאַקע געקומען קיין ארץ־ישראל, אָבער נישט אַזוי לייכט, ווי זיי האָבן זיך עס פאָרגעשטעלט...

לאַנג, זייער לאַנג האָט זיך די גרופּע פון איבער 100 יידישע חלוצים פון פּוילן געוואַלגערט אין קאַטאָוויץ, ווין און אין פאַרשידענע פּאָרט־שטעט אין איראָפּע, געליטן הונגער און נויט, ביז די ישועה איז געקומען און זיי האָבן זוכה געווען אַריבערצוטרעטן די לעצטע גרענעצן און קומען קיין ארץ־ישראל!

הלל דוטקעוויטש איז געווען באַגייסטערט און פול מיט בטחון, אַז זיין וועג איז אַ ריכטיקער און אַז ער וועט בויען זיין פּערזענלעכע צוקונפט אינעם לאַנד פון זיינע חלומות — אין ארץ־ישראל!

הלל איז געווען פון די גרינדער פון קבוצת „גבע" אין עמק יזרעאל, דאָרט אַריינגעלייגט פיל מי און כוחות, בייטאָג געאַרבעט און ביינאַכט געגאַנגען אויף „שמירה". ער האָט דאָס נישט אויסגעהאַלטן און מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער אַוועק קיין דייטשלאַנד.

אָבער אויך דאָרט איז הלל געבליבן געטריי זיין אידעאַל און פיל געאַרבעט פאַר ארץ־ישראל.

ווען היטלער, ימח שמו, איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, איז הלל דוטקעוויטש פון דאָרט אַוועק און אָנגעהויבן וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד. געווען אין האָלאַנד, בעלגיע, פראַנקרייך און איטאַליע.

דאָרט האָט ער זיך באַקענט מיט זיין צוקונפטיקער פרוי, פרידאַ, און האָט מיר איר חתונה געהאַט אין מילאַנאָ. פון דאָרט זענען זיי אַוועק קיין דרום־אַפריקע, דאָרט איז געבוירן געוואָרן זייער קינד, שלמהלע און אין יאָר 1941 האָבן זיי זיך דערשלאָגן קיין אַמעריקע.

ער האָט דאָרט זייער מצליח געווען אין זיינע „ביזנעס". גלייכצייטיק האָט זיך ביי אים דערוועקט זיין בענקשאַפט קיין ארץ־ישראל. ער האָט געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט אַלע ארץ־ישראל־פאָנדן, עטלעכע מאָל באַזוכט דאָס לאַנד און זיך געשטעלט פאַר זיין ענדציל — זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל.

ליידער, האָט ער נישט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זיין דאָזיקן חלום ביי זיין לעבן. כ"ו אייר תש"כ (1960) איז ער געשטאָרבן נאָך אַ צווייייאָריקער שווערער קראַנקייט, אין עלטער פון 57 יאָר.

זיין לעצטער ווונטש צו זיין פרוי און זון איז געווען:

„פירט מיך אַריבער צו קבורה קיין ישראל, זאָלן כאָטש מיינע ביינער דאָרט רוען!"

זיי האָבן זיין לעצטן ווונטש דערפילט און אים איבערגעפירט קיין ישראל, און אויפן ירושלימער בית־עלמין רוען זייער אייביקע רו צוויי ברידער. זייערע קברים געפינען זיך איינער נעבן צווייטן און אויף זייער מצבה לייענען מיר:

„דאָ רוען די צוויי ברידער, הלל און שמואל דוטקעוויטש ז"ל". דער פאַרשטאָרבענער הלל האָט זיין ציל דערגרייכט, אָבער, ליידער, אביסל צו שפּעט.

הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו!

י—ל ד—ש

## יהונתן האַלפּערן ז״ל

**(ביאָגראַפישער נאָטיץ)**



יהונתן האַלפּערן איז געבוירן אין זשאַרקי (פּיעטרקאָווער גובערניע). אין אַפּריל 1877, און איז געשטאָרבן דעם 15טן יולי 1918. ער איז געווען אַ זון פון אַ פאַרמעגלע־כער חסידישער סוחרישער פאַמיליע. פון פאָטערס צד — פון די באַרימטע לובלינער האַלפּערנס, וואָס זייער יחוס־בריוו גרייכט ביז אין 16טן יאָרהונדערט, און פון דער מוטערס צד — פון ר׳ יהונתן אייבעשיץ. הגם זיין פאָטער האָט געהאַט אַ נייגונג צו השכלה, האָט ער דאָך באַקומען אַ ריין־רעליגיעזע דערציאונג. ביז 18 יאָר האָט ער געלערנט תלמוד און מפורשים, אויסצייכענענדיק זיך אַלס עילוי. ערשט נאָך דער חתונה האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט וועלטלעכער בילדונג, דערוואָרבן ידיעות אין נאַטורוויסנשאַפט, מאַטעמאַטיק און שפּראַכן (רוסיש, פּויליש, דייטש). פאַרנעמענדיק זיך מיט מסחר אין יענדזשעוו. אין די יאָרן פון 1904 ביז 1907 סימפּאַטיזירט ער מיטן סאָציאַליזם, שפּעטער אַ קורצע צייט געווען טעטיק אין דער ציוניסטישער באַ־וועגונג, געהאַט אַ שטאַרקע נייגונג צו חסידות, דאָן איז ער אַלץ מער אַריבער צו לי־טעראַרישער טעטיקייט. אַרום 1908 אָנגעהויבן צו שרייבן נאָוועלן. אין יאָר 1913 פאַרעפנטלעכט ער זיין ערשטע דראַמע אין דריי אַקטן „שיינדעלע״ און דעם איינאַקטער „מוטער און זון״ (פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע), וואָס האָבן געצויגן אויף זיך די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער יידישער קריטיק און זענען אויך אויפגעפירט געוואָרן דורך פאַרשידענע ליבהאָבער־קרייזן. ער האָט אויך געשריבן צוויי בענדער לידער, אַ באַנד לידער אין פּראָזע, אַ באַנד לעגענדעס (אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן), דערהויפּט האָט יונתן האַלפּערן אָבער געשאַפן אויפן דראַמאַטישן געביט און איבערגעלאָזן פאַלגענדיקע ווערק: „דער אַלטער דיכטער״, דראַמאַטישע פּאָעמע אין דריי אַקטן; „קיין וועג צוריק״, דראַמע אין דריי אַקטן פון פויל באַרכאַן, איבערגעזעצט אויף דייטש און אָנגענומען פון לעסינג־טעאַטער, אָבער צוליב דער וועלט־מלחמה איז די אויפפירונג נישט רעאַלי־זירט געוואָרן; „אונטערגעהאַקטע פליגלען״, דראַמע אין פיר אַקטן; פאַמיליע בראַמ־בערג״, דראַמע אין דריי אַקטן; „דער געפּערלעכער רעצעפּט״, קאָמעדיע אין איין אַקט „פּורים־שפּילער״, קינדער־קאָמעדיע אין דריי אַקטן. געשטאָרבן אין יענדזשעוו.

זיין זון, ד״ר יחיאל האַלפּערן, וווינט אין ישראל און איז רעדאַקציע־מיטגליד אין „דבר״ (די נאָטיץ — לויט די מאַטעריאַלן פון דעם לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע).

**י. מ. ניימאַן ז״ל**

## יהונתן האַלפּערן

צו דרייסיק יאָר האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן — צו 42 יאָר איז ער געשטאָרבן, אין דער צייט פון קריג.

זיין לעבן אויסגעלעבט אין יענדזשעוו.

אַ קינסטלער־גורל. אומפאַרמיידלעך טראַגיש. אין אַלע זיינע פאַרבליבענע דראַמאַטישע ווערק האָט ער אייגנטלעך געמאָלט זיך אַליין, זיין אייגענעם גורל, דאָס פאַטאַלע אינעם לעבן.

*

יהונתן — אַן אייניקל פון ר׳ יהונתן אייבעשיץ (ער הייסט נאָך אים). און אין זיין שוואַרץ־אַרומגעצייכנטן קאָפּ מיט די שאַרפע לעבעדיקע אויגן בליצט אויף דאָס אייביק־פינקלדיקע און לעבנס־פולסירנדיקע פון אַן אַלטן גזע־ייד, אַ ווילקענעוודיקער, אַ לערנער, אַ חסיד, לויטן טעמפּעראַמענט, און אַ שכל־ייד דערצו.

ער האָט יונגערהייט אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו מעכאַניק. אפילו דערפינדן אייגענע זאַכן, אַ פּאַטענט אַרויסגענומען אויף אַ זייגער, אַ שלאָס. די וואַרשעווער אינזשעניערן־געזעלשאַפט האָט אָפּ אַ פּפּעציעלע זיצונג און באַטראַכט מיט שטוינען דעם צוגעשיקטן מאָדעל פון אַ קליינשטעטלדיקן לאַנג־געקליידטן ייד. מען דריקט זיך אויס וועגן אים מיט באַוווּנדערונג.

און דאָס אַלץ פון זיך אַליין, אָן שום טעכנישער פאַכמענישער צוגרייטונג, אַ ייד — אַ בעל־שכל, און די הענט קאָנען נישט איינרוען, נעמט מען פייל און שטאַנג און מען מייסטרעוועט, און מען פלפּולט אויס אַ נייעם מעכאַניזם. אָבער נישט, חלילה, אויף צו עקספּלאָאַטירן דאָס דערגרייכטע. אָט אַזוי לשמה. עס איז אַ שכל דערביי!

*

איך שטעל זיך אָפּ מיט אַ כיוון אויף די נאַיווע טעכנישע דערפינדונגען פון יהונתן האַלפּערן.

גראָד פון אַזאַ וווּנדערבאַרן געמיש: אַן אייניקל פון אַ יהונתן אייבעשיץ און אַ מעכאַניקער, קאָן געבוירן ווערן דער דראַמאַטורג.

דיכטער זיין — גאָט־געבענטשטקייט; דראַמאַטורג זיין — אַן עודף פון אומגעהויערן פלייס און טעכניש קענען.

די דראַמע איז אַרכיטעקטור.

ווי אַרכיטעקטור פאַראייניקט זי אין זיך די דיכטער־באַגייסטערונג און אַלע טעכנישע פאַרפולקאָמענהייטן און מאַטעריאַלן־דערגרייכונגען פון זייער צייט.

אַ פוגע־געשטעל. איינס אַריינגעפּאַסט אין אַנדערן, באַהערשונג פון מאַטעריאַל, סטרוקטור קאָמפּאָנירונג, געבוי.

און יהונתן האַלפּערן איז — לויט זיין שאַרפזיניקער, פּשוט מייסטערהאַפטער סטרוקטור און געבוי פון דראַמע — אפשר איינער פון די געציילטע ביי אונדז!

*

אַ באַשיידענער ייד, פאַרוואָרפן אין אַ יענדזשעוו, האָט ער געפורעמט זיינע געשטאַלטן און געשאַפן זיינע ווערק און זיי האָבן אין זיך דעם חן און דאָס פּרימיטיווע פון „קוסטאַרן"־אַרבעט און די ראַפינירטקייט פון אַ יידישן וויל־קענעוודיקן „קאָפּ־מענטש".

ער האָט איבער געלאָזט נאָך זיך ביז 8 דראַמעס. מיר האָט זיך געמאַכט צו לייענען נאָר דריי פון זיי.

דאָס ערשטע בלעטל — מ'ווערט איבערראַשט. כ'שריי אויס: דאָס איז דאָך דיאַלאָג, אמתער דיאַלאָג. דאָס איז דאָך האַנדלונג — אמתע האַנדלונג!

און מען דערציילט:

ווען עס איז דערשינען אין דרוק דער ערשטער איינאַקטער פון יהונתן האַלפּערן — אָן זיין וויסן, פאַרשטייט זיך, ער האָט נישט געהאַלטן פון דרוקן — האָט בעל־מחשבות באַמערקט אין דער „יודישער וועלט", אַז דאָס ווערק „פאָטער און זון" איז ווי קאַמער־מוזיק. עס לאָזט איבער אַ פיינעם נאָכקלאַנג. און דער בוי און די קאָנסטרוקציע איז גלענצנד.

מיט זיינע דראַמען האָט זיך פאַראינטערעסירט מאַרטין בובער. פּאול באַרכאַן האָט פון מאַנוסקריפּט איבערגעזעצט איין ווערק אויף דייטש. דאָס ווערק האָט שוין געזאָלט אויפגעפירט ווערן אין אַן ערשטראַנגיקן דייטשן טעאַטער, נאָר די מלחמה האָט געשטערט. דער יידישער דראַמאַטורג איז ווידער צוריקגעצויגן פון דער עפנטלעכקייט. און ווי אַן אַלטער כראָניקער, אין די ד' אמות, שאַפט ווידער יהונתן האַלפּערן איין דראַמע נאָך דער אַנדערער, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען און שטאַרק אין זיין גלויבן.

*

„דער אַלטער דיכטער" — דאָס באַדייטנדסטע, וואָס ער האָט געשאַפן.

פון הינטער די בערג הערט זיך אַ געזאַנג. די מיידלעך פון טאָל זינגען דאָס ליד פון יוגנט־קראַפט און פרייד און דערציילן זיך לעגענדעס וועגן וואונדערלעכן זינגער. אַ מאַן שטייגט אַראָפּ פון די בערג, אַן אַלטער און אַ געבויגענער. די מיידלעך לויפן אים אַ קעגן:

— מענטש פון די בערג, אפשר קאָנסטו אונדז דערציילן, וווּ עס וווינט דער דיכטער, וואָס מיר זינגען זיין ליד אין טאָג פון אונדזערע שמחות.

דער אַלטער מאַן האָרכט אויף.

— איך בין עס. איך בין דער דיכטער און כ'האָב געגידערט צו אייך הערן דעם עכאָ פון דעם ליד.

— ניין, דו ביסט עס נישט. אונדזער דיכטער איז אַ יונגעטשקער מיט פּ־יילעכע לאָקן, מיט הייטערע אויגן.

און ברומענדיק אַ ליד — דאָס ליד פון אַלטיטשקן — אַנטלויפט דאָס קליינע מיידל.

צונויפשטויס פון אייביק פאַטאַלער קעגנזאַץ: דאָס אויסגעטרוימטע און דאָסווירקלעכע.

דאָס אייביק טרויעריקע און טראַגישע: דאָס אַלט ווערן פון קערפּער, ווען דער גייסט איז נאָך פריש און שטאַרק.

דער דיקטער וואָגלט. אומעטום הערט ער אַרויסשאַלן זיין ליד. זיין ליד איז אין אַלעמענס מויל — ער אַליין, דער שעפער, דער זייגער — פאַרלאָזן און פרעמד.

און שוין קומען די גרויע שאָטנס, די קאָשמאַרן און דער שטיין — דער פאַר־קערפּערער פון וועלט־ווי — און ווילן זייגן זיין בלוט און ווילן אים נעמען אין זייער שויס.

דיכטער, זינג אונדזער ליד — דאָס ליד פון אייביק־צער און אייביק־ווי.

— ניין! איך בין דער דיכטער פון פרייד!

און דער שטיין — דער אויסדרוק פון צער — שטאַרט אים אָן מיט זיינע קאַלטע, טריבע אויגן. אָ, דיכטער, קיין אויסוועג נישטאָ, מוזט שוין נידערן אין מלכות פון צער. — קאָנסט זיך ראַנגלען — נאָר דער תהום ציט. און קיין פריילעכע תהומען זענען נישטאָ.

און דער דיכטער וואָגלט. און ווי יעדער, מיינט ער, אַז זיין וועג איז ניי און אומבאַטראָטן — און דער וועג איז אַלט. אַלט און אייביק, ווי די מעלאָדיע פון דער וועלט און עס קומט שוין די אָנערקענונג. און די מלכים און האַרן און חשובע מענער גיבן אים אָפּ גרויס כבוד. און דאָס האַרץ פון דיכטער טרויערט. און מען שטעלט אים ביים לעבן אַ דענקמאָל. און קינדער קומען און פלעכטן זיך צונויף אין אַ קראַנץ און טאַנצן אַרום דענקמאָל — און פאַרן דיכטער איז זיין דענקמאָל אַ שטאַרער שטיין — און ער שפּאַרט אָן זיין מידן אַלטן קאָפּ אָן אים.

דאָס פּאַטאַלע!

און עס געשעט, ווי עס געשעט אין היינעס באַלאַדע וועגן פּערסישן דיכטער צוויי אַרונות ווערן געטראָגן, פון איין זייט קומט דעם קעניגס אָרון מיט מתנות פאַרן דיכטער און כל טוב — און פון דער אַנדערער זייט, פירט מען דעם אָרון און אַ לוויה ציט...

צו שפּעט — דאָס אייביקע פּאַטאַלע!

האַלפערן איז אַ דיכטער. נישט געקוקט דערויף, וואָס דער לייט־מאָטיוו — דאָס געגראַמטע ליד — איז נאַיוו און שוואַך. דאָס אַרומיקע — די אַטמאָספער איז שטאַרק און ערלעך. און די סצענע מיטן מאַלצייט לכבוד דעם דיכטער איז שיין און געראָטן. און די באַגעגענישן — די פּאַטאַלע באַגעגענישן, ווען די וועגן קרייצן זיך שוין — מוסטערהאַפט!

*

אַ צווייט ווערק — „פאַמיליע בראַמבערג".

דאָס פּראָבלעם פאַרעלטערט. אַן אַסימילירטע שטוב, שמד, נאַציאָנאַלער גייסט, אַוועקגייענדיקע קינדער און די מוטער —

אָבער ווי אַזוי די קינדער גייען אַוועק — ווי שטיל און בנעימותדיק די מוטער לעבט איבער דעם איבערבראָך.

און דער „משומד" — דער שיכור־לייטענאַנט, וואָס רימט זיך שיכורערהייט, אַז פאַר אים איז אַלץ איינס — אַ ייד — אַ נישט־ייד — אויך דאָ איז פאַראַן אַ באַוווּנדערנ־דיקע בינע־קענטעניש און עכטקייט!

נאָר ווי געזאָגט — פאַרעלטערט.

די פאַרעלטערטע הייערמאַנס און זודערמאַנס קאָנען נאָך האָפן ביי אונדז געשפילט צו ווערן — צו אַ ייד איז מען שטרענג!

*

מיר האָט זיך געמאַכט צו לייענען נאָר אַ קליינעם טייל פון זיינע ווערק, נאָר פון דעם ביסל האָב איך דעם איינדרוק — און דער איינדרוק איז שטאַרק — אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם געבוירענעם דראַמאַטורג!

געוויס, יענדזשעוו שטערט אַ ביסל. פאַראַן אין די זאַכן אַ ביסל פּראָווינציאַליזם, פאַרעלטערטקייט און נאַיוויטעט — אָבער אין דעם פאַל איז עס אַ ריין אויסערלעכע זאַך, וואָס קאָן ווי אַ שטויב אַראָפּגעווישט ווערן. דער קערן איז געזונט. עס איז דאָ אַן ערלעך געפיל, אַ טיפער וויי, וועלט־וויי. און עס איז ווי אַרויסגעוויינט און אַרויסגעזונגען. מען פילט דאָ בחוש: דער ייד האָט געטריי עוסק געווען אין זיין אַרבעט, אַן זייטיקע כוונות. אַ ווידוי, אַ לינדערונג פון וויי. אַ לעבן, וואָס רייסט זיך צו דער פריי, ריזלט אַזוי אַדורך צווישן די ציילן. עס איז דיכטונג!

און דאָך, די ווערק פון אַ יהונתן האָבן זיך געוואַלגערט און וואַלגערן זיך נאָך איצט און מען האָט אַפילו נישט געפונען קיין צייט איבערצולייענען זיי.

דאָס פאַטאַלע.



דאָס לעצטע בילד פון יהונתן האלפערן ז״ל
(אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה).

י. מ. ניימאַן ז״ל האָט נאָך אין יאָר 1922 באַדויערט וואָס אַזעלכע וויכטיקע כתבים ווי יהונתן האַלפּערנס ווערק „וואַלגערן״ זיך נאָך.

אין אַ געשפּרעך מיט מיר וועגן זיין פאָטער, האָט זיין איינציקער זון, וואָס איז געבליבן לעבן, ד״ר יחיאל האַלפּערן, מיר דערציילט, אַז די כתבים פון זיין פאַטער, זענען פאַרלוירן געגאַנגען אין חורבן־וואַרשע, אין די שרעקלעכע היטלער־יאָרן. פון אים איז געבליבן געדרוקט — זיין ערשטע דראַמע „שיינדעלע״ און דער איינאַקטער „מוטער און זון״ און אין כתב־יד: אַ באַנד לידער און די דראַמאַטישע פּאָעמאַ „דער אַלטער דיכטער״.

צוויי קינדער פון יהונתן האלפערן ז״ל, י ש ר א ל און ט ו ב ה הי״ד, זענען אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ דורך היטלער׳ס באַנדעס.

ש. ד. ירושלמי



## ר׳ יעקב האָראָוויץ ז״ל

אחד מנכבדי העיר, שעשה הרבה לפיתוח התעשיה בינדז׳יוב (פרטים במאמרו של מ. הורוביץ — זכרונותיו על ינדז׳יוב בעבר), נפטר לפני המלחמה והובא לקבר־ישראל בבית־העלמין שבינדז׳יוב בכבוד גדול.



**בנו יקותיאל הורוביץ הי״ד**

(פרטים עליו במאמריהם של ש. גרינברג, מ. הורוביץ מ. שלדזיק ועוד).



**תמונת אשתו סלה (לבית ברסלר) הי״ד**

כשהיא שוכבת בבית־החולים ב„גיטו״־ינדז׳יוב ועונדת את הסרט „יהודיה״ מעוטר ב„מגן־דוד״



## ר׳ משה וורגון הי״ד

אחד מעמודי־התוך של היהדות הדתית־לאומית בינדז׳יוב ונציגה בכל המוסדות הציבוריים והכלכליים שבעיר. ומגדולי וחשובי הסוחרים. פרטים עליו במאמריהם של ע. בר, מ. הורוביץ ומ. שלדזיק ועוד.

ישראל גורטמאן
קרית־ביאליסטאָק

## ר׳ חנוך העניך וואַקסבוים ז״ל



ר׳ חנוך וואַקסבוים, אָדער ווי מ׳האָט אים זיין גאַנץ לעבן גערופן — ר׳ העניך וואַקסבוים — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1876 אין בילגאָריי (לובלינער גובערניע) אין אַ שטרענג חסידישער שטוב און ווי דער שטייגער, נאָך אַלס יונג בחורל מיטגעפאָרן מיט זיין פאָטער קיין גער צום רבין, זאָל לעבן.

לויטן מנהג, וואָס האָט געהערשט אין אַמאָליקע יאָרן, אין די חסידישע קרייזן בכלל און ביי די גערער חסידים בפרט, האָבן טאַטעס, וואָס האָבן פאַרמאָגט קינדער, וואָס זענען געווען געבענטשט מיט תורה און חסידות אין אַ גרויסער מאָס, מיטגענומען די קינדער צום רבין צוליב צוויי כוונות.

ערשטנס — דער בחור זאָל געניסן פון רוחניות, זען דעם רבין, הנאה האָבן פון זיין הייליקער התנהגות ביים דאַווענען, ביים פירן דעם „טיש" און הערן טאַקע זיינע חסידישע תורות און, צווייטנס, געפינען פאַר אים אַ תכלית אויך אין גשמיות... ער זאָל נושא־חן זיין ביי אַ לייטישן חסיד, וואָס זוכט דאָרט אַ בחור אַ תכשיט, ער זאָל אים נעמען אַלס איידעם פאַר זיין בת־יחידה, חתונה מאַכן די קינדער, געבן קעסט און דער איידעם זאָל זיצן און לערנען אָן דאגת־פרנסה.

אויב אַ ייד אַ חסיד האָט געוואָרפן אַן אויג אויף אַזאַ בחורל, האָט ער קודם־כל גע־פרעגט אַן עצה ביים רבין, און ווען ער האָט באַקומען זיין הסכמה, האָבןביידע חסידים צווישן זיך אַרומגערעדט דעם „ענין", און אַז מ׳איז געקומען צום עמק־השוה, האָט מען גענומען דעם רבינס ברכה און דאָס בחורל איז, צו מזל, אַהיימגעפאָרן אַ חתן, אַמאָל מיט אַ גאָלדענעם זייגער און מערסטנס מיט אַ ווילנער ש״ס, אַ מתנה פון מחותן.

אויף אונדזער העניכל האָט געוואָרפן אַן אויג דער יענדזשעווער חסיד און שיינער ייד „ר׳ אַלתר דער גרויסער", ווי מען האָט גערופן דעם יענדזשעווער הויפּט־שוחט, און דאָס 17 יאָריקע בחורל האָט מיט מזל חתונה געהאַט מיט ר׳ אלתרס טאָכטער, פערל, און זיך באַזעצט אין יענדזשעוו.

ליידער, האָט די גרויסע טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט אַמאָל געהערשט אין יענ־דזשעוו, צווישן אירע קרבנות אויך אַוועקגעריסן דאָס יונגע ווייבל, פערל ז״ל.

ר׳ אלתר האָט נישט געוואָלט פאַרלירן, צוזאַמען מיט זיין טאָכטער, אויך דעם באַ־ליבטן איידעם און מיט אַ צייט שפּעטער האָט ער אים געגעבן זיין צווייטע טאָכטער, ברכה ז״ל, כדי ער זאָל פאַרבלייבן אין זיין משפּחה.

ר׳ העניך האָט געוווסט, אַז „תורה איז די בעסטע סחורה", אָבער ער האָט אויך

געדענקט דעם כלל, אַז „אם אין קמח, אין תורה״, און טאַקע גענומען פירן גרויסע האָלץ־געשעפטן, בשותפות מיט ר׳ ישׂראל ראָזענבערג און ר׳ העניך טייטעלבוים ז״ל. זיי האָבן דאָס האָלץ געשניטן אין טאַרטאַק פון ר׳ בונם וווערדיגער ז״ל, דעם פאָטער פון ר׳ מרדכי יוסף וווערדיגער ז״ל.

ר׳ בונם ז״ל, וואָס האָט חוץ לומדות און חסידות אויך געהאַט אַ גוטן חוש־הריח און ער האָט דערפילט, אַז דער יונגער חסידישער האָלץ־סוחר באַזיצט גרויסע פעיקייטן אין עולם המסחר, האָט אויף אים משפיע געווען, אַז ער זאָל פאַרלאָזן דאָס האָלץ־געשעפט און איבערגיין אַרבעטן ביי אים אַלס געשעפטספירער ביים בוי פון דער גרויסער מאָ־דערנער מיל אויף דער פינטשעווער גאַס.

די געשעפטן פון דער משפּחה וווערדיגער זענען כסדר געוואַקסן און ר׳ מרדכי יוסף וווערדיגער ז״ל איז געוואָרן דער אייגנטימער נישט נאָר פון דער ניי־געבויטער מיל, נאָר אויך פונעם טאַרטאַק, אייזן־גיסעריי און פון דער שטאָטישער עלעקטרישער סטאַציע.

דער באַגאַבטער ר׳ העניך וואַקסבוים ז״ל איז ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, געווען דער לייטער פון אָט די אַלע גרויסע אונטערנעמונגען.

ר׳ מרדכי יוסף וווערדיגער ז״ל האָט זיך תמיד באַמיט צו באַשעפטיקן אין זיינע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אַלס בעאַמטע יונגעלייט בלויז גערער חסידים, און אויך ר׳ העניך ז״ל — אַליין אַ גערער חסיד, האָט געהאַט פאַרשטענדעניש דערצו און זיך באַמיט זיי צו פאַרוואַנדלען פאַר גוטע און נוצלעכע בעאַמטע אין די גרויסע געשעפטן, פאַר וועלכע ער האָט געטראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די בעלי־בתים.

ר׳ העניך איז געווען אַ שאַרפער גערער חסיד, אָבער גלייכצייטיק האָט ער געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר די באַדערפענישן פון דער יוגנט. ער איז נישט געווען קיין סתם פאַנאַטיקער, געפונען צייט אויך צו לייענען די יידישע פרעסע און די מאָדערנע ליטע־ראַטור און זיך באַצויגן מיט טאָלעראַנץ צו דער ציוניסטישער באַוועגונג און נישט גע־שטערט זיינע קינדער זיך אַקטיוו צו באַטייליקן אין דער ציוניסטישער און קולטורעלער אַרבעט, ווי עס האָבן געטאָן אַנדערע גערער חסידים.

זייענדיק אַ גרויסער תלמיד־חכם און דערצו אַ מומחה אין די אינדוסטריעלע און האַנדלס־קרייזן, איז ר׳ העניך וואַקסבוים ז״ל אויך געווען הויפּט־בורר ביי די פאַר־וויקלסטע און שווערסטע סכסוכים צווישן סוחרים און פאַבריקאַנטן. זיינע באַשלוסן זענען תמיד געווען אָביעקטיווע און על פּי רוב צופרידנגעשטעלט ביידע צדדים.

אַ באַזונדערס גוטע באַציאונג האָט צו אים געהאַט ר׳ מרדכי יוסף וווערדיגער ז״ל, וועלכער האָט צו אים געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי, און נישט איין מאָל דערמאָנט, אַז „אַ דאַנק העניכס עצות״ האָט ער מצליח געווען אין זיינע געשעפטן און מאַנכעס מאָל דערגרייכט צום מאַקסימאַלסטן דערפאָלג.

איינער פון זיינע בעסטע ידידים איז געווען דער יענדזשעוועער מורה־הוראה, דער גרויסער למדן און פייערדיקער גערער חסיד, ר׳ שמשון (שמשי) בירענשטאָק ז״ל, וועלכער איז געווען ביי אים אַן אָפטער בן־בית. זיי ביידע האָבן תמיד עוסק געווען אין דברי תורה און חסידות און אַלע אַרומיקע בעאַמטע פון מיל, אויך חסידים און למדנים, האָבן זיך אַרומגעשטעלט און שטאַרק הנאה געהאַט פון די צוויי תלמידי־חכמים, וואָס נאָר איינער פון זיי, ר׳ שמשון ז״ל, איז געשטאָרבן אין דער מלחמה און געקומען צו קבר־ישׂראל.

די „אגודת ישׂראל״, צו וועלכער ר׳ העניך ז״ל האָט געהערט, האָט געוואָלט אים

**האָבן אַלס איר פאַרטרעטער און אַפילו אים פאַרגעלייגט דעם אַמט פון פרעזעס פון דער ייִדישער קהילה אין יענדזשעוו — ווען איר פּאָליטישער צוזאַמענשטעל האָט דאָס דער־מעגלעכט — אָבער ער האָט עס קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן, נישט וועלנדיק זיך אַנגאַ־זשירן אין פּאַרטיי־סכסוכים.**



זיצן (פון רעכטס צו לינקס): ר׳ בנימין ווערדיגער (לעבט אין ישראל), ר׳ העניך וואַקסבוים הי״ד און ר׳ אברהם יוסף שפּילבערג הי״ד. שטייען: ל. טארבעצקי הי״ד, משה וואקסבוים (לעבט אין אַמעריקע) און יצחק שפּילבערג הי״ד.

**ר׳ העניך וואַקסבוים ז״ל האָט געוווינט אינעם מיל־הויף צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער, וועלכע ער האָט דערצויגן אַלס גוטע יידן און מענטשן. ביז דער צורר היהודים היטלער ימח שמו וזכרו, האָט אַרויסגעריסן דעם שיינעם יידישן בוים, צוזאַמען מיט אַלע יענדזשעווער ייד און זיי אומגעבראַכט אין די טרעבלינקער גאַז־קאַמערן.**

**פון דער פאַרצווייגטער משפחה וואַקסבוים האָבן זיך געראַטעוועט בלויז צוויי זין, משה, וועלכער וווינט אין אַמעריקע און לייב, וואָס וווינט אין ישראל און איז אַקטיוו אין ארגון עולי ינדז׳יוב בישראל און אויך אין ועדת־הספר פון אונדזער יזכור־בוך.**

**גאָט! שטראָף די רוצחים פון אונדזער פאָלק!**

## חיים יהושע ווילאגע ז״ל

**מיאמי־ביץ**

## ר׳ הירש נתן ווילאגע ז״ל

עס וואָלט געווען אַ גרויס אומרעכט פון מיר, נישט צו פאַראייביקן זיין נאָמען אין אונדזער יזכור־בוך.

מיין פאָטער, ר׳ הירש נתן ווילאגע ז״ל, איז געווען איינער פון די געציילטע באַרימטע בדחנים אין פוילן און איז געווען באַליבט אין די חסידישע קרייזן, וואָס האָבן באַוווּנדערט זיין לומדות און זיין „אויסטייטשן״ פאַרשידענע חסידישע תורות, אויף רבנישע אָדער רבייאישע חתונות.

כ׳געדענק, ווי ער האָט מיך, נאָך אַלס קינד מיטגענומען אויף אַ רבנישער חתונה. דער גרעסטער טייל פון די מחותנים זענען געווען „כלי־קודש״, אַלע אין זיידענע קאַפּאָטעס און מיט גרויסע שטריימלעך אויף די קעפּ.

בשעת דעם „באַזינגען״ דעם חתן, ווי אויך ביים טיש, בשעת דער סעודת־מצוה, האָט מיין טאַטע ז״ל געזאָגט בדחנות, אָבער פון אַ באַזונדערן שטייגער. ער האָט ממש געשפּרודלט מיט מאמרי חז״ל און אַרויסגעוויזן אַ גוואַלדיקע בקיאות אין תנ״ך, תלמוד, מדרשים און גמטריאות אָן אַ סוף, וואָס האָבן באַוויזן אַז דאָס פּאָרל איז אַ זיווג מן השמים און אַז דער זיווג וועט עולה יפה זיין. ער האָט אַזוי מצליח געווען, אַז נאָכן פאַרענדיקן, האָט אַ באַרימטער רבי אים צוגערופן, געדאַנקט און געבענטשט אים, ער זאָל זיין גאַנץ לעבן זוכה זיין משמח זיין יידן מיט זיין בדחנות.

יענדזשעוו איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען זיין שטענדיק וווין־אָרט, אָבער ער איז כמעט דאָס גאַנצע יאָר (חוץ ספירה־צייט און די „דריי וואָכן״) אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ פוילן. ער פלעגט מיט זיך נעמען צוויי וואַליזעס — אין איינער האָט ער געהאַט זיינע געוויינלעכע מלבושים און וועש און אין דער צווייטער — קליידונג פון פאַרשידענע טיפּן, דערונטער אויך די הלבשה פון אַ „יידישן פּרינץ״.

ווי אַזוי איז מיין פאָטער געקומען קיין יענדזשעוו, אַז בסך־הכל איז ער גאָר געווען אַ וואַרשעווער? טאָ הערט אַ מעשה:

מיין פאָטער האָט געלערנט ביים לוקאָווער רב ר׳ ירחמיאל משה מינצבערג אַלס ישיבה־בחור און ווען דער לוקאָווער רב ז״ל איז געוואָרן דער ערשטער יענדזשעווער רב, האָט ער אים מיטגענומען מיט זיך און ער האָט דאָ ביי אים ווייטער געלערנט.

מיט אַ יאָר שפּעטער איז צום רב אַריינגעקומען ר׳ עקיבא בעקער, וואָס איז דאַן געווען שוין אַ ייד אַ גביר און אים געבעטן, אפשר האָט ער פאַר אים אַ „גוטן בחור״, וועלכן ער וויל נעמען אַלס חתן פאַר זיין טאָכטער. דער רב האָט אים געראָטן נעמען מיין פאָטער פאַר אַן איידעם, אַזוי אַרום איז מיין פאָטער געוואָרן אַ יענדזשעווער תושב.

די משפחה אונדזערע איז ב״ה כסדר געוואַקסן, און ווען כ׳בין אַלט געוואָרן 18 יאָר, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין כדאי זיך אַרויסצולאָזן אין דער גרויסער וועלט. כ׳בין אַוועק קיין פּאַריז און פון דאָרט קיין אַמעריקע. ווען כ׳האָב מיך געדאַרפט שטעלן צום מיליטער־דינסט בין איך צוריקגעקומען קיין יענדזשעוו, כדי מיין פאָטער זאָל נישט דאַרפן באַצאָלן די שטראָף פון 300 רובל (דאָס איז געווען די שטראָף, וואָס די רוסישע

רעגירונג האָט געגומען פון די, וואָס האָבן זיך נישט צוגעשטעלט צום מיליטער־דינסט).

מיין פאָטער איז מיט מיר געפאָרן צום ביאַלאָבזשעגער רבין, ר׳ שרגא יאיר ז״ל, כדי זיך באַראַטן מיט אים וועגן מיין פּריזיוו.

דער רבי האָט מיר געגעבן „שלום־עליכם" און געזאָגט: „דו האָסט געטאָן אַ גרויסע מצוה — מקיים געווען די מצוה פון כיבוד אב, קומענדיק אַזש פון אַמעריקע, דערצו טראָגסטו דאָך ברילן, דו וועסט געוויס באַפרייט ווערן!"

די ברכה איז טאַקע מקוים געוואָרן (כ׳האָב באַקומען אַ „בלויען בילעט", וואָס באַפרייט פון מיליטער־דינסט) און נאָך אַ קורצער צייט בין צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

שפּעטער זענען מיינע עלטערן אויך געקומען קיין אַמעריקע, וווּ מיין פאָטער ז״ל איז געשטאָרבן.



די משפּחה פון ר׳ הירש נתן ווילאָגע ז״ל אין אַמעריקע.
צווישן זיי, אויך זיין פאַרשטאָרבענער זון, חיים יהושע ז״ל — דער שרייבער פונעם אַרטיקל.

ישראל גורטמאַן
קרית ביאַליסטאָק

## חיים יהושע ווילאגע ז״ל



מיר האָבן באַקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז אין מיאַמי־ביטש איז נפטר געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענע טוער פון יענדזשעווער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע חיים־יהושע ווילאגע ז״ל.

ווי דער שטייגער איז געווען מיט 60 יאָר צוריק אין די פוילישע שטעטלעך, האָט אויך חיים־יהושע ווילאָגע, וועלכער שטאַמט אַליין פון אַ בעל־הבתיש חסידישער שטוב, געפונען זיין אָרט אין בית־המדרש ביי דער גמרא.

אין זיינע זכרונות, וואָס ווערן געדרוקט אין יענדזשעווער יזכור־בוך, דערציילט דער נפטר אַ סך וועגן דעמאָלטיקן ייִדישן לעבן און וועגן די בית־המדרש־בחורים, וועלכע האָבן פאַרבראַכט אין תורה, אָבער קיין פּערזענלעכע צוקונפט איז פון דעם נישט געווען.

ווי אַ סך אַנדערע, האָט ער פאַרלאָזט די בית־המדרש־באַנק. אָן אַ פאַך, אָן אַן אָנשפּאַר אין ווירקלעכן לעבן פאַרלאָזט יענדזשעוו אין יאָר 1906 און אַוועק מיטן גרויסן עמיגראַציע־שטראָם, וואָס איז דאַן געגאַנגען קיין אַמעריקע.

ווי אַנדערע, האָט אויך ער מיטגעמאַכט דעם שווערן לעבנס־וועג פון אַ „גרינעם״, אָן שפראַך, אָן אַ פאַך, אין אַ נייער פאַר אים וועלט.

ער האָט אָבער אויף קיין איין מינוט נישט איבערגעריסן מיט זיין אַמאָליקער היים, מיט די איבערלעבונגען אין בית־המדרש, און אין זיינע זכרונות קומען צום אויסדרוק די שווערע, אָבער דאָך ערלעכע יוגנט־יאָרן אויף דער בית־המדרש־באַנק אין יענדזשעוו. איז ער דערפאַר געווען צווישן די גרינדער פון יענדזשעווער רעליעף אין אַמעריקע, כדי ווייטער צו ציען די גאָלדענע קייט פון נעכטן.

די ידיעה וועגן אומקום פון דער יענדזשעווער ייִדישער באַפעלקערונג צווישן די 3 מיליאָן ייִדן אין פוילן, האָט אים צעבראָכן, אָבער ער האָט זיך געשטעלט אין דער ערשטער ריי צווישן די יענדזשעווער אין אַמעריקע, וועלכע האָבן אָנגעהויבן באַקומען ידיעות פון איינצלנע יענדזשעווער, וואָס זענען געראַטעוועט על פּי נס פון די מערדערישע היטלער־הענט, אין די לאַגערס, פּאַרטיזאַנען, פראָנט־קעמפער און אנד. און ער מיט די אַנדערע חברים פון רעליעף האָבן אָנגעהויבן רופן די יענדזשעווער אין אַמע־

ריקע טראָגן אַ טרייסט־וואָרט און הילף, אין וועלכער די שווער געליטענע האָבן זיך אַזוי גענייטיקט.

איך געדענק, ווי מיר יענדזשעווער אין פּוילן, באַלד נאָכן אומגליק, זענען דערמוטיקט געוואָרן דורך די וואַרעמע אָפּרופן פון יענער זייט ים. מיר אַלע זענען צוריקגעקומען מאַטעריעל, פיזיש און גייסטיק רואינירט. דער געדאַנק, אַז מען טראַכט וועגן אונדז, האָט געגעבן אַ שטויס אָנצוהייבן אַ ניי לעבן...

דער יענדזשעווער רעליעף אין אַמעריקע האָט געזאַמלט קליידער, שפּייז און איבערגעשיקט די יענדזשעווער, וואָס זענען געראַטעוועט און נאָך געווען אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד ווי אויך אין פּוילן, עסטרייך, איטאַליע. אויך ווען מיר האָבן באַשלאָסן דאָ, אין ישראל צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די יענדזשעווער קדושים דורך צוגרייטן מיטלען אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך, האָט חיים יהושע ווילאגע ז״ל זיך געשטעלט אין אַקטיווער דינסט פאַר דעם צוועק. טראָץ זיין עלטער, האָט ער געווידמעט אַ סך צייט, כדי צו העלפן זאַמלען מאַטעריעלע מיטלען. אַליין געשריבן פאַרן יזכור־בוך און אָפּגעהיטן, אַז עס זאָלן נישט פאַרלוירן גיין די זכרונות פונעם אַמאָליקן אַזוי שווערן אָבער דאָך פולבלוטיקן יידישן לעבן אין יענדזשעוו.

זיין גאָטזעליקער פאָטער ר׳ הירש־נתן ווילאַגע ז״ל, איז געווען אין יענדזשעוו פון די ערשטע ציוניסטן. פאַרטזעצענדיק דעם פאָטערס טראַדיציע, האָט אויך ער טיף ליב געהאַט ארץ־ישראל און זיין חלום איז געווען צו באַזוכן די יידישע מדינה, און ער האָט געהאַט די זכיה צו זיין אין לאַנד דעם פאַרגאַנגענעם זומער מיט זיין פרוי. געפרייט זיך מיט דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער מדינה, אַרויסגעטראָטן אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט די יענדזשעווער דאָ אין לאַנד מיט אַ וואַרעמען אַפּעל פאַרן יזכור־בוך. ליידער איז אים נישט באַשערט געווען צו זען דאָס יזכור־בוך פאַר וועלכן ער האָט אַזוי פיל האַרץ אַוועקגעגעבן.

מיר, די איבערגעבליבענע יענדזשעווער אין ישראל, בייגן די קעפּ צום אָנדענק פון חיים־יהושע ווילאגע ז״ל, וואָס האָט אויף קיין מינוט אויף זיין וואנדער־וועג נישט פאַרגעסן דאָס יידישע יענדזשעוו, און שפּעטער אָנגעהאַלטן אַ ווארעמען קאָנטאַקט מיט דער יענדזשעווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל און דריקן אויס אַ טרייסט זיין משפחה און אַלע יענדזשעווער אין דער גאָרער וועלט.

דאָס יענדזשעווער יזכור־בוך וועט אויך זיין די מצבה פאַר די, וואָס דאָס יידישע יענדזשעוו פון אַמאָל איז זיי תמיד ליב און טייער געווען אַפילו אין ווייטע מרחקים.

זאָל זיין געהייליקט זיין טייערער אָנדענק.

(ציטירט פון „אידישע צייטונג״)

## שלושה דורות של חסידים ואנשי־מעשה

חדוה מינץ
**תל־אביב**



### א) סבי — ר׳ שמחה בינום ורדיגר הי״ד

סבי הנ״ל, אבי־אבי, זכרון שניהם לברכה, התגורר — עד לשנותיו האחרונות — בינדז׳יוב.

מראהו היה כפני איש פטריארכלי מהמאה הקודמת.

אם כי היה סוחר יערות גדול ובעל עסקים ובתי־חרושת מרובים, היה אצלו העיקר — עולמו הרוחני — תורה ומצוות ומעשים טובים.

הוא השקיע מאמצים רבים בחינוך הבנים ואמנם, זכה להעמיד דור של תלמידי־חכמים, ומצא סיפוק רב, כאשר ראה אצל בניו, את ההמשך של עולמו הוא.

משהגיעו בניו ובנותיו לפרקם, חיפש ומצא עבורם בני ובנות־זוג, לא מבתי העשירים, כפי שהיה נהוג בימים הם, אלא, מגדולי הרבנים והאדמו״רים שבדורו.

אף שהיה תלמיד־חכם גדול וחסיד ותיק, הקפיד, הקפדה יתירה, על לבושו והופעתו עשתה תמיד רושם על כל רואיו, שראו לפניהם זקן, מהודר בזקנתו ושופע רעננות ופקחות.

כיצד סבל והגיב על גזירותיו של היטלר ימ״ש, ראיתי במו עיני כשהייתי אתו בינדז׳יוב, עם פרוץ מלחמת־העולם השניה.

בימים ההם, בצאתו פעם לרחוב, נגשו אליו כמה יהודים מקומיים ויעצו לו, שלא לעבור דרך הרחובות הראשיים, כי ליהודים בעלי זקנים יפים כשלו, נשקפת סכנה מיוחדת להיראות ולהתהלך בחוץ.

ראיתיו אז, כשחזר והסתגר בבית, מבלי להוציא הגה מפיו, הוא היה נראה כאריה זועם, שכלאו אותו בסוגר...

והרי אני זוכרת את סבי זה, כאשר שלט באחוזתו, ממש כמלך, שאינו סובל שום התנגדות בסביבתו, מטיל משמעת חזקה, שעוררה ממש פחד, אפילו אצל ילדיו (כלפי נכדיו ונכדותיו, היה כבר יותר נוח...)

ידועים לי סיפורים שונים על התקופה ההיא, אבל, אינני רוצה להרחיב עליהם את זכרונותי.

והנה, מיהודי גא ואמיץ־לב זה, ניטל חופש־התנועה, נשללה ממנו אפילו, תנועה עלובה בחוצות עירו. היתכן?

אדם, שהיה רגיל, כל ימי חייו, לפקד ולא לציית לאחרים, נאסרה עליו התנועה? אולם, (לפי גירסת הניצולים של ינדז׳יוב) סירב, אפילו, ברגעי חייו האחרונים, להיכנע לפקודה הגרמנית, לצאת מן הבית ולהצטרף למגורשים לכיוון הבלתי־ידוע וכמובן, נורה במקום.

יהי שמו וזכרו הקדוש ברוך לעולמים!

## ב) אבי — ר׳ מרדכי יוסף ורדיגר הי״ד



אתחיל במה ששמעתי פעם, מאיש ינדז׳יוב, אדם יקר ומכובד מאד — ר׳ עזריאל אינגבר ז״ל, וזהו הסיפור:

...„אביך, ז״ל, קראני פעם אליו, ובקשני, להתענין במצבו הכלכלי של אחד משכניו (גדול כבוד הבריות — ומשום כך, אינני מפרסמת את שמו...) באמרו כי כפי שהוא שמע, מצבו של הנ״ל בכל רע ושבאו אצלו, כמעט, מים עד נפש.״

דבר זה לא היה ידוע לשום איש, כי הופעתו החיצונית של שכננו זה היתה, כשל אחד העשירים שבעירנו.

ור׳ עזריאל ז״ל הוסיף וסיפר:

„אביך ז״ל מסר לי תרומה הגונה כ„מתחיל במצוה״ והדגיש, שרצונו הוא, שהדבר ייעשה בהשכל ובדעת ושזה יישאר כ„סוד כמוס״.

התרשמתי מאד מן הדבר, בידעי, כי אותו שכן, לא נמנה בין ידידי אביך ז״ל אלא להפך, הוא השתייך למחנה היריבים־הפוליטיים של אביך״.

העזתי לכן ושאלתיו: „ר׳ מרדכי יוסף! האם ידוע לכבודו יחסו של השכן אליו ולהתנהגותו?״ ועל כך ענני: „זה דבר המובן מעצמו, שבן אדם, שמצבו ירוד, מקנא בשכנו העשיר, שאינו מרגיש בשום מחסור״ וסיים: „אני מבקשך: מלא נא את בקשתי זו, אסוף כסף, בצנעה וכמה שאפשר ועזור ליהודי זה כמיטב יכולתך לשפר את מצבו. אבל, אני מבקשך, שלא תגלה לשום אדם על השתתפותי בתרומתי בדבר־מצוה זה״ ור׳ עזריאל ז״ל סיים את סיפורו באמרו: „התרגשתי והתרשמתי עוד יותר מגדולתו של אביך ז״ל, מטיב נפשו, רוחב לבו וטוהר נשמתו!״.

*

ראיתי בגדולתו, בחדשים הראשונים של מלחמת־העולם השניה, כאשר שהיתי בביתו בינדז׳יוב.

כידוע, פרצה בהלה איומה בימים הראשונים לפרוץ המלחמה, ודרך חלונות ביתנו, ראינו את אלפי האנשים הבורחים על נפשם (ואמנם, היתה הסערה קרובה אלינו מאד)... ידידינו — מבין בני עירנו — באו במרוצה לאבי ז״ל והפצירו בו, שיעזוב, חיש

## יענדזשעוו גרייט זיך צו די וואַלן פון שטאָט־ראַט

די וואַלן צום שטאָט־ראַט זענען באַשטימט געוואָרן אויפן 3טן יולי (?). די צאָל וואַל־באַרעכטיקטע דערגייט ביי אונדז ביז 5.500, דערפון 2.500 יידן.

אויב די יידישע שטימען זאָלן ביי די וואַלן נישט ווערן צעשפּליטערט, קאָנען מיר רעכענען אויף 9—10 יידישע ראַטמענער. ליידער, אָבער, ווייזן אונדזערע פּאַרטייען דערוויַיל נאָך נישט אַרויס די נייטיקע איניציאַטיוו אין דער ריכטונג פון אַ פּאַראייני־קונג.עס וואָלט געווען געוואונטשן, אַז עס זאָל וואָס גיכער געבילדעט ווערן אַ יידישער בלאָק, וואָס זאָל קאָנען גאַראַנטירן דער יידישער באַפעלקערונג, אַ געהעריקע פאַר־טרעטונג אין שטאָט־ראַט.

ציטירט פון דער וואַרשעווער צייטונג „היינט" נומ׳ 149 פון ל׳ סיון, תרפ"ז (30.6.1927)

## רעזולטאַטן פון די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין יענדזשעוו

ליסטע 1 — 23 שטימען, 2 — 38, 3 — 176, 4 — 12 און 5 — 5 שטימען.

ציטירט פון „היינט" נומ׳ 148 פון כ"ה סיון, תרפ"ט (3 יוני 1929). ליידער פעלן אין דער קאָרעספּאָנדענץ די פּרטים וועגן די פּאַרטייען, וואָס האָבן פיגורירט אונטער די נומערן און אויך צו וועלכן ציונ. קאָנגרעס זענען דאָס פאַרגעקומען די דאָזיקע וואַלן.

## די ראַיאָן־קאָנפערענץ פון „קרן־קימת" אין יענדזשעוו

פון אַן אַלגעמיינער קאָרעספּאָנדענץ פון קעלצער „היינט"־קאָרעספּאָנדענט (חיים זיעלאָני), וועלכע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „היינט" נר. 80 פון י"ט ניסן תרצ"א (6.4.1931), דערוויסן מיר זיך:

אין יענדזשעוו (קעלצער קרייז) איז פאָרגעקומען אַ קרייז־קאָנפערענץ פון אַלע קרן־קימת־קאָמיטעטן. עס איז געקומען אַ גרויסע צאָל דעלעגאַטן, ווי אויך דער מיט־גליד פון דער ארץ־ישראל־דעלעגאַציע ה׳ ליכטיגער און דער לייטער פון וואַרשעווער הויפּט־ביוראָ פון ק.ק.ל., ה׳ ליפאַ בלאָך.

די קאָנפערענץ איז געעפנט געוואָרן מיט אַ פייערלעכער אַקאַדעמיע אין זאַל פון די פייעדלעשער. אין פּרעזידיום זענען געזעסן די ה"ה ד"ר פּאָליאַק, קולימעק, רייז־מאַן און זאָנשיין פון יענדזשעוו.

## גרויסער ציוניסטישער נצחון ביי די קהלה־וואַלן

אין „היינט נר. 121, פון י"א סיוון, תרצ"א (1.5.1931) איז אונטערן קעפּל: „ווייטערדיקע רעזולטאַטן פון די קהלה־וואַלן געמאָלדן:

יענדזשעוו (קעלצער גוב.).

5 — ציוניסטן, — „אגודה", 1 — אומפּאַרטייאישער.

## מבטל געמאַכט די קהלה־וואַלן אין יענדזשעוו

דער יענדזשעווער סטאַראָסטע האָט צוגעשיקט אַ בריוו צו דער דאָרטיקער יידי־שער קהלה ווו עס ווערט געמאָלדן, אַז די קהלה־וואַלן, וואָס זענען דאָרט פאָרגעקומען דעם 20סטן מאַי ד. י. ווערן בטל. דער טערמין פון די נייע וואַלן איז נאָך נישט באַשטימט געוואָרן.

ציטירט פון „היינט" פון י"ב מנחם־אב, תרצ"א (26.7.1931)

## ציוניסטישער נצחון ביי די קהלה־וואַלן אין יענדזשעוו

אין יענדזשעוו זענען פאָרגעקומען וואַלן צו דער קהלה. עס זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן גאַנצע 8 קאַנדידאַטן־ליסטעס, דערונטער 4 פון דער „אגודה" און אירע פאַר־בינדעטע.

די וואַלן גופא זענען אַדורך אָן אינצידענטן. אַ גאַנצן טאָג האָט זיך אין וואַל־ביוראָ געפונען דער סטאַראָסטע, אונטער וועמענס אויפזיכט די וואַלן זענען פאָרגעקומען.

וואַל־באַרעכטיקטע זענען געווען — 1080, געשטימט האָבן 758 פערזאָן.

די ליסטע נר. 2 (אומפאַרטייאישע) האָט באַקומען 72 שטימען; ליסטע נומער 3 (רעליגיעזע) 160 שטימען; ליסטע נומער 5 („אגודה") — 129 שטימען; ליסטע נומער 6 (ציוניסטן) — 135 שטימען; ליסטע נומער 7 (האַנטווערקער) — 141 שטימען און ליסטע נומער 8 („מזרחי") — 115 שטימען.

דער נאַציאָנאַלער בלאָק (ציוניסטן, האַנטווערקער און „מזרחי"), וועלכע האָבן באַקומען אַ מערהייט שטימען האָט דורכגעפירט 5 דאָזאָרעס:

2 ציוניסטן: א. י. טאפיאל און י. ראָזענהאָלץ.

2 האַנטווערקער: א. בערקאָוויץ און ה. וואָלפאָוויץ.

1 מזרחיסט: י. איצקאָוויץ.

די „אגודה", וואָס האָט אין דער פריערדיקער קהלה געהאַט אַ מערהייט, האָט צוזאַמען מיט אירע פאַרבינדעטע באַקומען נאָר דריי מאַנדאַטן.

אויף דער ערשטער זיצונג פון דער נייער קהלה איז אַלס פרעזעס געוויילט געוואָרן ה׳ י. איצקאָוויץ („מזרחי"). די וואַל פון ה׳ איצקאָוויץ איז שוין באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער אויפזיכטס־מאַכט און די נייע קהלה האָט שוין אָנגעהויבן איר טעטיקייט.

ציטירט פון „היינט נומ׳ 238 פון כ"ד מרחשון, תרצ"ג (23.11.1932)

## אָפּפאָר פון אַ פאַרדינסטפולן ציוניסטישן עסקן פון יענדזשעוו קיין ארץ־ישראל

ה׳ א. י. טאפיאל, איינער פון די אָנגעזעענסטע ציוניסטישע עסקנים אין יענדזשעוו איז די טעג אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

ה׳ טאפיאל האָט יאָרנלאַנג פאַרנומען דעם אַמט פון פרעזעס פון דער ציוניסטי־שער אָרגאַניזאַציע ביי אונדז אין שטאָט. ער איז אויך געווען מיטגליד אין פאַרטיי־ראַט פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן, מורשה פון קרן קיימת לישראל, אַקטיווער עסקן פאַרן „קרן־היסוד", ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט און פאָרשטייער פון די ציוניסטן אין דער יענדזשעווער קהלה־פאַרוואַלטונג (דאָזאָר). 20 יאָר אָן איבער־

רייס איז ער געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען פון אונדזער באַוועגונג אין קעלצער קאַנט און האָט אַלע דערמאָנטע אַמטן דערגרייכט נישט דורך תקיפות און פוסטער רעדעריי, נאָר דורך איבערגעגעבענער שווערער אַרבעט. נישט לייכט איז אים אָבער אָנגעקומען צו קריגן אַ סערטיפיקאַט אויף עולה צו זיין אין לאַנד פון זיינע האָפענונגען. ער האָט ווייטער פאָרגעזעצט זיין אַרבעט, און ערשט לעצטנס האָט ער באַקומען אַ סער־טיפיקאַט פון דער קאַטעגאָריע עליה־סערטיפיקאַטן פאַר פאַרדינסטפולע עסקנים, וואָס זענען עלטער פון 35 יאָר.

די יענדזשעווער יידן האָבן זיך מיט ה׳ טאַפּיאַל האַרציק געזעגנט. די קהלה, קרן קיימת לישראל, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און אַנדערע אינסטיטוציעס האָבן לכבוד אים איינגעאָרדנט פייערלעכע אָפּשיד־באַנקעטן. אין באַנקעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט זיך באַטייליקט אַ ריזיקער עולם. מיט רעדעס זענען אַרויסגע־טראָטן די ה״ה מ. שלעדזיק, י. טאָפּיאַל (בוסק), מ. זילבערשטיין (ברית הצה״ר), מ. פיש און אַנדערע.

באַגלייטן דעם ה׳ טאָפּיאַל צו דער באַן איז געקומען די גאַנצע באַפעלקערונג.

די קאָרעספּאָדענץ איז ציטירט פון „היינט" פון סוף חודש אלול תרצ״ד (1934). ליידער, איז נישט באַצייכנט דער נאָמען און די גענויע דאַטע ווען דאָס איז געווען געדרוקט אין „היינט".

## די טעטיקייט פון „תורה ועבודה", יענדזשעווער סניף

ביים סניף פון „תורה ועבודה" אין יענדזשעוו, וואָס האָט זיך לעצטנס איבערגע־טראָגן אין אַ נייעם לאָקאַל, עקזיסטירט אַ ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון ז. יעבץ. די ביבליאָטעק ציילט 1000 ביכער.

„תורה ועבודה" באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער אַרבעט פון קק״ל. מורשה איז ה׳ ב. זאָנשיין.

לעצטנס האָט אונדז באַזוכט הרב א. פּיאָטרקאָווסקי פון וואַרשע, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעפעראַט.

ביים היגן „תורה ועבודה"־סניף איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ סניף „בעלי־מלאכה דתיים", וואָס ציילט שוין 30 מיטגלידער.

דער ועד פון „תורה ועבודה" באַשטייט פון די חברים: זאָנשיין, וויצמאַן, בער, פרידבערג און בערלין.

אין דער אַרבעט באַטייליקן זיך אַקטיוו אויך די ה״ה י. איצקאָוויץ, ע. אינגבער און טריימאַן.

די טעג איז ביי אונדז געשאַפן געוואָרן אויך אַן „ארגון חקלאים דתיים", וועלכער ציילט 40 מיטגלידער.

ציטירט פון „היינט" נומ׳ 55 פון ל׳ אדר א׳ תרצ״ה (5.3.1935)

## געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון דער ציוניסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע „וויזאָ"

פון יענדזשעוו שרייבט מען אונדז:

אַ דאַנק דער ענערגישער אַרבעט פון דער דעלעגאַטין פון וואַרשעווער צענטראַל־

קאָמיטעט פון „וויזאָ" אין פוילן, די אינזשיניערין באַרזאַך, איז אין חודש אַפּריל געעפנט געוואָרן אין יענדזשעוו אַן אָפּטיילונג פון „וויזאָ".

באַלד נאָכן אָרגאַניזירן זיך פון דער פאַרוואַלטונג האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבעדיקע און פרוכטבאַרע אַרבעט.

די ערשטע אויפגאַבע, וואָס דער קאָמיטעט האָט אויף זיך גענומען, איז די גרינדונג פון אַ ביבליאָטעק, וואָס וועט אַנטהאַלטן יידישע, העברעישע און פוילישע ביכער.

נאָכן באַקומען די לעגאַליזאַציע פאַר אונדזער אָפּטיילונג, איז דעם 21סטן מאַי פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מיגלידערינס, וועלכע האָבן געוויילט אַלס פאָרזיצערין — אַדוו. טיסלאָוויץ, פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער די פרויען: פעפער, מאַוער, מערמעלשטיין, כמיעלעווסקי און פרל. זאַלצבערג. אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע: די פרויען שפּילבערג, אסיאש און פיש.

ציטירט און איבערגעזעצט פון פוילישן „נאָווי דזשענניק" (קראָקע), נומ. 150, פון 1טן יוני 1938.

# דין וחשבון

## על פעולות ועד הארגון לעולי ינדז'יוב בישראל, מראשית היוסדו ועד לסוף שנת 1964.

### התארגנות הועד

עוד בשנת 1942 כאשר הגיעה ארצה הידיעה, באמצעות חיילים יהודיים מצבא אנדרס, על השואה האיומה של יהדות פולין ובתוכן גם של קהלת ינדז'יוב וביחד עם זה, נקלטה גם שמועה על קומץ קטן של יהודי עירנו שניצולו ושהם מתגלגלים ופזורים בארצות שונות (פולין, גרמניה, אוסטריה וכו') התעוררה קבוצת בני עירנו ובראשם ה"ה אלתר יחיאל טופיול ז"ל, יעקב קנמון ז"ל, ויבדל מהם לחיים טובים וארוכים אליעזר רובינשטיין, והם נגשו לארגן את עולי ינדז'יוב אשר נמצאו אז כבר בארץ, למען פעולת ההצלה של שארית בני עירנו.

### הועד הראשון

לועד הראשון של ארגוננו נבחרו (לפי הא"ב) ה"ה: יצחק אברהמי (ירושלים), ישראל דוב ברייטברט (כפר פינס), עמנואל בר (תל־אביב), שמואל דודקיוויץ ז"ל, (ירושלים), דבורה הורוביץ (חיפה), ברוך זונשיין ז"ל, (תל־אביב), אלתר יחיאל טופיול ז"ל, (תל־אביב), חדוה (לבית ורדיגר) מינץ (תל־אביב), יעקב קנמון ז"ל (תל־אביב), מרדכי קוניצפולסקי (שדמתי) (תל־אביב), אליעזר רובינשטיין (תל־אביב) ויעקב שרף (חיפה).

הועד הציב לו למטרה את הפעולות דלהלן:

1) פעולות ארגוניות; 2) מציאת הקשר עם הניצולים מבני עירנו; 3) איסוף כספים לצרכי סיוע; 4) ייסוד קופת „גמילת חסדים"; 5) משלוח חבילות מזון ובגדים לנזקקים; 6) עריכת פגישות ו„ימי אזכרה" לקדושי עירנו; 7) הדפסת „ספר־יזכור" להנצחת קדושי עירנו.

### שינויים בהרכב הועד

במשך השנים התחלף הרכב הועד (היו לצערנו, כמה שנפטרו והלכו לעולמם, או שיצאו מן הועד ונבחרו אחרים במקומם). בכל אופן, הועד בהרכביו השונים המשיך במתן עזרה לחברים שעלו ארצה, לעודדם ולסייע להם למצוא עבודה מתאימה ולהשתרשותם בארצנו.

בכדי שנוכל לבצע גם את שאיפתנו בדבר פרסום „ספר זכרון" לעירנו המושמדת, פרסמנו, עוד בשנת 1954, חוזר, ששלחנוהו לכל בני עירנו בארץ ובתפוצות ישראל ובקשנו בו סיו עכספי ובעיקר, חומר עובדתי על פעולות ארגוניות, חברותיות ותרבותיות, הזכורות להם מימי שהותם בינדז'יוב ושלדעתם, כדאי לציינן ב„ספר הזכרון".

כמו כן בקשנו, שכל אחד ואחת ימציאו לנו את שמות בני משפחותיהם שהושמדו על מנת שנוכל להנציחם בספר הנ"ל.

## הועד החדש

בשנת 1956 בא שינוי בהרכב הועד ואליו נבחרו ה"ה:

יצחק אברהמי (ירושלים), יוסף אינגבר (תל־אביב), אברהם גוטפריד (קרית־שמואל), ישראל גורטמן (קרית־ביאליסטוק), שלום גנאַט (חולון), שאול גרינברג (חולון), ליב ווקסבוים (תל־אביב), קלמן חנצ׳ינסקי (חולון), יעקב טופיול (גבעתיים), לייבוש ליפמנוביץ (תל־אביב), טובה מונדרי (הלברג) (תל־אביב), אליעזר רובינשטיין (תל־אביב), משה רייזמן (תל־אביב), מרדכי שלדז׳יק (רמת־חן) ויעקב שרף (חיפה).



ועד הארגון של עולי ינדז׳יוב בישראל.
יושבים (מימין לשמאל): יהודה ליפמנוביץ, ישראל גורטמן, יעקב שרף, יעקב טופיול, מרדכי שלדזיק, אליעזר רובינשטיין וקלמן חנצ׳׳ינסקי. עומדים (כנ״ל) שאול גרינברג, יהודה ווקסבוים, יצחק אברהמי, שלום גנאט, אברהם יהושע גוטפריד ומשה רייזמן.

הועד החדש קבע, שמרכז פעולותיו יהיה — הכנת החומר והאמצעים הכספיים הדרושים להוצאת „ספר הזכרון" אשר ינציח את עירנו ינדז׳יוב, שבה נולדו ושבה השארנו את הורינו, קרובינו וידידינו — קדושי בני עירנו — אשר ניספו בשואה האיומה בכל מיני מיתות משונות — הרג, שריפה וחנק, בכדי שספר זה, ישמש לזכרון־נצח לנו ולבנינו אחרינו.

ידוע ידענו מה כבדה היא המשימה אשר נטלנו על עצמנו. ידענו, שהדפסת ספר שכזה, כרוכה בהוצאה של אלפי לירות ובכל זאת נגשנו להגשמת הדבר.

לצערנו הגדול, לא מצאנו את העידוד הדרוש לכך מצד חברי ארגוננו, לא בכספים הנחוצים ואפילו, לא במשלוח החומר, הדרוש על מנת שנוכל לגשת לעבודת־קודש זו.

אם כי אי־ההיענות מצד חברינו, צריכה היתה, בדרך הטבע, להחליש את מרצנו, הרי אנחנו, בכל זאת, לא אמרנו נואש. להיפך — שלחנו שוב ושוב חוזרים חדשים ובקשות נוספות לחברינו בארץ ומחוצה לה והוספנו לתבוע ולהתריע על האחריות הגדולה הרובצת על כל אחד מאתנו בענין הספר.

## ועדת הספר

בשנת 1960 נבחרה „ועדת־ספר" מצומצמת מבין חברי הועד, תוך החלטה נחושה ודחף־לב פנימי, לבצע את המטרה הקדושה הזאת על אף המכשולים הרבים שלפנינו.

## הרכב הועדה

ל„ועדת־הספר" נבחרו החברים:

ישראל גורטמן, שלום גנאט, שאול גרינברג, יהודה וקסבוים, קלמן חנצ׳ינסקי, יעקב טופיול ואליעזר רובינשטיין.

## פעולות הועדה

החברים הנ"ל נגשו בכל לבם, מרצם ומסירותם לפעולה והקדישו לה את רוב זמנם. טיפלו באיסוף כספים, בביקורי־בית אצל חברי הארגון, בהכנת חומר ובכל העבודה הרבה והקשה, הקשורה בענין זה.

אנחנו מציינים בכבוד והערכה את חברנו קלמן חנצ׳ינסקי ואת מסירותו המיוחדת בעבודה קשה זו. הוא טרח ועמל ימים ושבועות בטיפול ובקשר, על ידי כתיבת אלפי מכתבים לחברינו — הפזורים בכל קצווי תבל — בדרישותינו לעזרה בחומר וברוח.

## הפעולות בארצות הברית

כמו כן, עלינו להזכיר לשבח, כי הברנו שלום גנאַט, בבקרו בשנת 1960 באופן פרטי, בארצות הברית, הקדיש מזמנו לקיום פגישה עם חברי הועד של „ארגון בני עירנו" בארצות הברית והניע אותם, להתמסר לפעולה קדושה זו. ואמנם הצליח להפעילם כך, שבאותו מעמד, תרם יושב־ראש הועד מר נתן כהן סכום כסף הגון לקניית נייר עבור הספר ולאחר שנתרמו עוד תרומות והועבר אלינו סכום ניכר, היה לנו הבסיס הכספי להכנת התקציב הדרוש להוצאת הספר.

גם בשנת 1962, נוצל ביקורו הפרטי של החבר ישראל גורטמן בארצות הברית, לשם פגישות עם בני עירנו ונאסף גם סכום מסוים למען „ספר הזכרון".

## „ימי־הזכרון"

עלינו לציין כמה פעולות מיוחדות מתוך פעולותינו:

קיימנו מדי שנה בשנה, ביום ו׳ בתשרי, (שהוא יום גירוש יקירינו־קדושינו למחנה המות בטרבלינקה) אזכרת־אבל לקדושי עירנו שנהרגו, נשחטו ונשרפו חיים בתאי־המות שבטרבלינקה.



הזכרה לקדושי ינדז׳יוב הי״ד בשנת תש״י.

בתמונה (מימין לשמאל): ר׳ נתן דוב חנצ׳ינסקי ז״ל, אליעזר רובינשטיין, יעקב קנמון ז״ל ור׳ אלתר יחיאל טופיול ז״ל.



הזכרה לקדושי ינדז׳יוב הי״ד בשנת תשי״ד.

בתמונה (מימין לשמאל): ר׳ נ. ד. חנצ׳ינסקי ז״ל, מדליק נר־הנשמה לקדושים ועל ידו: יעקב שרף, יעקב קנמון ז״ל, א. רובינשטיין, י. גורטמן, י. ב. ברייטברד ויעקב טופיול.



הזכרה לזכר קדושי ינדז׳יוב בשנת תש״כ.
בתמונה למעלה (מימין לשמאל) הנשיאות וחברי ועד הארגון: ק. חנצ׳ינסקי, י. גורטמן, א. רובינשטיין, י. טופיול, י. גן־צבי, ש. גרינברג, החזן הראשי בבית־הכנסת הגדול בנימין אונגר, למטה — ציבור המשתתפים בהזכרה.

## מצבת־הזכרון ב„הר ציון"

**ביום 28 ליולי שנת 1958 הקימונו מצבת־שיש לזכרון עירנו המושמדת וקדושיה, במרתף־השואה שב„הר־ציון" בירושלים בירתנו, בקיר־הזכרון המיועד לקהלות־הקודש שבגליל קיעלץ.**




גילוי מצבה זו — ביום ה' בתשרי תשכ"ב (4.10.1962) ב„הר־ציון" שבירושלים עיר־הקודש, בהזכרה שנערכה במלאות עשרים שנה להשמדת קדושי עירנו הי"ד.

בײַ די מצבה איז דאָנערשטיק, ה' תשרי תשכ"ב (4.10.1962) אויפֿן הר־ציון אין אונדזער הויפּט־שטאָט ירושלים, צום צוואַנציקסטן יאָרצײַט פֿון אומקום פֿון אונדזערע קדושים הי"ד, אָבגעריכט געוואָרן די יאָר־צײַט־הזכרה.

## האזכרה ב„הר ציון"

ביום ה׳ תשרי שנת תשכ״ב (4.10.1962), במלאות עשרים שנה להשמדת קדושי עירנו עלו כ־150 מבני עירנו לגילוי המצבה.

חברנו שאול גרינברג פתח את טכס־האבל בדברי־הספד על קדושי ינדז׳יוב שהושמדו בשנות השואה ובמיוחד על אלה, שהשמדתם האכזרית נעשתה בתאי־הגאזים שבמחנה־המות טרבלינקה.

את נרות הזכרון הדליקו באותו מעמד הגברות אסתר טופיול ואסתר שרף. החברים זאב אברמוביץ ואליעזר רובינשטיין גילו את המצבה. לאחר גילוי המצבה נאמרו דברי־הספד על ידי החברים יצחק אברהמי וישראל גן־צבי אשר התריעו על שתיקת העולם הנאור הגדול בימי השואה כשהושמדו ששה מיליון יהודים, אנשים נשים וטף.

החבר מרדכי שלדז׳יק, מניצולי הגיטאות, סיפר על הזוועות שעברו על יהודי ינדז׳יוב ב„גיטו" שלהם ובמחנות־הריכוז, שמהם ניצולו ונשארו בחיים רק מעטים.




זאב אברמוביץ ואליעזר רובינשטיין מגלים את מצבת־הזכרון לקדושי ינדז׳יוב ב„הר־ציון"
(מסביב לה המצבות שהוקמו לזכר הקהילות המושמדות של גליל קיעלץ).



קבוצת חברים וחברות של ארגון עולי ינדז׳יוב, שהשתתפו בטכס־גילוי מצבת־הזכרון על „הר ציון״.

## על משלחת יהודי ישראל לוורשה

בשנת 1963, כשביקרה משלחת יהודית מישראל בפולין לרגל מלאות עשרים שנה למרד גיטו וורשה, עברה גם על מקומות־ההשמדה שבפולין ובתוכם גם בטרבלינקה, וראו שם את העצמות הפזורות על פני השטח שנשארו לדראון עולם.

הרב יצחק ידידיה פרנקל מתל־אביב, שהיה אחד מחברי המשלחת הזאת, אסף חלק מן העצמות הקדושות והביאן ארצה, על מנת להטמינן באדמת־ישראל.

## האזכרה על יד קבר עצמות הקדושים בנחלת־יצחק

במלאות 21 שנה להשמדת יהודי ינדז׳יוב, ביום שלישי, ו׳ תשרי, תשכ״ד, התאספנו בבית הקברות בנחלת־יצחק על יד קברן של העצמות הללו, בנוכחותו של הרב הנ״ל, אשר תיאר מה שעבר עליו בראותו את השטח הענקי הנ״ל, המלא אפר ועצמות של יהודים, שהושמדו ונחנקו חיים במחנה־ההשמדה והודיע על החלטה שנתקבלה, בדבר הקמת מצבה על קבר העצמות הקדושים על ידי אותן הקהילות, שבניהן נשלחו והושמדו במחנה טרבלינקה.

חברינו ישראל גורטמן ו־שאול גרינברג הספידו את קדושי עירנו והודיעו, שגם ועדנו יצטרף למקימי המצבה.






ההזכרה לקדושי ינדז׳יוב הי״ד שנערכה ביום ג׳, ו׳ תשרי תשכ״ד בבית הקברות בנחלת־יצחק
על יד קברן של עצמות קדושי טרבלינקה הי״ד שנאספו והועלו ע״י הרב יצחק ידידיה פרנקל
שליט״א בזמן ביקורו במחנה־המות הנ״ל.

טכס־האזכרה נפתח ע״י שאול גרינברג ונאמו אחריו הרב י. י. פרנקל וי. גורטמן.

בתמונה: (למעלה): חלק מניצולי ינדז׳יוב שהשתתפו בהזכרה.

למטה: המצבה הזמנית לעצמות קדושי טרבלינקה בבית־הקברות בנחלת־יצחק.

## קבלות־פנים לאורחינו מחוץ־לארץ

מזמן לזמן מבקרים בארצנו כתיירים חברינו מחוץ־לארץ. הועד קיים בכל מקרה שכזה, פגישות־חברים ובהן הועלו זכרונות מהימים הטובים שהיו ואינם...

כמובן, בקשנו, בכל פעם גם שיתוף־פעולה למען הוצאת הספר, ככל המוקדם. בשנים הללו בקרו חברים: מארצות־הברית, אוסטרליה, אורוגוואי, אנגליה, צרפת וקנדה.



קבלת־פנים חגיגית לאורחים מחוץ־לארץ.
גב׳ מרגלית פלשובסקי, הא׳ והגב׳ ש. רובין מקנדה והגב׳ סינא מאנגליה, בזמן ביקורם בארץ בשנת 1958. למעלה: הנשיאות והאורחים מחו״ל. למטה: חברינו וחברותינו שבארץ.

**ביקורו של המהנדס יסקולסקי בארץ**

כמו כן ביקר בארץ ואצלנו המהנדס מר יסקולסקי — שאפשר לצרפו לחסידי אומות־העולם — כי הוא סיכן את חייו ממש, בהצילו כמה נפשות מבני עירנו.

החברים יעקב טופיול ושאול גרינברג קיבלו אותו בדברי־ברכה והחבר אליעזר רובינשטיין הגיש לו למזכרת „אלבום ישראל".

**פעולות הועד להצלת „ספר תורה" מידי נכרים**

חברנו מרדכי שלדז׳יק הודיע לנו, כי במוזיאון העירוני בינדז׳יוב נמצא „ספר תורה".

ועדנו התחיל במאמצים, להשיג את השריד היקר והקדוש של קהלתנו המושמדת ולהעבירו לארצנו — ולדאבוננו הגדול טרם נענינו... הועד ימשיך במאמציו ביתר שאת ולא ינוח ולא ישקוט עד ש„ספר־התורה" יגיע למקומו הנכון — לארצנו הקדושה.

**תכנית לעתיד**

עם סיום הפעולה של הדפסת „ספר הזכרון" והפצתו יתחיל הועד בפעולותיו, שמטרתן הידוק הקשרים בין החברים על ידי פגישות־חברים מתמידות, בכדי לקרב איש לרעהו ולחזק את רגשי הידידות וההבנה ביניהם.

**המגע עם חברינו בחו"ל**

כן ידאג הועד, שגם חברינו בחוץ־לארץ, יהדקו את הקשרים ביניהם לשם פעולות חברותיות ותרבותיות ושיום ו׳ תשרי, יישמר בין כל יוצאי ינדז׳יוב, בכל מקומות שהם לתמיד כ„יום־הזכרון" לקהלת ינדז׳יוב היקרה לכולנו.

**ועד הארגון**

# דין וחשבון

## וועגן דער טעטיקייט פון קאָמיטעט פונעם „ארגון עולי ינדז׳יוב בישראל" זינט זיין אַנטשטייאונג ביזן סוף פון יאָר 1964

נאָך אין יאָר 1942, באַלד ווי עס זענען אָנגעקומען דורך יידן פון אַנדערס אַרמיי די ידיעות וועגן דעם שרעקלעכן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דאָס יידנטום אין פוילן און דערונטער אויך דער ידישער קהילה יענדזשעוו און נאָכדעם, ווי עס האָט זיך אויך געהערט אַ קלאַנג וועגן אַ קליין הייפל יענדזשעווער יידן, וועלכע זענען געראַטעוועט געוואָרן און וואַלגערן זיך צעזייט און צעשפרייט אין פוילן, דייטשלאַנד, עסטרייך און אין אַנדערע לענדער אין צענטראַל־אייראָפּע. האָבן עטלעכע יענדזשעווער יידן אין ישראל: די חברים אלתר יחיאל טאָפּיאָל ז"ל, יעקב קנמון ז"ל און, יבדל לחיים טובים, אליעזר רובינשטיין, גענומען אָרגאַניזירן אונדזערע לאַנדסלייט צו אַ רעטונגס־אַקציע לטובת די לעבנגעבליבענע יענדזשעווער.

### דער ערשטער ועד

אין ערשטן קאָמיטעט פון דעם געגרינדעטן דורך זיי „ארגון עולי ינדז׳יוב בישראל" זענען געוויילט געוואָרן (לויטן א״ב) די חברים: יצחק אברהמי (ירושלים), עמנואל בער (תל־אביב), ישראל דוב ברייטבאָרד (כפר פינס), שמואל דוטקעוויץ ז״ל (ירושלים), דבורה האַראָוויץ (חיפה), ברוך זאַנשיין ז״ל (תל־אביב), אלתר־יחיאל טאָפּיאַל ז״ל (תל־אביב), חדוה (געב. ווערדיגער), מינץ (תל־אביב), יעקב קנמון ז״ל (תל־אביב), מרדכי קאָניעצפּאָלסקי־שדמתי (תל־אביב), אליעזר רובינשטיין (תל־אביב) און יעקב שרף (חיפה).

דער ועד האָט זיך געשטעלט פאַר זיינע אויפגאַבן: 1) אָרגאַניזירן דעם ארגון; 2) שאַפן דעם קאָנטאַקט מיט די געראַטעוועטע יידן; 3) געלט־זאַמלונג פאַר אַ הילפס־אַקציע; 4) גרינדונג פון אַ גמילת־חסדים־קאַסע; 5) שיקן שפּייז־פּעקלעך און קליידונג פאַר די נויטבאַדערפטיקע; 6) איינאָרדענען צוזאַמענטרעפונגען צווישן די חברי הארגון און באַשטימען דעם „יום־הזכרון" פאַר די קדושים און 7) זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר אַ „ספר זכרון", וואָס זאָל פאַראייביקן יענדזשעוו און אירע קדושים.

### ענדערונגען אין ועד

אין משך פון די ערשטע עטלעכע יאָר האָט זיך דער צוזאַמענשטעל פון ועד געענ־דערט (ליידער, זענען עטלעכע געשטאָרבן, מאַנכע האָבן פאַרלאָזט דעם ועד און עס זענען געוויילט געוואָרן אַנדערע אויף זייער אָרט). בכל אופן האָט דער ועד, ביי אַלע זיינע ענדערונגען, פאָרגעזעצט זיין אַרבעט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין העלפן מאַטעריעל די געראַטעוועטע עולים, דערמוטיקן זיי, זוכן פאַר זיי אַנטשפּרעכנדיקע אַרבעט און העלפן זיי זיך צו אַקלימאַטיזירן אין לאַנד.

כדי צו פאַרווירקלעכן אונדזער שטרעבונג וועגן אַרויסגעבן דעם „ספר הזכרון", וואָס זאָל פאַראייביקן אונדזער חרובע קהילה האָבן מיר נאָך אין יאָר 1954 אַרויסגע־געבן אַ צירקולאַר, וועלכן מיר האָבן צוגעשיקט צו אַלע יענדזשעווער אין ישראל און אין דער גאָרער וועלט און געבעטן פינאַנסיעלע הילף און איבערהויפּט געדענק־מאַטעריאַל וועגן דער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט אין אונדזער שטאָט, וואָס וועט באַאַרבעט ווערן פאַרן „ספר הזכרון".

מיר האָבן אויך געבעטן צוצושיקן רשימות פון קרובים און באַקאַנטע, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים, וואָס וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן אין בוך אין דער „רשימת הקדושים".

### אַ נייער ועד

אין יאָר 1956 איז אונדזער ועד רעאָרגאַניזירט געוואָרן און עס זענען געוויילט געוואָרן די חברים: יצחק אברהמי (ירושלים), יוסף אינגבער (תל־אביב), אברהם־יהושע גאָטפריד (קרית שאול), ישראל גורטמאַן (קרית ביאַליסטאָק), שלום גנאַט (חולון), שאול גרינבערג (חולון), לייב וואַקסבוים (תל־אביב), יעקב טאָפּיאַל (גבעתיים), קלמן כענטשינסקי (חולון), לייבוש ליפמאַנאָוויץ (תל־אביב) טובה העלבערג־מאַנדרי (תל־אביב), אליעזר רובינשטיין (תל־אביב), משה רייזמאַן (תל־אביב), מרדכי שלעדזשיק (רמת־חן) און יעקב שרף (חיפה).

דער נייער ועד האָט באַשלאָסן, אַז זיין הויפּט־אויפגאַבע וועט זיין — שאַפן די נייטיקע געלט־מיטלען און זאַמלען דאָס מאַטעריאַל פאַרן „ספר הזכרון", וואָס זאָל

פאַראייביקן אונדזער געבורט־שטאָט יענדזשעוו, די שטאָט, ווו מיר האָבן געלאָזט אונדזערע עלטערן, קרובים און פריינט — די קדושים פון אונדזער שטאָט, וועלכע זענען אומגעקומען דורך פאַרשידענע רוצחישע מיטלען — דערשאָסן, פאַרברענט און דער־שטיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן און אַפילו אין די פול־געפּאַקטע וואַגאָנעס ווי מען האָט זיי געפירט צו דער שוידערלעכער שחיטה.

מיר האָבן גוט געוווסט, וואָס פאַר אַ שווערע אויפגאַבע מיר נעמען אויף זיך. מיר האָבן געוווסט, אַז צום אָפּדרוקן אַזאַ ספר דאַרפן מיר אַ סך טויזנטער פונטן אָבער מיר האָבן זיך נישט דערשראָקן און צוגעטרעטן צו דער אַרבעט.

ליידער, האָבן מיר נישט געפונען קיין דערמוטיקונג מצד די חברים פון אונדזער ארגון, נישט נאָר מיט קיין געלט, נאָר אַפילו נישט מיטן שיקן דאָס נייטיקע מאַטעריאַל פאַרן ספר.

די דאָזיקע פּאַסיווע באַציאונג מצד די חברים, האָט נאַטירלעך אָפּגעשוואַכט אונדזער ענערגיע, אָבער מיר האָבן זיך דאָך נישט מיאש געווען, מיר האָבן ווייטער געשיקט חוזרים נאָך חוזרים, ווידעראַמאָל געבעטן די חברים אין ישראל און אין אויס־לאַנד, מאַכנדיק זיי אויפמערקזאַם אויף דער גרויסער מאָראַלישער אחריות, וואָס זיי נעמען אויף זיך אויב דער „ספר הזכרון" וועט נישט אַרויסגעגעבן ווערן.

**ועדת הספר**

אין יאָר 1960 האָבן מיר באַשלאָסן צו שאַפן אַ ספּעציעלע „ועדת־הספר" פון עטלעכע אַקטיווע חברים, וועלכע זאָלן זיך ספּעציעל אָפּגעבן דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט און מיט דער גרעסטער עקשנות זיך באַמיען איבערצוווינדן די גרויסע שוועריקייטן און פאַרווירקלעכן די דאָזיקע וויכטיקע אויפגאַבע.

דער ועד האָט אויסגעוויילט אינעם ועדת־הספר" פאָלגנדיקע חברים: ישראל גורט־מאַן, שלום גנאַט, שאול גרינבערג, יהודה וואַקסבוים, יעקב טאָפּיאַל, קלמן כענטשינסקי און אליעזר רובינשטיין.

די אויבנדערמאָנטע חברים זענען באַלד צוגעטרעטן צו דער אַרבעט מיט האַרץ, ענערגיע און איבערגעגעבנקייט. זיי האָבן געווידמעט זייער פרייע צייט, כדי צו באַזוכן די חברים אינדערהיים, געזאַמלט געלט און מאַטעריאַלן און זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר דער שווערסטער אַרבעט, אַבי צו פאַרווירקלעכן ווי אַמשנעלסטן זייער הייליקע אויפגאַבע.

**אָנערקענונג פאַר אַ חבר**

מיט כבוד און אָנערקענונג דערמאָנען מיר דעם נאָמען פון חבר קלמן כענטשינסקי צוליב זיין ספּעציעלער איבערגעגעבנקייט צו דער דאָזיקער שווערער און פאַראַנט־וואָרטלעכער אַרבעט.

לאַנגע טעג און וואָכן האָט ער אַוועקגעגעבן, געשריבן טויזנטער בריוו צו אונדזערע חברים, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, געזוכט און געפונען דעם קאָנטאַקט מיט אַלע, וואָס האָבן נאָר געקענט העלפן מיט מאַטעריאַלן, היסטאָרישע דאָקומענטן, ווי אויך מיט געלט־מיטלען. ער האָט אויך קאָנצענטרירט און אָפּגעהיטן דאָס געזאַמלטע מאַטעריאַל (מאַנוסקריפּטן, בילדער און דאָקומענטן), וואָס זענען אויסגענוצט געוואָרן פאַרן ספר.

## די טעטיקייט אין אַמעריקע

מיט דאַנק דאַרפן מיר אויך דערמאָנען, אַז דער חבר שלום גנאַט, וואָס זייענדיק אין יאָר 1960 אויף אַ פּריוואַטן באַזוך אין אַמעריקע, האָט ער געווידמעט צייט און מי, כדי זיך צוזאַמענצוטרעפן מיט קאָמיטעט פון דער יענדזשעווער לאַנדסמאַנשאַפט, און זיי באַאיינפלוסט מיטצוהעלפן אונדז אין אונדזער הייליקער אַרבעט פאַרן „יזכור־בוך".

זיין אַרבעט האָט באַלד אויפן אָרט געהאַט דערפאָלג — דער פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפט מר. נתן כהן האָט געשפּענדט אַ באַדייטנדיקע סומע אויף צו קויפן פּאַפּיר פאַרן „יזכור־בוך".

אַ ביסל שפּעטער זענען דאָרט געזאַמלט געוואָרן נאָך פאַרשידענע תרומות און באַקומענדיק אַ גאַנץ באַדייטנדיקן סכום, האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט פעסטצושטעלן דעם נייטיקן בודזשעט און צוטרעטן צום רעדאַגירן און דרוקן דעם ספר.

אויך אין יאָר 1962 איז אויסגענוצט געוואָרן דער פּריוואַטער באַזוך פון חבר ישראל גורטמאַן אין אַמעריקע אויף באַגעגענישן מיט יענדזשעווער לאַנדסלייט, און עס איז ווידער געשאַפן געוואָרן אַ געוויסע סומע פאַרן „יזכור־בוך".

מיר ווילן זיך אין אונדזער באַריכט אָפּשטעלן אויף עטלעכע ספּעציעלע אַקציעס פון אונדזער טעטיקייט:

## דער יום־הזכרון

יאָר־יערלעך האָבן מיר איינגעאָרדנט אין ו׳ תשרי (דאָס איז די טראַגישע דאַטע פון דער ע ר ש ט ע ר אויסזידלונג פון אונדזערע טייערע קדושים אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע), אַ טרויער־הזכרה געווידמעט דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים הי״ד.

## די מצבה אויפן הר־ציון

דעם 28סטן יולי 1958 האָבן מיר אויפגעשטעלט אין מרתף השואה אויפן הר־ציון אין ירושלים אַ מאַרמאָרענעם אָנדענק־טאָוול פאַר אונדזער קהילה און אירע קדושים.

דער טאָוול געפינט זיך אויף דער וואַנט, וואָס איז דורכן משרד הדתות באַשטימט געוואָרן פאַר די געדענק־טאָוולען פון די פאַרשוווּנדענע שטעט און שטעטלעך פון קעלצער וואָיעוואָדשאַפט.

## די הזכרה אויפן הר־ציון

ה׳ תשרי תשכ״ב (4.10.1962), צום צוואַנציקסטן יאָרצייט פון אומקום פון אונדזערע קדושים, זענען 150 חברים און חברות פון אונדזער ארגון געפאָרן קיין ירושלים אויפן הר־ציון צו דער אַנטהילונג פון דעם יענדזשעווער אָנדענק־טאָוול.

די טרויער־פייערונג איז געעפנט געוואָרן דורך חבר שאול גרינבערג, וועלכער האָט אין זיין הספד דערמאָנט די קדושים און איבערהויפּט די, וואָס האָבן געפונען זייער טויט אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

די נשמה־ליכט האָבן אָנגעצונדן די חברות אסתר טאַפּיאַל און אסתר שרף און די חברים זאב אַבראַמאָוויץ און אליעזר רובינשטיין האָבן אַנטהילט די מצבה.

טרויער־רעדעס האָבן געהאַלטן די חברים יצחק אברהמי און ישראל גן־צבי, וועלכע האָבן זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף דער שענדלעכער האַנדלונג פון דער גרויסער קולטורעלער וועלט וואָס האָט געשוויגן און געלאָזט אומברענגען זעקס מיליאָן יידן.

דער חבר מרדכי שלעדזשיק, איינער פון די גרעסטעוועטע פון געטאָ און אַרבעטס־לאַגערן, האָט דערציילט וועגן די גרויזאַמקייטן און די ליידן פון די יענדזשעווער יידן, סיי אין געטאָ און סיי אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס נאָר געציילטע פון זיי זענען געבליבן לעבן.

## די ישראל־דעלעגאַציע אין וואַרשע — צום 20סטן יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

אין יאָר 1963 איז, ווי באַקאַנט, אַרויסגעפאָרן אַ יידישע דעלעגאַציע פון ישראל, כדי זיך צו באַטייליקן אין די פייערונגען צום 20סטן יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד פון די לעצטע יידן אין וואַרשעווער געטאָ.

די דעלעגאַציע האָט אויך באַזוכט די ערטער ווו עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אונדזערע ברידער פון פוילן און אַנדערע לענדער. זיי האָבן אויך באַזוכט טרעבלינקע.

איינער פון די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע, הרב י. י. פרענקל, האָט דאָרט צונויפגענומען ביינער פון די קדושים, וואָס זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט אויפן פּלאַץ ווו עס איז געווען די קרעמאַטאָריע. ער האָט די ביינער געבראַכט מיט זיך כדי זיי קובר צו זיין אין ישראל.

## די אזכרה אין נחלת־יצחק

דינסטיק, ו׳ תשרי תשכ״ד (49.1964) האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין נחלת־יצחק ביים קבר פון די דאָזיקע ביינער. אויך הרב פרענקל האָט זיך דאָרט באַטייליקט און געשילדערט די שוידערלעכע סצענע, וואָס ער האָט געזען אין טרעבלינקע, ווו עס וואַלגערן זיך נאָך ביינער פון די קדושים.

ער האָט אונדז אויך איבערגעגעבן וועגן דעם באַשלוס, אַז אַלע קהילות, וואָס ווייערע יידן זענען געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע, זאָלן מיט בשותפותדיקע כוחות אויפשטעלן אַ פּאַסנדיקע מצבה אויפן קבר פון די געבראַכטע ביינער.

אונדזערע חברים ישראל גורטמאַן און שאול גרינבערג האָבן מספיד געווען אונדזערע קדושים און מיטגעטיילט, אַז אויך אונדזער ארגון וועט זיך באַטייליקן אינעם אויפשטעלן די געמיינזאַמע מצבה.

## קבלת־פּנים פאַר געסט פון אויסלאַנד

פון צייט צו צייט באַזוכן אונדזערע אויסלענדישע חברים דאָס לאַנד אַלס טוריסטן.

מיר האָבן יעדעס מאָל איינגעאָרדנט באַגעגענישן מיט די דאָזיקע חברים, ווו מען האָט זיך געטיילט מיט די זכרונות פון אַמאָל, פון יענע גוטע און שיינע צייטן אין יענדזשעוו, וואָס זענען שוין, לניידער, נישטאָ.

זעלבסטפאַרשטענדלעך האָבן מיר יעדעס מאָל אויסגענוצט די דאָזיקע באַגעגענישן כדי צו רעדן וועגן „יזכור־בוך״, און וועגן דער נייטיקייט, אַז עס זאָל דערשיינען ווי אַמשנעלסטן.

במשך דער דאָזיקער צייט האָבן מיר געהאָט געסט פון אַמעריקע, אויסטראַליע, אורוגוויי, ענגלאַנד, פראַנקרייך און קאַנאַדע.



פייערלעכער קבלת־פנים לכבוד אונדזערע אויסלענדישע חברים־געסט.
מ״ר בזשעזשינסקי און זיין פרוי (ניו־יאָרק), גב׳ ניכטשע מענדעראָווסקי־פינקעלשטיין (קאַליפאָרניע),
נעבן זיי: חברים פון ועד הארגון. עס באַגריסט זיי: ישראל גוטמאַן.



אַ פייערלעכער קבלת־פנים לכבוד אויסלענדישע חברים־געסט:
משה טשינסקי (כענטשינסקי) מיט זיין פרוי פון ניו־יאָרק, גב׳ בראדלי־פלעשאָווסקי פון קאַנאַדע
און פרוי הדסה ווארגאַן פון מעלבאָרן.



משה טשינסקי (כענטשינסקי) דאַנקט פאַרן קבלת־פנים.
רעכטס פון אים — פרוי רחמה בעקער־ווילאָגע, לינקס — מזכיר הארגון — יעקב טאָפּיאָל.

## דער באַזוך פון אינזשיניער יאַסקולסקי

עס האָט באַזוכט ישראל און אויך אונדזער ארגון דער אינזשיניער יאַסקולסקי, וועלכער קאָן פאַררעכנט ווערן צווישן די חסידי אומות העולם, ווייל ער האָט בעת דער דער אָקופּאַציע, ריזיקירנדיק מיט זיין לעבן, אָפּגעראַטעוועט עטלעכע יידישע נפשות אין יענדזשעוו, וועלכער געפינען זיך היינט אין ישראל.

די חברים יעקב טאָפּיאָל און שאול גרינבערג האָבן אים באַגריסט אין נאָמען פון ארגון און חבר אליעזר רובינשטיין האָט אים איבערגעגעבן צום אָנדענק דעם „אלבום ישראל".

## די אַקציע וועגן ראַטעווען אַ ספר־תורה

אונדזער חבר מרדכי שלעדזשיק האָט אונדז געמאָלדן, אַז אין יענדזשעווער שטאָטישן מוזיי געפינט זיך אַ ספר־תורה.

אונדזער ועד האָט אָנגעהויבן זיך משתדל זיין אָפּצוראַטעווען דעם לעצטן טייערן און הייליקן אָנדענק פון אונדזער קהילה. צום באַדויערן האָבן מיר נאָך נישט באַקומען קיין שום תשובה. אָבער מיר וועלן נישט רוען און אַלץ טאָן, כדי דער ספר־תורה זאָל קומען אויף זיין ריכטיק אָרט — קיין ארץ־ישראל!

## פּלענער אויף דער צוקונפט

נאָכן ענדיקן אונדזער אַרבעט אַרום ספר און זיין פאַרשפּרייטונג, פּלאַנירן מיר אַן אַקציע צו פאַרשטאַרקן דעם קאָנטאַקט צווישן די חברים דורך אָפטע צוזאַמענטרעפן, כדי צו שאַפן פריינטלעכע באַציאונגען צווישן זיי.

## דער קאָנטאַקט מיט אויסלענדישע חברים

דער ועד וועט זאָרגן, אַז אויך אונדזער׳ע חברים אין חוץ לארץ זאָלן פאַרשטאַרקן דאָס צוזאַמענלעבן צווישן זיך דורך געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע פאַראַנשטאַלטונגען, און אַז דער טאָג פון ו׳ תשרי זאָל אָפגעהיט ווערן אַלס געדענק־טאָג פון אונדזער גרויסן חורבן — דעם אומקום פון אונדזער טייערער קהילה — קהילת יענדזשעוו!

## קאָמיטעט פון ארגון

# יענדזשעווער רעליעף־קאמיטעט אין אמעריקא



שטייען: חיים יהושע ווילאגע ז״ל, זיין פרוי, משה טשינסקי און גרשון בוימאַרט ז״ל
זיצען: פרוי פרידא דוטקיעוויטש, נטע קאהען און זיין פרוי.



זיצט: פרוי פון בערל מאָרדקאָוויטש.
שטייען: ישראל און זיין פרוי רחמה ווילאגע־בעקער און בערל מאָרדקאָוויטש.

# קאנאדישער רעליעף־קאמיטעט אין טאראנטא



שטייען: חיים עדעליסט, שמואל רובינשטיין, אבא ליפמאַנאָוויטש, אלתר פלעשאָווסקי, אברהם פלעשאָווסקי, איטשע ריטערבאַנד און לייביש עדעליסט.
זיצן: זייערע פרויען און זייערע קרובות.

# ארגענטינער רעליעף־קאַמיטעט אין בוענאָס־איירעס



פֿון רעכטס צו לינקס: משה קאַסיר, טוביה שענקער, מרדכי מענדל ווײַנרייך, ישראל־יעקב ברייטבאַרד און חיים סאַנקאָוויטש.

**קבלת־פנים לכבוד געסט פון אויסלאַנד (ב׳ א״יר, תשי״ה)**



אויפֿן בילד, פון רעכטס צו לינקס זיצן: פרוי מינץ פון אורוגוויי, חבר הועד יוסף אינגבער, פרוי מרגלית (פלעשאָווסקי) פון קאַנאַדע, חבר הועד שלום גנאַט, גזבר הועד שאול גרינבערג. באַגריסט די געסט (שטייט) נאָך אים זיצן: מזכיר הועד יעקב טאָפּיאָל און די חברי הועד: אליעזר רובינשטיין, ישראל גורטמאַן און קלמן כענטשינסקי און אחרון־אחרון חביב דער גאַסט שמואל רובין פון קאַנאַדע.

# אֵל מָלֵא רַחֲמִים!

בּוֹרֵא אֶרֶץ וּמְרוֹמִים, שׁוֹמֵעַ שַׁוְעַת עֲגוּמִים, דַּיַּן אַלְמָנוֹת וַאֲבִי יְתוֹמִים, אַל נָא תֶּחֱשֶׁה לְדַם עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל הַשָּׁפוּךְ כַּמָּיִם. הַמְצֵא מְנוּחָה נְכוֹנָה עַל כַּנְפֵי הַשְּׁכִינָה, בְּמַעֲלוֹת קְדוֹשִׁים וּטְהוֹרִים כְּזֹהַר הָרָקִיעַ מַזְהִירִים, אֶת נִשְׁמוֹתֵיהֶם שֶׁל שֵׁשׁ מֵאוֹת רִבְבוֹת אַלְפֵי יִשְׂרָאֵל וּבְתוֹכָם בְּנֵי קְהִלָּתֵנוּ הַקְּדוֹשָׁה יֶנְדְזֵיוּב וְהַקְּהִלּוֹת הַקְּדוֹשׁוֹת שֶׁבִּסְבִיבָתָהּ, אַלְפֵי אֲנָשִׁים וְנָשִׁים, יְלָדִים וִילָדוֹת, עוֹלָלִים וָטַף, שֶׁנֶּהֶרְגוּ וְשֶׁנֶּחְנְקוּ וְשֶׁהָטְבְּעוּ וְשֶׁנִּשְׂרְפוּ וְשֶׁנִּקְבְּרוּ חַיִּים בִּידֵי הָעֲמָלֵקִים הַגֶּרְמָנִיִּים הַטְּמֵאִים וְהַצּוֹרְרִים – בְּגֵיטָאוֹת יֶנְדְזֵיוּב וּסְבִיבָתָהּ וְתָאֵי־הַגַּאזִים בִּטְרֶבְּלִינְקִי וּבְיֶתֶר מַחֲנוֹת הַמָּוֶת שֶׁל הָאוֹיֵב הַנָּאצִי.

כֻּלָּם קְדוֹשִׁים וּטְהוֹרִים וּבֵינֵיהֶם גִּבּוֹרֵי הָרוּחַ, גְּאוֹנִים וְצַדִּיקִים, תְּמִימִים וְיִשְׁרֵי־לֵב, רַבָּנִים וַחֲסִידִים, אַדִּירֵי תּוֹרָה וְתַלְמִידֵיהֶם. יִזְכְּרֵם ה׳ לְטוֹבָה, וּבְגַן עֵדֶן תְּהֵא מְנוּחָתָם, בַּעַל הָרַחֲמִים יַסְתִּירֵם בְּסֵתֶר כְּנָפָיו לְעוֹלָמִים, וְיִצְרוֹר בִּצְרוֹר הַחַיִּים אֶת נִשְׁמוֹתֵיהֶם. ה׳ הוּא נַחֲלָתָם, וְהוּא יִנְקֹם נִקְמָתָם, וְיִזְכֹּר לָנוּ עֲקֵדָתָם. וְתַעֲמֹד לָנוּ וּלְכָל יִשְׂרָאֵל זְכוּתָם. אֶרֶץ אַל תְּכַסִּי דָמָם וְאַל יְהִי מָקוֹם לְזַעֲקָתָם. בִּזְכוּתָם יָשׁוּבוּ נִדְחֵי יִשְׂרָאֵל לַאֲחֻזָּתָם, וְהַקְּדוֹשִׁים הָאֵלֶּה תְּהֵא לְזִכָּרוֹן־תָּמִיד לִפְנֵי ה׳ צִדְקָתָם, יָבוֹאוּ שָׁלוֹם וְיָנוּחוּ עַל מִשְׁכְּבוֹתָם, וְיָקִיצוּ וְיַעַמְדוּ לְקֵץ הַיָּמִים לְחַיּוֹתָם, וְנֹאמַר אָמֵן.

# נר נשמה לקדושי ינדז׳יוב

## א נשמה־ליכט פאר יענדזשעווער קדושים

א

אַבאַרזשאַנעק און משפחה
אַבאַרזשאַנעק אסתר
אַבאַרזשאַנעק טויבאַ
אַבאַרזשאַנעק יעקב
אַבאַרזשאַנעק גוסטאַ
אַבאַרזשאַנעק מאיר
אַבאַרזשאַנעק שלמה
אַבאַרזשאַנעק ביילע
אַבאַרזשאַנעק רבקה
אַבאַרזשאַנעק אליהו
אַביצקי יוסף און משפחה
אַביצקי אברהם און משפחה
אַבראַמאַוויץ ישראל
אַבראַמאַוויץ שרה
אורבאַך הערצקאַ און משפחה
אורבאַך בעריש און משפחה
אורבאַך יעקב און משפחה
אורבאַך און משפחה
אושפיז שמואל און משפחה
אושפיז חנהלע און משפחה
אושפיז פנחס און משפחה
אושפיז ישראל און משפחה
אַזשאַראָווסקי יוסף און משפחה
אַזשאַראָווסקי יאָסל און משפחה
אַזשאַראָווסקי עקיבא
אַזשאַראָווסקי צינאַ
אַזשאַראָווסקי גבריאל
אייבושיץ הערצקא
אייבושיץ בריינדל
אייבושיץ באַלטשע
אייבושיץ גאָלדע

אייבושיץ שמחה
אייבושיץ יהונתן און משפחה
אייבושיץ שמחה
איזראַלעוויץ פרימעט און משפחה
איזראַלעוויץ לייבוש און משפחה
איזראַלעוויץ שמעון און משפחה
איזראַעלעוויץ ישראל דוד און משפחה
איזראַלעוויץ איידל
איזראַלעוויץ שלמה
אייזענבערג שלמה און פרוי
אייזענבערג משה און פרוי
אייזענבערג חוה
אייזענבערג חנה
אייזענבערג נפתלי און משפחה
אייזענבערג גוטאַ
אייזענבערג יוליאַן
איסאַקאָוו הענדל־מאָטל און פרוי
איסעראָווסקי שלמה
איסעראָווסקי מלכה
איסעראָווסקי יואב
איסעראָווסקי פייגל
איסעראָווסקי שרה
איצקאָוויץ יצחק (איטשע)
איצקאָוויטש מאַלאַ
איצקאָוויץ חוה
איצקאָוויץ פערל
אַנקעלעוויץ איטשע און משפחה
אָסיאַרזש דוד און משפחה
אָסיאַרזש חוה און משפחה
אָסעלקאַ אליעזר
אָסעלקאַ אסתר
אָסעלקא שלמה אבנר און משפחה
אָסעלקאַ אלתר שבתי און משפחה

אָסעלקאַ שלמה און משפּחה
אַפּעלשטיין און משפּחה
אַפּעלשטיין אלימלך
אַפּעלשטיין איטל
אַפּעלשטיין דוד
אַפּעלשטיין מאַרישאַ
אַפּעלשטיין רייזל
אַפּעלשטיין חנה
אַפּעלשטיין הערשל
אַפּעלשטיין שרה
אָקאָוויטאַ יאַסקע
אָקאָוויטאַ גענענדל
אָקאָוויטאַ דוד
אָקאָוויטאַ יצחק
אָקאָוויטאַ יעקב־אברהם
אָקאָוויטאַ לייב
אָקאָוויטאַ אסתר
אָקאָוויטאַ דבורה
אָקאָוויטאַ לאה־איידל
אָקאָוויטאַ עזריאל
אָקאָוויטאַ תרצה און משפּחה
אָקאָוויטאַ שלמה
אָקאָוויטאַ משה
אָקאָוויטאַ גענענדל
אָקאָוויטאַ וואָלף
אָקאָוויטאַ רבקה
אָקאָוויטאַ מלכה
אָקאָוויטאַ איידל
אָקאָוויטאַ רייזל
אָקאָוויטאַ חיים און משפּחה
אָקאָוויטאַ יודל
אָקאָוויטאַ חנה און משפּחה
אָקאָוויטאַ שיינדל און משפּחה
אָקאָוויטאַ ישראל און משפּחה

ב

באַרזשיקאָווסקי און משפּחה
באַרמאַץ גדליה און משפּחה
באַרענשטיין יהונתן
באַרענשטיין חנה
באַרענשטיין מרדכי־מאָטל
באַרענשטיין משה־חיים
באַרענשטיין יצחק
באַרענשטיין אסתר
באַרענשטיין אברהם
באַרענשטיין טויבע
באַרענשטיין גאָלדע
באַרענשטיין הערשל און משפּחה
באַרענשטיין משה־וואָלף און משפּחה
באַרענשטיין אסתר־רחל און משפּחה
באַרקאָווסקי קלמן און משפּחה
באַרקאָווסקי חנה־ראַצל
באַרקאָווסקי יוסף־אבא
באַרקאָווסקי ברוריה
באַרקאָווסקי פינטשע און משפּחה
באַרקאָווסקי פעסל
באַרקאָווסקי חיים און משפּחה
באַרקאָווסקי קאַראָלציע
באַרקאָווסקי מאיר
באַרקאָווסקי יוסף
בויגען דינה
בויגען פייגל
בויגען מיכל
בויגען יוסף
בויגען אבא
בויגען רייזל
בויגען מיכאל
בומאַרט יצחק און משפּחה
בוכבינדער אלתר און משפּחה
בוכבינדער מינדל־לאה
בזשעזשינסקי נפתלי און משפּחה
בזשעזשינסקי מאיר
בזשעזשינסקי חוה־איטל
בזשעזשינסקי פעסל
בזשעזשינסקי הלל
בזשעזשינסקי נפתלי
בזשעזשינסקי הענדל
בזשעזשינסקי שמעון און משפּחה
בזשעזשינסקי דוד און משפּחה
בזשעזשינסקי טוביה און משפּחה
ביאַלקאָווסקי שלמה און משפּחה
בימקאָ שמעלקע און משפּחה

בימקאָ שרה־דבורה
בימקאָ מאיר
בימקאָ איטל
בימקאָ מלכה
בימקאָ בערל
בימקאָ מאַניע
בימקאָ יאָסקע און משפחה
בימקאָ באַלציע
בירענשטאָק בונים און משפחה
בירענשטאָק — די גאַנצע משפחה
בלומעל ראָמאַן און משפחה
בלומשטיין יחזקאל און משפחה
בלומשטיין בנימין און משפחה
בליאַקאָווסקי משה־מענדל און משפחה
בליאַקאָווסקי חיימל און משפחה
בעלפער מתתיהו און משפחה
בעסענדאָרף חיים
בעסענדאָרף שרה־ליבע
בעסענדאָרף פרומעט
בעסענדאָרף וואָלף
בעסענדאָרף הינדע
בעסענדאָרף חנה
בעסענדאָרף ראובן
בער איטאַ
בער יוכבד
בער רבקה
בער ישעיהו
בער ד״ר און משפחה
בערלין אליעזר און משפחה
בערלין אַלתר
בערלינער לאה און משפחה
בערלינער יעקב און משפחה
בערקאָוויץ אַראָלף און משפחה
בערקאָוויץ מאָניעק
בערקאָוויץ — די גאַנצע משפחה
בראַנדעס משה
בראַנדעס איידל
בראַנדעס נחמיה
בראַנדעס הינדע
בראַנדעס לייב

בראַנדעס פישל
בראַנדעס רחל
בראַנדעס רבקה
בראַנדעס פרומעט
בראַנדעס נחמיה
בראַנדעס מאיר
בראַנדעס יצחק
בראַנדעס מרים
בראַנדעס דוד
בראַנדעס זלאַטע
ברייטבאָרד הינדע
בראַנדעס נחמיה
בראַנדעס איידל און משפחה
בראַנדעס חיים און משפחה
בראַנדעס איטשע און משפחה
בראַנדעס זלמן און משפחה
ברוינער רבקהלע
ברוינער יולעק
ברוינער אַדעלאַ
ברייטבאַרד דוד
ברייטבאַרד עלקא
ברייטבאַרד פייגל
ברייטבאַרד ברכה
ברייטבאַרד פרומעט
ברייטבאַרד זכריה
ברייטבאַרד חיים
ברייטבאַרד זכריה
ברייטבאַרד יצחק־מאיר
ברייטבאַרד יואל און משפחה
ברייטבאַרד שמואל
ברייטבאַרד חיה און משפחה
ברייטבאַרד משה
ברייטבאַרד פנחס
ברייטבאַרד שרה
ברייטבאַרד הינדע
ברייטבאַרד חיים
ברייטבאַרד בנימין
ברייטבאַרד שלמה
ברייטבאַרד איטל
ברייטבאַרד אַלתר־וואָלף און משפחה
ברייטבאַרד זעליג

ברייטבאַרד צעשאַ
ברייטבאַרד מלכה
ברענער בצלאל
ברענער מאירל
ברענער הענדעלע
ברענער דרעזל־חוה
ברענער משה־יעקב
ברענער בריינדל
ברעסלער חיים
ברעסלער פעסעלע
ברעסלער באַשקע
ברעסלער אַרטעק

ג

גאַבראָוויץ משה און משפחה
גאַבריטשעווסקי פייגל און משפחה
גאָטליב משה און משפחה
גאָטליב ראובן און משפחה
גאָטליב פעסל און משפחה
גאָטליב חנה און משפחה
גאָטליב דוד און פרוי
גאָטליב אַדאַם
גאָטליב עמנואל
גאָטליב גאָלדעלע
גאָטליב יוסף
גאָטליב לאָטאַ
גאָטליב צירל
גאָטליב העניעק
גאָטליב — די גאַנצע משפחה
גאָטפריד שלמה און משפחה
גאָטפריד ראָזאַ און משפחה
גאָטפריד מרדכי און משפחה
גאָטפריד ברוך
גאָטפריד חנה־לאה
גאָטפריד מענדל
גאָטפריד משה
גאָטפריד באַלציע
גאָטפריד חוה
גאָטפריד משה און משפחה
גאָטפריד אייזיק און משפחה
גאָטפריד וואָלף און משפחה

גאָטפריד צבי
גאָטפריד אברהם
גאָטפריד רחל
גאָלדבלום לאה
גאָלדבלום זעליג
גאָלדבלום פנחס
גאָלדבלום דאָראַ
גאָלדבלום חוה
גאָלדבערג משה
גאָלדבערג איטשע און משפחה
גאָלדבערג מינדל
גאָלדבערג לייבוש
גאָלדבערג פערל
גאָלדבערג דוד
גאָלדבערג פריידל
גאָלדבערג ראַצל
גאָלדבערג אליעזר
גאָלדבערג מאיר
גאָלדבערג נחמיה
גאָלדבערג פריידל
גאָלדבערג רחל
גאָלדבערג לאה
גאָלדבערג זעליג
גאָלדבערג אברהם
גאָלדבערג מאַשאַ
גאָלדבערג שבע
גאָלדבערג יצחק
גאָלדבערג משה
גאָלדבערג איידל
גאָלדבערג הענדל
גאָלדבערג פייזיל
גאָלדבערג רחל
גאָלדבערג ישראל
גאָלדבערג פריידל
גאָלדבערג שרה
גאָלדבערג שמואל
גאָלדבערג באַלציע
גאָלדבערג משה
גאָלדבערג בלומע
גאָלדבערג משה־נתן
גאָלדבערג משה

גאָלדבערג איידל
גאָלדבערג הענדל
גאָלדבערג פּאַניע
גאָלדבערג פייוול
גאָלדבערג גיטל
גאָלדבערג שמעון
גאָלדבערג פייוול
גאָלדבערג חנה
גאָלדבערג שרה
גאָלדבערג בנימין און די גאַנצע משפּחה
גאָלדלוסט יוסף
גאָלדלוסט משה
גאָלדלוסט חיה
גאָלדלוסט גיטל
גאָלדלוסט בענדעט
גאָלדלוסט ישראל
גאָלדפעלד חנה
גאָלדשטיין פּנחס
גאָלדשטיין פייגל
גאָלדשטיין יצחק־זאב
גאָלדשטיין יענטל
גאָלדשטיין יוסף
גאָלדשטיין מאיר־פישל
גאָלדשטיין העניא
גאָלדשטיין פריידע
גאָלדשטיין שושנה
גאָלדשטיין יצחק
גאָלעמביאָווסקי חיה
גאָלעמביאָווסקי הערשל און משפּחה
גאָלעמביאָווסקי שאול
גאָלדשער משה־שמואל
גאָלדשער לייבוש
גאָלדשער גענענדל
גאָלדשער ליבע
גאַנצ׳יאַרסקי שלום און משפּחה
גאַנצ׳יאַרסקי אליעזר און משפּחה
גאַנצ׳יאַרסקי קאָפּעל און משפּחה
גאַרף ישראל און משפּחה
גאַרפינקעל בערל און פרוי
גאַרפינקעל יוסף און משפּחה
גאַרפינקעל באַשע
גאַרפינקעל ישראל
גאַרפינקעל שלמה
גדאַלעוויץ — שוועסטער
גוזע רבקה
גוזע שרה
גוזע חוה
גוזע חיה
גוטמאַן יעקב־דוד
גוטמאַן פייגל
גוטמאַן שרה
גוטמאַן ראָזאַ
גוטמאַן חנה
גוטמאַן איטשע
גוטמאַן בעריש
גוטמאַן חנינא
גוטמאַן גיטל
גוטמאַן באַשע
גוטמאַן חנה
גוטמאַן שמואל־אליהו
גוטמאַן אסתר
גוטמאַן יעקב
גוטמאַן אסתר־חנה
גוטמאַן שרה
גוטמאַן הלל
גוטמאַן רייזל
גוטמאַן משה
גורטמאַן באַלציע
גורטמאַן אַרטעק
גורטמאַן לושיאַ
גורטמאַן דבורה
גורסקי מרדכי־גימפּל
גורסקי חיה
גורסקי משה
גורסקי רבקה
גורסקי מאיר
גזשיבמאַכער יהונתן־פּאַלעק
גזשיבמאַכער חיה־שרה
גזשימאַכער רחל
גזשיבמאַכער ירחמיאל־משה
גזשיבמאַכער יצחק־יעקב

גיטלער און משפחה
גיטלער דוד
גילבערט שלמה און משפחה
גילבערט חנהלע
גינזבורג משה און משפחה
גינזבורג אברהם און משפחה
גינזבערג דוד און משפחה
גלאַט — די גאַנצע משפחה
גלאַט שיבקא און משפחה
גלאַס משה און משפחה
גלאַס נחום
גלאַס ישראל
גלאַס שמואל
גלוזמאַן — די גאַנצע משפחה
גלוזמאַן שמחה
גלוזמאַן אהרן
גלוזמאַן חיה
גלוזמאַן זוסמאַן
גליקסמאַן גיטל
גליקסמאַן חיים
גליקסמאַן אברהם
גליקסמאַן הירש און משפחה
גנאַט רבקה־צירל
גנאַט יצחק־יעקב און משפחה
גנאַט יצחק־יעקב
גנאַט מאַשאַ
גנאַט רחל
גנאַט אבא־דוד
גנאַט יוסף
גנאַט יחיאל־אלתר
גנאַט פּעסל־הדסה און איר מאַן
געלדראָווסקי דוד־וואָלף און משפחה
געלדראָווסקי מינדל
גערטלער אָשר
גערטלער חנה
גערטלער יצחק
גערטלער מרדכי־דוד
גערטלער פרידאַ
גערטלער אבא
גערטלער יצחק
גערטלער שרה
גערטלער וויטל
גערטלער מאָטל
גערטלער שרה־וויטל
גערטלער אלימלך
גערטלער זיסל
גערשטיין אברהם און משפחה
גראָסוואַסער שלמה
גראָסוואַסער איטקע
גראָסוואַסער שיינדל
גראָסוואַסער שרה
גראָסוואַסער שרה
גראָסוואַסער לייב
גראָסוואַסער מלכה
גראָסוואַסער חיה
גראָסוואַסער יוסף
גראָסוואַסער יענטל
גראָסמאַן ריבה און משפחה
גראָסמאַן מענדל און משפחה
גרין נחמיה און משפחה
גרין אסתר
גרינבוים מרים
גרינבוים דוד
גרינבוים אהרן־נח
גרינבוים פייגל
גרינבוים יהודית
גרינבוים חיים
גרינבוים וואָלף
גרינבוים מרדכי
גרינבוים משה
גרינבוים רחל
גרינבוים חיה־דינה
גרינבלאַט אליעזר
גרינבלאַט סימע
גרינבלאַט מרים
גרינבלאַט רבקה
גרינבערג שיינדל
גרינבערג צבי־הערשל
גרינבערג פרידל
גרינבערג מאיר־שלום
גרינבערג רחל
גרינבערג הינדע־רחל

גרינבערג אהרן־יוסף
גרינבערג חנה
גרינבערג יעקב
גרינבערג פרידעל
גרינבערג שמואל
גרינהאָלץ אהרן
גרינהאָלץ חנה
גריפּנער מענדל און משפּחה

ד

דאַווידאָוויץ יחזקאל און פרוי
דאַווידאָוויץ חיה און משפּחה
דאָל געניאַ
דאָל הדסה
דאָל יעקב
דאַנציגער געניאַ
דאַנציגער רחל
דאַנציגער אבנר
דאַנציגער נעכאַ
דודקעוויץ גיטל
דודקעוויץ יחיאל
דודקעוויץ אסתר
דודקעוויץ רבקה
דזיאַדעק יחזקאל און פרוי
דזיאַדעק בערל און משפּחה
דזיאַדעק רייזל
דזיאַדעק לייבוש און משפּחה
דזיאַדעק געלע און משפּחה
דזיאַדעק שמעון
דיקשטיין פישל און משפּחה
דיקשטיין הערשל
דיקשטיין אסתר
דיקשטיין מירא
דעמבאָווסקי מיכאל און משפּחה
דעמבאָווסקי אָשר און משפּחה
דעמבאָווסקי רחל
דעמבאָווסקי איטשע
דעמבאָווסקי רייזל
דעמבאָווסקי מאיר
דעמבאָווסקי חיה
דעמבאָווסקי שלמה־יוסף
דעמבאָווסקי פייגל
דעמבאָווסקי יעקל און משפּחה
דעמבאָווסקי שמואל־יהודה
דעמבאָווסקי מיכאל

ה

האַלפּערין יהודה־שאול און משפּחה
האַלפּערין יוסף
האַלפּערין רחל
האַלפּערין שמעלקע און משפּחה
האַלפּערין חיה און משפּחה
האַלפּערין שרה
האַלפּערין אברהם
האַלפּערין חנה
האַלפּערין ראובן און משפּחה
האַלפּערין מרים
האַלפּערין שרה
האַלפּערין מאיר־שלום
האַלפּערין הינדע
האַלפּערין שמואל
האַלפּערין פייגל
האַלפּערין שלמה
האַלפּערין דינה
האַלפּערין שרה
האַלפּערין רבקה
האַלפּערין יעקב
האַלפּערין מאַלאַ
האַלפּערין צבי־הירש
האַמבורג ישראל
האַמבורג גאָלדע
האַמער צעשאַ
האַמער פייגל
האַמער ציפּה
האַמער נחום
האַמער רייזל
האַמער אליעזר
האַמער צעשאַ
האָפּמאַן פּנחס
האָפּמאַן ליבע
האָפּמאַן ראָזאַ

האָפּמאַן ישראל
האָפּמאַן חיה
האָפּמאַן הינדע
האָפּמאַן יאַדזיע
האָפּמאַן שלמה און משפּחה
האָראָוויץ גיטל און משפּחה
האָראָוויץ זאָשע
האָראָוויץ צעשאַ
האָראָוויץ שרה
האָראָוויץ אהרן
האָראָוויץ צעשאַ
האָראָוויץ משה
האָראָוויץ רוזשע
האָראָוויץ סאַלעק
האָראָוויץ יקותיאל און משפּחה
האָראָוויץ משה און משפּחה
האָראָוויץ יוסף און פרוי
האָראָוויץ לייבל און משפּחה
האָראָוויץ אלמנת ענזל ז"ל און די טעכטער
האָראָוויץ לייבל
האָראָוויץ העלאַ
האָראָוויץ רוזשע
העלבערג אסתר און משפּחה
העלבערג שלמה און משפּחה
העניג אבא און פרוי
העניג יונה
העניג בת־שבע
העניג לייבוש
העניג חיה
העניג מאָטל
העניג מלכה
הערשבערג פייוול
הערשבערג חיים
הערשבערג זלמן און משפּחה
הערשבערג שמואל
הערשקאָוויץ יעקב
הערשקאָוויץ רבקה
הערשקאָוויץ איידל
הערשקאָוויץ נטעל און קינדער
הערשקאָוויץ אליעזר און משפּחה

הערשקאָוויץ לאה
הערשקאָוויץ שלמה
הערשקאָוויץ צירל און קינדער
הערשקאָוויץ עקיבא
הערשקאָוויץ דבורה און קינדער
הערשקאָוויץ פרידאַ
הערשקאָוויץ בראָניאַ
העשעס שמואל און משפּחה

וואָלבערג בצלאל און משפּחה
וואָלבערג הערשל און משפּחה
וואָלבראָמסקי רחל און זון
וואָלבראָמסקי חיים
וואָלער ישראל
וואָלער יהודית
וואָלער אַדעלאַ
וואָלער געניאַ
וואָלער דוב־בער
וואָלער מאַניע
וואָלער צעשאַ
וואָלער חנה
וואָלער יהושע
וואָלער פייגל
וואָלער מרדכי
וואָלער שלמה
וואָלער הערש־לייב
וואָלפאָוויץ חיים און משפּחה
וואָלפאָוויץ מענדל און משפּחה
וואָלפאָוויץ הערשל און משפּחה
וואָלפאָוויץ ישראל און משפּחה
וואָלפאָוויץ הערשל און משפּחה
וואָלפאָוויץ — די גאַנצע משפּחה
וואָלפשטאַדט הירש־בער
וואָלפשטאַדט פערל
וואָלפשטאַדט פייגעלע
וואָלפשטאַדט פייטל
וואָלפשטאַדט מאַשקאַ
וואָלפשטאַדט יהודית
וואַקסבוים העניך

וואַקסבוים ברכה
וואַקסבוים צירל
וואַקסבוים מלכה
וואַקסבוים נחמה
וואַקסבוים חוה
וואַקסבוים פּערל
וואַקסבוים ישראל
וואַקסבוים פייגע
וואַקסבוים פּערל
וואַקסבוים פּנחס
וואַקסבוים משה
וואַקסבוים אברהם
וואַקסבוים אלתר
וואקסבוים זעליג
וואַקסמאַן ישראל און משפּחה
וואַקסמאַן דוד און משפּחה
וואַקסמאַן חנה
וואַרגאַן משה און פרוי
וואַרגאַן שאול און משפּחה
וואַרגאַן ישראל און משפּחה
וואַרשאַווסקי יוכבד
וואַרשאַווסקי יהונתן
וואַרשאַווסקי משהלע
וודאָווינסקי שיינדל־ביילע
וודאָווינסקי דוד און משפּחה
וודאָווינסקי מינדל און משפּחה
וודאָווינסקי חנה און משפּחה
וודאָווינסקי משה
וודאָווינסקי יוסף
וויגאָדני יוחנן און משפּחה
וויגנײנסקי עטל
וויגנײנסקי זאב
וויגנײנסקי אביגדור
וויגנײנסקי רחל
וויגנײנסקי שרה
וויגנײנסקי אברהם־מרדכי
וויגנײנסקי הענדל
וויגנײנסקי יחיאל־דוד
וויגנײנסקי רוני
וויגנײנסקי חיים
וויגנײנסקי טויבע

וויגנײנסקי קלמן
וויגנײנסקי טויבע
וויגנײנסקי אַביגדור
וויגנײנסקי שרה
וויגנײנסקי מרדכי
וויגנײנסקי הענדל
וויגנײנסקי יחיאל־דוד
וויגנײנסקי יהודה
וויגנײנסקי רחל
וויגנײנסקי ראַבעל
וויגנײנסקי חנה
וויגנײנסקי פרומעט
וויגנײנסקי גאָלדע
וויגנײנסקי הענדל
וויגנײנסקי משה
וויגנײנסקי חנה
וויגנײנסקי רחל
וויגנײנסקי נתן
וויגנײנסקי נטע
וויגנײנסקי עטל
וויגנײנסקי זלמן
וויגנײנסקי הענדל
וויגנײנסקי רוזשע
וויגנײנסקי יודל
וויגנײנסקי הענדל
וויגנײנסקי רחל
וויגנײנסקי וואָלף
וויגנײנסקי חוה
וויגנײנסקי דאָבע
ווייל אליעזר און משפּחה
ווייל מינדל
ווייל בערל
ווילנער זלמן־אליעזר און פרוי
ווילנער יוסף און משפּחה
וויינבערג חנה (הרבנית)
וויינבערג ר׳ יחיאל ישעיהו, הרב
וויינבערג גיטל (הרבנית)
וויינבערג ראַצל (בת הרב)
וויינבערג שלום אליעזר
וויינבערג חנהלע
וויינבערג חוה

וויינבערג גיטל
וויינבערג שלמה
וויינבערג בערל
וויינבערג בעריש
וויינבערג אַנדזשע
וויינבערג שרה
וויינבערג ישראל
וויינבערג טויבע
וויינבערג יצחק
וויינבערג שלמה
וויינבערג מרדכי און משפחה
וויינבערג מאָטל און משפחה
וויינבערג שיינדל און משפחה
וויינבערג שפרה און משפחה
וויינבערג שלמה און משפחה
וויינבערג חיה און משפחה
וויינטרויב ידידיה און משפחה
וויינטרויב חוה
וויינטרויב חנה
וויינטרויב בערל
וויינשטאַדט יוסף
וויינשטאַדט מינדל
וויינשטאַדט אליעזר־לייב און משפחה
וויינשטאַדט אסתר און משפחה
וויינשטאַדט יוסף
וויינשטאַדט צבי־שמואל
וויינשטאַדט אסתר
ווייסבערג שמחה און משפחה
ווייסבערג שמואל
ווייסבערג פייגל
ווייסבערג ישראל
ווייסבערג דוד
ווייסבערג העניך
ווייסבערג איידל
ווייסבערג פייגל
ווייסבערג קלמן
ווייסבערג פישל
ווייסבערג מאָטל
ווייסבערג ישראל
ווייסבערג דוד
ווייסבערג משה (מאַקס)

ווייסבערג מלכה
ווייסבערג קלמן
ווייצמאַן לאה
ווייצמאַן אברהם־יחיאל און משפחה
ווייצמאַן קאַראָלאַ
ווייצמאַן אָשר און משפחה
ווייצמאַן חנה
ווייצמאַן יעקב און משפחה
ווייצמאַן אסתר
ווייצמאַן יעקב און משפחה
וויעליצקאָווסקי איטשע און משפחה
וויעליצקאָווסקי משה
וויעליצקאָווסקי צערקאַ
וויעלצקאָווסקי אסתר
וויעליצקאָווסקי ליבע
וויעליצקאָווסקי ביילע
וויעליצקאָווסקי שמואל
וויעליקאָווסקי ישעיהו
וויעליצקאָווסקי — די גאַנצע משפחה
וויעליצקאָווסקי ישראל־יצחק און משפחה
וועקסלער יצחק
וועקסלער אליעזר־דוב
וועקסלער יחיאל
וועקסלער שלמה
ווערדיגער שמחה בינום
ווערדיגער מרדכי־יוסף און משפחה
ווערדיגער יצחק־מאיר און משפחה

ז

זאַיאָנץ און משפחה
זאַיאָנצקאָווסקי חיים צבי
זאַיאָנצקאָווסקי רוזשקאַ
זאַיאָנצקאָווסקי פייוול
זאַיאָנצקאָווסקי אסתר־חנה
זאַיאָנצקאָווסקי בנימין
זאַיאָנצקאָווסקי חיה
זאַיאָנצקאָווסקי הלל
זאַיאָנצקאָווסקי גוטשע
זאַיאָנצקאָווסקי ישכר־בעריש

זאַלצבערג משה־מאיר
זאַלצבערג מלכה
זאַלבערג מענדל
זאַלצבערג שיינדל און משפחה
זאַלצבערג וואָלף און משפחה
זאַלצבערג הינדע
זאַלצבערג זכריה און משפחה
זאַלצבערג רבקה און איר מאַן
זאַלצבערג מינדזשע
זאַלצבערג משה־שמעון
זאַלצבערג מלכה
זאַלצבערג באַלטשע
זאַלצבערג רייזל
זאַלצבערג רבקה
זאַלצבערג אסתר
זאַלצבערג הערצקאַ און משפחה
זאַלצבערג רוזשקאַ און משפחה
זאַלצמאַן בנימין און משפחה
זייד ברוך און משפחה
זייד דוד
זילבערשאַץ אברהם
זילבערשאַץ פּעסל
זילבערשאַץ שלמה און משפחה
זילבערשטיין פייוויש
זילבערשטיין רחל
זילבערשטיין אברהם
זילבערשטיין מרימל
זילבערשטיין טויבע
זילבערשטיין יוזיף און משפחה
זילבערשטיין משה און משפחה
זילבערשטיין שושנה־רייזל
זילבערשטיין שולמית
זילבערשטיין מנחם־מענדל
זילבערשטיין פראַניע
זילבערשטיין שרה
זילבערשטיין מאַטילדאַ
זילבערשטיין יאַנציאַ
זילבערשטיין דאָבע
זילבערשטיין סאַלטשע
זילבערשטיין רוזשע
זילבערשטיין אברהם־מרדכי
זילבערשטיין שרגא־פייוול
זילבערשטיין מרדכי
זילבערשטיין חיה־שרה
זילבערשטיין רבקה
זילבערשטיין דוד
זילבערשטיין טעמאַ
זילבערשטיין שרגא־פייוול
זילבערשטיין רחל־רוזשע
זילבערשטיין אהרן
זילבערשטיין אסתר
זילבערשטיין שרה
זילבערשטיין רחל
זילבערשטיין פּערל
זילבערשטיין רבקה
זילבערשטיין אהרן
זילבערשטיין אסתר־חיה
זילבערשטיין שאול
זיסהאָלץ נחמיה און משפחה
זיסהאָלץ לייבוש און משפחה
זיסהאָלץ רייזל
זלאָטניק לייבקע און משפחה
זעלצער ישראל דוד און משפחה
זשולטי — די גאַנצע משפחה
זשעליאַזניק — די גאַנצע משפחה

ח

חייט שלמה

ט

טאָפּאָרסקי אברהם
טאָפּאָרסקי לאה
טאָפּאָרסקי נתן
טאָפּאָרסקי רוזשע
טאָפּאָרסקי שפרה
טאַרבעצקי לייבוש
טאַרבעצקי פּערל
טאַרבעצקי אלתר
טאַשמע אברהם און משפחה
טאַשמע געניאַ
טורנער מאָטל

מיט גרויס ליבשאַפט און יראת־הכבוד דערמאָנען מיר אונדזערע עלטערן

ר׳ **וואָלף ליפּמאַנאָוויץ** ז״ל, נפטר געוואָרן כ״ו תשרי ת״ש (1940)

מרת **גיטל ליפּמאַנאָוויץ** ז״ל, נפטר געוואָרן ז׳ אב, תרצ״ה (1935)

אונדזערע שוועסטער: **רבקה** און **חיה־דאָבע ליפּמאַנאָוויץ** הי״ד

אונדזער ברודער **נתן־בער** און שוועסטער **פרימעט ליפּמאַנאָוויץ** הי״ד

**וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים**
**אין יאָר 1942 אין טרעבלינקע.**
**מיר וועלן אייך תמיד געדענקען און באַווינען אייער פריצייטיקן טויט.**

**יהודה ליפּמאַנאָוויץ**, תל־אביב
**אבא ליפּמאַנאָוויץ**, טאָראָנטאָ, קאַנאַדע



פון רעכטס צו לינקס: ר׳ וואָלף ליפּמאַנאָוויץ ז״ל, יהודה ליפּמאַנאָוויץ (לעבט אין תל־אביב), מרת גיטל ליפּמאַנאָוויץ ז״ל, אבא ליפּמאַנאָוויץ (לעבט אין טאָראָנטאָ), רבקה ליפּ־מאַנאָוויץ ז״ל, חיה־דאָבע ליפּמאַנאָוויץ ז״ל, נתן־בער ליפּמאַנאָוויץ ז״ל און פרומעט ליפּמאַנאָוויץ ז״ל.



# יצחק ליפמאנאוויץ (ליפ) ז״ל

## ב״ר זאב וואָלף ליפמאַנאָוויץ ז״ל

איז געבוירן געוואָרן דעם 19־טן מערץ 1901 אין יענדזשעוו, ביי אַ סוחרישער, בעל־הבתישער משפחה.

יצחק ליפמאַנאָוויץ (ליפ) ז״ל



יצחק ז״ל מיט זיין שוועסטער חיה־דאָבע ז״ל

שוין אין זיינע יינגסטע יאָרן האָט זיך ביי אים דערוועקט אַ ווילן צו ווידמען זיין צייט, ענערגיע און איבערהויפּט זיינע פעיקייטן, פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין דער סאָציאַליסטישער ריכטונג.

יצחק טרעט אַריין אין דער יידי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַר־בעטער־פּאַרטיי „פּועלי־ציון״ אין יענדזשעוו, ווערט דאָרט זייער אַק־טיוו און נעמט אַ גרויסן אָנטייל אינעם וואַל־קאַמף צו דער ערש־טער „גרינדונגס־פאַרזאַמלונג״ פון דער אויפשטייענדיקער פּוילישער מלוכה, דעם 7טן פעברואַר 1919, וועלכע איז דאַן פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין ערשטן פּוילישן סיים.

ווי דער גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט אין פּוילן בכלל און יענדזשעוו בפרט, האָט ער זיך נישט געקאָנט צופּאַסן צום שטילן און אַפּאַטישן לעבן, וואָס האָט געהערשט אין יענער צייט אין די פּויליש־יידישע שטעט און שטעטלעך און עס האָט אים געריסן „אין דער גרויסער ברייטער וועלט״.

אין יאָר 1919 פאַרלאָזט ער יענדזשעוו און פאָרט קיין דייטשלאַנד. דאָרט האָט ער זיך באַזעצט אין מעץ.

יצחק ליפמאַנאָוויץ ז״ל האָט דאָרט זייער מצליח געווען. זיין עקאָנאָמישע לאַגע ווערט וואָס אַמאָל בעסער, ביז ער ווערט רייך און באַזעצט זיך אין פּאַריז.

ער וואַרפט זיך צוריק אַריין אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וועלכער ער גיט אָפּ זיין גאַנצע פרייע צייט. ער ווערט געוויילט אַלס וויצע־פאָרזיצער פון פראַנצויזישן „קרן־קימת״־קאָמיטעט און אַלס פאָרזיצער פון קעלצער לאַנדסמאַנשאַפט־קאָמיטעט, וואָס איז טעטיק פאַר דער גאַנצער געגנט, דערונטער אויך פאַר יענדזשעוו.

ווען ס׳בּרעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה, טרעט יצחק ליפמאַנאָוויץ אַריין, פריי־וויליק אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, קעמפט אין די ערשטע רייען קעגן היטלעריזם און

(המשך בעמוד הבא)

(המשך)

פאַשיזם און פאַלט אַריין אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. על פי נס געלינגט אים פון דאָרט צו אַנטלויפן און צוריקקומען קיין פאַריז. אָבער דאָ וואַרטן אים אָפּ גרויסע צרות. ער טרעפט שוין דאָרט נישט זיין עלטערן ברודער, דוד ז״ל, — די נאַציס האָבן אים מיט זיינע 4 קינדער, פאַרשיקט אין אַ לאַגער, פון וואַנעט זיי זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען. די שוועגערין מיט נאָך דריי קינדער, זענען ניצול געוואָרן פון די היט־לעריסטישע לאַפּעס און געבליבן אין פאַריז, אָבער זי איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן, און אירע 3 קינדער זענען פאַרבליבן קיילעכדיקע יתומים.

יצחק פאַרלאָזט זיי נישט, ער פאַרטרעט זיי די עלטערן, נעמט זיי צו זיך און באַהאַנדלט זיי ווי זיינע אייגענע קינדער. ער מאַכט זיי חתונה און אָרדנט זיי איין. זיין שטוב איז אויך אָפן פאַר יענדזשעווער לאַנדסלייט, וועמען ער נעמט אויף זייער וואַרעם. אויך די יעניקע, וואָס ווילן זיך באַזעצן אין פראַנקרייך, העלפט ער מאָראַליש און מאַטעריעל.

דאָס לעבן נאָרמאַליזירט זיך און יצחק מיט זיין פרוי, דינה, באַזוכן ישראל צוויי מאָל. זיי זענען באַגייסטערט און פלאַנירן אַ דריטן באַזוך. אָבער, ליידער, ווערט ער קראַנק. דעם 2טן אויגוסט 1962, הויכט ער אויס זיין איידעלע נשמה אין פאַריז, ווו ער קומט צו קבר ישראל.

די „סאָסייטי פאַר קינדער פון קעלץ און אומגעגנט" האָט צום ערשטן יאָרצייט איינ־געאָרדנט אַ פייערלעכע הזכרה ביי זיין קבר אויפן פאַריזער בית־עולם „באַניע" און געפלאַנצט 60 ביימער אין „יער הרצל" קרן קיימת לישראל — לויט די 60 יאָר פון זיין שיין לעבן.

אונדזער חשובער בן־עיר האָט כשר פאַרדינט, אַז זיין נאָמען און זיינע מעשים טובים, זאָלן פאַראייביקט ווערן אין יענדזשעווער יזכור־בוך!

כבוד זיין אָנדענק!

**פאַראייביקט דורך זיין פרוי**

**דינה ליפּ (ליפּמאַנאָוויץ)** אין פאריז



פון לינקס צו רעכטס: יצחק ליפמאַנאָוויץ, זיין פרוי דינה תבל״ח, אַ באַקאַנטער און זיין ברודער אבא ליפמאַנאָוויץ יבל״ח, פון טאָראָנטאָ



צירל ליפמאַנאָוויץ מיט אירע קינדער: דבורה־פרימעט און גיטל־דאָבע ז״ל

מ:ט הייסער ליבע און מיט גרויס כבוד דערמאָן איך די הייליקע נעמען פון מיין טייערער פרוי

# צירל ליפמאנאוויץ הי״ד

און אונדזערע הייס־געליבטע טעכטערלעך:

# דבורה־פרומעט
# און גיטל־דאבע ליפמאנאוויץ הי״ד

וואָס זייער יונג לעבן און פאַרשניטן געוואָרן דורך די נאַציסטע רוצחים אין יאָר 1942, אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

כ׳וועל אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, מיינע טייערע!

דיין מאַן און אייער פאָטער

יהודה ליפמאַנאָוויץ

תל־אביב

מיט בלוטיקע טרערן באַוויין איך דעם פריצייטיקן און אַכזריותדיקן טויט פון
מיין הייס־געליבטער פרוי

**מלכה ליפּמאַנאָוויץ** (געב. ברזשעגאָווסקי) הי״ד

און אונדזער ליב זונעלע **נתן זכריה** הי״ד

דעם טראַגישן טויט פון מיינע שוויגער־עלטערן

**מאיר** און **יוטא ברזשעגאָווסקי** הי״ד

שוועגערין **פּערל**, שוואָגער **הלל ברזשעגאָווסקי** און זיין פרוי **רחצי** הי״ד,

וועלכע זענען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

מיט יראת־הכבוד און גרויסן טרויער טראָג איך אין מיין צעבראָכן האַרץ
אייער הייליקן זכרון!

טאָראָנטאָ, קאַנאַדע **אבא ליפּמאַנאָוויץ**



ערשטע שורה פון רעכטס, שטייען: אבא ליפּמאַנאָוויץ (לעבט אין טאָראָנטאָ), זיין פרוי מלכהלע ליפּמאַנאָוויץ־ברזשעגאָווסקי הי״ד, ראָכטשע ברזשעגאָווסקאָ הי״ד, זיסל ברזשע־גאָווסקאָ (לעבט אין פּאַריז), פּעסל ברזשעגאָווסקאָ הי״ד, רחצי׳ מיט איר מאַן הלל ברזשעגאָווסקי הי״ד.
צווייטע שורה, זיצן: ר׳ מאיר ברזשעגאָווסקי און זיין פרוי יוטאַ הי״ד (די עלטערן)
דאָס זונעלע פון אבא און מלכה ליפּמאַנאָוויץ, נתן זכריה הי״ד



חיה דאָבע ליפּמאַנאָוויץ מיט איר קליין קינד

**לזכרון עולם!**

אונדזער ליבע און געטרייע שוועסטער

# חיה דאבע ליפמאנאוויץ הי״ד

**מיט איר קליין קינד**

**וועמען די נאַצישע מערדער האָבן אומגעבראַכט אין יאָר 1942, אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע**

**מיר וועלן אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!**

**די ברידער:**

**יהודה ליפּמאַנאָוויץ**, תל־אביב

**אבא ליפּמאַנאָוויץ**, טאָראָנטאָ, קאַנאַדע



# לייבל סאבקאווסקי הי״ד

געבוירן אין יענדזשעוו און געלערנט פעלדשעריי אין וואַרשע. צוריקגעקומען דערנאָך קיין יענדזשעוו אַלס דיפּלאָמירטער פעלדשער.

לייבל סאַבקאָווסקי איז נישט געווען בלויז אַ מומחה אין זיין באַרוף, נאָר ער איז געווען געבענטשט מיט אַ גוט יידיש האַרץ. אַריינקומענדיק צו אַ קראַנקן האָט ער אים געגעבן נישט בלויז מעדיצינישע הילף, נאָר אויך, ווי מען זאָגט, אַריינגעזעצט אין אים אַ נייע נשמה. אים איבערצייגט, אַז ער איז גאָרנישט אַזוי קראַנק און וועט באַלד קאָנען גיין צו זיין באַשעפטי־קונג, און אַז ער מאַכט זיך בכלל נאַריש, זאָגנדיק, אַז עס טוט אים עפּעס וויי...

אויב ער איז אַריינגעקומען צו אַן אָרעמאַן, האָט ער נישט בלויז מוותר געווען אויף זיין האָנאָראַר, נאָר אויך איבערגעלאָזט הינטערן קישן אַ פיינע מטבע, נישט נאָר אויף מעדעצין, נאָר אויך אויף אַנדערע הצטרכותן...

די פוילישע שטאָט־דאָקטוירים האָבן אים טיטולירט מיטן נאָמען „פאַן פּראָפעסאָר״, אָבער אַ דאַנק זיין גרויסער פּראַקטיק, האָבן זיי זיך פיל מאָל מיט אים באַראַטן אין וויכטיקע מעדיצינישע ענינים.

ער האָט געחלומט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אָבער ער האָט זיין חלום נישט פאַרווירקלעכט.

עס איז געקומען די גרויזאַמע צווייטע וועלט־מלחמה און לייב סאַבקאָווסקי ז״ל האָט מיטגעמאַכט די צרות פון אַלע יענדזשעווער יידן, געאַרבעט אין סקאַרזשיסקאַ ביי די שווערסטע באַדינגונגען, געליטן הונגער און נויט אין שליבען ביי לייפּציג, און אין יאָר 1945, פאַר דער באַפרייאונג, דאָרט אויסגעהויכט זיין איידעלע נשמה!

זיין פרוי און זייערע צוויי קינדער זענען אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים, נאָך פאַר אים.

אַלע וואָס האָבן אים געקענט, וועלן תמיד דערמאָנען זיין נאָמען מיטן גרעסטן יראת־הכבוד!

גבעתיים **אליעזר זאַלצבערג**

אַנשטאָט אַ מצבה פאַר מיינע טייערע און ליבע עלטערן, וואָס מען קאָן, לײדער, נישט שטעלן, פאַראייביקן מיר די נעמען פון אונדזערע קדושים וטהורים

מיין פאָטער

# אברהם־יעקב סאנקאוויץ הי״ד

מיין מוטער

# שרה־גיטל סאנקאוויץ הי״ד

מיינע ברידער

# שמואל־יצחק,

זיין פרוי **שפרינצע** און זייערע קינדער הי״ד

# ישראל נפתלי

זיין פרוי **מאשע** און זייער קינד **לייבל** הי״ד

# למשפחת סאנקאוויץ

אַלע זענען אומגעקומען אין ביטערן יאָר 1942.

מיר וועלן תמיד האַלטן הייליק אייער זכרון!

בוענאָס־איירעס — **חיים סאַנקאָוויץ** און זיין **משפחה**

מיט טיפן שמערץ און טרויער באַווייִנען מיר אונדזערע טייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, פעטער און מומעס מיט זייערע קינדער און אַנדער קרובים, וואָס די נאַציִשע רוצחים האָבן פאַרשניטן זייער לעבן און זיי אומגעברענגט אין די גאַז־אויוונס פון פינצטערן טרעבלינקע, אין יאָר 1942.

די עלטערן:

**דוד** און **ראזא סטאביעצקי** הי״ד

די ברידער:

**מאיר, חיים אליהו** און **יצחק סטאביעצקי** הי״ד

די שוועסטער:

**מאשא סטאביעצקי** הי״ד

דער פעטער **שמעון** און די מומע **ראזא לאנדנער** הי״ד

און זייערע קינדער:

**משה חיים, מאיר, שרה** און **דוד לאנדנער** הי״ד,
**רחל בראנדעס** הי״ד

די קרובים:

**יהושע סטאביעצקי, מלכה סטאביעצקי**
און **באלציע סטאביעצקי** הי״ד

מיר וועלן תמיד טראָגן אין אונדזערע צעבראָכענע הערצער ליבע צו זיי און מיט יראת־הכבוד וועלן מיר זייערע נעמען דערמאָנען.

מענדל סטאָביעצקי
דוב סטאָביעצקי

חיפה



ר׳ יצחק מאיר סלוד און זיין פרוי חנה הי״ד.
דער מיליטער־מאַן איז זייער זון פּנחס־זעליג (פּויל מאַרסעל) סלוד ז״ל

מיטן גרעסטן יראת־הכבוד פאַראייביק איך אין יענדזשעווער יזכור־בוך דעם טייערן אָנדענק פון מיינע ליבע עלטערן:

מיין פאָטער ר׳ **יצחק מאיר סלוד** הי״ד

מיין מוטער מרת **חנה** (געבוירן פעלדבערג) **סלוד** הי״ד

ביידע זענען אומגעקומען אין פינצטערן יאָר 1942 דורך די רוצחישע הענט פון די נאַצי־באַנדעס אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

כ׳פאַראייביק אויך דעם זכרון פון מיין טייערן ברודער

**פּינחס זעליג** (פּויל מאַרסעל) **סלוד** ז״ל

װעלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און איז נפטר געוואָרן אין ניו־יאָרק, דעם 3טן מאַי 1953.

מיין צעבראָכן האַרץ געפינט נישט קיין טרייסט אויפן פאַרלוסט פון מיינע טייערע עלטערן און דעם פריצייטיקן טויט פון מיין ליבן ברודער ז״ל.

אייביקער כבוד זייער הייליקן אָנדענק!

תל־אביב — **פרידעל סלוד־מוכאַ**



ר׳ ישראל עדעליסט מיט זיין פרוי און זייערע פינף קינדער: טוביה, פערל, ברײַנדל, לייביש און מענדל הי״ד — אַלע אומגעקומען אין טרעבלינקע אין יאָר 1942

**נישטאָ קיין מצבה, דאָס אַש פון מיינע טייערסטע האָט זיך אויסגעמישט מיט די מיליאָנען קדושים פון אונדזער פאָלק, זאָל כאָטש זייער בילד און זייערע כשרע נעמען פאַראייביקט ווערן אין דעם יענדזשעווער יזכור־בוך, דאָס בוך פון דער חרובער שטאָט, ווו זיי האָבן געפירט זייער שיין, ערלעך לעבן!**

**כ׳וועל אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!**

דיין ברודער, שוואָגער און פעטער

**לייביש עדעליסט**

טאָראָנטאָ



זאָלן פאַראייביקט ווערן אין אונדזער יזכור־בוך די ליכטיקע געשטאַלטן

פון מיין ליבן פאָטער ר׳ **יעקב עדעליסט** ז״ל

מיין חשובער קרוב ר׳ **אבא קופּערבערג** ז״ל

וועלכע זענען נפטר געוואָרן פאַר דער בלוטיקער מלחמה און נאָך זוכה געווען צו קומען לקבר ישראל!
הייליק און טייער איז מיר זייער אָנדענק!



ר׳ יעקב עדעליסט ז״ל — טאָראָנטאָ — **לייביש עדעליסט** — ר׳ אבא קופּערבערג ז״ל



צום אייביקן אָנדענק! מיינע טייערע קרובים:

**משה קופּערבערג** מיט זיין פרוי און קינדער הי״ד

**זוסמאן שענקער** מיט זיין פרוי און קינדער הי״ד

וועלכע זענען אומגעקומען דורך די נאַציסטישע רוצחים אין יאָר 1942 אין טרעבלינקע. כ׳וועל שטענדיק אייך געדענקען און טראָגן אין מיין צעבראָכן האַרץ, צוליב אייער פריצייטיקן טויט, שנאה און פאַראַכטונג צו אייערע רוצחים.

טאָראָנטאָ — **לייביש עדעליסט**



מיט הייסע טרערן און מיט אַ צעבראָכן האַרץ באַוויין איך דעם שוידערלעכן טויט פון מיינע טייערע עלטערן:

**יוסף־פרץ פלעשאווסקי** הי״ד

און **רבקה פלעשאווסקי** הי״ד

און מיינע ליבע שוועסטערס

**לאה** און **חיה פלעשאווסקי** הי״ד

וועלכע די נאַצישע רוצחים האָבן אומגעבראַכט אין יאָר 1942, אין טרעבלינקע.

אין טיפן טרויער

טאָראָנטאָ **אלתר פלאַטט־פלעשאָווסקי**



משפחת אבי וחותני ר' אשר יחזקאל פרידברג הי"ד ובתוכה בתנו היקרה
רבקה'לי גרינברג הי"ד — נכדת הנ"ל.
(חסרה בתמונה — דמותו של גיסנו **שמואל דוד קוואשניבסקי** הי"ד,
שנעדר מביתו בזמן הצילום).

---

בכאב צורב ובאבל כבד, אנו מעלים את זכר בתנו הבלתי־נשכחת

**רבקה'לה גרינברג,** הי"ד

אשר בסערת השואה נגרפה מאתנו ואיננה!

ואתה יחד — את זכר אבי וחותני, איש תמים, נאמן לד' ולמצוותיו

**ר' אשר יחזקאל פרידברג** הי"ד

רעיתו הנאמנה — אמי וחמותי **האדל** הי"ד

אחותי־גיסתי **רוזה** הי"ד, ובעלה־גיסנו **שמואל־דוד קוואַשניבסקי**

ושני ילדיהם, הי"ד

אחי־גיסי **דוד** הי"ד, אחותי־גיסתי **לאה** ו־**עטקא**, הי"ד

אחי־גיסי **ישראל** הי"ד, אחותי־גיסתי **חנה** הי"ד ואחי־גיסי **שמואל** הי"ד —

כולם לבית **פרידברג**

וכולם נעקרו מארץ החיים, במיתות משונות ואכזריות, על ידי שליחי הצר הצורר במדינת פולין, שהתבוססה בדם קדושיה, — שנהרגו, נשחטו ונשרפו ללא רחם!

אנא השם! נקום את נקמת דמם השפוך ושלם לרוצחי עמנו כגמולם!

אֲשרויים בצער על אבדן יקיריהם

**הינדה** (לבית **פרידברג**) ו־**שאול גרינברג**

הולון

**על אלה אני בוכיה עיני עיני יורדות דמעה על אבדן הורי, אחי ואחותי וקרובי משפחתי, שנרצחו על ידי הצוררים הנאצי״ם, ימח שמם, במחנה המוות בטרבלינקה בשנת 1942.**

**ואלה שמות הקדושים:**

אבי ר׳ **משה** ב״ר **מאיר הלוי פרידברג** ה״י

אשתו **גיטל פרידברג** הי״ד

אחי **חיים פרידברג** הי״ד וגיסתי **רבקה** הי״ד

אחותי **פייגל טייכנר** הי״ד

גיסי **הירש־וולף טייכנר** הי״ד

בנם **ישעיהו** ובנותיהם **חנה ושפרינצה** הי״ד

**השרויה באבל כבד**

חיפה **אסתר** (לבית פרידברג) **שרף**



עומדים: פייגל והירש־וולף טייכנר, חיים ורבקה **פרידברג** הי״ד. יושבים: משה וגיטל פרידברג הי״ד. כורע: **אליעזר,** חי ב״ה, ונמצא בארץ.



חנה (לבית קאמראט), בעלה אברהם קאַנטאָראָוויץ ובתם הקטנה מרים

צום צייכן פון ליבע און אַכטונג פאַראייביקן מיר דעם אָנדענק פון אונדזער האַר־ציקער יוגנט־פריינדין און מיין שוועסטער

**חנה׳טשע** (פון דער היים קאַמראַט) **קאנטאראוויץ** הי״ד

איר מאַן **אברהם קאנטאראוויץ** הי״ד

און זייער טעכטערל **מרים** הי״ד

וועלכע זענען בעסטיאַליש אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים און אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דעם ברידער־קבר אין לוצק (וואָלין). זיי האָבן געוווינט אַ צייט אין יענדזשעוו און זייערע הייליקע נעמען דאַרפן פאַראייביקט ווערן אין יענדזשעווער יזכור־בוך.

כבוד זייער אָנדענק!

**ריווטשע הוטניק־זאַראַמב**, בוענאָס־איירעס
**רעגינאַ קאַמראַט (בן־חורין)**, בית שאן

איך דערמאָן מיטן גרעסטן יראת הכבוד מיינע טייערע קרובים, וועלכע זענען אומגעקומען אין יאָר 1942 אין טרעבלינקע דורך די נאַצישע מערדער:

**חיה קאָסאָווסקי הי״ד**

**דוד גאָלדלוסט הי״ד**

**רייזל אַקאָוויטאַ הי״ד**

און איר חברה

**עטל טרייסטער הי״ד**

**שיינדל מיט איר מאַן**

**מאיר סאלארזש**

און זייערע 4 קינדער

זאָלן כאָטש אייערע נעמען און בילדער פאַראייביקט ווערן אי־נעם יענדזשעווער יזכור־בוך.



ערשטע שורה: חיה קאָסאָווסקי און דוד גאָלדלוסט.
צווייטע שורה: רייזל אַקאָוויטאַ און עטל טרייסטער.
דריטע שורה: שיינדל סאַלאַרזש מיט איר מאַן מאיר הי״ד און זייערע 4 קינדער.



**אסתר ראָזענבלום־אַקאָוויטאַ**

חיפה



ר׳ חיים מנחם־מענדל רובינשטיין ז״ל



ר׳ נתן־מנחם רובינשטיין ז״ל



דוב־בערל רובינשטיין ז״ל

מיר דערמאנען דעם טייערן אָנדענק!

פון אונדזער זיידן

**ר׳ חיים מנחם־מענדל רובינשטיין ז״ל**

פון אונדזער גאָטזעליקן פאָטער

**ר׳ נתן־מנחם רובינשטיין ז״ל**

אונדזערע ברידער **דוב־בערל** און **עקיבא רובינשטיין** ז״ל

און די גאַנצע פאַמיליע, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים **אין יאָר 1942.**

**אליעזר רובינשטיין**
**הערשל רובינשטיין**
**הענא וואקסמאן־רובינשטיין**

תל־אביב



משפחת רובינשטיין הי״ד

מיט גרויס יראת־כבוד און מיט
הייסער ליבע דערמאנען מיר

אונדזער טייערע

# משפחה רובינשטיין
# הי״ד

מיר וועלן אייך אייביק געדענקען !

אליעזר רובינשטיין
צבי הערשל רובינשטיין
הענא רובינשטיין־וואַקסמאַן

תל־אביב

אונדזערע טייערע **עלטערן**, ר׳ **מענדל ריטערבאַנד** און **פייגל ריטערבאַנד** הי״ד, **שוועסטער**, **שוואָגער** און זייערע קליינע **קינדער**,
**האָבן מיר פאַרלוירן אין דעם גרויסן מענטשן־מאָרד אין די גאַז־אויוונס פון פינצטערן טרעבלינקע, אין יאָר 1942**

**אונדזערע הערצער זענען צעבראָכן, נישטאָ פאַר אונדז קיין טרייסט!**
**מיר פאַראייביקן דעם זכרון פון אונדזערע טייערסטע אין דעם יזכור־בוך פון דער יענדזשעוועער חרובער יידישער קהלה און אירע קדושים!**

**יוסף ריטערבאַנד**, נתניה
**ראובן ריטערבאַנד**, נתניה
**איטשע ריטערבאַנד**, טאָראָנטאָ



פון רעכטס צו לינקס: ישעיהו דוד ניעדזשוויעצקי הי״ד, יוסף ריטערבאַנד (וווינט אין נתניה), רחל ריטערבאַנד הי״ד, איטשע ריטערבאַנד (לעבט אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע), ישעיהו־דודס אַ קינד, זיין פרוי אסתר ריטערבאַנד־ניעדזשוויעצקי מיט אַ קליין קינד אויפן האַנט, הי״ד, ר׳ מענדל ריטערבאַנד הי״ד, זיין פרוי פייגל ריטערבאַנד הי״ד (צווישן זיי אַ קינד פון ישעיהו־דוד און אסתר) הי״ד. דער לעצטער אויפן בילד — ראובן ריטערבאַנד, (וווינט אין נתניה).





מיט גרויס ליבע און יראת־הכבוד פאַראייביקן מיר אין יענדזשעווער יזכור־בוך לזכרון־עולמים, די נעמען פון אונדזערע טייערע עלטערן

אונדזער פאָטער ר׳ **חנוך העניך רייזמאַן** ז״ל

וואָס איז פון אונדז אַוועק כ״ג תמוז תרצ״ח און געקומען צו קבר־ישראל מיט גרויס כבוד אויפן יענדזשעווער בית־עלמין.

אונדזער מוטער מרת **שרה (שרהקע) רייזמאַן** ז״ל

וועלכע איז אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים י״א כסלו תש״ד אין ראַקאָוו, ביי פּיאָטרקאָוו. גרויס איז אונדזער צער און מיר וועלן אים תמיד טראָגן אין אונדזערע הערצער ביזן לעצטן לעבנס־אָטעם.

אייערע קינדער:

**מאַניע** (ניו־יאָרק)

**אברהם** (לאָנדאָן)

און **משה** (ישראל)



## אבי המנוח **אביגדור בלפר** ז״ל

נולד בשנת 1903. עלה לארץ בשנת 1920 והצטרף לקבוצת צריפין (כיום מזרע). עבד במקומות שונים ובסוף במחצבה בעטלית, שסיפקה אבנים לבנין המזח בנמל חיפה. ניספה בתאונת־עבודה במחצבה ביום ג׳ בטבת תרצ״ב (13.12.1931).

זכרו קדוש בפי כל מכיריו ומוקיריו ויישר כחם של עסקני ארגון יוצאי עיר מולדתו ינדז׳יוב, שהנציחו את שמו בספר ה„יזכור״ לזכר הקהלה שהושמדה!

מזרע בתו **יעל פינמסר** (לבית בלפר)



די אומגעקומענע קדושים הי״ד ביים קבר פון זייערס אַ קרובה **טעמא** ז״ל

**אַנשטאָט אַ מצבה**

**פאַר מיינע טייערסטע**

**גיטל גאָלדלוסט** הי״ד

איר זון **בענדעט גאָלדלוסט** הי״ד

און **גאָלדע לענטשנער** הי״ד

וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציִשע רוצחים אין בלוטיקן יאָר 1942 אין טרעבלינקע,פאַראייביק איך זייערע נעמען און בילד אין דעם יענדזשעוועער יזכור־בוך למזכרת עולם!

בוענאָס־איירעס **טוביה שענקער**



גרויס איז מיין טרויער און טיף איז מיין ווייטיק, ווען כ׳דערמאָן די נעמען פון
מיינע טייערע קרובים

**ישראלקע גאָלדלוסט** הי״ד, **משה גאָלדבערג** הי״ד, **פאַניעלע קאַפּלאַן**,
און די צוויי קליינע קינדערלעך פון **איטשע גאָלדבערג** הי״ד,
און דאָס ליבע קינד פון **משה** און **חיה גאָלדלוסט** הי״ד

וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציש מערדער אין אוישוויץ.
זאָלן זייערע נעמען פאַראייביקט ווערן אין יענדזשעוו׳ער „יזכור־בוך" צוזאַמען מיט אַלע
קדושים פון אונדזער אַלטער היים!

**טוביה שענקער**

---



מיינע טייערע קרובים

**אסתר־אַבאָרזשאַנעק־שענקער**

און איר באַגאַבט טעכטערל **טויבעלע** הי״ד, זענען אומגעקומען דורך די נאַציש רוצחים אין שטוטהאָף.
אייביקער כבוד פאַר די קדושים און טהורים, וואָס האָבן באַצאָלט מיט זייערע יונגע לעבנס פאַר זייער יידישקייט!
מיר וועלן אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

**טוביה שענקער**

בוענאָס־איירעס




מיר דערמאָנען מיט יראת־הכבוד
די נעמען
נעמען פון אונדזער טייערן פאָטער
**ר׳ ישראל בויגען** ז״ל
נפטר געוואָרן אין ישראל
און אונדזער ליבן ברודער
**משה בויגען** ז״ל
געשטאָרבן אין חוץ־לארץ

ר׳ ישראל בויגען ז״ל — משה בויגען ז״ל

**זאָלן זייערע נעמען פאַראייביקט ווערן אין יענדזשעוועער יזכור־בוך, ווו זיי האָבן געלעבט אַ בכבודיק ערלעך לעבן.**

תל־אביב — משפ׳: **קורנפלד, וקסבוים, בויגן ופרוכט**

---

**צום אייביקן אָנדענק פון מיינע טייערע קרובים, וואָס זענען אומגעקומען דורך די מערדערישע נאַצישע רוצחים**

**לייבקע זלאָטניק** ז״ל
**זיין פרוי חיה** ז״ל
**און זייערע טעכטערלעך מינדל און הינדע** ז״ל

**אַ שטיקל טרייסט איז פאַר מיר, וואָס זייער טעכטערל עדזיאַ, וועלכע געפינט זיך אויפן בילד, איז געראַטעוועט געוואָרן און לעבט אין ישראל**

**כבוד פאַר די קדושים און ברכה־והצלחה פאַר עדזיאַ זלאָטניק.**
**זאָל לעבן די שארית־הפליטה פון איר משפחה.**

ישראל — **עדזיאַ רובינשטיין**





די משפחה קאָזלאָווסקי הי״ד

מיטן גרעסטן יראת־הכבוד פאַראייביק איך דעם זכרון פון מיינע טייערע און ליבע עלטערן און די בני־המשפחה, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים אין פינצטערן יאָר 1942 אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.
אויפן בילד געפינען זיך מיינע טייערסטע:

**חנה, הירש, שרה** און **יחיאל קאָזלאָווסקי** הי״ד

**זייער אָנדענק וועל איך היטן טיף אין האַרצן מיין גאַנץ לעבן!**

קרית שמואל (ביי חיפה) **צפורה גאָטפריד־קאָזלאָווסקאַ**

---

**מיין הייס־געליבטן פאָטער**

ר׳ **חיים משה קולימעק** (זון פון ר׳ אבא און פעסל) פון יענדזשעוו,

**וועלכער איז פאַרפייניקט געוואָרן דורך די נאַציִשע סאַדיסטן אין יאָר 1942, אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע, וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.**

**טיף אין האַרצן וועל איך טראָגן מיין גרויסן ווייטיק און טרויער!**

**זיין טאָכטער**

אַרגענטינע **חנה ליכטענשטיין־קולימעק**

צום אייביקן אָנדענק פֿאַראייביקן מיר אין יענדזשעווער יזכור־בוך די נעמען פון מיינע ליבע עלטערן, ברידער און פעטערס

מיין פֿאָטער ר׳ **חיים אליעזר אָסעלקאַ** ז״ל

מיין מוטער **אסתר** (געבוירן **מאַנעלאַ**) **אָסעלקאַ** ז״ל

מיין ברודער **שלמה אבנר אָסעלקאַ** ז״ל מיט זיין **פרוי** און קינדער

מיין ברודער **אלתר שבתי אָסעלקאַ** ז״ל מיט זיין **פרוי**

מיין פעטער **שלמה אָסעלקאַ** ז״ל מיט זיין **פרוי**

מיין פעטער **דוד מאַנעלאַ** ז״ל מיט זיין **פרוי** און קינדער

מיין פעטער **הערש־בער וואָלפשטאַדט** ז״ל מיט זיין **פרוי** און קינדער

**באַשע אָסעלקאַ דע לאָוטשע**

בוענאָס־איירעס

---



פון רעכטס: מאַדאַם גילבערט וווינט אין פאַריז), שלמה און חנה גילבערט (עלטערן), שמואל גילבערט, (וווינט אין פאַריז), און די קליינע באַיע (טאָכטער פון אונדזער שוועסטער גיטל גילבערט).

מיט גרויס ווייטיק און מיט הייסע טרערן דערמאָנען מיר אונדזערע טייערע עלטערן

**שלמה** און **חנה גילבערט** הי״ד

וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע,

און די טייערע שוועסטער

**בלומטשע פריילין** הי״ד

און אירע צוויי **קינדערלעך** הי״ד וועלכע זענען אומגעקומען אין כענטשינער געטאָ,

די ליבע שוועסטער

**גיטל גילבערט**

מיט איר טעכטערל **באַיעלע** הי״ד וועלכע זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע,

די טייערע שוועסטער **עלקאַ ביוואַלסקי** הי״ד

וועלכע איז דעפּאָרטירט געוואָרן פון פּאַריז און געפונען איר טראַגישן טויט אין אַ קאָנצענטראַציע לאַגער.

זאָלן כאָטש זייערע הייליקע נעמען פאַראייביקט ווערן אין יענדזשעווער יזכור־בוך!

**שמואל גילבערט און פרוי**

מיט טיפן צער דערמאָנען מיר אונדזערע טייערע שוועסטערס, שוואָגערס און זייערע קינדער און אייניקלעך:

**נעכאַ**, איר מאַן **אבנר דאַנציגער**, זייערע קינדער און אייניקלעך ז״ל

**ברײנע**, איר מאַן **שמואל האַלענדער**, זייערע קינדער און אייניקלעך ז״ל

**חנהטשע**, איר מאַן **ברוך גאָטפריד**, זייערע קינדער און אייניקלעך ז״ל

וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַ באַרבאַרישן אופן אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע

**מאַקס גורטמאַן**, פּאַסאַיק (אַמעריקע)
**ראָשי גורטמאַן**, סט. לואיס (אַמעריקע)
**יודל גורטמאַן**, פּאַסאַיק, (אַמעריקע)
**זושא גורטמאַן**, וועסט אָראַנדזש (אַמעריקע)
**ישראל גורטמאַן** (ישראל)

---

זאָלן פאַראייביקט ווערן אין יענדזשעווער יזכור־בוך, די הייליקע נעמען פון אונדזערע טרייע און ליבע עלטערן, שוועסטער און ברידער, וואָס די נאַצישע מערדער האָבן פאַר־שניטן זייער טייער לעבן אין שרעקלעכן יאָר 1942, אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

אונדזער פאָטער ר׳ **אָשר דעמבאָווסקי** הי״ד

אונדזער מוטער מרת **רחל דעמבאָווסקי** הי״ד

אונדזערע ברידער און שוועסטער:

**איטשע, יענקל, מאיר, רייזל** און **חיה דעמבאָווסקי** הי״ד

כבוד אייער אָנדענק! מיר וועלן אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

**סאַלאַ** און **רעגינאַ דעמבאָווסקי** — אַמעריקע

## במסתרים תבכה נפשי!

על אבדן אשת נעורי **שרה** (בתם של ר׳ **זאב אלעזר ודבורה רחל**) — בת רבה הראשון של קיעלץ הגאון רבי **טוביה גוטמאַן** הכהן רפופורט זצ״ל ואחות רבה האחרון הגאון רבי **אברהם אבלי** הכהן רפופורט הי״ד שהושמד יחד עם כל בני קהלתו הקדושה ועל בנותינו היקרות: **זיסל** (זושה), בעלה **משה פריים** ובתם־נכדתי **מינה** ו**הדסה** ובעלה **מאיר פינקלשטיין** הי״ד, שנפלו בידי המרצחים הנאציים יחד עם כל קדושי עירנו ינדז׳יוב.

ביתי שנחרב, כבתי בנותי היקרות, הצטיינו במסירותם לעמם ולארצם במדת הכנסת־האורחים ובמתן עזרה וסעד לנזקקים כראוי לשומרות על מקור מחצבתם — צאצאי ה„ש״ך״, הקדוש, — נזרם ותפארתם של יהודי פולין.

גדול כים שברי ומי ינחמני? ומי ינקום את נקמת דמן השפוך?

תל־אביב **מנחם מענדל הורוביץ**





משמאל לימין: שרה הורוביץ הי״ד, ובנה משה (החי בארצות הברית). עומדות: חיה זאיונצ׳קובסקי (חיה בישראל), וזושה פרייס הי״ד. יושבות: הדסה פינקלשטיין וחיה היילפרין הי״ד. בתמונה הקטנה: משה פרייס ובתו מינה הי״ד.

---

**מיט ווייטיק און גרויס צער פאַראייביקן מיר דעם הייליקן זכרון פון אונדזערע טייערע ברידער און די ליבע קינדער**

**אברהם** (ב״ר נתן דוב ז״ל)

**חנצ׳ינסקי** הי״ד

מיט זיינע **צוויי קינדער** הי״ד

**בנימין** (ב״ר נתן דוב ז״ל)

**חנצ׳ינסקי** הי״ד



מימין למעלה: אברהם חנצ׳ינסקי, תחתיו: שני בניו הי״ד. משמאל: בנימין חנצינסקי הי״ד

**וועלכע זענען אומגעקומען אין פינצטערן יאָר 1942 אין טרעבלינקע, דורך די נאַצישע מערדער.**

**מיר וועלן תמיד אייך דערמאָנען מיטן גרעסטן יראת־הכבוד!**

**אייערע ברידער און שוועסטער:**

**דוד** און **הנה חענצ׳ינסקי** (בני־ברק)

**משה** און **חנה טשינסקי** (ניו־יאָרק)

**פערל** און **פנחס וואָלקאָוויץ** (תל־אביב)

**קלמן** און **תרצה חענצ׳ינסקי** (חולון)

**חוה** און **יצחק פלידערבוים** (חולון)

מיר פאַראייביקן דעם הייליקן
אָנדענק פון אונדזערע קרובים
השו״ב

**ר׳ יעקב לובלינג הי״ד**

מיט זיין פרוי און זייערע
קינדער:

**פערל, קריינדל, הירשל,**
**חנהלע, רחל־לאה און חוה**
**לובלינג הי״ד**

**וועלכע זענען דערמאָרדעט גע־**
**וואָרן דורך די גרעסטע שונאים**
**פון יידישן פאָלק — די פאַר־**
**שאָלטענע נאַציס.**
**מיר וועלן אונדזערע קרובים**
**קיינמאָל נישט פאַרגעסן!**

**לייב וואַקסבוים**, תל־אביב
**משפחות חנצ׳ינסקי**
תל־אביב, בני־ברק און חולון



שטייען: פערל, קריינדל און הירשל זיצן: חנהלע,
רחל־לאה און חוה (אַלע פון משפחת לובלינג).

---

**מיר באַוויינען מיט שמערץ דעם טויט פון**
**אונדזערע טייערע און ליבע, ברודער, שוועס־**
**טער און שוואָגער**

**מיכאל סאָלאַרזש הי״ד**

זיין שוועסטער **חנה׳טשע סאָלאַרזש**
**הי״ד**

**און איר מאַן —**

אונדזער פריינט **אליעזר שליאַר הי״ד**

**וועלכע זענען אומגעקומען קדושים וטהורים**
**דורך די נאַציִשע רוצחים אין יאָר 1942**
**אין טרעבלינקע.**
**הייליק זענען אונדז אייערע נעמען און**
**מיר וועלן זיי תמיד היטן אין אונדזער זכרון**
**מיטן גרעסטן יראת־הכבוד.**

**ליפּא סאָלאַרזש**, תל־אביב
**מאָטל סאָלאַרזש**, מינכען



זיצן: מיכאל סאָלאַרזש און זיין
שוועסטער חנה הי״ד. שטייט:
אליעזר שליאר הי״ד — איר מאַן.



מיט יראת־הכבוד פאַר־
אייביקן מיר דעם היי־
ליקן זכרון פון אונדזערע
טייערע און ליבע עלטערן

ר׳ **יעקב** און **שרה**

**סוכעצקי** הי״ד

**וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים אין שוידערלעכן יאָר 1942 אין טרעבלינקע.**

**אהרן** ז״ל און **מרים סוכעצקי**
ירושלים



ר׳ יעקב סוכעצקי מיט זיין פרוי הי״ד ביים קבר פון זייער קרובה — די טאָכטער פון ר׳ יצחק הכהן ז״ל

**מיט ליבע און יראת־הכבוד פאַראייביק איך אין יענדזשע־ווער יזכור־בוך דעם הייליקן זכרון פון מיינע טייערע קרובים**

ר׳ **יעקב סוכעצקי**

און זיין **פרוי** הי״ד

**וועלכע זענען אומגעקומען על קדושת השם אין פינצטערן יאָר 1942, אין טרעבלינקע, דורך די רוצחים פון יידישן פאָלק.**

**כ׳וועל אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!**

**מרדכי קאָכען (מאַוריצי קאָהען)**, בראָנקס, נ. י.

**כבוד די קדושים!**

**ישעיהו, האַדל, דוד, פערל, ריווטשע, ישראל, חנה, פייגל, פרידע,**
**גאָלדע, רחל, שרה הי״ד — אַלע למשפחת פייגענבוים**



ישראל פייגענבוים ז״ל, פערל און רבקה פייגענבוים און דוד פייגענבוים ז״ל

יפו — עס פאַראייביקט זיי **לייביש פייגענבוים**

---

צום אָנדענק פון אונדזערע גאָטזעליקע:

פאָטער **ישעיהו פייגענבוים** הי״ד

מוטער **חנה פייגל פייגענבוים** הי״ד

שוועסטערס: **פריידע, גאָלדע, רחל, שרה פייגענבוים** הי״ד

**וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים אין יאָר 1942 אין טרעבלינקע.**

**מיר וועלן אייך תמיד מיט ליבע און יראת־הכבוד דערמאָנען!**

אַמעריקע — **אליעזר** און **חיה פייגענבוים**

מיטן גרעסטן יראת־הכבוד דערמאָן איך און פאַראייביק אין יענדזשעווער יזכור־בוך די נעמען פון מיינע ליבע און טייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער מיט זייערע פרויען און קינדער.

מיין טייערן פאָטער **חיים פינקעלשטיין** ז״ל, וועלכער איז נפטר געוואָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און נאָך זוכה געווען צו קומען צו קבר ישראל אין יענדזשעוו

מיין ליבע מוטער **רבקה פינקעלשטיין** הי״ד

מיינע ברידער: **שלמה פינקעלשטיין**, זיין פרוי **חנה** געבוירן **זילבערשאַץ** און זייערע צוויי זין הי״ד, **לייב** און **חיים פינקעלשטיין** הי״ד, **מאיר פינקעל־שטיין** און זיין פרוי **הדסה** הי״ד און מיין שוועסטער **מרים פינקעלשטיין** הי״ד וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע רוצחים אין שוידער־לעכן יאָר 1942, אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

כבוד זייער הייליקן אָנדענק!

לאָס אַנדזשעלעס

**יעקב פינקעלשטיין**

---

נישטאָ קיין מצבה פאַר מיינע עלטערן און ברידער, וועלכע זענען מיר תמיד געווען אַזוי טייער און ליב — זאָלן כאָטש זייערע הייליקע נעמען פאַראייביקט ווערן אין דעם יענדזשעווער יזכור־בוך.

מיין פאָטער: **חיים פרוכט** הי״ד

מיין מוטער: **אסתר־יוכבד פרוכט** הי״ד

מיינע ברידער: **פנחס, הירש, נחמיה** און **יצחק־יעקב** הי״ד

זיי אַלע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים אין פינצטערן יאָר 1942 אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

זאָל דאָס זיין אַ נר־תמיד פאַר זייערע הייליקע נשמות!

**שרה־איטע פרוכט־צוקער**

לאָנג־איילאַנד, פאַראייניקטע שטאַטן, מאַסאַ־פיגוואַ

מיר דערמאָנען מיט יראת־הכבוד די נעמען פון אונדזערע עלטערן:

**ר׳ יהודה און חוה פרידבערג** ז״ל

וועלכע זענען נפטר געוואָרן און געקומען צו קבר ישראל אין יענדזשעוו.

אונדזערע ליבע און טייערע ברידער

**אליעזר, שמואל, חיים און שמחה פרידבערג** הי״ד

וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע רוצחים אין יאָר 1942 אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע.

כבוד זייער הייליקן אָנדענק!

**שלום פרידבערג** (ניו־יאָרק)

**מאַניע וויינרייך־פרידבערג** (תל־אביב)

**משה פרידבערג** (טעקסאַס)

---



מיט צעבראָכענע הערצער, גרויסן שמערץ און טיפן טרויער באַוויינען מיר מיט די פאַרבליבענע יידן אין ישראל און איבער דער גאַנצער וועלט, דעם אומקום פון דער יידישער קהלה, ווו מיר האָבן יאָרנלאַנג געוווינט. מיר פאַראייביקן אויך אין יענדזשעווער יזכור־בוך אונדזערע טייערסטע, וואָס זייער יונג און פרוכטבאַר לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים, צוזאַמען מיט די יענדזשעווער יידן:

מיין טאָכטער און איידעם, אונדזערע טייערע שוועסטער און שוואָגער

**אָלאַ (גאָלדע) און יחיאל (חילעק) פרידמאַן** הי״ד

ביידע זענען געווען באַליבט און געשעצט דורך די בעסטע און שענסטע יידן פון שטאָט, פאַר זייער אינטעליגענץ און איידעלן כאַראַקטער.

ווי מיר האָבן געהערט, איז חילעק אומגעקומען אויף אַ געהיימנישפולן אופן — מ׳האָט אים מיטגענומען קיין קעלץ, כדי ער זאָל „מהנה" זיין די דייטשע דעספאָטן מיט זיינע גרויסע מוזיקאַלישע פעיקייטן — און אים דאָרט דערמאָרדעט. זיין **פרוי**, ווי אויך זיינע חשובע עלטערן, אונדזערע מחותנים ר׳ **יוסף פרידמאַן** און זיין גאַנצע פאַמיליע זענען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע. הי״ד!

אויך מיין טייערער זון, ברודער און שוואָגער **אברהם**, זיין פרוי **חנה** (געבוירן קאָמראַט) און זייער ליב טעכטערל **מרים** הי״ד, געוועזענע תושבים פון יענדזשעוו, זענען אומגעקומען דורך די נאַציס אין לוצק. נישטאָ קיין טרייסט פאַר אונדז!

מוטער: **טויבע גרייצאַר־קאַנטאָראָוויץ** (פרוי פון ישראל קאַנטאָראָוויץ ז״ל)

זון און טעכטער: **נתן, פעלאַ** און **האַלאַ**

קרית־מוצקין — איידעמס און שנור: **יואל, זעליג** און **רחל**

מיט טיפן צער און בלוטיקע טרערן באַוויין איך דעם טראַגישן און פריצייטיקן טויט פון מיינע ליבסטע און טייערסטע:

מיינע עלטערן **נתן** און **דבורה פרידמאַן** הי״ד

מיינע ברידער **יוסף** און **צבי־הירשל פרידמאַן** הי״ד

מיין שוועסטער **גאָלדע**, איר מאַן **איטשע חיימאָוויץ** הי״ד

און זייער טייער צוויי־יאָריק יינגעלע **זאב־וואָווע** הי״ד

וועלכע זענען אומגעקומען אינעם גרויסן אומגליק פון יידישן פאָלק און פאַרברענט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

הייליק און טייער איז מיר אייער זכרון און כ׳פאַראייביק אייערע נעמען אין יענדזשעווער יזכור־בוך צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע קדושים!

אייער זון, ברודער און שוואָגער

**מאיר פרידמאַן**

מאָנטרעאַל

---

**צום אייביקן אָנדענק!**

מיינע בעסטע חברים ביי אונדזער ציוניסטישער אַרבעט און מיינע טייערסטע פריינט:

**משה פרייס**, זיין פרוי **זאָשקאָ** (פון דער היים **האָראָוויץ**)

און זייער שיין טעכטערל **מינאָ**

**משה ווּדאָווינסקי**, **מאיר פינקעלשטיין**,

**גיטל דוטקעוויטש** מיט אירע קינדער

**מאַניע ראָזען** מיט אירע **עלטערן** און **קרובים**

**שאול ענאָך**, זיין זון **ישראל** און זייער משפחה.

וועלכע זענען אומגעקומען אין פאַרניכטונגס־לאַגער טרעבלינקע און אין אַנדערע מקומות, דורכן דייטשישן מערדער־פאָלק! ד׳ ינקום דמם!

כ׳וועל תמיד טראָגן אין מיין האַרץ, מיטן גרעסטן יראת־הכבוד, אייערע נעמען און כ׳וועל שטאָלצירן דערמיט, וואָס איר זענט געווען מיינע חברים און פריינט!

**ישראל דוטקעוויטש**

נאָרוועגיע

מיט טיפן טרויער און אומהיילבאַרן שמערץ באַוויינען מיר דעם טראַגישן טויט פון אונדזערע טייערע און אומפאַרגעסלעכע

פאָטער: ר׳ **יוסף קאופמאַן** הי״ד

מוטער: **חנה** (געבוירן **אורבייטל**) **קאופמאַן** הי״ד

ברודער: **לייבל** הי״ד

שוועסטער: **בת־שבע** הי״ד

**וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציש רוצחים אין יאָר 1942 אין די גאַז־קאַמערן פון די פינצטערע רוצחים.**

**זאָלן כאָטש אייערע הייליקע נעמען פאַראייביקט ווערן אין יזכור־בוך פאַר די יענדזשעוואָער קדושים!**

**אייערע קינדער און ברידער**

מעלבורן **ראובן** און **שמחה קאופמאַן** מיט זייערע פאַמיליעס

---

**מיט טיפן צער און מיטן גרעסטן יראת־הכבוד דערמאָן איך מיינע טייערסטע, וועלכע כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן**

**בעלאַ, חוהלע, שרהלע יעקב קאַכאַן** און משפחת **סוכעצקי**

**וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים, אין יאָר 1942, אין טרעבלינקע.**

בראָנקס, נ.י. **מאַוריצי קאָהען (מרדכי קאַכאַן)**



די קדושים פון די משפחות קאַכאַן און סוכעצקי הי״ד, ביים קבר פון מרדכי קאַכאַנס פאָטער ר׳ יצחק קאַכאַן ז״ל



מיט יראת־הכבוד דערמאָן איך מיינע ליבע עלטערן, וועלכע זענען נפטר געוואָרן אין יענדזשעוו, נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און געקומען צו קבר ישראל אויפן דאָרטיקן בית־עלמין.

צו באַערן זייער אָנדענק פאַראייביק איך אין יענדזשעווער יזכור־בוך אונדזער פאַמיליע־בילד, וואָס ווערט דורך זיי באַשיינט.

**מרדכי קאָכען ז״ל** — בראָנקס נ.י.

צום אָנדענק פון מיין טייערן און אומפאַרגעסלעכן ברודער

## יצחק קויפמאַן ז״ל



וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַ נאַצישן רוצח, ביי זיין פּרוּוו צו אַנטלויפן — אין יאָר 1942 — פון טרעב־לינקער פאַרניכטונגס־לאַגער.

מיין גאָטזעליקער ברודער איז געווען איבער אַ יאָר אין אַן הכשרה־פונקט פון די „צעירי אגודת ישראל", אין 1935, און דאָס איז זיין בילד פון יענער צייט.

אייביק וועל איך באַוויינען זיין פריצייטיקן טויט און זיין נאָמען דערמאָנען מיט יראת־הכבוד, ווי ער האָט זיך עס כשר פאַרדינט!

זיין שוועסטער

**פעלאַ שניטליך־קויפמאַן** — קרית מוצקין



אַנשטאָט אַ מצבה, זאָלן געהייליקט
און פאַראייביקט ווערן די ליכטיקע
נשמות פון מיין ליבער פרוי

**חיה קייזער הי״ד**

(געב. **צוקערמאַן**, פון וואָלבראָם)

און אונדזער טייער טעכטערל

**פייגעלע הי״ד**

אַ שיין פייגעלע, וואָס איז צוזאַמען
מיט איר מוטער, פאַרשניטן געוואָרן
פון גאַס וועלט אין טרעבלינקע אין
יאָר 1942 דורך די דייטשע מערדער.
כ'וועל אייך תמיד געדענקן און
טרויערן אויף אייער אומקום!

דיין פאָטער און מאַן

**אייזיק קייזער**

תל־אביב



מיר דערמאָנען מיט כבוד און ליבשאַפט
אונדזערע טייערע קרובים

**יוסף קייזער הי״ד**

און זיין **פרוי** (געבוירן **ראָזענבערג**)

וועלכע זענען אומגעקומען אין יאָר 1942
דורך די דייטשע מערדער אין די גאַז־קאַמערן
פון טרעבלינקע.

מיר וועלן אייך תמיד געדענקען!

**אייזיק, אסתר, יהודית, חיה**

און **חנוך קייזער**

תל־אביב

יוסף קייזער און זיין פרוי

איך פאַראייביק דעם הייליקן זכרון פון מיינע טייערע עלטערן, שוועסטער און ברודער, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין טרעבלינקע אין יאָר 1942

מיין פאָטער **וואָלף קלוסקאַ** הי״ד

מיין מוטער **שרה־גיטל קלוסקאַ** הי״ד

מיין שוועסטער **העניע** מיט איר **מאַן** און **קינדער** הי״ד

מיין שוועסטער **שפרה** מיט איר **מאַן** און **קינד** הי״ד

מיינע שוועסטערן: **פרימעט, לאה** און **חיה** הי״ד

מיין ברודער **יודל קלוסקאַ** און זיין **פרוי** הי״ד

**כבוד זייער אָנדענק!**

אַמעריקע **אסתר לאַפּנער־קלוסקאַ**



**איך פאַראייביק מיינע טייערסטע און ליבסטע**

מיין טרייע פרוי

**גוטשע רענקאָשינסקי־**

פון דער היים **(טענענבוים)**

און אונדזער טעכטערל **געניא**

הי״ד

**וועלכע זענען אַוועק אויף זייער לעצטן וועג קיין טרעבלינקע, צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג פון יענדזשעוו. דער ביטערער גורל פון דעם פוילישן און מזרח־אייראָפּעישן יידנטום, איז געווען אויך אייער גורל, און איר זענט אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַן אכזריותדיקן אופן אין די טרעבלינקער גאַז־קאַמערן דורך די דייטשע מערדער, אין פינצטערן יאָר 1942.**

**אין יסורים און פיין דערמאָן איך אייער יונג פאַרשניטן לעבן. קיינמאָל וועל איך אייך נישט פאַרגעסן, טראָגנדיק שטיל, אין זיך, מיין גרויסן ווייטיק!**

קדימה **צבי הירש רענקאָשינסקי**

מיר דערמאָנען מיט ווייטיק און צער דעם טראַגישן טויט פון אונדזערע ליבע עלטערן, ברידער און שוועסטער, וואָס זענען אומגעקומען אין יאָר 1942 דורך די דייטשע מערדער.

אונדזער פאָטער לייביש רענקאָשינסקי, מוטער חנה ברכה און ברידער און שוועסטער גיטל, חיה, אליהו, זושא, יוסף און שמואל הי״ד.

אונדזער טאַטע ז״ל, כאָטש ער האָט זייער שווער געאַרבעט ביי זיין קליינעם תבואה־מסחר, כדי אַרויסצוציען פרנסה פאַר זיין גרויסער משפחה, האָט דאָך געפונען צייט, יעדן טאָג צו לערנען אַ בלאַט גמרא, פירן אַ שטרענג רעליגיעז לעבן און מחנך זיין זיינע קינדער אַלס גוטע און פרומע יידן.

אונדזער ברודער ז ו ש א הי״ד

האָט בעת די דייטשע מערדער האָבן אים געטריבן צום בית־עולם, ווו זיי האָבן אים דערשאָסן, נאָך באַוויזן איבערצולאָזן אַ צוואה, אַז מען זאָל זיין געלט צעטיילן אַלס צדקה פאַר נויטבאַדערפטיקע יידן.
מיר וועלן אונדזער גאַנץ לעבן אייך געדענקען און מיט יראת־הכבוד דערמאָנען אייערע הייליקע נעמען.

קדימה

צבי הירש רענקאָשינסקי
פנחס רענקאָשינסקי

---

מיינע טייערע און ליבע עלטערן, שוועסטער און ברודער

מיין פאָטער יהודה שאַבשאָווסקי, מיין מוטער דבורה הי״ד

און מיינע ברידער און שוועסטער יואל, דוד יצחק, שרה, חנה און יונה

שאַבשאָווסקי הי״ד

זענען דערמאָרדעט געוואָרן אין טרויעריקן יאָר 1942 אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

מיין גאַנץ לעבן וועל איך טרויערן אויף מיין גרויס אומגליק.

קיבוץ כנרת

בלה סגל־שאַבשאָווסקי

## צום אייביקן אָנדענק!



פאַראייביקן מיר אין יענדזשעווער יזכור־בוך אונדזערע טייערע און ליבע

**ישראל ב״ר זישע שטאַרק הי״ד**

זיין פרוי

**וויטעל שטאַרק־קייזער הי״ד**

און זייער זונעלע **דוד** הי״ד

אַלע דריי זענען אומגעקומען דורך די מערדערישע נאַציס.

מיר וועלן אייך תמיד געדענקן!

**אייזיק, אסתר, יהודית, חיה**

און **חנוך קייזער**

תל־אביב

---

מיט הייסע טרערן דערמאָן איך מיינע טייערע עלטערן:

מיין ליבן פאָטער

**משה שטרומפף הי״ד**

געבוירן אין יאָר 1875, אומגעקומען דורך די מערדערישע נאַצישע הענט אין יאָר 1943 אין פאַרניכטונגס־לאַגער אוישוויץ

און מיין טייערע מוטער

**דאָבע שטרומפף ז״ל**

וועלכע איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1937 אין יענדזשעוו און דאָרט געקומען צו קבר ישראל.

זייער הייליקער זכרון וועט מיך באַגלייטן מיין גאַנץ לעבן!

זייער זון

**ישראל שטרומפף**

ברוקלין

# דער בלוטיקער סך־הכל

**(ציפערן וועגן די צאָל יידן אין יענדזשעווער פּאָוויאַט)**

א. רוטקאָווסקי האָט אין זיין אַרבעט „וועגן דער מאַרטיראָלאָגיע, קאַמף און אומקום פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ראַדעמער דיסטריקט אין דער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין ביולעטין פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע פאַר די חדשים יולי־דעצעמבער 1955 (נומ׳ 15—16, ז״ז 75—182), צוו. אַנד. אויך פאַרעפנטלעכט אַ טאַבעלע וועגן די צאָל יידן אין יענ־זשעווער פּאָוויאַט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועגן די אויס־זידלונגען און אומקום פון די דאָזיקע קדושים.

לויטן דעקרעט פון אַדאָלף היטלער, ימח שמו וזכרו, פון 12טן אָקטאָבער 1939, איז פּויזל צעטיילט געוואָרן לויט אַ נייער אַדמיניסטראַטיווער חלוקה, ווו עס איז צום יענ־דזשעווער פּאָוויאַט צוגעטיילט געוואָרן אויך דער וולאָשטשאָווער פּאָוויאַט, אַזוי, אַז זינט דעם 12טן אָקטאָבער 1939 האָבן צום יענדזשעווער פּאָוויאַט געהערט 14 יידישע ישובים לויט דער פאָלגנדיקער טאַבעלע:

דער קאָלאָסאַלער אונטערשיד צווישן דער צאָל יידן פאַר מלחמה־אויסברוך — 15.004 נפשות און 18.270 נפשות, וואָס זענען געטריבן געוואָרן אין אָנהייב יאָר 1940 און 40.328 — אין יאָר 1941 אין די פאַרשידענע געטאָס און דער צאָל פון 40.831 קדושים, שטאַמט פון צוויי סיבות:

1) אונדזערע אומגליקלעכע ברידער אין פאַרשידענע שטעמט אין פּוילן, זענען נעבעך געלאָפן ווו די אויגן האָבן זיי געטראָגן, און אַזוי זענען אויך קיין יענדזשעוו און איר אומגעגנט אָנגעקומען היימלאָזע פון פּויזנער קאַנט, איבערשלעזיע, וולאָצ־לאַוועק, ניעשאַווע, לאָדזש, סלוזשעווע און טשעכאָטשינעק און זיי זענען דאָרט אומגע־קומען צוזאַמען מיט אונדזערע יענדזשעווער ברידער אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע.

2) יענדזשעוו האָט געהאַט אַ אַבן־סטאַציע און אַ „גוטע קאָמוניקאַציע" צו די פאַרניכטונגס־לאַגערן פון די נאַציסטישע רוצחים. האָט מען צוליב דעם געטריבן די אומ־גליקלעכע פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך קיין יענדזשעוו און פון דער דאָרטיקער באַן־סטאַציע זיי טראַנספּאָרטירט קיין טרעבלינקע אין די גאַז־קאַמערן, און אַזוי אַרום פאַרגרעסערט די אַלגעמיינע צאָל יידישע קרבנות פון יענדזשעווער פּאָוויאַט.

די אָנגעגעבענע ציפערן האָבן מיר באַקומען פון „ארכיון תנועת העבודה" אין תל־אביב, וואָס האָט אונדז דערמעגלעכט צו פאַרענדיקן דאָס יענדזשעווער „יזכור־בוך" מיט דעם בלוטיקן סך־הכל פון יידישן יענדזשעוו און אירע אַרומיקע יידישע קהילות.

זייער אַ בלוטיקער, פּיינלעכער סך־הכל!

| נאָמען פון אָרט | צאָל יידישע נפשות פאַרן 1.9.1939 | 1940 חודש | 1940 און צאָל געשיקטע אין געטאָ | 1941 חודש | 1941 און צאָל געשיקטע אין געטאָ | 1942 חודש | 1942 און צאָל געשיקטע צום אומקום |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| יענדזשעוו | 4.000 | XI | 4.200 | I | 3.600 | I | 3.888 |
| יענדזשעוו | — | XII | 4.070 | V | 4.100 | III | 3.520 |
| יענדזשעוו | — | | | | | VI | 3.807 |
| יענדזשעוו | — | | | | | IX | 6.000 |
| ברזשעגי | 44 | | | | | VIII | 48 |
| לעלעוו | 678 | | | V | 327 | II | 373 |
| | | | | XII | 355 | IX | 382 |
| מאַלאַגאַשץ | 760 | V | 400 | V | 642 | VIII | 830 |
| | | | | | | IX | 300 |
| מיערזשווין | 120 | | | | | VIII | 120 |
| נאגלאָוויצע | 115 | | | V | 177 | VIII | 152 |
| נאָוואָרזשיצע | 193 | | | V | 193 | VIII | 193 |
| פרזשאַנסלאָוו | 136 | | | V | 136 | VIII | 136 |
| צעסעמין | 180 | | | V | 203 | IX | 200 |
| סענדזישאָוו | 523 | | | V | 453 | VIII | 1.000 |
| סאָבקאָוו | 565 | XII | 680 | V | 810 | III | 810 |
| | | | | VIII | 860 | VIII | 860 |
| שטשעקאָטשין | 2.590 | V | 1.254 | II | 1.300 | III | 1.500 |
| | | | | VI | 1.400 | VI | 1.479 |
| וולאָשטשאָווע | 2.700 | V | 4.166 | I | 3.000 | IV | 4.277 |
| | | | | V | 4.586 | VI | 4.277 |
| | | | | X | 4.586 | IX | 5.000 |
| וואָידיסלאָוו | 2.400 | V | 3.500 | V | 3.600 | IV | 3.842 |
| | | | | | | VI | 3.837 |
| | | | | | | IX | 4.000 |
| סך־הכל | 15.004 | | 18.270 | | 30.328 | | 40.831 |

אין פעברואר 1943 זענען געשיקט געוואָרן 200 נפשות פון יענדזשעוו אין די מחנות.

# התוכן — אינהאַלט

## אביסל זכרונות, עפּיזאָדן און כאַראַקטעריסטישע טיפּן



## מספורי השואה ולפניה (עברית וײדיש)



## לעבעדיקע עדות דערציילן



## איבערלעבענישן און זכרונות

## טיפּן און עפּיזאָדן



## דרײ אונדזערע פרײנט אין אַמעריקע



## חללינו במאבק למען המולדת ובמלחמת השחרור



## אנשי־תורה וחכמה, עסקנים, מחנכים וחלוצים שהלכו לעולמם בארץ



## אנשי תורה וחכמה, עסקנים, מחנכים וחלוצים שהלכו לעולמם בחוץ־לארץ

## שלושה דורות של חסידים ואנשי מעשה

# טעויות דפוס — דרוק־פעלערס

| עמוד | שורה | צריך להיות — דאַרף זיין |
|---|---|---|
| 9 | 36 | מיר |
| 20 | — | די קלישעס פון לינקס צו רעכטס |
| 21 | — | די קלישעס פון לינקס צו רעכטס |
| 22 | — | די קלישעס פון לינקס צו רעכטס |
| 36 | 20 | זיין פאַרוואַלטער איז געווען חיים ענאָך |
| 37 | 37 | ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1914 |
| 44 | 11 | (בכותרת) מזכרונותי |
| 85 | 10 | (פטיט) איינקויפן סחורות, דאָך האָט זיך געפילט, אַז דער יאַריד איז נישט ווי אַלע מאָל, דערווייל האָבן יידן זיך געגרייט צום שבת, ווי אַלע מאָל, יידן זענען געגאַנגען דאַווענען, די נאַכט איז געווען אַ... |
| 97 | 18 | (כותרת) געדענקסטו יענדזשעוו ?... |
| 112 | 15 | ועדי־פעולה |
| 119 | 1 | (כותרת) מוסדות כלכליים ופוליטיים |
| 186 | 11 | שמואל |
| 225 | 44־47 | (פטיט) באַשעפעניש. פאַר אַ שטיקל ברויט האָט אַ זון געקאָנט מסרן זיין אייגענעם פאָטער און פאַר אַ צוזאָג פון „אַ ביסל וואַרעמס", האָט איין ייד פאַראַטן דעם צווייטן... עס איז אפשר נישט ריכטיק עס אָנצורופן פאַראַט, ווייל ווי קאָנען חיות פאַראַטן איינע די צווייטע ? עס וואָלט געווען אוממענטשלעך און שוידערלעך איבערצוגעבן פרטים וועגן די שרעקלעכע זאַכן, וואָס זענען דאָרט פאָרגעקומען, ווייל זיי גייען אין גאַנצן אַרויס פון די קאַטעגאָריעס פון די געפילן, עטיק און מאָראַל, וואָס מיר אַלע האָבן פאַרמאָגט, ווי אַ טייל פון אונדזער לעבן און דענקען, דאָס באַמיען זיך צו... |
| 227 | 29 | אַ חוץ |
| 250 | 31 | ווייטער |
| 282 | 3 | (כותרת) יעקב ברגר הי"ד |
| 291 | 5 | תש"י |
| 310 | אחרונה | הושמטה המלה : עליה |
| 350 | 6 | זילברשטיין |
| 371 | 31 | סיוע כספי |
| 372 | 9־10 | יעקב טופיול (מזכיר הארגון), שאול גרינברג (גזבר הארגון) |
| 392 | אחרונה | חסרה האות א' במלה „אמן" |
| 464 | 19 | השרויים |
| 491 | 11 | פוילן צעטיילט געוואָרן לויט אַ נייער |
| | 17 | 328, 30 |
| | 19 | שטעט |
| | 24 | אַ באַן־סטאַציע |
| | 28 | יענדזשעוור |
| 493 | 10 | 8 לדצמבר 1918 |
| 464 | 19 | השרויים |

